ד״ר ישראל צינבערג

# די געשיכטע פון דער ליטעראַטור ביי יידן

## איירָאפּעיִשע תקופה

צווייטער באַנד

מיטלאַלטער

ווילנע — 1930

פאַרלאַג „טאָמאָר" פון יוסף קאַמערמאַכער

מיין געטרייען פריינד און חבר —
מיין פרוי — אַ מ ת נ ה
פון מ ח ב ר.

# ערשטער קאפיטל

דער קולטורעלער מצב פונם דייטש=פראנצויזישן קיבוץ. — דער אומגאנגס=דיאלעקט און די קולטור=שפראך. — די קולטורעלע ראָלע פון דער פאמיליע קלונימוס. — ר׳ גרשום „מאור הגולה״. — די ביבל=מפרשים אין פראנקרייך. — שמעון הדרשן, מנחם בר חלבו און יוסף קרא. — רש״י און זיין באטייט; זיין השפעה אויף די קריסטלעכע געלערנטע טעאָלאָגן. — די בעלי התוספות. — רש״יס אייניקלעך: דער רשב״ם און רבנו=תם.

„ווי ס׳זיינען זיך נוהג די אומות העולם, אזוי איז אויך ביי די יידן דער שטייגער״ [1] — דער אמת פון דעם דאָזיקן כלל, וואָס ס׳האָבן ארויסגעזאָגט די באשעפער פון דעם פאָפולערסטן יידישן מוסר=ספר, באווייזט זיך אמבולטסטן בעת מען פארגלייכט דעם קולטורעלן מצב פון די שפאנישע יידן אין דער התחלה פונם צווייטן יאָרטויזנט לויט דער קריסטלעכער רעכענונג מיט דער בילדונגס=שטופע, אויף וועלכער עס זיינען דעמאָלט געשטאנען זייערע דייטש=פראנצויזישע ברידער.

מיר ריידן וועגן דעם דייטש=פראנצויזישן יידנטום ווי וועגן איין קיבוץ, ווייל אין יענער צייט איז נאָך קיין באמערקבארער קולטורעלער אונטערשייד ניט געוועזן צווישן די יידן פון צפון=פראנקרייך און די דייטשע יידן. דער יידישער קיבוץ פון די ביידע לענדער איז נאָך געוועזן ווי מעור אחד, מיט איין און דעם זעלבן לעבנסשטייגער. עס האָט זיך נאָך שטארק געפילט די השפעה פון דער נאָר וואָס פארגאנגענער תקופה, בעת אונטער דער הערשאפט פון דעם שטארקן מלך קארל און זיינע יורשים זיינען נאָך די מדינות אויף ביידע זייטן פונם ריין פאָליטיש ניט צעטיילט געוועזן. חוץ לזה מוז מען נעמען אין באטראכט, אז דער רוב בנין ורוב מנין פונם דייטשן יידנטום זיינען אין יענע צייטן געוועזן די קהילות פון דער ריינישער געגנט — די נאָענטסטע שכנה פון די פראנצויזישע פראָווינצן. די יידן, וואָס האָבן זיך באזעצט אין דער ריין=געגנט, האָבן איינגעוואנדערט פון די רוימישע מדינות, און זייער

[1] „ספר חסידים״, סי׳ 1101.

וועג איז געווען איבער פראנקרייך [1]; עס איז אויך זייער ווארשיינליך, אז זיי האָבן מיט זיך פון דאָרט מיטגעבראכט די אַרטיקע אומגאנגס-שפראך — דעם ראָמאַנישן דיאלעקט; און אפילו באדייטנד שפעטער, אינם 12טן און אין דער ערשטער העלפט פונם 13טן יאָרהונדערט, בעת די דייטשע יידן האָבן שוין איבערגענומען די דייטשע דיאלעקטן, האָבן זיי אין דער זעלבער צייט געלויפיק גערעדט אויך פראנצויזיש, אדאנק זייער ענגער פארבינדונג מיט די פראנצויזישע ברידער און דעם פלייסיקן מסחר, וואָס זיי האָבן געפירט מיט פראנקרייך [2].

די גרעסטע יידישע קהילות האָבן זיך געבילדעט אין די אזוי-גערו-

---

[1] זע, שטאָבבע, די „יודען אין דייטשלאַנד", 8:

Das sie (die Juden) in grösserer Zahl nur in der südlichen Hälfte von Deutschland und in den Westen, dagegen bis in das Ende des XIII Jahrhunderts ... so gut wie gar nicht in den an der Ost und Nordsee gelegenen Städten und in den nördlichen Marken vorkommen. Dieser Umstand rechtfertigt die Annahme, dass s e gröstenteils von Italien nnd Frankreich nach Deutschland eingewandert sind.

[2] זייער אינטערעסאַנט איז אין דער הינזיכט דאָס אויבן דערמאָנטע מוסר-ספר „ספר חסידים", וואָס איז געשאַפן געוואָרן אינם משך פונם 12טן אין דער ערשטער העלפט 13טן יאָרהונדערט. דאָרט זיינען פיל ווערטער באַגלייט אָדער מיט אַ דייטשער אָדער מיט אַ פראַנצויזישער איבערזעצונג, אַמאָל אויך גלייך אויף ביידע שפראַכן צוזאַמען. מיר ברענגען דאָ בלויז איניקע ביישפילן:

סי׳ 3: שיט בנידט או שיט לואיין — Soit benedit ou soit lauer

סי׳ 15: בלשון לע״ז: בוש אימניי (vous et moi) ולא נאמר: מניי איבוש (moi et vous).

סי׳ 18: גיוי נשרא (די האַנט-דאָלאָניע) בלע״ז. דאָרט: מי שגיהק ופיהק, בלע״ז: פושיר בליירא, או נתעטש — איטרנואר, ובל״א: גרעבשען, הושטען, רוישפערען, ניסן.

סי׳ 44: ספורניי (Sporen) בלע״ז.

סי׳ 244: מַים שמוצצין מן שלוויא (Salvia), שלבגא שגיי (sauge) בלע״ז.

סי׳ 205: ולא בכוקייצא (לויט דעם פראַנצויזישן וואָרט caucus — בעכער) שקורין בלשון אשכנז ביגרייך.

סי׳ 893: עץ קטן... טנדוס בלע״ז, ובל״א — טייט העלצל.

סי׳ 1143: אָדם שאָכַל סופא בלע״ז, ובל״א: זופא, אאז״וו.

אַ אַנדערער אייגוואוינער פון דער ריין-געגנט אויס דעם 13טן יאָרהונדערט, דער צוזאַמענשטעלער פונם קליינעם „ערוך", מיט וועלכן ס'האָט זיך באַנוצט דער באַוווסטער קריסטלעכער געלערנטער בוקסדאָרף, איבערזעצט אויך דאָס רוב ווערטער פון זיין ווער-טערבוך אויף ביידע שפראַכן: הן אויף דייטש הן אויף פראַנצויזיש (זע קויפמאַנס אַרטיקל אין „מאָנאַטסשריפט", 1885, ז׳ 232). דאָס זעלבע זעען מיר אויך ביי די אַלטע מפרשים פון צפון-פראַנקרייך: מנחם בר חלבו, יוסף קרא און רש״י. זיי איבערזעצן פילע ביבלישע ווערטער ניט נאָר אויף פראַנצויזיש, נאָר אויך אויף דייטש. מנחם בר חלבו, למשל, בעת ער האָט ערקלערט דעם באַטייט פונם וואָרט נְמָדִים, איז אַגב מוסיף: „וקורין אותו טוּבְרש"; אויף אַן אַנדער אָרט: „על נפן נכריה, שקורין בלשון אשכנז הירטלינג; על מפוח — ונקרא שמו בְלַשבַלק; ועל חלקלקות — בל׳ אשכנז וירדגליט". (זע מ. ליטמאַנס מאָנאָגראַפיע Joseph Kara, ז׳ 20, און א. גייגער Parschandata, ז׳ 33).

פענע „ביסקופישע” שטעט, ווי מיינץ, מעץ, טריר, וואָרמס, קעלן, רעגענסבורג און אנד. אין דעם טיפן מיטלאַלטער, בעת דער פעאָדאַלער סדר איז געווען אין זיין גאַנצער קראַפט און די קריסטלעכע שטאָטישע באַפעלקערונג האָט נאָך קיין באַדייטנדיקע ראָלע ניט געשפּילט, האָבן יידן געבילדעט דעם מיטלקלאַס, דעם קלאַס פון סוחרים און פאַרמיטלער. די יידן זיינען דעמאָלסט געווען די אמתע וועלט-סוחרים; כמעט דער גאַנצער גרויסהאַנדל איז געווען אין זייערע הענט. יידישע סוחרים פלעגן שיקן זייערע אייגענע געלאָדענע פראַכט-שיפן פון קעלן קיין ענגלאַנד, אין די באַדייטנדסטע האַפנשטעט פון פראַנקרייך און איטאַליע, און אויך אין די גרויסע האַנדלס-צענטרען פון די מזרח-לענדער. די גייסטלעכע פירשטן פון יענער צייט, די ביסקופן, וואָס האָבן אַלס פּראַקטישע טוער זייער פיל מיטגעהאָלפן דאָס שטאָטישע לעבן זאָל זיך וואָס גיכער און שטאַרקער אַנטוויקלען, האָבן אויך גוט פאַרשטאַנען ווי געהעריק אויסצונוצן אַזאַ וויכטיקן האַנדלס-עלעמענט ווי די יידן. די דאָזיקע באַציִונג פון די ביסקופן צו דער יידישער באַפעלקערונג ווערט אַמבולטסטן אויסגעדריקט אין דעם ערשטן זאַץ, מיט וועלכן דער ביסקופּ רודיגער שפּייער באַגנט אַן זיין באַקאַנטע „פּריווילעגיע”, מיט וועלכער ער האָט באַשאַנקען די יידן אינם יאָר 1084: „באשר איך וויל אויס דעם שטעטעלע שפּייער מאַכן אַ שטאָט, האָב איך איינגעלאַדן יידן”. און אין דעם זעלבן דאָקומענט אונטערשטרייכט ווייטער דער ביסקופּ: „איך געפין, אַז איך וועל טויזנטפאַך פאַרגרעסערן דעם כבוד פון אונזער שטאָט, ווען איך וועל איינלאַדן אין זיינע טויערן יידן” (putavi milies amplificare honorem loci nostri et sei).

ביז דעם סוף פונם 11טן יאָרהונדערט, ד"ה ביז דער תקופה פון די קרייצצוגן, האָבן יידן רויִק געלעבט אונטער דער שוץ פונם קיסר און די ביסקופן, און געשפּילט אַ באַדייטנדיקע ראָלע אין דעם עקאָנאָמישן לעבן פון מערב-דייטשלאַנד. זיי האָבן גענומען אַ שטאַרקן אָנטייל אין דעם מסחר פון מיינץ מיט די אַלע שטעט, וואָס אויפן ריין און דעם מיין. גלייך מיט די מיינצער יידן האָבן אַלס סוחרים אויך געשמט די יידן פון וואָרמס. זיי האָבן געהאַנדלט מיט וויין, פאַרב-מאַטעריאַלן, זאַלץ, פלייש און מעדיקאַמענטן. די יידישע הענדלער פלעגן צונויפקויפן רויכוואַרג ביי די רוסן און קנעכט אין די איבעריקע סלאַווישע לענדער און זיי פאַרהאַנדלען די פראַנצויזישע יידישע סוחרים, וואָס פלעגן די סחורה ווייטער טראַנספּאָרטירן קיין שפּאַניע [1].

---

[1] אינטערעסאַנטע פּרטים וועגן דער עקאָנאָמישער לאַגע און דעם מסחר פון יידן אין די ריין-פּראָווינצן קען מען געפינען אין די „תשובות חכמי צרפת ולותיר”.

הן די דייטשע, אזוי אויך די פראנצויזישע יידן פלעגן אלס סוחרים קומען אין ענגער פארבינדונג מיט דער ארטיקער באפעלקערונג. דער פועל=יוצא פון דעם דאזיקן פארקער איז אבער געווען לחלוטין אן אנדערער ווי אין דעם הויך קולטורעלן אראבישן שפאניע. די קריסטלעכע באפעלקערונג אין דייטשלאנד און אין צפון=פראנקרייך איז נאך אין יענער צייט געשטאנען אויף א גאנץ נידעריקער קולטורעלער שטופע. די איינציקע טרעגער פון וויסן זיינען דעמאלסט געווען די העכערע גייסטלעכע, און אויך זייערע ידיעות זיינען געווען זייער איינזייטיקע, ענג באגרעניצט מיטן געביט פון קריסטלעכער דאגמאטיק. און אויך די דאזיקע גאנץ בצימצומדיקע ״ענטעניש פלעגן שטודירט ווערן אויף דער איינציקער קולטורעלער שפראך פון דעם דעמאלסטיקן קריסטלעכן אייראפע — אויף לאטיין. אויף לאטיין האבן אבער די יידן קודם=כל געקוקט ווי אויף דער שפראך פון זייער געפערלעכסטן שונא — די קאטוילישע קירך. דאס איז פאר זיי געווען — די „קריסטלעכע שפראך״, די „גלחים=שפראך״ [1]. וואס ס׳איז שייך צו די איבעריקע שיכטן פון דער קריסטלעכער באפעלקערונג, איז דארט א יודע ספר געווען פון די גרעסטע זעלטנהייטן. עס איז געווען אנצוווייזן, אז אפילו דער גאונישער דייטשער דיכטער פונם 12טן יארהונדערט, וואלפראם פון עשענבאך, וואס איז געווען פון אדלשטאנד, האט ניט געקאנט ניט לייענען ניט שרייבן [2].

אויף אזא אופן איז לייכט באגרייפלעך, אז דייטש=פראנצויזישע יידן, וואס האבן געלעבט אין אזא פארגרעבטער און אומקולטורעלער סביבה, האבן געהאט א גאנץ קנאפע ידיעה וועגן וויסנשאפטן און פילאזאפישע פראבלעמען. געלעבט גייסטיק גאנץ אפגעזונדערט, האבן זיי אלע זייערע גייסטיקע קרעפטן אפגעגעבן אויסשליסלעך רעליגיעזע פראגן, וואס זיינען ענג פארבונדן מיט יידישער אמונה און יידישע געזעצן. לויט אן אלטער מסורה שטאמען די ערשטע פארשפרייטער פון חכמת היהודת איבער די ריין=פראווינצן אויס איטאליע. „ר׳ משה בר קלונימוס אויס לוקא — דערציילט ר׳ אלעזר פון וואָרמס [3] — איז געווען דער ערשטער, וואס איז אהער געקומען פון דער לאמבארדיי (צפון=איטאליע). ער מיט זיינע צוויי זין, קלונימוס און יקותיאל, זיין קרוב ר׳ איתיאל

---

1 לשון נוצרית, לשון נוצרים; שפת גלחים, שפת גלחות.

2 ער דערציילט וועגן דעם גופא מיט הארציקער תמימות:

Swar an den Buochen stet geschrieben
Des bin ich Künstelos beliben.

3 וועגן ר׳ אלעזר — זע ווייטער. משה בר קלונימוס איז דער פארפאסער פונם באקאנטן פיוט „אימת נוראותיך״.

און נאָך אייניקע אנשים חשובים. זיי אַלע האָט מיט זיך מיטגעבראַכט אוים דער לאָמבאַרדיי דער מלך קאַרל און האָט זיי באַזעצט אין מייִנץ [1]".

ביז דער לעצטער צייט איז שווער געווען פעסטצושטעלן, וועמען אייגנטלעך מיינט מען דאָס אונטער „המלך קרלא": צי קאַרל דעם גרויסן צי זיין זון קאַרל דעם בעל קֶרֶח [2]. ערשט אַדאַנק דעם ניט לאַנג געפונענעם און גלייך פאַרעפנטלעכטן „ספר היוחסין" פון אחימעץ בן פלטיאל, וועגן וועלכן מיר וועלן נאָך שפּעטער ריידן, איז פעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז משה בר קלונימוסעס רבי אין קבלה-ענינים, אבו אהרון, האָט געלעבט אין איטאַליע אין די 60ער יאָרן פונם 9טן יאָרהונדערט. אויף אַזאַ אופן איז גאַנץ קלאָר, אַז דאָס איבערפאָרן פון דער משפחה קלונימוס קיין דייטשלאַנד איז פאָרגעקומען אין דער צייט פון קאַרל דעם בעל-קֶרֶח.

אַט די דאָזיקע אוים איטאַליע אויסגעוואַנדערטע חכמי-ישראל זיינען עס געווען די ערשטע, וואָס האָבן אין די דייטשע ריין-פּראָווינצן געגרינדעט אַן אכסניה של תורה. דער ערשטער באַדייטנדיקער תלמיד-חכם, וואָס איז פון דאָרט אויסגעוואַקסן, איז ר' יהודה בן מאיר הכהן אוים מיינץ, מער באַקאַנט אונטער דעם טיטל „Sir Leontin". ער איז געווען דער רבי פון דעם באַרימטן רבנו גרשום, וואָס מיט זיין טעטיקייט הייבט זיך אָן אַ נייע תקופה אין דער קולטור-געשיכטע פונם דייטש-פראַנצויזישן יידנטום.

עס זיינען צו אונז דערגאַנגען זייער ווייניק פּרטים בנוגע דעם לעבן און התנהגות פון דער דאָזיקער זייער באַדייטנדיקער פּערזענלעכקייט.

---

[1] זע Letterbode, X, 112—13; „מצרף לחכמה", ערשטע אויפלאַגע, 14 b.

[2] לויט אַן אַלטער רשימה אין אַ פּאַרמעטענעם מחזור-מאַנוסקריפּט זאָל די דאָזיקע מעשה האָבן געשען אינם יאָר 787 (זע Karmoly, Annalen, 1839, p. 222); לויט דער מעלדונג פון אַן אַנדערן, אומבאַקאַנטן פאַרפאַסער, איז דאָס באַזעצן זיך פון די איטאַליענישע חכמים אין דייטשלאַנד פאָרגעקומען ניט פריער ווי אין יאָר 810 (זע צונץ, „ליטעראַטור-געשיכטע", 625: „כי לא נשאר שריד בשנת תק"ע לאלף החמישי בכל ארץ אשכנז, עד שבא ר' קלונומוס מרומא עם הקיסר מלך צרפת קארלא"). דער באַקאַנטער געשיכטע-שרייבער יוסף הכהן זאָגט אין זיין „עמק הבכא" בפירוש, אַז דאָס איז פּאָרגעקומען אין דער צייט פון קאַרל דעם גרויסן (קאַרלו מאַגיו). אַ שפּעטערדיקער היסטאָריאָגראַף (געראָנדי אין זיין „תולדות גדולי ישראל") פאַרזיכערט, אַז דאָס איז פאָרגעקומען „בימי המלך קארלו השני הנקרא קַלוו"; און דער באַרימטער תלמודיסט רש"ל גיט אָן אין זיינע שאלות-ותשובות (נומ' 29) נאָך אַ שפּעטערדיקע דאַטע: 849 נאָכן חורבן בית שני, ד"ה דאָס יאָר 918—919; און דעמאָלסט זיינען שוין אי דער גרויסער קאַרל אי קאַרל דער צווייטער ביידע פון לאַנג אויף דער וועלט ניט געווען.

עס איז נאָר מיט געוויסער זיכערקייט פעסטגעשטעלט געוואָרן דאָס יאָר פון זיין געבורט (960). אָבער שוין וועגן דעם יאָר פון זיין טויט זיינען פאַראַן חלוקי דעות. לויט אייניקע קוועלן [1] איז רבנו גרשום געשטאָרבן אינם יאָר 1028, אַנדערע [2] רעכענען אָבער, אַז ער איז געשטאָרבן פיל שפּעטער (1040); ניט פעסטגעשטעלט איז אויך זיין געבורטס=אָרט. אייניקע ווייזן אויף מעץ, אַנדערע אויף פראַנקרייך, אַ טייל ווידער רעכענען, אַז ער איז געבוירן אויפן ברעג פונם ריין. יעדנפאַלס איז זיין הויפּטטעטיקייט פאָרגעקומען אין דער זעלבער שטאָט, וווּ ס׳האָט געלעבט זיין רבי — אין מײַנץ. אין דער באַדייטנדיקער קהילה האָט ער געגרינדעט זיין באַריכמטע ישיבה, וווּ ס׳האָבן זיך צונויפגעזאַמלט די הונדערטער תלמידים פון די ריינישע שטעט און פון פראַנקרייך. בכדי דער לימוד פון תלמוד זאָל קענען אַוועקגעשטעלט ווערן אויף פעסטע יסודות, האָט רבנו גרשום געהאַלטן פאַר נייטיק קודם=כּל פעסטצושטעלן דעם ריכטיקן טעקסט פון די מסכתות, פאַרגלייכן פאַרשיידענע מאַנוסקריפּטן און אויף אַזאַ אופן אויסבעסערן די אַלע גרייזן, וואָס די איבערשרייבערס האָבן אָנגעמאַכט נאָך גרוים מי איז אים סוף=כּל=סוף געלונגען אַרויסבאַקומען אַ מער=ווייניקער אויסגעבעסערטן טעקסט, וועלכן ער האָט געפּרוווט דערקלערן און פאַרשטענדלעך מאַכן מיט זיין פּירוש [3].

מען דאַרף אָבער ניט מיינען, אַז אָט דער דאָזיקער ערשטער און עלטסטער פּירוש אויף תלמוד איז אַרויסגערופן געוואָרן נאָר אויס ריין רעליגיעזע מאָטיוון. זיין בקי אין תלמוד, קלאָר זיין אין זיינע דינים און געזעצן איז בכּלל ניט געווען בלויז לשם מצווה און צוליב יראת=שמים, — ס׳איז אויך געווען ענג פאַרבונדן מיט ריין פּראַקטישע לעבנספאָדערונגען. דער תלמוד, וואָס איז אַנטשטאַנען ביי אַנדערע סאָציאַלע צושטאַנדן, אין אַ גאַנץ אַנדער סביבה, דער איז דאָך געווען פאַר די יידישע קהילות אין מיטל=אייראָפּע דער Corpus juris, דער קאָדעקס פון רעכט. און אָט דער דאָזיקער קאָדעקס איז ניט נאָר געווען געשריבן

---

1 זע „כּרם חמד“, V, 108; ib., VIII, 107; נייבויער, Cat. of the Hebr. Man. in Bodl. Libr: 775.

2 שו״ת רש״ל, נומ. 29; צונץ, „ליטעראַטורגעשיכטע“, 238; וויס, „דור דור ודורשיו“, IV, 279.

3 אייניקע פאָרשער רעכענען, אַז רבנו גרשום האָט געמאַכט אַ פּירוש אויף גאַנץ תלמוד, נאָר דער דאָזיקער פּירוש איז מיט דער צייט פאַרלאָרן געגאַנגען. אַ מיטלאַלטערלעכער געלערנטער, מנחם בן זרח, וואָס האָט דעם פּירוש געזען, ווייזט אָן, אַז ער איז געווען אומגעהייער לאַנג. זע די הקדמה צו „צידה לדרך“: „היו לומדים בפירושי ר׳ גרשום מאור הגולה והיו ארוכים מאוד“.

אויף אַ ווייניק פאַרשטענדלעכער שפּראַך — מען האָט אים אויך באַדאַרפט ערשט צופּאַסן צו די נייע פאָדערונגען פונם לעבן. אין רער הינזיכט האָט רבנו גרשום געשפּילט אַן אומגעהייערע רעפאָרמאַטאָרישע ראָלע. אַ מענטש מיט אַן אייזערנעם ווילן און פון גרויסער מאָראַלישער קראַפט, איז רבנו גרשום געוואָרן נאָך ביי זיין לעבן דער גרעסטער אויטאָריטעט בכל תפוצות ישראל, ניט נאָר אין דייטשלאַנד און פראַנקרייך, נאָר אפילו אויך אין איטאַליע [1]. פון אַלע לענדער פלעגט מען זיך צו אים ווענדן מיט שו״ת וועגן רעליגיעזע און יורידישע אַנגעלעגנהייטן. רעכענענדיק זיך מיט די פאָדערונגען פונם רעאַלן לעבן, האָט רבנו גרשום אויסגענוצט זיין גרויסן אויטאָריטעט אויף צו רעגולירן און איינאָרדענען די סאָציאַלע באַדערפעניש פון זיינע ברידער דורך ספּעציעלע „תקנות״, וואָס זיינען באַלד אָנגענומען געוואָרן פון דעם גאַנצן אייראָפּעיִשן יידנטום אלס פעסטגעשטעלטע געזעצן, אַנטקעגן וועלכע מען טאָר ניט עובר זיין [2]. צו די דאָזיקע תקנות געהערט, למשל, דער פאַרבאָט צו האָבן מער ווי איין פרוי, און אַז אַ גט איז נאָר דאַן גילטיק, ווען ביידע צדדים זיינען אויף אים מסכים; ער האָט אויך באַדייטנדיק פאַרגרינגערט די דינים וועגן גֵרים און אַפּטריניקעס, וואָס האָבן חרטה געקראָגן און ווילן צוריק זיך אומקערן צו דת משה וישראל. עד היום הזה איז נאָך גילטיק דער „חרם דרבינו גרשום״ (בחדר״ג), וואָס פאַרבאָט צו לייענען אַן יענעמס ערלויבעניש אַ פרעמדן בריוו.

עס איז, אמת, זייער מעגלעך, אַז ניט אַלע תקנות, וואָס טראָגן רבנו גרשומס נאָמען, זיינען ווירקלעך דורך אים מתקן געוואָרן; דאָס באַווייזט אָבער ווי שטאַרק דער דאָזיקער גאון איז איינגעקריצט געוואָרן אין זכרון פונם פאָלק אלס רעפאָרמאַטאָר און געזעצגעבער, אַז אַלע וויכטיקע תקנות האָט מען געקרוינט מיט זיין נאָמען. אָט דערפאַר טאַקע באַשטייט רבנו גרשומס באַדייטונג ניט נאָר אין דעם, וואָס די פון אים געגרינדעטע ישיבות און זיין דרך ווי צו שטודירן און אויספאָרשן דעם תלמוד זיינען געוואָרן מוסטערגילטיק פאַר גאַנצע דורות — ער איז איינער פון די ערשטע און גרעסטע, וואָס האָבן געלייגט די גרונד־

---

1 וועגן דעם גרויסן יראַת־הכבוד, מיט וועלכן אַלע יידן פון אייראָפּע האָבן זיך פאַרהאַלטן צו דעם מיינצער ראש־ישיבה, דערציילט רש״י אין איינעם פון זיינע שו״ת: „רבנו גרשום... שמאיר עיני גולה, וכולנו מפיו חיין. וכל בני גלות אשכנז וכיתים (איטאַליע) תלמידי תלמידיו הן״ (זע „אוצר נחמד״, ב׳ 115; „תשובות חכמי צרפת ולתיר״ סי׳ כ״א).

2 אמת, אייניקע נייערע פאָרשער האָבן דערוויזן, אַז אַ טייל פון די תקנות, וואָס טראָגן רבנו גרשומס נאָמען, זיינען ערשט אַרויסגעגעבן געוואָרן אין די שפּעטערע דורות, יעדנפאַלס ניט פריער ווי אין 12—13טן י״ה.

שטיינער פון קולטור פאר דעם דייטש־פראנצויזישן יידנטום; און ניט אומזיסט איז ער פארבליבן אין זכרון פון די קומענדיקע דורות אלס דער „מאור הגולה" — דער ליכטיקער שטערן פארן פאלק אין גלות.

ווי משה בר קלונימוס, אזוי איז אויך רבנו גרשום געווען א פייטן [1]. ער איז אבער ניט געווען געבענטשט מיט אן אמתן דיכטערישן טאלענט, און זיינע פיוטים און פזמונים האבן א קנאפן פאעטישן ווערט. בלויז זיין באקאנטע סליחה, וואס מען זאגט ערב ראש־השנה: „זכור ברית אברהם ועקדת יצחק" — רירט מיט איר ווייכער הארציקייט: „די הייליקע שטאט און איר גאנצע אומגעגנט זיינען געווארן צו שאנד און צו שפאט אלע אירע אוצרות גערויבט און פארלוירן, נאר איינס איז אונז געבליבן — די הייליקע תורה... דעם בונד וואס האסט געשלאסן מיט אונזערע אבות, דיין גרויס גענאד און רחמים פון אייביקע צייטן — לאז געדענקען קעגן אונז, געפייניקטע און געיאגטע, וואס ווערן צוליב דיר יעדן טאג געשאכטן" [2].

* * *

אין דער זעלבער צייט בעת די ישיבות, וועלכע רבנו גרשום האט אין דער ריין־פראווינץ געגרינדעט, זיינען געווארן די אכסניה של תורה, דער צענטער פון תלמודישער וויסנשאפט, האט אין צפון־פראנקרייך אנגעפאנגען זיך צו בילדן א שול פון עקזעגעטן, ד"ה פון ביבל־מפרשים, וואס זייער אויפגאבע איז געווען אויספארשן און דערקלערן דאס ביבלישע ווארט, דעם טעקסט פון דער ביבל. אט די דאזיקע שול פון מפרשים האט זיך פונאנדערגעטיילט אין צוויי ריכטונגען. איינע איז געגאנגען אויפן דרך פון „דרוש", וועלכן ס׳האבן דורכגעלייגט די באשעפער פון די מדרשים, די בעלי הדרשנים פון דער תלמודישער און גאונישער תקופה, ביי וועלכע דער „פסוק", דער ביבל־טעקסט איז געווען נאר אן ארט הקדמה, אן ארייגפיר צו זייער קונציקן געוועב פון אגדיסטישע לעגענדעס און הארציקן מוסר. די צווייטע ריכטונג אבער האט זיך געשטעלט א גאנץ אנדערע אויפגאבע: פארטייטשן און דערקלערן דעם פשט, דעם ווערטלעכן זין פון דעם ביבלישן טעקסט. די באגרינדער פון דער דאזיקער עקזעגעטישער שול מיט אירע ביידע ריכטונגען זיינען געווען צוויי ברידער: שמעון קרא און מנחם בר חלבו

1 זע וועגן דעם: לאנדסהוט, „עמודי העבודה".

2 „העיר הקודש והמחוזות — היו לחרפה ולביזות — וכל מחמדיה טבועות וגנוזות — ואין שיור רק התורה הזאת... ברית אבות ואמהות והשבטים — רחמיך וחסדיך ברבות עתים — יה זכור למוכים ונמרטים — ועליך כל היום נשחטים".

דער ערשטער ווערט גערעכנט אלס דער באשעפער פונם פאפולערן זאמלבוך פאר מדרשים, וואס טראגט דעם נאמען „ילקוט שמעוני" [1], אין וועלכן עס זיינען זייער קונציק צונויפגעזאמלט אלע לעגענדעס פונם מדרש, וואס האבן א סמך אינם ביבלישן טעקסט. גאר פון אן אנדער שניט איז געווען די טעטיקייט פון מנחם בר חלבו. פון זיין ביאגראפיע ווייסן מיר כמעט ווי גארניט. אויפן סמך פון זיין ביינאמען — „קרא", קען מען רעכענען, אז ער איז אפשר געווען א פארלעזער פון תורה אין שולן און בתי־מדרשים, און א מתורגמן, וואס פלעגט דערקלערן דעם טייטש פונם ביבלישן טעקסט פאר דער יוגנט. און טאקע די דאזיקע באשעפטיקונג האט פיליכט געבראכט מנחם בר חלבו צום געדאנק זיך ספעציעל אפצוגעבן מיט ביבל־דערקלערונג און ווערן א מפרש [2]. נאר פון אלע זיינע דערקלערונגען (פתרונים) און פירושים צו פארשיידענע ביבלישע ביכער זיינען דערגאנגען צו אונז בלויז קליינע פראגמענטן, וואס ווערן אלס ציטאטן געבראכט ביי די שפעטערדיקע פראנצויזישע מפרשים [3]. נאר אפילו בלויז די דאזיקע ווייניקע פראגמענטן גיבן אונז דאך א קלאר בילד וועגן בר חלבום מעטאדע. דאס איז געווען א מענטש מיט א ניכטערן קלארן שכל, וואס האט זיך געשטעלט די אויפגאבע אויספארשן דאס ביבלישע ווארט; ניט זוכן דארט קיין סימבאלישע רמזים, קיין סמך אויף כל המיני לעגענדעס, נאר קלאר מאכן די באדייטונג פון יעדן ווארט באזונדער, אויספארשן דעם ווערטער־מאטעריאל ריין לעקסיקאגראפיש. די דאזיקע אויפגאבע איז ביי יענע באדינגונגען געווען א גאנץ שווערע. די יידישע מפרשים פון אראבישן שפאניע זיינען געווען אין א באדייטנד גינסטיקערער לאגע. זיי האבן דאך פאר זיך געהאט די קלאסישע מוסטערן: ראשית די אראבישע פילאלאגישע שול,

---

1 זע שי"ר (שלמה יהודה ראפאפארט) אין „כרם חמד", VII, 4—12. אמת, ראפאפארטס מיינונג, אז דער צוזאמענשטעלער פונם „ילקוט שמעוני" איז מנחם בר חלבוס ברודער — האט פילע קעגנער. דער וויכטיקסטער פון זיי איז א. עפשטיין (זע זיין ארבעט „ר' שמעון קרא והילקוט שמעוני", 1891), וואס רעכנט גלייך מיט צונצן, אז דער „ילקוט שמעוני" איז ערשט געשאפן געווארן אינם 13טן יארהונדערט. עס איז אבער ווארשיינלעכער, אז דער דאזיקער ילקוט איז טאקע באשאפן געווארן אין דער צייט פון מנחם בר חלבו, נאר אין די שפעטערדיקע דורות האט מען אין אים געמאכט א סך, שינויים און פיל שטעלן מוסיף געווען.

2 זע: א. גייגער, „פרשנדתא", 11; איינשטיין, „מאגאזין" 219, 1886; מ. ליפשיץ, „רש"י", 154—7, 1914.

3 א פולשטענדיקע זאמלונג פון בר חלבום אויפגעהיטע „פתרונים" גיט ש. פאזנאנסקי אין „ספר היובל", 439—402; זע אויך דוקעס, אין „ליטעראטורבלאט ד. אריענטס" 1847, 344—48.

וואס האט געבראכט די וויסנשאפטלעכע שפראך-פארשונג צו א זייער הויכער מדרגה; דאן די בארימטע ווערק פון די גרויסע יידישע פילאָ-לאָגן ווי חיוג, גאנאח און שמואל הנגיד. בר חלבום מוטער-שפראך איז אבער געווען דער דעמאָלסט נאך זייער ווייניק אנטוויקלטער פראנצוי-זישער דיאלעקט, און פון די יידישע פילאלאָגן אויס שפאנישער שול זיינען אים געווען באקאנט בלויז די ווערק פון מנחם בן סרוק און דונש בן לברט [1]. ניט קוקנדיק אויף די גאנץ קנאפע וויסנשאפטלעכע מיטלען, וועלכע בר חלבו האט געקענט באנוצן, איז אים דאך, אדאנק זיין פילאָ-לאָגיש-קריטישן חוש, געלונגען פיל אויפצוטאָן אויף דעם געביט פון אויפקלערן דעם פשט פון דעם ביבל-טעקסט.

מנחם בר חלבו האט געשאפן א גאנצע שול, נאר דער וויכטיק-סטער און באדייטנדיקסטער פון זיינע נאכפאלגער איז געווען זיין תלמיד און ברודערזון יוסף בן שמעון קרא; און טאקע אדאנק אים און זיינע פירושים, זיינען צו אונז דערגאנגען וועלכע ס'איז פראגמענטן פון מנחם בר חלבום „פתרונים". אויך וועגן יוסף קראס לעבן ווייסן מיר זייער ווייניק צו דערציילן [2]. עס איז בלויז באקאנט, אז ער האט געלעבט אין רש"ים געבורטסשטאט טרוא, און איז טאקע געווען איינער פון רש"ים מקורבים. אלס ביבל-דערקלערער האט זיך יוסף קרא טריי געהאלטן אן די כללים, וואס ס'האט אויפגעשטעלט זיין רבי, מנחם בר חלבו, און ער האט זיך שטענדיק געפלייסט אנצווייזן ווי שטארק עס גרייזן אט די מפרשים, וואס מישן אוים ביים דערקלערן דעם ביבל-טעקסט דעם דרך הפשט מיט דעם דרך הדרש, און פארשטייען אפילו ניט, אז דאס זיינען גאר גאנץ פארשיידענע צוויי סיסטעמען. „איר דארפט וויסן — שרייבט ער אין זיין פירוש אויף ספר שמואל — אז די הייליקע שריפט איז גע-שריבן קלאר און דייטלעך, אן רמזים, וואס מען זאל זיך ערשט דארפן אנשטויסן, אדער נייטיקן זיך אין אנווייזונגען און ראיות פונם מדרש. דער מדרש ווידער איז א לימוד פאר זיך, און אים האבן אונזערע חכמים מתקן געווען בכדי צו באשיינען און באפוצן די תורה. דער אבער, וואס פארשטייט ניט דעם פשט פון דער תורה און פרווט ארויסבא-קומען דעם תוך מיט דער הילף פונם מדרש, דער איז געגליכן צו א מענטשן, וואס ווערט געטראגן פון א שטארק געוויסער, און ראנגלענ-דיק זיך מיט די כוואליעס, פרווט ער זיך אנכאפן אן אלץ, וואס ער

1 וויל נאר די ווערק זיינען געשריבן אין העברעיש.

2 זע „מאגאזין", 1886, 206—261, ד"ר איינשטיינס ארבעט „יאזעף קארו אונד זיין קאמענטאר צו קהלת".

טאַפּט נאָר אָן מיט דער האַנט. ווער עס וויל אָבער ערנסט אויספאָרשן גאָטס וואָרט, דער דאַרף קודם־כּל זיך פּלייסן צו פאַרשטיין דעם פּשוטן פּשט פון יעדער וואָרט באַזונדער [1].

און יוסף קרא איז טאַקע נאה דורש ונאה מקיים, און אין אַלע זיינע פּירושים [2] האַלט ער זיך טריי אָן דעם פון אים און זיין פעטער אויפגעשטעלטע פאָדערונג, און דערקלערט דעם ביבל־טעקסט אויסשליסלעך על־פּי דרך הפּשט. עס איז דאָ כּדאי זיך אָפּצושטעלן אויף איין אינטערעסאַנטן פּרט. ווי מנחם בר חלבו אַזוי האָט אויך יוסף קרא זיך אויסגעצייכנט מיט זיין אמתן שכל הישר. נאָר דער ניכטערער און שאַרפער שכל איז אין אָט דעם מענטשן פונם 11טן יאָרהונדערט געווען צונויפגעפלאָכטן מיט נאַיווער תּמימות און פּשטות, און אַדאַנק דעם האָט ער אין זיינע פּירושים ניט זעלטן אַרויסגעזאָגט אַזוינע געדאַנקען, וואָס טראָגן אין זיך בלי ספק דעם זאָמען פון פרייער וויסנשאַפטלעכער קריטיק, און פאַר יענער צייט איז דאָס געווען אמתע אַפּיקורסות; מערניט — קראָן גופא מיט זיין תּמימותדיקער וועלט־אָנשויונג איז גאָר אַפילו אויף דער מחשבה ניט געקומען, אַז דאָס שמעקט מיט פריידענקעריי. למשל, דעם זאַץ פון שמואל א' (9, IX): „ווען מע רופט היינטיקע צייטן „נביא", דער פלעגט אַמאָל הייסן „רואה" (זעער, טרעפער) — באַגלייט קרא מיט פאָלגנדיקער באַמערקונג: „דערפון איז געדרונגען, אַז בעת דער ספר שמואל איז געשריבן געוואָרן, פלעגט מען שוין דעם אַמאָליקן „רואה" רופן „נביא". דאָס באַווייזט, אַז דער ספר איז פאַרפאַסט געוואָרן אַ סך שפּעטער נאָך שמואל הנביא" [3]. קראס באַמערקונג איז טאַקע זייער אַ ריכטיקע: אין דער גאַנצער ביבל ווערט דער נביא אין ערגעץ ניט אָנגערופן מיט דעם נאָמען „רואה" אויסער אין אָט דער באַטרעפנדיקער שטעלע, ווו שמואל הנביאס דור ווערט באַטראַכט אַלס „אַמאָליקע צייטן" (לפנים). אין גאַנץ תּורת משה ווערט אָבער דער נביא אויך

---

[1] „ואין ברצוני לכתוב בספר זה שום מדרש, שלפי מדרשו רצוף ספר בפני עצמו, והרוצה לקרות בו קורא. דע לך שכשנכתבה הנבואה שלימה נכתבה עם פתרונה וכל הצורך שלא יכשלו בה דורות הבאים וממקומו אין חסר כלום ואין צריך להביא ראיה ממקום אחר ולא ממדרש, כי תורה תמימה נכתבה ולא תחסר כל בה, ומדרש חכמינו כדי להגדיל תורה ויאדיר; אבל כל מי שאיני יודע פשוטו של מקרא ונוטה לו אחר מדרשו של דבר דומה לזה ששטפינהו שבולת הנהר ומעמקי מים מציפין, אותו בכל אשר בידו להנצל. ואילו שם לבו אל דבר ד' היה חוקר אחר פשר דבר ופשוטו ומוצא לקיים מה שנאמר: אם תבקשנה וגו'" (זע איינשטיין, ציט. וו., 250).

[2] ער האָט געמאַכט אַ פּירוש כּמעט אויף אַלע נביאים און כּתובים.

[3] זע: איינשטיין, ציט. וו., 250; גייגער, ציט. וו., 32—33.

אין ערגעץ ניט אָנגערופן מיטן נאָמען „רואה״, מוז מען הייסט עס קומען צו דער מסקנא, אַז אויך די תורה איז רעדאַקטירט געוואָרן ניט נאָר נאָך משה־רבנוס טויט, נאָר אַפילו אַ סך שפּעטער פון שמואל הנביאס דור. נאַטירלעך האָט אַזאַ אַפּיקורסישער געדאַנק דעם גאָטספאַרכטיקן יוסף קַרא אַפילו אויף דער מחשבה ניט געקענט קומען [1].

אין דער זעלבער שטאָט, אין וועלכער עס האָט פאַרבראַכט זיינע יאָרן יוסף קַרא, איז אויסגעוואַקסן אויך דער גרויסער מאַן, וואָס האָט זוכה געווען מיט זיין נאָמען און מעשים צו פאַרדרענגען אַלע איבעריקע דייטש־פראַנצויזישע מפרשים און דערקלערער פון ביבל און תלמוד. מיר ריידן וועגן ר׳ שלמה בן יצחק, וואָס איז באַקאַנט ביים יידישן פאָלק אונטער די „ראשי תיבות״: רש״י. אָט דער גרעסטער מיטלאַלטערלעכער תלמוד־דערקלערער און פּאָפּולערסטער ביבל־עקזעגעט איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1040 אין טרואַ, די דעמאָלסטיקע הויפּטשטאָט פון דער פּראָווינץ שאַמפּאַני, וווּ ער איז אויך געשטאָרבן אינם יאָר 1105. יִנגל ווייז האָט זיך דער צוקונפטיקער גאון געלאָזט איבער יענער זייט ריין צו שעפּן תורה פון די דאָרטיקע ישיבות. מיר האָבן שוין פריער אָנגעוויזן, אַז די ישיבות, וואָס רבנו גרשום האָט געגרינדעט אין די ריינישע שטעט מײַנץ, וואָרמס, שפּײַער, זיינען געוואָרן די הויפּט־צענטרען פון תלמודישער וויסנשאַפט. די דאָזיקע ישיבות האָבן צו זיך צוגעצויגן די הונדערטער תלמידים פון מזרח און מערב, און די „חכמי לותיר״ [2] זיינען איבעראַל געווען אָנערקענט אַלס די גרעסטע אויטאָריטעטן אין חכמת היהדות. פון די דאָזיקע ישיבות זיינען אַרויסגעקומען פיל גרויסע דייטשע רבנים און תלמידי חכמים, דאָרט האָט אויך פאַרבראַכט זיינע יונגע יאָרן רבי שלמה יצחקי.

רש״ים ערשטער רבי איז געווען רבנו גרשומס תלמיד, ר׳ יעקב בן יקיר [3], דער ראש־ישיבה אין וואָרמס; נאָך יענעמס טויט איז רש״י אַוועק קיין מײַנץ צום דאָרטיקן ראש־ישיבה ר׳ יצחק בן יהודה. ער האָט אויך אַ געוויסע צייט פאַרבראַכט אין שפּײַער, און ערשט דערנאָך האָט רש״י (אינם יאָר 1065) זיך צוריקגעקערט אין זיין געבורטסשטאָט,

1 מער באַריכות וועגן יוסף קַרא זע די אויבן ציטירטע אַרבעט פון ד״ר אייני־שטיין און אויך ביי שד״ל אין „כּרם חמד״, 56—7, VII.

2 מיט דעם נאָמען „לותיר״ (לאָטאַרינגיע) פלעגט מען דעמאָלט באַצייכענען דעם גאַנצן שטח לאַנד, וואָס ליגט פון ביידע זייטן ריין.

3 רש״י דערמאָנט אים אונטערן נאָמען „מורי הזקן״ (מיין אַלטער לערער). זע, צ״ב, סוכּה, דף ל״ח עמ׳ ב׳.

ווו ער האָט געגרינדעט זיין אייגענע ישיבה, וועלכע איז מיט דער צייט געוואָרן דער וויכטיקער צענטר פון תלמודישער וויסנשאַפט, די באַרימטע אכסניה של תורה.

נאָך אין זיינע לערניאָרן אין די ישיבות פון די חכמי לותיר, האָט רש״י שוין געזאַמלט מיט גרויס פליים און מסירת־נפש דעם נייטיקן מאַטעריאַל פאַר דעם ריזיקן אונטערנעמען, וואָס ס׳איז געוואָרן דער ציל פון זיין לעבן: מאַכן דעם תלמוד בבלי מיט זיין שווערער און ווייניק פאַרשטענדלעכער שפּראַך פאַר אַ שוה לכל נפש, צוגענגלעך פאַר יעדן; מען זאָל מער ניט באַדאַרפן, בכדי צו פאַרשטיין דעם פּשט פון אַ בלאַט גמרא, זיך ווענדן צו ספּעציעלע מומחים און געניטע לערער. צו דעם צוועק האָט רש״י קודם־כל געמוזט פאַרזעצן און פאַרענדיקן די אַרבעט, וואָס ס׳האָט שוין אָנגעפאַנגען רבנו גרשום: אַרויסבאַקומען דעם ריכטיקן ניט אַנטשטעלטן טעקסט, באַפרייען אים פון די אַלע גרייזן און פעלערן, וואָס אָפּשרייבער און קאָפּיסטן עם־הארצים האָבן אָנגעמאַכט. זיין גוואַלדיקע בקיאות און שאַרף־קריטישער חוש האָבן מיטגעהאָלפן רש״ין דורכצופירן בשלימות אָט די דאָזיקע גאָרניט גרינגע אויפגאַבע. פאַר זיין פירוש גופא האָט רש״י מיט גרויס קונציקייט אויסגענוצט אַלע פירושים פון זיינע פאַרגייער, די אַלע דערקלערונגען און טייטשן פון די ראשי ישיבות, וואָס זייערע תלמידים פלעגן זיך פאַרצייכענען אין זייערע „קונטרֵסים" (נאָטיץ־ביכלעך). פון דעם דאָזיקן ריזיקן און פאַרשיידנאַרטיקן מאַטעריאַל האָט רש״י פאַרשטאַנען אויסצוקלייבן דאָס וויכטיקסטע און נייטיקסטע, מאַכן דערפון אַ כלי שלמה, אַן אָרגאַניש גאַנצע און פולקומע זאַך. רש״י פאַרגעסט קיינמאָל ניט, אַז זיין הויפּט־צוועק איז מאַכן צוגענגלעך און לייכט פאַרשטענדלעך דעם זייער אייגנאַרטיקן און קאָמפּליצירטן טעקסט; ער לאָזט זיך דערפאַר קיין מאָל ניט אַריין אין טיפע חקירות, שטעלט ניט אַרויס קיין פאַרדרייטע און איבערגעשפּיצטע סברות. ער פאַרגעסט ניט אויף איין מינוט, אַז ער איז בלויז אַ מבאֵר — אַ פאַרטייטשער און דערקלערער, וואָס דאַרף ווערטלעך און גענוי איבערגעבן דעם געדאַנק פונם פאַרפאַסער און ניט ערלויבן זיך קיין שום זייטיקע באַמערקונגען, וואָס געהערן ניט צום עצם ענין און האָבן ניט קיין דירעקטן שייכות צו דעם ווערטלעכן פּשט פונם טעקסט. און אַלע זיינע דערקלערונגען פאַרשטייט אָט דער דאָזיקער אומפאַרגלייכלעכער מייסטער פון גאונישער פּשטות איבערצוגעבן אין אַ העכסט קלאָרער און פאַר אַלעמען פאַרשטענדלעכער פאָרם. דערצו איז רש״י כלל ניט קיין וַתרן אויף ווערטער; ער ווייסט דעם „סוד הצימצום", פאַרשטייט ווי מען דאַרף קאַרגן מאַטעריאַל, ביי אים איז יעדעם וואָרט געציילט און גע־

מאַסטן, יעדער אויסדרוק געפּיילט און געשליפן. כּל ימיו איז ער ניט מיד געוואָרן זיין פּירוש אויף תּלמוד אויפסניי צו רעדאַקטירן, אים מאַכן וואָס פּשוטער און פאַרשטענדלעכער [1]. די טונקלסטע און אומפאַרשטענדלעכע ערטער ווערן ביי רש"ין גאַנץ אָפט דערקלערט מיט געציילטע צוויי-דריי ווערטער, וואָס מאַכן מיטאַמאָל קלאָר און פאַרשטענדלעך די גאַנצע סוגיא, און עס ווערן פאַרענטפערט אַלע קשיות און שאלות [2].

בכדי אָבער צו זיין אימשטאַנד קלאָר און פאַרשטענדלעך איבער-געבן דעם געדאַנק פון יעדן מבעלי התלמוד באַזונדער, האָט רש"י גע-מוזט זיך רעכענען נאָך מיט איין שוועריקייט. אין תּלמוד איז זייער אַ גרויסער פּלאָנטער אויפן געביט פון כראָנאָלאָגיע. דער געוויסער תּלמודישער זאַץ: „אין מוקדם ומאוחר בתורה" (אין דער תורה איז ניט פאַראַן: „פריער און דערנאָך", ד"ה דאָרט איז אַלץ גלייך וויכטיק), אַנטפּלעקט זיך אין תּלמוד גופא אויף אַ גאַנץ מאָדנעם אופן: מען האָט בכלל זיך ניט אינטערעסירט מיט פעסט באַשטימטע דאַטן, מיט „פריער" און „שפּעטער", און פערזאָנען פון גאַנץ פאַרשיידענע תּקופות ווערן דאָרט ניט זעלטן באַהאַנדלט ווי חברים, ווי מענטשן פון איין דור. בכדי אָבער קלאָר צו פאַרשטיין די אָדער יענע תּקנה, וואָס איינער פון די בעלי התלמוד האָט מתקן געווען, איז אָפט זייער וויכטיק באַשטימט צו וויסן, אין וואָסער צייט, ביי וועלכע צושטאַנדן האָט דער באַטרעפנ-דיקער תּנא געלעבט. דאָ האָט רש"י באַוויזן זיין אויסעראָרדנטלעך שאַרפן היסטאָרישן חוש. ער האָט זיך אַזוי איינגעלעבט אין דער תּלמודישער וועלט, זיך באַקאַנט מיט אַלע פּרטים, וואָס זיינען נוגע דעם לעבן און די סביבה פון יעדן תּנא און אמורא באַזונדער, אַז אים איז על-פּי רוב געלונגען אויסצומיידן די אַלע אַנאַכראָניזמען און דעם פּלאָנטער פון דאַטן און גאַנצע דורות, וואָס זיינען געווען אַזוי שכיח אין דער תּלמודי-שער ליטעראַטור. אויף אַזאַ אופן איז רש"י געווען אימשטאַנד אויסצו-טייטשן און דערקלערן די אַלע תּלמודישע דינים, תּקנות און החלטות לויט זייער היסטאָרישן סדר נאָך. אין די פאַלן אָבער, ווו רש"ין מיט זיין גאַנצער גאונישקייט איז דאָך ניט געלונגען צו דערגיין דעם פּשט פון דעם אָדער יענעם שטאַרק טונקעלן תּלמודישן זאַץ, האָט ער מיט זיין

1 רש"ים פּירוש אויף תּלמוד איז צו אונז דערגאַנגען אין דריי רעדאַקציעס.

2 אויף די דאָזיקע רש"ים וואונדערבאַרע אייגנשאַפט האָט שוין אָנגעוויזן אַ גע-לערנטער פון 14טן יאָרהונדערט, יצחק לאַטעס. אין זיין „שערי ציון" (ז' 38) שרייבט ער: „אין מעלתו נכרת רק ליחידים, כי במלה אחת יכלול פעמים תירוצים של חבלי קשיות".

האַרציקער עניוות און פּשטות זיך אָפן מודה געווען: „איך פאַרשטיי ניט", „איך ווייס ניט", עס איז מיר ניט קלאָר" [1].

רש"יס פּירוש אויף תּלמוד איז גלייך אָנגענומען געוואָרן בכל תּפוצות ישראל; אַלע „קונטרסים", מיט וועלכע מען פלעגט זיך פריער באַנוצן אין די ישיבות, זיינען באַלד בטל געוואָרן אַנטקעגן אַט דעם איין און איינציקן „קונטרס" [2], און רש"ין גופא האָט מען געקרוינט מיט דעם נאָמען „פּרשנדתא" — דער איינציקער, אומפאַרגלייכלעכער דערקלע־רער און מפרש.

רש"י איז אָבער באַריכט געוואָרן ניט בלויז אַלס תּלמוד־דערקלע־רער. ער האָט זיך ניט ווייניקער קונה־שם געווען אויך מיט זיינע פּירושים אויף ביבל, דער עיקר מיט זיין פּירוש אויף תּורה. דער דאָזיקער פּירוש איז שוין אָבער פון גאָר אַן אַנדער שניט. אמת, אויך דאָ ווייזן זיך בולט אַרויס רש"יס גרויסע מעלות: זיין פּשטות, זיין גלענצנדער טאַלענט מסביר זיין יעדן ענין אין קלאָרע קנאַפּע ווערטער; ניט קוקנדיק דערויף, וואָס רש"ין זיינען געבליבן אומבאַקאַנט די אַראַבישע פאָרשונגען פון די גרויסע יידישע פילאָלאָגן (חיוג, גנאח און אַנדערע), דאָך איז אים געלונגען טיף אַריינצודרינגען אין דעם גייסט פון דער ביבלישער שפּראַך ביים דערקלערן דעם פּשט פונם טעקסט. דאָך אַנטפּלעקט זיך פאַר אונז רש"י אין זיין פּירוש אויף תּורה אין אַ גאַנץ נייער געשטאַלט. דאָרט, אינם פּירוש אויף תּלמוד, האָבן מיר פאַר זיך דעם שטרענג ניכטערן און קאַלטן בעל־שכל־הישר, דעם גרויסן פּשטן, וואָס יעדעס וואָרט איז ביי אים געציילט. דאָ אָבער, אין דעם פּירוש אויף תּורה, זעען מיר פאַר אונז קודם־כל דעם גאָטספאַרכטיקן מאמין מיט זיין ווייכער און צאַרט פילנדיקער נשמה, פאַר וועלכן אַלע הגדות און לעגענדעס פון תּלמוד און מדרשים זיינען רעאַלע געשעענישן, פול מיט לעבנסזאַפט [3]. תּמימותדיק־נאַיוו, אָן אַ שום שפּור פון ספיקות, איז פאַר דעם דאָזיקן מיטלאַלטער־לעכן גאון ניט גאַנץ קלאָר דער גרויסער אונטערשייד צווישן „פּשט" און „דרש"; זיינע קלאָרע און גענויע טעקסט־דערקלערונגען ווערן ביי אים דערפאַר גאַנץ אָפט קונציק צונויפגעפלאָכטן מיט גאַנצע קרענץ פון פאַ־

1 „לא ידענא היכא", „עיקר מלתא לא ידענא", „לא שמעתי טעם מקובל", „לא ידעתי לשונו" (זע: א. ה. ווייס, „דור דור ודורשיו", IV, 288; „בית תלמוד", II, 135.

2 אין דער מיטלאַלטערלעכער ליטעראַטור ווערט רש"יס פּירוש אויף תּלמוד סתם אָנגערופן „קונטרס".

3 ווי אַזוי רש"י פלעגט זיך באַנוצן מיט מדרשים זע: ווייס, אין „בית תלמוד", II, 226.

עטישע לעגענדעס [1], און דאָס ווערט געטאָן מיט אזא קינדישער תמימות און הארציקער פשטות, אז עס גיט צו דעם גאַנצן ווערק רש״ים א באַזונדערן חן, באַשטראַלט עס מיט וואַרעמען ליכט פון אינטימער שיינקייט. און ניט אומזיסט איז דאָס דאָזיקע ווערק געוואָרן דאָס פּאָפּולערסטע און באַליבטסטע בוך ביים יידישן פאָלק. אויף לאַנגע, לאַנגע דורות האָט רש״ים פּירוש זוכה געווען צונויפגעשמאָלצן צו ווערן אינם באַוווּסטזיי פונם פאָלק צוזאַמען מיט תורת משה; „חומש מיט רש״י״ זיינען געוואָרן איין גאַנצע זאַך, און יעדעס וואָרט פון יצחקים פּירוש האָט מען כמעט ניט מיט קיין קלענערן פליים געגלידערט און געפּאָרשט ווי דאָס וואָרט פון דער ביבל גופא [2]. עס איז אויך דערפאַר גאַנץ באַגרייפלעך, וואָס רש״ים פּירוש, אויף וועלכן עס זיינען דערצויגן געוואָרן אזוי פיל דורות, איז געווען דאָס ערשטע יידישע בוך, וואָס ס׳איז ארויף אויף דעם דרוק=ווארשטאַט [3]. אין משך פון אַ קורצער צייט האָט רש״ים פּירוש פאַרדרענגט אַלע מפרשים, וואָס זיינען פאַר אים געווען אָדער אין זיין צייט געלעבט; די נעמען פון מנחם בר חלבו, יוסף קַרא און אַנדערע זיינען פאַרגעסן געוואָרן, און ערשט אין דער לעצטער צייט, אַדאַנק דער מי פון פלייסיקע פאָרשער און געלערנטע, זיינען זיי תחית המתים אויפגעשטאַנען, און מען האָט זיך פון זייערע פאַרלוירענע נעמען דער=וווּסט. אַפילו די שפּאַנישע יידן, וואָס האָבן זיך אַזוי גרויס געהאַלטן מיט זייער הויכער קולטור און ברייטן וויסן, האָבן מיט גרויס רעספּעקט זיך פאַרהאַלטן צום פראַנצויזישן ביבל= און תלמוד=פאָרשער. דער ראב״ד (ר׳ אַברהם בן דוד) רעדט אין זיין „ספר הקבלה״ מיט גרויס התפּעלות,

---

[1] דערויף האָט שוין אָנגעוויזן אינם 12טן יאָרהונדערט דער שאַרפזיניקער אַברהם בן עזרא, וואָס האָט זיך בכלל פאַרהאַלטן מיט גרויס רעספּעקט צו רש״ין. „רבי שלמה — שרייבט ערנ — האָט דערקלערט די תורה על דרך הדרש, ער האָט אָבער געמיינט, אַז ער טרעט ניט אָפּ פונם דרך הפּשט (זע „שפה ברורה״, 5a). עס איז אויך זייער כאַ=ראַקטעריסטיש פאַר רש״ים וועלט=אָנשויונג זיין פאַרהאַלטן זיך צו אַלטע, פאַרצייטיקע מנהגים. „אַ מנהג — פלעגט ער זאָגן — טאָר מען ניט עובר זיין״. „אַ מנהג איז ניט קלענער פון אַ דין״; „אַ מנהג איז אַ תורה״. „יעדער מנהג — פלעגט רש״י אונטער=שטרייכן — איז זיך סומך אויף אַ פעסטן יסוד״. „כך נהגו העם״ — אַזוי איז דער מנהג פונם פאָלק — דאָס איז געווען פון די שטאַרקסטע באַווייזן ביי רש״ין. אין זיין „פּרדס״ זיינען פאַראַן אַ סך אַזוינע אויסדריקן, ווי למשל: „וישראל בגלות, אם אינם נביאים — בני נביאים הם, ואלו נוהגים מנהג הנאה וההגון ואין לשנות המנהג״. „שמע בני מוסר אביך... גאה הוא... לעשות כמנהג הטוב... שלא נהגו כן בחנם אלא שראו שהוא מנהג טוב״. „שמנהג אחרונים תורה היא, ועל זה נאמר: ואל תטוש תורת אמך״.

[2] וועגן פּירושים אויף רש״י זע ביי טולידאַנו, אפּיריון, 1905.

[3] אין דער איטאַליענישער שטאָט רעדזשיאָ, אינם יאָר 1475.

וועגן דעם געלערטן פון טרואַ און רופט אים „דאָס גרויסע ליכט, וואָס בלענדט די אויגן“ [1], און דער באַרימטער אברהם אבן עזרא שרייבט לויבלידער לכבוד רש״ין, דעם „אין פראַנקרייך אויפגעשיינטן שטערן“, ביי וועמעס ליכט „אפילו בלינדע זיינען זעענדיק געוואָרן“ [2]. אויך אין דער קריסטלעכער וועלט האָט רש״ים פירוש געמאַכט אַ גרויסן רושם. דער גרעסטער קריסטלעכער עקזעגעט פונם מיטלאַלטער, ניקאָלאַי דע=לירא, האָט רש״ין זייער פיל צו פאַרדאַנקען; ער האָט זיין פירוש שטאַרק אויסגענוצט, און גאַנץ אָפט אָפּגעשריבן וואָרט ביי וואָרט. אַדאַנק דע=ליראַס ווערק האָט לוטער זיך באַקאַנט מיט רש״ים דערקלערונגען און זיך מיט זיי שטאַרק באַנוצט ביי זיין ביבל=איבערזעצונג [3].

רש״י האָט אויך אַלס מענטש געמאַכט אַ גרויסן רושם אויף זיין דור. זיין ענוות, גוטהאַרציקייט און פשטות, זיין צאַרט=ווייכער אומגאַנג מיט מענטשן, האָבן צוגעגעבן זיין פערזענלעכקייט אַן אויסשליסלעכע אַנציִונגס=קראַפט, באַשיינט מיט גייסטיקער שיינקייט און אומפאַרגלייכלעכן חן [4]. עס איז דערפאַר קיין חידוש ניט, וואָס רש״י איז באַלד געוואָרן איינער פון די באַליבטסטע גייסטיקע העלדן פונם יידישן פאָלק, און אַרום זיין נאָמען האָט די פאָלקס=פאַנטאַזיע אָנגעפאַנגען צו שפּינען דאָס גאָלדענע געוועב פון האַרציק נאַיווע לעגענדעס. איינע פון די דאָזיקע לעגענדעס דערציילט וועגן רש״ים גוטפריינדשאַפט מיט גאָטפריד אויס בוליאָן, וואָס האָט געשפּילט אַזאַ באַדייטנדיקע ראָלע אינם ערשטן קרייצצוג. איידער גאָטפריד האָט זיך געלאָזט אין וועג קיין פאַלעסטינע, האָט אים רש״י פאַרויסגעזאָגט, אַזוי דערציילט די לעגענדע, אַז אין דער

---

[1] זע „ספר הקבלה“ (נייבויערס אויסגאַבע) 84: ובצרפת יצא אור גדול לא נראה כמוהו לאור עינים, הוא הרב הגדול החסיד רבנו שלמה מטרויש בר׳ יצחק... ואם חס ושלום נשתכחה מישראל תורה יחזירה והוא עשה שלא תשתכח.

[2] כּוֹכָב דָּרַךְ מִצָּרְפָתָה מַתָּנָה עָרַךְ עַל יָשְׁרָתָה.

• • • • • • • • •

אוֹר כָּל סוּמָא בּוֹ, כָּל צָמֵא נוֹפֶת מֵימֵי מִתְקוֹ שָׁתָה,

פֵּרוּשׁ נוֹרָא שָׂם לַתּוֹרָה, עַל כֵּן נִקְרָא פַּרְשַׁנְדָּתָא.

[3] מער באריכות וועגן דעם זע: ק. זיגפריעד, „רש״יס איינפלוס אויף ניקאָלאַוס דע לירא אונד לוטער“, אין מערק-אַרכיוו, ב. I, 428„ II 39; אויך א. גייגער, געזאַמלטע שריפטן, 175—6. II.

[4] די דאָזיקע אייגנשאַפטן פון רש״יס כאַראַקטער ווייזן זיך גאַנץ בולט אַרויס אין זיינע שאלות-ותשובות (זע „אוצר נחמד“, 178, II; „חופש מטמונים“, 8; בפרט א. בערלינער: „צור כאַראַקטעריסטיק רש״יס“, אין קויפמאַן-געדענקבוך, 260—278), און ליפשיץ, „רש״י“, 22—38.

התחלה וועט ער אין מלחמה מנצח זיין, נאָר דערנאָך וועט ער האָבן א שרעקלעכע מפלה און וועט זיך אומקערן צוריק קיין פראנקרייך סך־הכל מיט דריי פערד. גאָטפרידן האָט אזא נביאות געבראַכט אין שטאַרקן כעס, און ער האָט מבטיח געווען, אז ער וועט זיך מיט רש"ין אָפּרעכענען וויבאלד ער וועט זיך אומקערן אהיים, זאָל זיין אפילו בלויז מיט איין פערד מער ווי רש"י האָט פאָרויסגעזאָגט. רש"ים רייד זיינען טאַקע מקויים געוואָרן. גאָטפריד האָט געהאַט א מפלה, זיין גאַנץ חייל איז אומגעקומען, דאָך האָט ער זיך אומגעקערט קיין פראנקרייך מיט דריי רייטער חוץ זיין אייגן פערד, אויף וועלכן ער אליין האָט געריטן, צוזאַמען אלזא פיר פערד. האָט ער זיך געלאָזט מיט זיינע רייטער צו רש"ים הויז צו באַשטראָפן דעם יידישן געלערנטן, וואָס האָט דאָך ניט געטראָפן. נאָר ביים טויער פון דער שטאָט איז איין פערד אונטער א רייטער אנידערגעפאַלן טויט, און גאָטפריד איז אריין אין שטאָט בלויז מיט דריי פערד. מיט א געבויגענעם קאָפּ איז ער הכנעהדיק צוגעריט צום הויז פונם געטלעכן מאַן, נאָר דאָרט האָט ער זיך דערוואוסט, אז רש"י איז שוין געשטאָרבן [1].

די דאָזיקע לעגענדע שטימט, אמת, ניט מיט די געשיכטלעכע דאַטן. גאָטפריד איז דווקא געשטאָרבן דריי יאָר פאַר רש"ין, און דאָס אין פּאַלעסטינע; נאָר אמת איז דאָס, אז דער ערשטער קרייצצוג, וואָס איז געווען באַגלייט מיט שרעקלעכע שחיטות און הריגות אין אלע דייטש־פראנצויזישע יידישע קהילות, האָבן אויפן אלטן רש"ין געמאַכט א גוואַל־טיקן רושם. און ער האָט זיך אָפּגערופן אויף דער דאָזיקער איומדיקער נאַציאָנאַלער קאַטאַסטראָפע מיט א גאַנצער צאָל הארציקע סליחות און קינות. „זינט דאָס בית־המקדש איז חרוב געוואָרן — קלאָגט רש"י אין איינער פון די דאָזיקע סליחות [2] — וואַקסן אונזערע צרות אָן צאָל און אָן מאָס. יעדער טאָג ברענגט אונז נייע ליידן און נויט; אונזער שרעק ווערט אלץ גרעסער, אין שטויב און שאַנד אונזער פּראַכט... מיר זיינען געגליכן צו צעבראָכענע שאַרבנס, אנטבלויזט און נאַקעט זיינען מיר אצינד! אנטשוויגן איז דעם נביאס וואָרט, ניטאָ קיין טרייסט, קיין גאולה. מיר בלאָנדזשען ווי בלינדע אויף אלע וועגן, און יעדן טאָג טוען מיר פרעגן: ווען וועט קומען דער סוף? בעסער דער טויט איידער אזא לעבן, וואו אויף יעדן טריט לויערט געפאַר און שרעק... פאַר אונזערע זינד זיינען מיר געוואָרן צו שאַנד און צו שפּאָט; מיר ווערן פון אלעמען

[1] זע „מעשי נסים", נומ' 17

[2] די תפילה „ומשחרב בית מקדשנו", וואָס מען זאָגט יום־כיפור צו מוסף.

געטראָטן, פאַראַכטעט, באַגאָסן מיט גאַל און מיט עקל; פרעמדע גע־וועלטיקן איבער אונז, מיר גייען צו גרונד, מיר ווערן פאַרלוירן! אַ גאָט, דו אַלמעכטיקער! דערלייז אונז פון קנעכטשאַפט, שיק גיכער דיין הילף..."

* * *

רש"י האָט באַוויזן צו דערהויבן די ישיבות אין פראַנקרייך כמעט צו דער זעלבער הויכער מדרגה, אויף וועלכער עס זיינען אַמאָל גע־שטאַנען די באַרימטע ישיבות פון בבל. נאָך דעם ערשטן קרייצצוג, וואָס ביי אים האָבן אַמשטאַרקסטן געליטן די יידישע קהילות אין די ריין־שטעט (מעץ, וואָרמס, קעלן, מיינץ, שפּייער), איז זייער געפאַלן די באַדייטונג פון די ישיבות, וואָס די „חכמי לותיר" האָבן געגרינדעט, און ביסלעכוויז האָבן זייער אָרט פאַרנומען די ישיבות, וואָס רש"יס תּלמידים און איידעמס [1] האָבן געגרינדעט אין פאַרשיידענע שטעט פון דער פּראָ־ווינץ שאַמפּאַני (ראַמערו, דאַמפּיער, אָקסער, סאַן, פּאַריז). נאָר די דאָ־זיקע נייע ישיבות זיינען ניט געווען פון דעם זעלבן שניט, וואָס יענע פון די ריין־פּראָווינצן. דאָרט האָבן די ישיבה־בחורים אונטער דער הנהגה פון געאיבטע ראש־ישיבות געפּלייסט זיך משיג צו זיין דעם פּשט פון דעם טונקעלן און שווער פאַרשטענדלעכן תּלמודישן טעקסט. אָט איז אָבער געקומען דער גרויסער מייסטער ר' שלמה יצחקי, דער גאון פון פּשטות און קלאָרקייט, וואָס האָט באַוויזן דעם אומפאַרגלייכלעכן טאַ־לענט צו באַלייכטן יעדער טונקל ווינקעלע און מאַכן פאַרשטענדלעך און קלאָר דעם הארבסטן און טיפסטן ענין. ער איינער האָט פאַרענדיקט דאָס, וואָס גאַנצע צוויי דורות (פון רבנו גרשום ביז אים) זיינען ניט געווען אימשטאַנד דורכצופירן: מאַכן דעם תּלמוד פאַר אַ „שוה לכל נפש" און זיין טעקסט פאַר אַלעמען צוגענגלעך. רש"יס תּלמידים און נאָכפאָלגער האָבן דערפאַר שוין געמוזט שטעלן פאַר זיך אַנדערע צילן, פּרווון זוכן נייע דרכים. די דאָזיקע, על־פּי רוב זייער באַגאַבטע מענטשן, האָבן אָבער געלעבט אין אַ זייער ענגן אידעען־קרייז, זייער גאַנץ וויסן האָט זיך באַגרענעצט נאָר מיט שטרענג יידישע רעליגיעזע

[1] רש"י האָט קיין זין ניט געהאַט, נאָר דריי טעכטער, וואָס האָבן חתונה געהאַט פאַר דריי רש"יס תּלמידים. אין פילע קוועלן איז אָנגעוויזן, אַז איינע פון רש"יס טעכטער איז אויך אַזוי פיל געווען באַהאַוונט אין דער רבנישער ליטעראַטור, אַז זי פלעגט ביי איר פאָטער אויספילן די פליכטן פון אַ סעקרעטאַר און שרייבן זיינע שאלות־ותשובות. דאָס האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן אַלס פּשוטע לעגענדע, וואָס האָט צו פאַרדאַנקען אַ פאַרגרייזטן טעקסט פון רש"יס אַ שאלה־ותשובה, ווו אָנשטאָט: „ולבֵן בתי קראתי" האָט מען געלייענט: „ולְכֵן בתי קראתי" (זע צונץ, „צור געשיכטע", 567; ש. בובער, „שבלי הלקט", פאָררעדע; א. בערלינער, „מאָנאַטשריפט", 288, 1872).

פּראָבלעמען און פראגן, וואָס האָבן אַ שייכות צו יידישן ריטואַל און רעכט. פון אַלע חכמות און דיסציפּלינען האָבן זיי אָנערקענט — בלויז זייער וויסנשאַפט, די איינציק מעגלעכע און איינציק וויכטיקע וויסנשאַפט — דעם תלמוד. און אים האָבן זיי טאַקע אָפּגעגעבן זייערע רייכע גייסטיקע קרעפטן, זייערע שאַרף געשפּיצטע מוחות און גלענצנדיקע דיאַלעקטיק. נאָך זייער באַרימטן לערער, דעם גרויסן און אומפאַרגלייכלעכן „בעל הקונטרס״, האָבן זיי שוין געהאַלטן פאַר איבעריק דעם תלמודישן טעקסט אויפסניי אויסצוטייטשן און דערקלערן; זיי האָבן זיך דערפאַר געשטעלט די נייע אויפגאַבע: אים קריטיש אויסצופאָרשן. נאָך דעם גרויסן עקזעגעט און דערקלערער, זיינען געקומען די „אויספאָרשער״, די „בעלי התוספות״ [1], וואָס האָבן אַ געפּאַ־גען אויסצופאָרשן און צעגלידערן דעם טעקסט פון דער גמרא נאָך דער זעלבער שטה, ווי די אמוראים האָבן בשעתּם געפאָרשט און געגריבלט אינם טעקסט פון דער משנה. די בעלי התוספות האָבן זיך געשטעלט די אויפגאַבע אריינדרינגען אין אַלע פאַרבאָרגענע ווינקעלעך פון תלמודישן רעכט און געזעצפאָרשונג, צעגלידערן און אויספאָרשן אויפן אַנאַליטישן און קריטישן אופן יעדע סוגיא פון תלמוד, פאַרגלייכן און אַנטקעגנשטעלן אַלע סברות און החלטות אוים דעם תלמוד, וואָס האָבן צווישן זיך וועלכע ס'איז שייכות און ענלעכקייט, און אויף אַזאַ דרך אַנטפּלעקן און באַלייכטן דעם זייער פאַרפּלאָנטערטן פּראָצעס, דורך וועלכן די בעלי התלמוד זיינען סוף־כל־סוף געקומען צו דער אָדער יענער לאָגישער הנחה.

עס איז אָבער קיין שום ספק ניט, אַז דאָס אויסטערליש פיינע אַנאַליטישע געשפּינס און די חדושימדיק שאַרפעמוח־אַרבעט, וואָס די בעלי התוספות האָבן באַוויזן ביים אויספאָרשן די קאָמפּליצירטע און פאַרפּלאָנטערטע סוגיות פונם תלמוד — זיינען ניט געווען בלויז דער פּועל־יוצא פון זייער הייסן ווונטש אויפדעקן און אָפּשאַצן דעם ווערט און דעם אַנטוויקלונגס־גאַנג פון יעדן תלמודישן געזעץ באַזונדער. זיי זיינען אַגב אויך אויסן געווען דעם פּילפּול פאַר זיך אַליין, דאָס פּילפאַרביקע שפּיל מיט געדאַנקען־בליצן, דאָס בלענדן מיט וויציקע המצאות, דער חשק אַרויסצווייזן דעם גלאַנץ פון די שטאָל־שאַרפע מוחות און דאָס גרויסע עשירות פון גייסטיקער באַגאַבונג, פּונקט ווי די דעמאָלטיקע

1 די דאָזיקע פאָרשונגען פון רש״ים תלמידים און נאָכפאָלגער פלעגן פון די ישיבה־בחורים פאַרשריבן ווערן אין די ישיבות אַלס הערות, באַמערקונגען און „צוגאָבן״ (תוספות) צו דעם תלמוד, און דער נאָמען תוספות איז פאַרבליבן אויך אין די שפּעטערדיקע דורות.

אַדעליקע ריטער האָבן זיך געפּלייסט אַרויסצוווייזן אויף טורנירן זייער גוואַלטיקע גבורה און אומדערמידלעכע קאַמפּסלוסט.

די עלטסטע פאָרשטייער פון די בעלי התוספות זיינען געווען: רש״יס תּלמיד ר׳ יצחק בן אשר [1] און רש״יס איידעם ר׳ מאיר בן שמואל אויס ראַמערו. נאָך דעם אמתן גלאַנץ האָט די דאָזיקע שול ערשט דערגרייכט ביי ר׳ מאיר בן שמואלס קינדער: ר׳ שמואל (באַקאַנט אונטער דעם נאָמען רשב״ם) און ר׳ יעקב, אָדער רבנו-תּם.

דער עלטסטער אייניקל רש״יס, דער רשב״ם [2], איז געווען דער גלענצנדסטער פאָרזעצער פון זיין באַרימטן זיידן אויפן געביט פון עקזעגעטיק. ער האָט זיך אָבער זייער שטאַרק אונטערשיידט פון רש״ין דערמיט, וואָס ער איז געווען אַן אַנטשיידענער קעגנער פון דעם אַזוי גערופענעם דרך הדרש, ד״ה דאָס אויסנוצן ביים טעקסט-דערקלערן אגדתאָס און פאָלקסלעגענדעס. ער ווייזט אפילו אַליין דערויף אָן אין זיין פּירוש אויף תּורה, אַז ער פלעגט וועגן דעם פירן לאַנגע וויכּוחים מיט רש״ין, בכדי אים צו באַווייזן ווי וויכטיק און נייטיק עס איז זיך שטרענג צו האַלטן ביים ווערטלעכן פּשט פונם ביבלישן טעקסט און ניט אריינמישן דערביי קיין זייטיקע דרשות און לעגענדעס. „איך, שמואל, דער זון פון זיין איידעם מאיר — דערציילט דער רשב״ם — האָב לאַנג מיט אים זיך געשפּאַרט וועגן דעם עניין, און ער האָט סוף-כּל-סוף מודה געווען, אַז ווען ער זאָל נאָך האָבן גענוג פרייע צייט, וואָלט ער געמאַכט אַ נייעם פּירוש אויף תּורה אויסשליסלעך על דרך הפּשט״ [3].

פעסט זיך האַלטנדיק אָן דער שיטה פון מנחם בר חלבו און יוסף קרא, האָט דער רשב״ם אַרויסגעשטעלט אַלס הויפּט-כּלל דעם באַקאַנטן זאָץ פון דער גמרא: „אין המקרא יוצא מידי פּשוטו״ (מען דאַרף זיך האַלטן טריי אָן דעם פּשט פונם פּסוק). און קיין שום אַנדערער מפרש פון דער פראַנצויזישער שול קען זיך ניט פאַרגלייכן מיטן רשב״ם אַלס

---

[1] באַקאַנט אונטער די „ראשי תיבות״: ריב״א. מער באַריכות וועגן אים זע: א. ה. ווייס אין „דדור״ו״, ב׳ IV, ז׳ 298—9; א. עפּשטיין, אין „מאָנאַטשריפט״, ב׳ 41, ז׳ 470, ב׳ 45, ז׳ 47.

[2] געבוירן בערך 1085, געשטאָרבן בערך 1174. מער באַריכות וועגן אים זע: ד. ראָזין, ר׳ שמואל בן מאיר אַלס שריפט-דערקלערער, 1880. אַ געלונגענע כאַראַקטעריסטיק פונם רשב״ם זע ביי ד. קויפמאַן אין „מאַגאַזין״, 1886, ז׳ 129—131.

[3] ...„וגם רבנו שלמה אבי אמי מאיר עיני גולה שפירש תורה נביאים וכתובים, נתן לב לפרש פשוטו של מקרא, ואף אני שמואל ב״ר מאיר חתנו זצ״ל נתווכחתי עמו ולפניו, והודה לי שאילו היה לו פנאי היה צריך לעשות פרושים אחרים לפי הפשטות המתחדשים בכל יום (בראשית ל״ז, ב׳).

מסביר און דערקלערער פון דעם קלאָרן פשט פונם ביבלישן וואָרט. און דאָך איז אפילו דעם רשב״מס פירוש ניט אימשטאַנד געווען צו קאָנקו־רירן מיטן פירוש פון זיין בארימטן זיידן. רש״יס האַרציקער נוסח, אַט די אַלע אגדתאס און לעגענדעס פונם מדרש, וואָס זיינען אַזוי קונציק איינ־געפלאָכטן אין זיין פירוש, האָבן פיל מער אויסגענומען ביי די, דורך די ווילדע אכזריותדיקע מעשים פון די קרייצצוגן פאַראומערטע און דער־שראָקענע הערצער, ווי די טרוקענע און שכלדיק קלאָרע רייד פונם פשטן, דעם רשב״ם. ניט קוקנדיק דערויף, וואָס דער רשב״ם האָט זיך שטאַרק קונה־שם געווען אלס איינער פון השובסטע בעלי התוספות [1], איז זיין פירוש אויף תורה אינגאַנצן פאַרגעסן געוואָרן; ערשט אינם 18טן יאָרהונדערט האָט מען געפונען אַן איין און איינציקע האַנטשריפט־לעכע זייער פאַרגרייזטע אָפּשריפט פון זיין פירוש און צום ערשטן מאָל אָפּגעדרוקט [2]. אָט ערשט דעמאָלט האָט זיך די געלערנטע וועלט דער־וווּסט, אַז דער רשב״ם דאַרף פאַרנעמען איינעם פון די בכבודיקסטע ערטער צווישן די בעסטע ביבל־דערקלערער [3].

ווי גרויס און געאַכפּערט ס׳איז ניט געווען דעם רשב״מס נאָמען צווישן די בעלי התוספות, דאָך האָט אים פאַרדעקט מיט זיין גלאַנץ זיין יינגערער ברודער יעקב, מער באַקאַנט אונטערן נאָמען דער רבנו תם [4], דער אמתער שטאָלץ און שיינדל פון דער גאַנצער תקופה, דער באַרימטסטער און גלענצנדסטער נאָמען נאָך רש״ין, וואָס דאָס גאַנצע מיטלאַלטערלעכע דייטש־פראַנצויזישע יידנטום האָט אויפצווייזן. „פון נאָך התימת התלמוד אָן — ווייזט אָן איינער פון די גרעסטע רבנישע אויטאָריטעטן [5] — האָט אויפן געביט פון פילפול רבנו יעקב צו זיך קיין

---

1 אַ פולשטענדיקן רייסטער פון די בעלי התוספות גיט צונץ אין זיין „צור גע־שיכטע ד. ייד. ליטעראַטור״, 29—60.

2 אינם יאָר 1705. אַ קריטיש פאַרבעסערטע אויסגאַבע האָט אָפּגעדרוקט ראָזין אין 1881.

3 דער זעלבער גורל איז געפאַלן אויך אויף דעם רשב״מס תלמיד, יוסף בן יצחק בכור־שור, דעם לעצטן באַדייטנדן עקזעגעט אויס דער צפון־פראַנצויזישער שול. אויך זיין אויסגעצייכנטער פירוש אויף תנ״ך, וואו מען קען ניט זעלטן טרעפן געדאַנקען און אָנשויונגען פון די נייסטע וויסנשאַפטלעכע ביבל־קריטיקער, איז אינגאַנצן פאַרגעסן געוואָרן און מען האָט זיך מיט אים באַקאַנט ערשט נאָר אין דער לעצטער צייט. (מער באריכות וועגן אים זע די אַרבעטן: ג. וואַלטער, „יאָזעף בכור שור, דער לעצטער נאָרד־פראַנצויזישער ביבל־עקזעגעט״, 1890; ג. פּאָרגעס, „יאָזעף בכור שור״ (1908).

4 „תם״ נעמט זיך פונם אויסדרוק: ויעקב איש תם.

5 זע ריב״ש, שאלות־ותשובות, סי׳ שצ״ד.

גלייכן ניט". רבנו-תם גופא האָט מיט שטאָלץ אָנגעוויזן: „זאָלן אין דער גמרא ווערן איין און דעם זעלבן ענין אַרויסגעזאָגט ווערן די אַנטקעגנגעזעצטע מיינונגען, וואָס מען קען זיך נאָר דענקען, מיר וועט עס דאָך ניט שווער זיין זיי אַזוי אויסצוטייטשן, אַז זיי וועלן זייער גוט פּאַסן איינס צום אַנדערן"[1]. די שווערסטע קאָפּ-אַרבעט פלעגט ער אויספירן מיט אַזאַ פלינקער לייכטקייט, גלייך דאָס וואָלט געווען אַ פּשוט שפּילצייג די צייט צו פאַרטרייבן. דער האַרטער און ברעכיקער תּלמודישער שטאָף ווערט אין די הענט פון דעם דאָזיקן קונציקן מייסטער ווייך ווי וואַקס און ער קנעט און גיסט אויס אים די חידושימדיקסטע פאָרמען. קיינער פון זיינע פאָרגייער האָט ניט באַוויזן אַזאַ גוואַלדיקע בקיאות, אַזאַ גאונישע דיאַלעקטישע קונסט. רבנו-תם האָט באַוויזן צו אַנטוויקלען ביז צו דער העכסטער מדרגה די קריטישע אויספאָרשונג פון דעם תּלמודישן טעקסט, דורך קונציקן פאַרגלייכן און צוזאַמענשטעלן פון פאַרשיידענע סוגיאָס, אויפדעקן אויפן אַנאַליטישן אופן זייערע פאַרבאָרגענע סתירות און טאַקע דערנאָך זיי לאָגיש פאַרענטפערן. אַדאַנק אים איז דער ענין פון „תּוספות" געוואָרן אַ גאַנצע סיסטעם, אַ מין אַרכיטעקטאָנישער סטיל, לויט וועלכן מען האָט באַקומען די מעגלעכקייט ווייטער צו בויען דעם ריזיקן בנין פון תּלמודישער הלכה, אָרגאַניש ווייטער צו אַנטוויקלען און באַגרינדן די אַלע נייע כּללים און דינים פאַר דעם שפּעטערדיקן געזעלשאַפטלעכן און ריטועלן לעבן[2]. עס איז דערפאַר קיין חידוש ניט, וואָס רבנו-תם איז אָנגענומען געוואָרן ביים גאַנצן מיטלאַלטערלעכן דייטש-פראַנצויזישן יידנטום אַלס דער גרעסטער אויטאָריטעט אין אַלע פראַגן, וואָס האָבן אַ שייכות צו רעליגיעז-ריטועלער פּראַקטיק[3]. נאָך ביים לעבן האָט שוין זיין נאָמען געקלונגען אין אַלע לענדער. זיין בן דור — דער ראב"ד, וועיזט שוין אָן אין זיין „ספר הקבלה", ווי אויס פראַנקרייך, דייטש-

---

[1] אַפילו כשיש בתלמוד חייב במקום האחד ופטור במקום האחר, אני מתרצם יפה, כל-שכן קשיות אחרות.

[2] אַ באַדייטנדיקער טייל פון רבנו-תמס תּוספות, חידושים און שאלות-ותשובות זיינען צונויפגעזאַמלט אין „ספר הישר". דאָס בוך גופא, וואָס רבנו-תם האָט אַליין באַאַרבעט אין צוויי רעדאַקציעס, איז פאַרלוירן געגאַנגען. מיר באַזיצן בלויז די ניט גענויע און פאַרגרייזטע נאָטיצן, צונויפגעשטעלט פון איינעם פון זיינע תּלמידים.

[3] אינטערעסאַנט איז אין דעם פרט אַ פּאָפּולערע פאָלקס-לעגענדע, ווי אַזוי משה רבנו בכבודו ובעצמו האָט געהאַט אַ וויכּוח וועגן אַ האַרבער הלכה מיט דעם באַרימטן בעל-התוספות, און רבנו-תם האָט מנצח געווען (זע „שלשלת הקבלה", מעשה של שמואל הנביא).

לאַנד און פּראָוואַנס לאָזן זיך הונדערטער תּלמידים קיין ראַמערו לערנען תּורה און הערן גאָטס וואָרט פונם באַרימטן גאון ר׳ יעקב [1].

רבנו־תּם איז אויך געווען דער ערשטער צווישן די פראַנצויזישע חכמי התּלמוד, וואָס האָט אַרויסגעוויזן אַ געוויסן אינטערעס צו דער ליטעראַרישער טעטיקייט פון די שפּאַניש־אַראַבישע יידן. ער האָט אפילו פאַרפאַסט אַ ספּעציעל פילאָלאָגיש ווערק „ספר ההכרעה״, אין וועלכן ער פּלייסט זיך צו באַווייזן, אַז דונש בן לברט איז געווען אומגערעכט אין זיין וויכּוח מיט מנחם בן סרוק. אמת, דער באַרימטער בעל התּוספות האָט זיך אַרויסגעוויזן אַלס גאַנץ שוואַכער פילאָלאָג און זיין ווערק [2] האָט אַ גאַנץ קנאַפּן וויסנשאַפטלעכן ווערט. ער האָט אויך שירים געשריבן און דווקא לויט די כּללים פון אַראַבישער מעטריק. דעם שטענדיקן נע־ונדניק, אַברהם בן עזרא, האָט דאָס שטאַרק פאַרחידושט. אים האָט עס אויסגעוויזן עפּעס מאָדנע, אַז אַ פראַנצויזישער תּלמודיסט זאָל פּרוּוון באַהערשן די אַראַבישע מעטריק און אַרויסטרעטן אויפן געביט פון דיכ־טונג. ער האָט דערפאַר צוגעשיקט רבנו־תּמען אַ שאַרפן עפּיגראַם, אין וועלכן ער פרעגט מיט שטאָלץ: „ווער האָט עס דעם פראַנצויז געבראַכט אינם טעמפּל פון דיכט־קונסט? ווי אונטערשטייט זיך אַ פרעמדער אַריינדרינגען אין הייליקטום?״ [3]. רבנו־תּם האָט אָפּגעענטפערט אויך בדרך שיר מיט גרויס עניוות און דערקלערט זיך אַלס „אַברהמס קנעכט״, וואָס „בוקט זיך פאַר זיין האַר״ [4]. אַזאַ ענטפער מצד דעם גרעסטן תּלמודישן גאון האָט שטאַרק גערירט אברהם בן עזרא, און פול מיט חרטה בעט ער אין אַ ווייטערדיקן שיר הכנעהדיק מחילה ביי רבנו תּם. „עס פּאַסט ניט — שרייבט ער — אַז דער גרעסטער פאָרשטייער פונם אויסדערוויילטן פאָלק זאָל זיך דערנידעריקן פאַר אַ פּשוטן נע־ונדניק. ווי דאַרף עס גאָטס אויסדערוויילטער קעניג פאַר אַ נישטיקן פון פאָלק״ [5].

נאָך אויף איין פּרט פון רבנו־תּמס טעטיקייט מוז אָנגעוויזן ווערן. אַדאַנק דעם גרויסן שם, וואָס ער האָט זיך דערוואָרבן, איז אים געלונגען צו לייגן דעם ערשטן יסוד פון צענטראַלער זעלבסטפאַרוואַלטונג. אונטער זיין לייטונג איז פאָרגעקומען אינם יאָר 1160 אין טרואַ דער ערשטער

---

1 זע „ספר הקבלה״ אין נייבויערס אויסגאַבע.

2 פאַרעפנטלעכט דורך פיליפּאָווסקין (1855) צוזאַמען מיט דונשס „תשובות״.

3 וּמִי הֵבִיא לְצָרְפָתִי בְּבֵית שִׁיר — וְעָבַר זָר מְקוֹם קוֹדֶשׁ וְרָמַס.

4 אֲנִי עֶבֶד לְאַבְרָהָם לְמִקְנֶה — וְאֶקּוֹדָה וְאֶשְׁתַּחֲוֶה לְאַפָּיו.

5 הֲנָכוֹן אֶל אֲבִיר עַם־אֵל וְרוֹעָם — לְהַשְׁפִּיל רֹאשׁ בְּמִכְתָּם אֶל בְּזוּי עַם?
וְחָלִילָה לְמַלְאַךְ הָאֱלֹהִים — אֲשֶׁר יִקּוֹד וְיִשְׁתַּחֲוֶה לְבַל־עָם.

רבנישער צוזאַמענפאָר, אויף וועלכן עס זיינען אויסגעאַרבעט געוואָרן נייע תקנות און אָנגענומען געוואָרן נייטיקע החלטות, וואָס די באַדער־פענישן פונם פּראַקטישן לעבן האָבן זיי אַרויסגערופן. אַזוינע רבנישע צוזאַמענפאָרן (כּנופיא של שוק טרויש) פלעגן פון דעמאָלסט אָן פּאָרקו־מען פּעריאָדיש.



# צווייטער קאַפּיטל.

די בהלות פון די קרייצצוגן און די אָפּקלאַנגען אין דער העברעישער ליטעראַטור. — סליחות און קינות. — מעמוארן און ספרי זכרונות פון יענער צייט. — זייער ליטעראַרישער באַדייט.

אין דער זעלבער צייט האָט דער האָריזאָנט איבער דעם יידישן ישוב זיך אַלץ מער באַדעקט מיט חושכדיקע וואָלקנס. פופציק יאָר נאָכן ערשטן קרייצצוג איז פאָרגעקומען (1147) דער צווייטער, און עס האָבן זיך דעמאָלט איבערגעחזרט די אייגענע אַכזריותן קעגן יידן. רבנו־תם איז דעמאָלסט נאָר על־פּי נס לעבן געבליבן. אַ גאַנצע באַנדע איז אַריין צו אים אין שטוב, אַלץ צעראַבירט[1] און אים אַליין אַוועקגעשלעפּט אויפן פעלד און דאָרט געלאָזט פייניקן און דערנאָך הרגענען — אַלס נקמה־אַקט פאַר קריסטוסעס טויט. „דו ביסט דאָך — האָבן זיי צו אים געטענהט — אַ גדול בישראל, ווילן מיר זיך אין דיר נוקם זיין פאַר די עינויים, וואָס ס'האָט געבער געליטן אונזער געקרייציקטער דערלייזער". רבנו־תם איז שוין געלעגן מיט פינף וווּנדן אין קאָפּ, בעת עס איז צופעליק פאַרבייגעריטן זיינער אַ באַקאַנטער ריטער, וועלכער האָט אים געראַטעוועט דאָס לעבן און אַלס לוין פאַר זיין הילף געפאָדערט פונם יידישן געלערנטן אַ טייערן פערד. רבנו־תם האָט זיך נאָכדעם באַזעצט אין טרואַ און אינם לעצטן יאָר פון זיין לעבן געמוזט צוזען דאָס נייע אומגליק, וואָס ס'האָט געטראָפן דאָס פראַנצויזישע יידנטום: עס איז דעמאָלסט פאָרגעקומען דער ערשטער עלילת־דם אין פראַנקרייך און אין דער שכנותדיקער שטאָט בלואַ זיינען כ' סיוון 1171 — 31 מענטשן פאַרברענט געוואָרן אויף קידוש־השם.[2]

---

1 זע זכרונות פון אפרים בן יעקב אין „העברעישע בעריכטע איבער די יודענפערפאָלגונגען", 64, II.

2 די פּרטים וועגן דעם דאָזיקן עלילת־דם זיינען איבערגעגעבן אין דעם בריוו, וואָס די אָרלעאַנער קהילה האָט געשיקט צו רבנו־תם. דער דאָזיקער בריוו ווערט געבראַכט אין צוויי קוועלן (זע „העברעישע בעריכטע", 66 – 68, 32 — 34).

נאָך טרויעריקער איז געווען די לאַגע פון יידן אין דייטשלאַנד. געיאָגט און געהעצט ווי די ווילדע חיות פון די גאָטספאָרכטיקע, נאָר זייער רויבגיריקע קרייצטרעגער, האָבן יידן געפּרוּווט זוכן הילף און שוץ ביי דער וועלטלעכער מאַכט; קודם־כּל ביי דעם דייטש־רוימישן קיסר. דער קיסר און זיינע מקורבים האָבן באַלד איינגעזען, אַז דאָס קען ווערן אַ קוועלע פון גרויסע הכנסות, און פאַר דער הילף, וואָס די יידן האָבן צייטנווייז באַקומען מצד דער מלוכה־מאַכט, האָבן זיי געמוזט זייער טייער באַצאָלן: אין משך פון אַ בערך קורצער צייט איז די פריער (ביז די קרייצצוגן) פרייע יידישע באַפעלקערונג געוואָרן אַן עבד כנעני, אַ „קאַמער־קנעכט" פון דער רוימיש־דייטשער קרוין, דעם קיסרס אייגנטום [1].

אָבער ניט בלויז צו דער וועלטלעכער מאַכט האָט די יידישע באַפעלקערונג זיך געווענדט אין איר גרויסער נויט. מענטשן פון שטאַרקער אמונה און טיפן רעליגיעזן געפיל, האָבן זיי בשעת אַ צרה אַפּעלירט צו דער העכסטער אינסטאַנץ, צו דער שטאַרקסטער מאַכט—צום רבונו־של־עולם, צום גאָט פון די אָבות. ביי אים, ביים שטענדיקן, אַלמעכטיקן באַשיצער, האָבן זיי געבעטן הילף, פון אים, דעם דיין אמת, האָבן זיי געפאָדערט גערעכטן משפט פאַר דעם שרעקלעכן אומרעכט, וואָס מען האָט קעגן זיי באַגאַנגען. און אָט די דאָזיקע בקשות און פּראָטעסטן, די האַרציק־טרויעריקע קינות און סליחות, וואָס האָבן זיך אַרויסגעריסן פון פאַרווייטאָגטע נשמות און פון שרעק פאַרשטאַרטע ליפּן — פאַרנעמען אַ באַזונדער אָרט אין אונזער רעליגיעזער פּאָעזיע. צונץ, בעת ער פאַרגלייכט דאָס רעליגיעז־פּאָעטישע שאַפן פון די שפּאַנישע און דייטש־פראַנצויזישע יידן, מאַכט פאָלגנדיקע באַמערקונג: „ניט קוקנדיק דערויף, וואָס די אָנשויונגען און נאַציאָנאַלע מאָטיוון זיינען געווען כמעט איינע און די זעלבע, דאָך איז לייכט צו באַמערקן אַיין מאָטיוו, וואָס מען באַגעגנט אים כמעט אויסשליסלעך ביי די שפּאַנישע יידן: דיכטערישע באַגאַבונג. אין פראַנקרייך, אין דייטשלאַנד איז די מוטער פון דער „סליחה" געווען בלויז די נויט... און זייער זעלטן האָט זיך אין איר באַטייליקט אמתע באַגאַבונג אויך. אין שפּאַניע, בפרט אין דער צייט פון קולטורעלן אויפבלי, זיינען די פּייטנים, דאָס הייסט די ליטורגיסטן, קודם־כּל געווען טאַלאַנטפולע דיכטער און טאַקע דערפאַר, וואָס

---

1 אָט דער פאַרענדיקטער און פעסטגעשטעלטער פּראָצעס פון דעם קאַמער־קנעכטשאַפט־אינסטיטוט אַ טפּלעקט זיך שוין גאַנץ בולט אין די פּריווילעגיעס פון די ביידע פרידריכס: אין דער פּריווילעגיע פון פרידריך דעם ערשטן (אינם יאָר 1182) ווערן יידן דערקלערט אַלס „אָנגעהעריקע צו דער קייזערלעכער קאַמער"; און אין דער פּריווילעגיע פון פרידריך דעם צווייטן ווערן שוין די דייטשע יידן אָנגערופן „קאַמער־קנעכט" (Servi kamerae nostrae).

זיי זיינען אמתע ווייכטער געווען, האָבן זיי געשאַפן אויך רעליגיעזע פּאָעזיע. אין אַנדערע לענדער אָבער... האָבן באַגייסטערט צו קינות און רעליגיעזע לידער די געטינס פון שרעק און אומגליק".[1]

די דייטש־פראַנצויזישע יידן האָבן איבערגענומען די פּאָעטישע פאָרמען פאַר זייערע רעליגיעזע לידער ביי די פון איטאַליע אָנגעקומענע קלונימוסן [2]. זיי האָבן זיך ניט געוואָלט באַנוצן מיט דער זיי אַזוי פרעמדער אַראַבישער מעטריק[3]. אויך האָבן זיי ניט אויסגענוצט די שפּראַך־פאָרשונגען פון די גרויסע שפּאַניש־יידישע פילאָלאָגן, וואָס האָבן אַזוי פיל מיטגעהאָלפן דער אַנטוויקלונג פון שפּראַך און סטיל. דער אַלטער פּייטן אלעזר הקליר איז נאָך אַלץ פאַר זיי געבליבן דער גרעסטער אויטאָריטעט און אומפאַרגלייכלעכער מייסטער [4]; און אין זייערע קינות און פיוטים פילט זיך טאַקע גאַנץ שטאַרק זיין השפעה, זיין נוסח מיט די משונה־האַרבע ווערטער, וואָס ווילן ניט וויסן פון קיין גראַמאַטיקאַלישע כללים. און דאָך דערגרייכט צייטנווייז די דורך „די געטינס פון שרעק און אומגליק" אַרויסגערופענע באַגייסטערונג אַ ממש דערשיטערנדע קראַפט; און ניט אומזיסט האָבן די שפּעטערדיקע דורות מיט יראת הכבוד געזאַמלט די דאָזיקע מיט טרערן און בלוט אָנגעטרונקענע „מענטשלעכע דאָקומענטן" און זיי געלייענט אין דער הויך מיט פאַרציטערטע הערצער און געבראָכענע געמיטער אין די טעג פון פאַסטן און טרויער. בכדי אויך דער טייל פון אונזערע לייענער, וואָס פאַרשטייען ניט דעם העברעישן טעקסט, זאָלן האָבן אַ באַגריף וועגן דעם אייגנאַרטיקן סטיל פון די דאָזיקע מיטלאַלטערלעכע אַנגסט־געשרייען, ברענגען מיר אייניקע פון זיי אין אונזער כמעט ווערטלעכער איבערזעצונג.

דער פּייטן דוד בן משולם, וואָס האָט אַליין איבערגעלעבט די שרעקן פונם ערשטן קרייצצוג, בעט ביים רבונו־של־עולם: „גאָט דער אַלמעכטיקער! ניט אַנטשוויגן זאָל ווערן מיין פאַרגאָסן בלוט! פאַרגעס עס ניט מיינע מערדער, פאָדער עס פון מיינע פאַרוויסטער. זאָל די ערד ניט צודעקן דאָס בלוט פון מיינע קינדער, זאָל עס ריגען און שפּריצן און זידן פאַר דיינע

1 זע צונץ, „די זינאַגאָגאַלע פּאָעזיע דעם מיטעלאַלטערס", 332, 333.

2 כמעט אַלע פאָרשטייער פון דער דאָזיקער משפחה, וואָס האָבן זיך באַזעצט אין די ריין־פּראָווינצן, זיינען געווען פּייטנים.

8 כאַראַקטעריסטיש אין דעם פּרט איז די באַמערקונג פון דעם פּאָפּולערן מוסר־ספר „ספר חסידים": „אַז די יידן זיינען געגאַנגען אין גלות, האָבן דאָרט די אויסגעלאַסענע (הפריצים) געזונגען שיינע לידער, צונויפגעשטעלט לויט דער מעטריק פון די אומות העולם. האָבן די יידן זיך אָפּגעלערנט און אויך נעמאַכט אַזוינע לידער".

4 משה תקו, דער מחבר פונם „כתב תמים", וואָס האָט געלעבט אין דער התחלה פונם XIII יאָרהונדערט, רופט אָן הקלירן „מלאך אלהים" (זע „אוצר נחמד", 85, III).

אויגן, דאָס בלוט פון דיינע אומגעקומענע, ווי שעפסן געשאָכטענע!.. גיפטיק ווי שלאַנגען, האָבן זיי באַשלאָסן אויסצומעקן אונזער נאָמען פון דער גאַנצער וועלט, טריי זיינען אָבער דיר געבליבן די קינדער פון דיין הייליק פאָלק. „אונזער גאָט איז אונזער שטאָלץ — האָבן זיי געזונגען — ער איז אונזער האָפענונג, אונזער פרייד און ליבע!" פרויען און קינדער האָבן זיך דיר פאַר אַ קרבן געבראַכט, אויף די ברענענדיקע שייטערהויפנס זייער לעבן אָפּגעגעבן. דו איינציקער און שטאַרקער! אין דיין נאָמען ווענן ווערן מיר געשאָכטן און געדראָשן; קלייניקע עופעלעך, שעפעלעך־קינדערלעך בעטן די מוטערס אין רחמים פאַרגעסן, די הערצער פאַרשטאָלן: „מיר ווערן געפאָדערט, פאַר אָפּער געפאָדערט פון די הימלען דאָרט אויבן!" זיי שווימען אין בלוט, זיי צאַפּלען און האַלזן אַנאַנדער, און קושנדיק, האַלזנדיק, — שנעל טויטן זיי איינער דעם צווייטן. אַ גוואַלטיק גרויסן מזבח האָט מען אויפגעבויט פאַר דיר, אָ גאָט! פול און ענג איז דורך אַרום פון דיינע קינדערשע, געברענטע און געשאָכטענע קרבנות. אויף אַלע וועגן, אין אַלעווינקעלעך און עקן ליגן זיי אַנטבלויזטע, צעגלידערטע, געשענדעטע און צו אַש פאַרברענטע. כוהנים און גאָטס געלייטערטע דינער האָבן געהייליקט מיטן טויט פון מאַרטירער אי מענער אי פרויען; די שעכטער און געשאָכטענע זיינען צוזאַמען געפאַלן אין יאָמער־געשרייען; דאָס בלוט פון קינדער האָט צוזאַמען געפלאָסן מיטן בלוט פון די עלטערן, און הויך האָט געקלונגען דער „שמע ישראל" פון אַלע קרבנות. ווי איז צו גלויבן, וווּ איז אַזאַ שרעקלעך וווּנדער צו זען, אַז צאַרט ליבנדע מוטערס זאָלן מיט פרייד און מיט שמחה, ווי אונטער דער חופה, פירן צו דער שחיטה זייערע אייגענע קינדער!... כשרע יידישע טעכטער האָט מען אין העלן טאָג אַנטקעגן דער זון אַנטבלויזט, זיי געשלעפּט און געשאָכטן; די נאָך ניט געבוירענע קינדער האָט מען ביי די מוטערס פונם טראַכט אויסגעשניטן — און דו זעסט דאָס און ... שווייגסט, דו גרויסער, דו שטאַרקער, דו גאָט פון נקמה?!"[1].

אָט דער דאָזיקער טאָפּלטער מאָטיוו: ווי קען עס דער גאָט פון גערעכטיקייט רויק צוזען אַזעלכע שרעקלעכע מעשים, און דער שמאַרציקער וויינגעשריי וועגן נקמה און שטרענגן משפּט — קלינגט אויף זייער שטאַרק אין פילע סליחות און קינות פון יענער בלוטיקער צייט. „זע—רופט אויס דער פּייטן קלונימוס בן יהודה[2] — ווי מיינע דערשלאָגענע, דורך דער שווערד דערשלאָגענע, וואַלגערן זיך נאַקעט, אַנטבלויזט. מיט זייערע קערפּערס ווערן די ווילדע חיות און פייגל געשפּייזט. קליינע קינדער און זקנים,

1 די באַקאַנטע סליחה „אלהים אל דמי לדמי".

2 די באַקאַנטע קינה „מי יתן ראשי מים", וואָס ווערט געזאָגט אום תשעה באב,

יונגען און בתולות — אַלע האָט דער שונא פאַרפייניקט, זיי באַגאָסן מיט שפּאָט און מיט שאַנד. „וווּ איז זייער גאָט — האָבן יענע מיט חוצפּה גע־פרעגט — זייער באַשיצער און היטער? זאָל ער זיך באַווייזן און די דער־שלאָגענע ווידער אויפלעבן!" אוי גאָט, דו אַלמעכטיקער! אמת, גרויס איז דיין גערולדיקייט, ווער קען זיך מיט דיין געמיט פאַרגלייכן — ווי קאָנסטו אָבער אויך איצט רויק שווייגן און ניט אויסברעכן אין צאָרן, בעת יענע שפּאָטן און לאַכן: איז ער אַ גאָט — זאָל ער זיין שטאַרקייט באַווייזן! (באמור אלי מלעיגי: אם אלהים הוא — ירבו!").

„מי כמוך באלמים — ווער קען זיך מיט דיר אין דיין שווייגן פאַר־גלייכן, — רופט אויס אַן אַנדער פּייטן פון 12טן יאָרהונדערט[1] — דו האָסט געשוויגן ווען מען האָט דיין טעמפּל צעשטערט, האָסט אויך גע־שוויגן ווען נידערטרעכטיקע האָבן דיינע קינדער מיט די פיס געטראָטן, און רויק צוגעזען ווען דיין פאָלק האָט מען פאַר אַ גראָשן פאַרקויפט. מען האָט אונז געוואָרפן אין די טיפע אָפּגרונטן, מיט פלאַמיקן פייער געברענט, מיט שטיינער באַוואָרפן, אויף תּליות געהאַנגען, געדריקט און דערנידעריקט—און מיר האָבן אַלץ דיין נאָמען געגרויסט, וואָרעם שטאַרק ווי דער טויט איז די ליבע. מען האָט אונז געיאָגט און געפּלאָגט, מיט די גרעסטע גזירות גע־פּייניקט, מיט אַלע מיני פּורעניות געמאַטערט, געדריקט און געטראָטן; מען האָט אונז ביים לעבן אין גיהנום געשליידערט — דאָרט גייען מיר צוגרונט, מיר ווערן אַלע פאַרלוירן... דו ביסט דאָך דער קנוא ונוקם — ווו זשע איז דיין נקמה?.."

דעם גרעסטן שמאַרץ האָבן דערוועקט אינם צעווייטאָגטן האַרץ פונם פאָלק צוויי שרעקלעכע מעשים: די אומשולדיק אומגעקומענע קליינינקע קינדערלעך, און די געשענדעטע הייליקע ספרי תורות. און דער הייסער פּראָטעסט פונם אויפגעבראַכטן פאָלקס־געוויסן געפינט אַ שאַרפן אָפּקלאַנג אין אַ סך עלעגי׳עס פון יענער צייט.

„אין שמוץ — רופט אויס דער פּייטן יצחק בן שלום — האָט מען געוואָרפן די הייליקע תורה און דעם תלמוד פון רבינא ורב אשי — און דו ווערסט צוזען און שווייגן?!"[2] „אַ צאַרט בלימעלע — קלאָגט אַן אַנדער קינה[3] — האָט מען אין דער מוטערס שויס דערשטיקט, דאָס קינד מיט

1 מנחם בן יעקב אין זיין קינה „אללי לי", פאַרעפנטלעכט אין „קובץ על יד", ג׳, 5 — 9.

2 אין דעם יוצר לשבת ראשון נאָך פסח „אין כמוך באלמים" („סחי שמו תורת משה — ותלמוד רבינא ורב אשי — העל אלה תתאפק ותחשה?")

3 די קינה „אמרר בבכי" (איבערגעדרוקט אין בערנפעלדס ספר הדמעות", I, 250—254).

דער מוטער אומגעבראַכט — באַצאָל זשע זיי פאַר זייער ווילדן רשעות, באַצאָל זיי כפל כפלים!.. דו גאָט, דער אַלמעכטיקער! ווילסטו זיך ניט דערבאַרעמען איבער דעם פאַרגאָסענעם בלוט פון דײַנע קינדער — זע ווי דײַן הייליקע תורה ווערט אין שמוץ מיט די פיס געטראָטן, און יענע שפּאָטן און לאַכן: ווו איז ער, זייער קיניגלעכער באַשיצער און אויסלייזער?" „מלך עולמים איום ונורא — דו שטרענגער, אַלמעכטיקער קעניג איבער אַלע וועלטן! באַצאָל זיי וואָס גיכער, שנעל שיק זיי דעם בראָך, קער זיי אום ווי סדום און עמורה (חושה לשלוח בם מאֵרה—מהרה הפכם כסדום ועמורה)".

די אומשולדיקע קרבנות פונם בלוט-בלבול אין בלוא (זע אויבן ז' 32) באַוויינט אַ פּייטן פון יענער צײַט, הלל בן יעקב [1], אין זײַן האַרציקער סליחה „אמוני שלומי ישראל", פון וועלכער מיר ברענגען דאָ די ערשטע סטראָפן:

„די בעסטע און איידלסטע פון דײַן פאָלק ישראל, ריינע ווי קרישטאָל, האָסטו, גאָט, טאָן פאַרלאָזן, דעם פײַנד זיי איבערגעגעבן... פרילינג איז געווען [2], די ביימער האָבן געבליט, און זיי, די בעסטע קינדער פון דײַן פאָלק, האָט מען געפאַנגען גענומען. נאָר זיי אַלע האָבן באַשלאָסן פאַר זייער גלויבן אומצוקומען. געשמעקט האָבן די בלומען — און דער גורל פון די געפאַנגענע איז שוין געווען באַשלאָסן; מען האָט זיי אין אַ טורעם אַ הויכן פאַרשפּאַרט, מיט שרעקלעכע יסורים זייער ווילן געוואָלט ברעכן. נאָר קיינער פון זיי האָט זיך ניט אונטערגעגעבן; ווי אַ כלה צו דער חופה האָבן זיי ליכטיק און פרייליך דעם שייטערהויפן באַשטיגן און אַלע צוזאַמען, הין פרויען [3] הין מענער, האָבן מיט נצחון, מיט שטאַרקייט „שמע ישראל" געשריען".

שוין ניט צו גאָט גופא, נאָר צו זײַנע באַדינער, די מלאכי השרת, בעט הכנעהדיק רחמים און היילף אַ פּייטן פון סוף 11טן יאָרהונדערט, שמואל הכהן:

„מלאכי רחמים משרתי עליון — דערבאַרעמדיקע מלאכים, דינער פונם אייבערשטן! בעט בײַ גאָט מיט האַרציקע רייד, טאָמער וועט ער דערבאַרמען דאָס אָרעם-אומגליקלעך פאָלק, אולי ירחם! טאָמער וועט ער דערבאַרעמען דעם לעצטן רעשט פון יוספס קינדער, וואָס ווערן אומעטום

1 הללס ברודער, אפרים בן יעקב, האָט אויך צום אָנדענק פון די דורכן בלוא-בלבול אומגעקומענע צוויי קינות פאַרפאַסט: „אש'חה במר נפשי" און „למי אי ולמי אבוי".

2 דער בלבול איז פאָרגעקומען אין כג סיון.

3 צווישן די 31 אומגעקומענע זײַנען געווען 17 פרויען. אַלע נעמען פון די אומגעקומענע זײַנען אויסגערעכנט אינם 3טן באַנד „קוועלן צור געשיכטע דער יודען", 135 — 136.

גע־אָגט און געפּלאָגט, נאַקעט און בלויז, ווערן פאַרקויפט פאַר אַ גראָשן, געמאַכט צו שפּאָט און שאַנד, און דאָך טוען זיי אַלץ בעטן תּפילה, און שרייען צו גאָט דעם באַשיצער. טאָמער וועט ער דערבאַרעמען די, וואָס שמאַכטן אין קייטן, דאַרבן אין עלנט און פּיין, וואָס זיינען דער אָפּשיי פון אַלע אומות און פעלקער און ווערן פון אַלע באַלאַכט און באַשפּיגן... טאָמער וועט ער דערבאַרעמען די — וועמעס יסורים זיינען אָן צאָל און אָן מאָס, וואָס אין די געלעגער פון לייבן און אין די נאָרעס פון שלענג טוען דאָך ניט פאַרגעסן דיין הייליק וואָרט, גאָטס אייביקע שריפט. טאָמער וועט ער דערבאַרעמען די, וואָס טראָגן אַלץ שווייגנדיק אַלע ליידן און שאַנד; זיי שווייגן און האָפן — אויף דיין הילף און דערבאַרעמען. טאָמער וועט ער דערבאַרעמען, די געשרייען דערהערן, און וועט צערייסן די קייטן, באַפרייען פון קנעכטשאַפט, פאַרהיילן די ווונדן און באַלד שיקן דעם טאָג פון דער־לייזונג״...

איינער פון די באַדייטנדיקע פּייטנים אין דייטשלאַנד, אפרים בר יצחק [1], קלאָגט אין זיין באַקאַנטער סליחה „אבותי בי בטחו״, וואָס ווערט געזאָגט אינם תּענית עשרה בטבת:

„ווי ברייט מיינע פיינד האָבן אויף מיר זייערע מיילער געעפנט, מיין גאַנץ האָב און פאַרמעג האָבן זיי איינגעשלונגען. בייגעקומען האָבן זיי מיך, און טרינקען גיריק מיין בלוט. פון אַלע זייטן רינגלען מיך אַרום די פיינדלעכע אומות. אונטערדריקן און יאָגן מיינע אָרעמע ברידער. עשום קינדער שרייען: „צעשטערט זיי, פאַרטיליגט זיי!״ „קומט — רופן זיי — לאָמיר זיי אַלץ אויסראָטן, אויסמעקן זייער געדעכעניש״!.. אָ, גאָט! דו גאָט פון נקמה! באַצאָל זיי פאַר זייערע מעשים, צעשטער זייערע האָפענונ־גען, צעברעך זייער שטיץ — אומגעהייער זאָל זיין זייער בראָך!.. מיינע ווונדן זיינען אַלע אָפן, און אומדערטרעגלעך איז דער שמאַרץ; מיינע אויגן ווערן בלינד פונם לאַנגן וואַרטן אויפן ליכטיקן גואל, אויפן האַרציקן פריינד... נאָך אַלץ ניט געשטילט דער שרעקלעכער צאָרן? צי וועט ער אייביק טאָן גרדויערן? פאַרוואָס, פאַרוועז? פאַר וועלכע זינד? דערבאַרעם זיך, אָ גאָט, ניט פאַרלאָז אונז אויף אייביק! ווי שרעקלעך לאַנג זיינען די טעג פון מיין טיפן טרויער, ווי גרויס איז דער שמאַרץ פונם צעווייטאָגטן האַרץ. קער זשע אום, מיין גאָט, אין מיין געצעלט, פאַרענדיק די טעג פון מיין טרויער. קום מיר צו הילף, נעם אַראָפּ פון מיר די קליידער פון טרויער און גאַרטל מיך אַרום מיט שטראַלן פון פרייד. די פינסטערניש פון מיין נאַכט באַלייכט מיט דיין שיין, חו—מיין איינציקער וווּנטש, מיין איינציקע ליכט!״

---

1 זע וועגן אים און זיין שאַפן: צונץ, „ליטעראַטורגעשיכטע״, 274–9; לאַנדסהוט, „עמודי העבודה״, 48, 4.

די שרעקלעכע געשעענישן, וואָס זיינען פאָרגעקומען אין דער פינסטערער צייט פון די קרייצצוגן, האָבן אַרויסגערופן נאָך איין אַרט ליטעראַטור: מעמוּאַרן און טרויער=כראָניקעס. די לעבן=געבליבענע, די וואָס האָבן מיט זייערע אייגענע אויגן צוגעזען דאָס גרויסע אומגליק, וואָס ס'האָט די יידישע קהילות געטראָפן, האָבן געהאַט איין פאַרלאַנג: איינקריצן אין זכרון פון די קומענדיקע דורות אַלץ, וואָס זייערע אָבות האָבן דורכגעלעבט אין די אימהדיקע טעג פון בלוטיקן שרעק; פאַרצייכנט זאָלן בלייבן אין פאַנקס=פינקס די נעמען פון די קדושים, וואָס האָבן זייער לעבן אָפּגעגעבן אויף קידוש=השם. די געשעענישן זיינען אָבער געווען פון אַזאַ גוואַלטיקער טראַגיק, עס האָבן זיך אַזוי אייגנאַרטיק צונויפגעפלאָכטן אין איין דראַמאַטישן קנויל די עקסטרעמסטע אייגנשאַפטן פון דער מענטשלעכער נשמה: די העכסטע מדרגה פון זעלבסט=אָפּפערונג און גייסטיקע התלהבות פון איין זייט, און אַכזריש חיהשער דורשט נאָך בלוט פון דער אַנדערער—אַז אַפילו די פּראָטאָקאָלישע נאָטיצן פון די תמימותדיק=פּשוטע כראָניסטן מאַכן אַ גוואַלטיקן רושם. די פּאַטעטישע טראַגיק פון די געשעענישן גופא זיינען אין אַזאַ גרויסער מאָס משפיע אויף די כראָניסטן, אַז זייער פעדער באַקומט אַן אויסשליסלעכע שילדערונגס=קראַפט, און עס אַנטשטייען בלעטער, עס וואַקסן אויס בילדער און סצענעס, וואָס מען קען אין זיי שוין מער ניט פאַרגעסן. . .

בכדי צו געבן אַ באַגריף וועגן דער דאָזיקער ליטעראַטור, וועלן מיר זיך אָפּשטעלן אויף פיר פון זיי: דריי דערציילן די מעשים, וואָס זיינען פאָרגעקומען בעת דעם ערשטן קרייצצוג, און די פערטע באַשרייבט די געשעענישן פונם צווייטן קרייצצוג[1]. איינע פון די ערשטע דריי האָט פאַרפאַסט דער תלמיד=חכם ר' אלעזר בן נתן (ראב"ן) אוים מיינץ[2], דער מחבר פון „אבן=העזר", וואָס האָט אין זיינע יונגע יאָרן איבערגעלעבט דעם ערשטן קרייצצוג; די צווייטע כראָניק האָט צוזאַמענגעשטעלט אינם יאָר 1140 איינער מיטן נאָמען שלמה בן שמעון[3]; דער מחבר פון דער דריטער כראָניק[4] איז אומבאַקאַנט, און ווייל מען איז זיך משער, אַז דער פאַרפאַסער

1 אַלע פיר זיינען צוזאַמען אָפּגעדרוקט אין „העברעישע בעריכטע איבער די יודענפערפאָלגונגען וועהרענד דער קרייצציגע", אַרויסגעגעבן פון א. נייבויער און שטערן, בערלין, 1892.

2 דער ראב"ן האָט אויך פאַרפאַסט אייניקע קינות און סליחות אויף דער זעלבער טעמע: אלהים זדים קמו, אלהים באזננו (זע צונץ, „ליטעראַטורגעשיכטע", 261).

3 דער נאָמען און די דאַטע ווערן אָנגעוויזן אין דער כראָניק גופא.

4 פון דעם דאָזיקן ווערק איז פאַראַן בלויז איינאיינציקער מאַנוסקריפּט, וואָס געפינט זיך אין דאַרמשטעטער ביבליאָטעק.

איז געווען אַ מײַנצער אײַנוווינער, רופט מען אים „דער מײַנצער נעלם״ (מײַנצער אַנאָנים). די פֿערטע כראָניק האָט פֿאַרפֿאַסט דער באַגאַבטער פּייטן אפרים בן יעקב פֿון באָן [1], וואָס האָט אַלס 13יאָריק יונגל איבערגעלעבט די שרעקן פֿונם צווייטן קרייצצוג.

דער „מײַנצער נעלם״ הייבט אָן זײַן כראָניק מיט פֿאָלגנדיקער באַשרײַבונג:

דאָס איז געווען אינם יאָר 1023 נאָכן חורבן בית המקדש, בעת דאָס אומגליק האָט אונדז יידן געטראָפֿן. תּחילת האָבן זיך אויפֿגעהויבן די שררות, די ריטער און דאָס פּשוטע פֿאָלק אין פֿראַנקרײַך. זיי האָבן באַטראַכט און באַשלאָסן אויפֿצוהויבן זיך ווי די אָדלערס און מיט געווער אין די הענט דורכשלאָגן פֿאַר זיך דעם וועג קיין ירושלים, די הייליקע שטאָט, וווּ עס געפֿינט זיך דער קבר פֿונם געקרייציקטן, דעם פּגר מובס, וואָס קען קיינעם ניט באַהילפֿיק זײַן, ווײַל ער אַליין איז פֿויל און וויסט. און זיי האָבן דערבײַ גערעדט איינער דעם אַנדערן: „אָט לאָזן מיר זיך אין ווײַטע לענדער, מיר גייען דאָרט מלחמה האַלטן מיט די דאָרטיקע מלכים, שטעלן אײַן אונדזער לעבן בכדי אויסצוראָטן און צו צעשטערן די מלוכות, וואָס גלייבן ניט אינם געהאַנגענעם, דאַרף מען זיך דאָך מיט די יידן אוודאי אָפּרעכענען, זיי האָבן אים דאָך געהרגעט און געהאַנגען״. אָט אַזוי האָבן זיי אומעטום אין אַלע עקן און ווינקלען געהעצט קעגן אונדז, און זיי האָבן באַשלאָסן און ערקלערט: אָדער מיר, יידן, זאָלן אָננעמען זייער אָפּשײַלעכע אמונה, און באם ניט, וועלן זיי אונדז אַלע אויסראָטן, ניט איבערלאָזן אַפֿילו קיין קליינע זויגקינדער. און זיי האָבן אויפֿגענייט דעם שלעכטן סימן אויף זייערע בגדים — דעם שתי וערב (קרייץ), הן די ריטער, הן דאָס פּשוטע פֿאָלק, און האָבן אָנגעטאָן קיוועלס (מעטאַלענע היטלען) אויף די קעפּ. אַז עס האָבן וועגן דעם אַלץ דערהערט די קהילות אין פֿראַנקרײַך, האָט זיי אָנגעכאַפּט אַ גרויל און אַ טויט־שרעק. האָבן זיי געטאָן ווי די אָבות פֿלעגן זיך נוהג זײַן: זיי האָבן גלייך אָנגעשריבן כּתבים, זיי צעשיקט מיט שלוחים אין אַלע קהילות, וואָס ביים טייך ריין, מען זאָל גוזר תּענית זײַן און בעטן פֿאַר זיי רחמים ביים אייבערשטן, ער זאָל זיך דערבאַרעמען איבער זיי און זאָל זיי ראַטעווען פֿונם שונאס הענט. און אַז די דאָזיקע כּתבים זײַנען אָנגעקומען צו די גרויסע צדיקים און הייליקע מענער, וואָס וווינען אין מגנצא (מײַנץ), האָבן יענע באַלד געשריבן אַ תּשובה קיין פֿראַנקרײַך, און אָט וואָס זיי האָבן געענטפֿערט: „אַלע קהילות האָבן גוזר תּענית געווען, מיר האָבן אונדזערס געטאָן, זאָל דער רבונו־של־עולם אונדז און אײַך אַלע אַרויסהעלפֿן פֿון יעדער צרה

---

[1] זע צונץ, צ. וו. 288—293; לאַנדסהוט, „עמודי העבודה״, 47—48.

און נויט. מיר זיינען אין גרויס פחד וועגן אייך, בנוגע אונז האָבן מיר אָבער ניט וואָס מורא צו האָבן: דאָ איז אַלץ רויק, מען הערט נישט וועגן קיין שום גזרה און געפאַר, וואָס זאָל הענגען איבער אונזערע קעפּ".

„נאָר ווען די פאַרפירטע (ד"ה די קרייצטרעגער) האָבן זיך אָנגעהויבן צו באַווייזן אין אונזער לאַנד, האָבן זיי גלייך אָנגעפאַנגען ביי אונז צו פאָדערן געלט אויף ברויט צו קויפן. מיר האָבן דערפילט זייער ווילן, ווי אין פסוק שטייט: „דינט דעם מלך בבל בכדי איר זאָלט לעבן בלייבן" (ירמיה, 7, 27). דאָס אַלץ האָט אָבער ניט געהאָלפן; אונזערע זינד האָבן עס גורם געווען, אַז אין אַלע שטעט וווהין די „פאַרפירטע" זיינען געקומען, זיינען די אָרטיקע איינוואוינער אויפגעשטאַנען קעגן אונז און אַלע צוזאַמען האָבן באַשלאָסן צו פאַרטיליגן דעם גאַנצן ווייַנגאָרטן (ד"ה דאָס פאָלק ישראל) צוזאַמען מיט די וואָרצלען, אויף זייער גאַנצן לאַנגן וועג ביז קיין ירושלים. און אַז די „פאַרפירטע" האָבן אָנגעהייבן אָנצוקומען אַ באַנדע נאָך אַ באַנדע, גרויס ווי סנחריבס חייל, האָבן אַ טייל פון די אָרטיקע שררות אַזוי געזאָגט: „וואָס זשע זיצן מיר עס אויף די ערטער? לאָמיר אייך מיטגיין מיט זיי, וואָרעם יעדער וואָס וועט זיך לאָזן אין וועג אַריין און וועט זוכה זיין נאָך אַלע שוועריקייטן צו דערשלאָגן זיך צום קבר פונם געקרייציקטן, וועט ער דאָך דערנאָך זיכער אַריין אין גן-עדן". האָבן זיך פאַרזאַמלט די „פאַרפירטע" צוזאַמען מיט די, וואָס זיינען צו זיי צוגעשטאַנען אין יעדער מדינה און געגנט באַזונדער, אין איין אומגעהייער גרויסע מחנה, טאַקע ווי זאַמד פונם ים, הן פון אדל, הן פון פשוטן פאָלק. און מען האָט פאַר אַלעמען אַרויסגעלאָזן אַ כרוז[1], אַז ווער ס'וועט אומברענגען אַ ייִדן, דעם איז מען מוחל אַלע זיינע זינד. עס איז אויך דאָרט געווען איינער פון די שררות מיט דעם נאָמען דיטמאַר, האָט ער ערקלערט, אַז ער וועט ניט אָפּפאָרן פונם לאַנד ביז ער וועט ניט הרגענען ווייניקסטנס איין יידן, ערשט דאַן וועט ער זיך לאָזן אין וועג אַריין. ווי נאָר ס'האָט דאָס דערהערט די קהילה קדושה פון מיינץ (מגנצא), האָט מען גלייך גוזר תענית געווען, געטאָן תפילה פאַר גאָט, און הויך און שטאַרק צו אים גערופן. טעג און נעכט האָט מען פאַרבראַכט אין תענית, געזאָגט קינות און סליחות ביי טאָג און ביי נאַכט, פון גרויס ביז קליין. נאָר גאָט האָט זיך אָפּגעקערט פון אונז אין זיין גרימצאָרן. און די „פאַרפירטע" האָבן זיך דערנענטערט צו אונזערע הייזער מיט זייערע פאָנעס און צייכנס, און ווי נאָר זיי האָבן ווען פון אונז דערזען, האָבן זיי זיך גלייך געלאָזט נאָכיאָגן און דערשטאָכן מיט די שפּיזן. מיר האָבן דערפאַר פחד באַקומען איבערצוטרעטן די שוועל"[2].

---

1 אין טעקסט שטייט: ברנקי, פונם אַלט-פראַנצויזישן וואָרט franchise, ד"ה פרייבריוו.

2 „העברעישע בעריכטע", 47—48.

די מיינצער יידן האָבן זיך געפּרוּווט אַנטקעגנשטעלן מיט געווער אין האַנט. זיי זיינען אָבער ניט געווען אימשטאַנד אָפּצוטרייבן די גרויסע מחנות קרייצטרעגער. אַז דער שונא האָט זיי אַרומגערינגלט פון אַלע זייטן, האָבן זיי זיך פאַרשפּאַרט אין איין גרויסן הויף. אָט ווי אַ צווייטער כראָניסט, דער אויבּנדערמאָנטער שלמה בן שמעון, באַשרייבט דעם לעצטן אַקט פון דער דאָזיקער בלוטיקער דראַמע:

„דער פיינד האָט זיך אַריינגעריסן אין הויז דינסטאָג דעם דריטן סיוון, דער טאָג פון חושך און פינסטערנייש, פון פלוך און פון גרויל; אויסגעמעקט זאָל ווערן זיין גדעכעניש, קיין ליכט, קיין שטראַל זאָל אים ניט באַשיינען — אין אים איז אונזער גרויס אומגליק געשען. אָ, איר שטערן! פאַרוואָס האָט איר אייער ליכט ניט אויסגעלאָשן? צו די שטערן איז דאָך ישראל געגליכן און צו די מזלות יעקבס צוועלף שבטים; פאַרוואָס זשע האָט איר אייער ליכט ניט פאַרהוילן בכדי ניט צו באַלייכטן די שונאים, וואָס האָבן באַשלאָסן אויסצומעקן דעם נאָמען פון יידן?.. אַז די קינדער פונם הייליקן בונד (בני ברית קודש) האָבן דערזען, אַז די גזרה איז שוין באַשלאָסן, דער שונא האָט מנצח געווען און רייסט זיך שוין דורך אין הויף אַריין, האָבן אַלע צוזאַמען, אַלטע און יונגע, בתולות און קינדער, קנעכט און דינסטן, אָנגעהויבן צו שרייען צום פאָטער אין הימל, האָבן באַקלאָגט און באַוויינט זיך און זייער לעבן. זיי האָבן אויך זיך מצדיק את הדין געווען און איינער צום אַנדער׳ן געזאָגט: לאָמיר זיך שטאַרקן און טריי טראָגן דעם עול פון יראַת שמים. פון אַלע פיר מיתות איז דער טויט דורכן שווערד פון אונזערע שונאים דער לייכטסטער, און דער טויט איז דאָך בלויז לפי שעה, און אין דעם זכות וועלן אונזערע נשמות געניסן דאָס אייביקע לעבן אינם גלאַנץ פונם ליכטיקן גן־עדן... וויל איז אונז, וואָס מיר דערפילן דעם ווילן פון זיין ליבן נאָמען, וויל איז די, וואָס זיינען זיך מקריב פאַר זיין הייליקן נאָמען״... דערנאָך האָבן אַלע ווי איין מענטש מיט אַ הויך קול אויסגעשריען: ווייטער זיך אַנטקעגנשטעלן האָט דאָך מער קיין זין ניט, די פיינד האָבן אונז שוין דערגרייכט, לאָמיר זיי פאָרויסקומען און וואָס גיכער אונז ברענגען פאַר אַ קרבן צו גאָט. ווער ס׳האָט אַ חלף זאָל ער אים גיך בודק זיין צי ער האָט קיין פגם ניט און זאָל ער אונז שעכטן אויף קידוש־השם פאַר דעם, וואָס לעבט אייביק, און דערנאָך זאָל יענער מיט דעם זעלבן חלף זיך אַליין איבערשניידן דעם האַלז אָדער דאָס מעסער אין בויך אַריינשטעקן״...

„און ווען די שונאים האָבן זיך גלייך אַריינגעריסן אין הויף, האָבן זיי דאָרט געטראָפן אייניקע חסידים גמורים מיטן גרויסן חריף רבנו יצחק ב״ר משה בראש; ער האָט רויק זיין האַלז אויסגעשפּרעקט און מען האָט

אים דעם ערשטן דעם קאָפּ אַראָפּגענומען; די איבעריקע זײַנען זיצן געבליבן אײַנגעוויקלט אין די טליתים. זיי האָבן וואָס גיכער געוואָלט דערפילן דעם ווילן פונם באַשעפער, זיי זײַנען דערפאַר ניט אַנטלאָפן זיך באַהאַלטן אין די חדרים, און מיט ליבע האָבן זיי אָנגענומען דעם גזר מן השמים. די שונאים האָבן זיי באַוואָרפן מיט פײַלן און שטיינער און זיי האָבן זיך אַליין ניט גערירט פונם אָרט, ניט געפרוווט אַנטלויפן, ביז מען האָט זיי אַלע אויסגעהרגעט און פאַרטיליקט, עס איז קיינער פון זיי ניט געבליבן. ווען די, וואָס האָבן זיך אין די חדרים פאַרשפּאַרט, האָבן דערזען, וואָס די שונאים האָבן געטאָן מיט די צדיקים אויפן הויף, האָבן זיי אַלע אויסגעשריען: „לאָמיר בעסער אַליין זיך ברענגען פאַר אַ קרבן". האָבן פרויען אָנגעגורט זייערע לענדן, געשאָכטן זייערע זין און טעכטער און דערנאָך זיך אַליין; אויך מענער אַ סך האָבן זיך געשטאַרקט און געקוילעט זייערע ווײַבער און קינדער פון גרויס ביז קליין. איידעלע, ווייכהאַרציקע מוטערס האָבן אומגעבראַכט זייערע הייסגעליבטע קינדערלעך, אַלע האָבן זיך אויפגעהויבן: הן מענער הן פרויען, און איינער דעם אַנדערן געבראַכט פאַר אַ קרבן; און יונגע מיידלעך, כלות און חתנים האָבן געקוקט דורך די פענסטער און געשריען מיט אַ גרויס געשריי: „זע, רבונו-של-עולם! זע, וואָס מיר טוען פון דײַן נאָמען וועגן, אַבי ניט פאַרבייטן דיך אויף דעם געהאַנגענעם און געקרייציקטן, אויף דעם נידערטרעכטיקן, שמוציק-נמאסן ממזר, דעם בן-הנידה, דעם אויסגעבוירט פון זנות... גאָטספאָרכטיקע נשים צדקניות האָבן איינער דער אַנדערער זייערע העלזער אויסגעצויגן און זיך מקריב געווען פאַר דעם איין און איינציקן. דער מאַן — דעם זון און דעם ברודער, דער ברודער — די שוועסטער, די פרוי — דעם זון און די טאָכטער, דער שכן — זײַן חבר, דער חתן — די כלה; איינער איז מקריב — דער אַנדערער איז אַ קרבן, און בלוט האָט זיך צונויפגעגאָסן מיט בלוט, אויסגעמישט האָט זיך דאָס בלוט פון מענער און פרויען, פון עלטערן מיט קינדער, פון ברידער מיט שוועסטער, פון רבנים און תלמידים, פון חתנים און כלות, פון חזנים און סופרים, פון קלייניקע זויג-קינדער צוזאַמען מיטן בלוט פון זייערע מאַמעס; אַלע, אַלע זײַנען זיי געהרגעט און געשאָכטן געוואָרן פון זיין, דעם אייביקן און אַלמעכטיקנס, נאָמען וועגן"[1]

„צי איז ווען געזען געוואָרן, צי איז ווען געהערט געוואָרן — פרעגט דער כראָניסט ווײַטער — אַז מענטשן זאָלן זיך אײַלן איינער פאַרן אַנדערן מיט איין הייסן פאַרלאַנג: איך וויל דער ערשטער אומקומען אויף קידוש-השם פאַר דעם מלך מלכי המלכים הקדוש ברוך הוא! די פרומע כשרע

---

1 „העברעישע בעריכטע", 6 — 8.

פרויען האָבן אַנטקעגן די שונאים געוואָרפן געלט און זילבער דורך די פענסטער, בכדי זיי צו פאַרהאַלטן אַ ווײַלע אום צייט צו געווינען צו שעכטן די אייגענע זין און טעכטער, און דערפילן דעם רצון פונם באַשעפער. און אַז די שונאים האָבן אויפגעבראָכן די טירן און אַרײַן אין די צימערן, האָבן זיי דאָרט געפונען לויטער מענטשן, וואָס טרינקען זיך אין אייגן בלוט און ראַנגלען זיך מיטן טויט. יענע האָבן צוגענומען אַלע ווערט־זאַכן, אויסגעטאָן אַלעמען נאַקעט און ווער עס האָט נאָך געלעבט — דעם האָבן זיי דערהרגעט, קיינעם ניט איבערגעלאָזט. אַזוי האָבן זיי געטאָן אין יעדן צימער באַזונדער, ווו נאָר ס'האָבן זיך באַהאַלטן יידישע קינדער. עס איז נאָר געבליבן איין חדר מיט זייער פעסטע טירן, און דער שונא האָט זיי ניט געקענט בייקומען ביז אין אָוונט. אַז די קדושים וואָס אין יענעם חדר האָבן אָבער דערזען, אַז דער שונא איז גובר, און ס'איז שוין מער ניט מעגלעך זיך אַנטקעגנצושטעלן, האָבן זיי באַשלאָסן די שונאים פאָרויסצוקומען. קודם־כל האָבן די מענער און די פרויען געשאָכטן אַלע קינדער, דערנאָך האָבן די פרויען די צדקניות אָנגעפאַנגען צו וואַרפן שטיינער דורך די פענסטער אין דעם שונא. יענע האָבן אויך געענטפערט מיט שטיינער, און די פרויען זיינען רויק געשטאַנען אונטער דעם רעגן פון שטיינער, זייערע קעפּ און לייבער זיינען געוואָרן לויטער ביילן און געשווירן, און זיי זיינען אַלץ געשטאַנען ביי די פענסטער און געשפּאָט איבער די „פאַרפירטע", געלאַכט און געלעסטערט דעם שמוציקן געהאַנגענעם, דעם זון פון זנות... „אויף וועמען פאַרלאָזט איר זיך?— האָבן זיי געשריען—אויף אַ פאַרעיפושטן פגר?!" דעמאָלט האָבן די „פאַרפירטע" אָנגעהויבן אײַנצוברעכן די טיר"...

„....ווער האָט עס געזען, ווער האָט עס געהערט, ס'זאָל אַזוינס געשען ווי מיט דער יונגער צדקת רחל בת יצחק בן אשר, דאָס ווייב פון ר' יהודהן. זי האָט געזאָגט צו די חברטעס אירע: פיר קינדער האָב איך, האָט זשע אויף זיי אויך קיין רחמנות ניט, אלא ניט וועלן קומען די דאָזיקע ערלים און וועלן זיי פאַנגען לעבעדיקערהייט און זיי איבערפירן אין זייער פאַלשער אמונה; הייליקט זשע אויך מיט מיינע קינדער גאָטס נאָמען. האָט איינע פון אירע חברטעס גענומען דעם שעכט־מעסער צו שעכטן איר זון; ווי נאָר די מוטער האָט דאָס מעסער דערזען, האָט זי אויפגעהויבן אַ ביטער געשריי, האָט זיך געשלאָגן אין פנים און אין דער ברוסט און געיאָמערט: „ווו זשע איז דיין באַרעמהערציקייט, גאָט אין הימל?" האָט די אומגליקלעכע מוטער אין איר נויט געטענהט צו די חברטעס: „הרגעט ניט מיין זון יצחק פאַר זיין ברודער אַהרון, זאָל יענער ניט זען ווי מען ברענגט אום זיין ברודער". אַהרון איז אַנטלאָפן (ד"ה ער האָט זיך באַהאַלטן), האָט די פרוי גענומען דעם יינגערן און געשאָכטן, און דער איז געווען אַזוי קליין און אַזוי שיין... האָט די מוטער

אויסגעשטרעקט די דלאָניעס און מיט זיי צוגויפגעזאַמלט דאָס בלוט פון איר קינד אין דער פאָלע פון איר קלייד, אַ גאַנצע שיסל בלוט. אַז דאָס יינגל אַהרון האָט דערזען, ווי מען האָט זיין ברודער געשאָכטן, האָט ער אָנגעהויבן צו שרייען: „מאַמע, הרגע מיך ניט!" און ער האָט זיך טיף באַהאַלטן אונטער אַ קאַסטן. האָט די מוטער געהאַט נאָך צוויי טעכטער, ביילע און מאַדרונע, שיינע צוויי מיידלעך, איר מאַנס ר' יהודהס טעכטער. האָבן די מיידלעך אַליין דאָס מעסער גענומען, אָנגעשאַרפט עס זאָל קיין פגם ניט זיין; די מוטער האָט זיי די העלזער אויסגעשטרעקט און ביידע זיי מקריב געווען פאַרן הייליקן גאָט־צבאות, וואָס האָט אונדז געבאָטן מיר זאָלן פעסט האַלטן זיין ריינע אמונה און בלייבן איר טריי, ווי אין פסוק שטייט: „טריי זאָלסט דו זיין דיין גאָט דעם אַלמעכטיקן" (דברים, 13, 18), און נאָכדעם ווי די צדקת האָט אירע דריי קינדער אומגעבראַכט, האָט זי הויך אָנגעהויבן צו רופן: אַהרון, אַהרון! ווו ביסטו? איך וויל אויך איבער דיר זיך ניט דערבאַרעמען!" און זי האָט אים ביים פוס אַרויסגעשלעפט פון אונטער דעם קאַסטן, וווּ ער איז געלעגן באַהאַלטן, און האָט אויך אים מקריב געווען אינם נאָמען פון דעם גרויסן אַלמעכטיקן גאָט. און זי האָט דאַן גענומען אַלע אירע געשאָכטענע קינדער צו צוויי פון יעדער זייט און צוגעטוליעט צו איר שוים און יענע האָבן זיך נאָך געצאַפּלט אינם קראַמף פון טויט. און ווען די שונאים האָבן זיך אַריינגעריסן אין חדר, האָבן זיי זי געטראָפן ווי זי זיצט און באַוויינט אירע קינדער. האָבן זיי צו איר געשריען: „ווייז דאָס געלט, וואָס דו האַלטסט אין שוים באַהאַלטן!" אַז זיי האָבן אָבער די געשאָכטענע קינדער דערזען, האָבן זיי אויך זי דערהרגעט און איר נשמה איז אויסגעגאַנגען; און ס'איז אויף איר מקויים געוואָרן, וואָס שטייט געשריבן: „און די מוטער איז דערשטאָכן צוזאַמען מיט די קינדער"...[1]

און די זעלבע שרעקלעכע בילדער זיינען פאָרגעקומען אין אַלע ריינישע שטעט. אָט דערציילט דער כראָניסט וועגן דעם בלוטיקן סוף פון אַן אַנדער קהילה, ניט ווייט פון קעלן. „דאָנערשטאָג, פיר טעג אין תמוז, האָט דער שונא אַרומגערינגלט די קהילה פון אַלטענאַר (אילנאַ), און האָט באַשלאָסן צו נייטן די גאָטספאָרכטיקע איינוווינער פון דער קהילה, דורך גרויסע יסורים און שטאַרקן פייניקן, זיי זאָלן אָננעמען דעם פינסטערן גלויבן. אַז די פרומע קהילה האָט זיך דערפון דערוווּסט, האָבן אַלע געטאָן תשובה פאַר גאָט און האָבן אויסגעקליבן פון צווישן זיך פינף גאָטספאָרכטיקע לייט, יראי־שמים און באַהאַרצטע מענטשן, אַז זיי זאָלן אויסשעכטן אַלע איבעריקע. עס זיינען דאָרט אויך געווען קעגן דריי הונדערט איידעלע

1 דאָרטן, 9—10.

חשובֿע מענטשן, וואָס זיינען אַנטלאָפֿן פֿון די קהילות אַרום קעלן — זיי אַלע האָבן זיך אויך געלאָזט שעכטן, קיינער איז פֿון זיי ניט געבליבן, אַלע האָבן זיך מקריב געווען פֿון קדושת השם וועגן... אויך פֿרויען האָבן זיך אין די מענגעס מקריב געווען פֿאַר אַלעמען אין די אויגן. עס איז צווישן זיי געווען אַ יונג מיידל, אַ כּלה, מיטן נאָמען שרית; זי איז געווען בלענדנד שיין און פֿול מיט חן בײַ יעדן אין די אויגן; ווי זי האָט דערזען, ווי די פֿרויען שעכטן איינע די אַנדערע מיט מעסערס און שווערדן, האָט זי פֿאַר גרויס שרעק געוואָלט אַנטלויפֿן דורכן פֿענסטער. דאָס האָט באַמערקט איר מחותּן, איר חתנס פֿאָטער, דער פֿרומער יהודה בר אַברהם, און ער זאָגט צו איר: „טאָכטער מיינע! איך האָב ניט זוכה געווען צו דערלעבן עס זאָל דיך נעמען מיין זון אַברהם, איך וועל אָבער ניט דערלאָזן דו זאָלסט אַריינפֿאַלן אין די הענט פֿון אַ נכרי. און ער האָט זי אָנגעכאַפּט, אַראָפּגענומען פֿונם פֿענסטער, האָט זי געקושט אויף די ליפּן און צוזאַמען מיט דער מיידל האָבן זיי אָנגעהויבן בײַדע ביטער צו וויינען און צו קלאָגן. ער האָט זיך געווענדט צו אַלע אַרום און אַזוי געזאָגט: „זעט צו, איר אַלע, ווי איך וועל הײַנט מיין טאָכטער, מיין כּלה, צו דער חופּה פֿירן". אַלע האָבן דאָס הערנדיק אָנגעהויבן צו ליאַרמען און צו קלאָגן מיט אַ ביטער וויי־געשריי. און דער חסיד ר' יהודה האָט געזאָגט: „טאָכטער מיינע! גיי און לייג זיך אינם שויס פֿון אַברהם אבינו! אין איין שעה וועסטו דיר קויפֿן די אייביקע וועלט און וועסט זיין אין איין מחיצה מיט אַלע צדיקים און חסידים". און ער האָט זי גענומען, אַנידערגעלייגט אויף די קני פֿון איר חתן אַברהם, האָט זי מיט אַ שווערד אויף צווייען צעשפּאָלטן, און דערנאָך אויך דעם זון געשאָכטן" [1].

נאָר דאָס פֿאַרשטיינערטע האַרץ פֿונם כראָניסט האַלט דאָך ניט אויס; ער רייסט פּלוצלונג איבער אין דער מיט די באַשרייבונג פֿון די שרעקלעכע בלוטיקע מעשים און עס רייסן זיך בײַ אים אַרויס פֿון דער אָנגעווייטאָגטער ברוסט ווילדע געשרייען פֿון האַס און נקמה: „דער, וואָס האָט מיט זיין וואָרט באַשאַפֿן די וועלט, זאָל ער נעמען נקמה פֿאַר דעם פֿאַרגאָסענעם בלוט פֿון זיינע טרייע קנעכט, זאָל ער זיך נוקם זיין אין די, וואָס האָבן ערקלערט: „מיר וועלן זיי אויסראָטן פֿון צווישן די פֿעלקער און מיר וועלן אויסמעקן דעם נאָמען פֿון ישראל!" גאָט איז דאָך דער אל נקמות — טאָ ערשיין זשע, דו גאָט פֿון נקמה! זע ווי מען הרגעט אונז פֿון דיין נאָמען וועגן! באַצאָל זיי, דו גאָט פֿון משפּט, פֿאַר אַלע זייערע מעשים. גיס אויף זיי אויס דיין צאָרן, פֿאָדער פֿון זיי דאָס בלוט פֿון דיינע אומגעקומענע קנעכט! זאָל די ערד ניט צודעקן אונזער פֿאַרגאָסן בלוט, זאָל דער חלל פֿון דער וועלט פֿול ווערן פֿון אונזערע וויי־געשרייען. אמן.

[1] דאָרטן, 21, — 20.

# דריטער קאַפּיטל.[1]

די מוסר־ספרים. — דער „ספר חסידים" און זיינע פאַרפאַסער. — די שרעקן פונם מיטלאַלטער. — דורות פון פינסטערניש און ווילדקייט. — די עטישע יסודות פונם „ספר חסידים". — דער „ספר חסידים" אַלס פאָלקס־בוך און אַלס שפּיגל פונם יידישן לעבן. — דער באַטייט פונם „ספר חסידים" אַלס קוועלע פאַר יידישן פאָלקלאָר.

דאָס צוועלפטע יאָרהונדערט קען גערעכנט ווערן אַלס גרעניץ, וואָס טיילט אָפּ פון אַנאַנד צוויי תקופות פונם יידישן לעבן אין אייראָפּעישן מיטלאַלטער. ביז אים האָבן יידן, ווי מיר האָבן שוין פריער אָנגעוויזן, געלעבט מער אָדער ווייניקער במנוחה, און פאַרנומען אַ באַשטימטן בכּבודיקן אָרט אינם עקאָנאָמישן לעבן. פון אים אָן אָבער, ד"ה פון נאָך די צוויי ערשטע קרייצצוגן אָן, הייבט זיך אָן די בלוטיקע תקופה פון שרעקלעכע רדיפות און גרוילעכע רציחות, וואָס יידן האָבן אויסצושטיין פון דער אַרומיקער באַפעלקערונג. „ביז דער דאָזיקער צייט — באַמערקט ריכטיק דער געשיכטע־שרייבער גרעץ — פלעגן בלויז צייטנווייז פאָרקומען רדיפות אויף יידן, אָבער זינט דעם יאָר 1146 (ד"ה זינט דעם צווייטן קרייצצוג) זיינען די דאָזיקע רדיפות געוואָרן אַלץ אָפטער, אַלץ האַרטנעקיקער און אוממענטשלעכער". די געשיכטע ווייס אָבער צו דערציילן ניט נאָר וועגן דער ווילדער אַכזריות פונם קריסטלעכן המון, פון די באַנדעס קרייצטרעגער, וואָס דער פריער דערמאָנטער כראָניסט, ר' אליעזר בר נתן, פאַרגלייכט זיי צו די „וועלף פון די מדבריות" (זאבי ערבות). די געשיכטע־שרייבער [2] און אויך פיל פון אונזערע סליחות און קינות [8] דערציילן אָבער אויך וועגן וווּנדער־

1 דעם דאָזיקן קאַפּיטל האָבן מיר פאַרעפנטלעכט אין העברעיש אינם ערשטן באַנד „העבר", 1918.

2 זע צונץ, „די סינאַגאָגאַלע פּאָעזיע דעם מיטלאַלטערס", 20; „קוועלען צור געשיכטע דער יודען אין דייטשלאַנד", ב. II און III.

8 למשל די קינות: „אלהים אל דמי לדמי", „האת הקול קול יעקב", „מי יתן ראשי מים", „שלומי אמוני ישראל" און פילע אַנדערע. פילע פון די דאָזיקע קינות און סליחות האָט שמעון בערנפעלד איבערגעדרוקט אין זיין „ספר הדמעות", ב. I.

לעבער מסירת־נפש, וועגן בלוטיקער זעלבסטאָפּפערונג פון גאַנצע יידישע קהילות, וואָס האָבן מיט התלהבות מקריב געווען זייער לעבן פאַר זייער הייליקטום, פאַר זייער אמונה.

מיר האָבן געזען אין פריערדיקן קאַפּיטל, ווי די יידישע באַפעלקערונג האָט בשעת די קרייצצוגן בעסער געוואָלט אומקומען דורך די הענט פון אייגענע און נאָענטע, איידער אַריינפאַלן אין די הענט פון די בלוטדורשטיקע צווייפיסיקע חיות. זיי האָבן דערפאַר ליבער אַליין זיך פאַרברענט אין די אייגענע הייזער אָדער איינע די אַנדערע מיט מעסערס געשאָכטן. אין איין וואָרמס זייגען אויף אַזאַ אופן אומגעקומען אַכט הונדערט יידן, אין מיינץ האָבן זיך מוסר־נפש געווען אויף קידוש־השם דרייצן הונדערט מענטשן אאַז"וו. אָפּטריניקע, וואָס האָבן דורך שמד געראַטעוועט זייער לעבן, זיינען געווען בלויז געציילטע, און אַפילו וועגן זיי דערציילט מען גאַנצע לעגענדעס, ווי אַזוי זיי האָבן באַלד חרטה געקראָגן[1]. יעדער יידישער יחיד איז געווען מוכן ומזומן זיך מוסר־נפש זיין פאַר זיין הייליקטום, פאַר די ירושה פון זיינע אָבות, מיטן גאַנצן ברען פון זיין טיף גלויביקער נשמה. פול מיט תמימותדיקער אמונה, האָט ער ניט געוווסט, ניט פון ספקות, ניט פון פשרות, און אין קאַמף פאַר זיין גלויבן האָט ער ניט געוואָלט און ניט געקענט זיין נאָכגעביק, מוותר זיין די מינדסטע קלייניקייט. יעדער מיטגליד פון דער קהילה, אַפילו דער פשוטער ייד פונם פאָלק, דער „עם־הארץ" גאָר, האָט דאָך געמוזט אין יענער שרעקלעכער צייט באַזיצן אין זיך די גרויסע מאָראַלישע קראַפט גרייט צו זיין יעדן מאָמענט ווערן אַ „גיבור", אַ „קדוש", וואָס איז זיך מוסר־נפש אויף קידוש־השם. צו דערוועקן און צו שטאַרקן אָט די דאָזיקע קראַפט אין יעדן יחיד באַזונדער, זיינען נאַטירלעך ניט געווען אימשטאַנד די קונציקע חריפות פון די בעלי־התוספות, זייערע „חידושים", זייערע שאַרף־שכלדיקע סברות און שפּיצלעך. ניט מיט זיי האָט מען געקענט דערוועקן דאָס התלהבות ביים פשוטן פאָלק, אָנצינדן דאָס פייער פון מסירת־נפש אין זייערע הערצער. דאָ זיינען נייטיק געווען גאָר אַנדערע ווערטער: ניט קיין שאַרף־שפּיציקע, נאָר ברענענדיק־הייסע ; ווערטער, וואָס ריידן ניט צום געשפּיצטן מוח, נאָר צום ווייכן געפיל, וואָס דערגרייכן די טיפסטע טיפעניש פונם מענטשנס נשמה, מאַכן ציטערן די פאַרבאָרגנסטע סטרונעס פון דעם מענטשנס בענקענדיקן האַרצן און דערוועקן די אינטימסטע חלומות און האָפענונגען. די דאָזיקע אויפגאַבע האָט בשלימות דערפילט די אַזוי־גערופענע „מוסר־ספרים"־ליטעראַטור, וואָס

1 איינע פון די דאָזיקע לעגענדעס האָט דער דיכטער טשערניכאָווסקי אויסגענוצט אין זיין פּאָעמע „ברוך ממגנצא".

האָט אַזוי שטאַרק אויפגעבליט ביים דייטש־פראַנצויזישן יידנטום אין משך פונם 12טן און 13טן יאָרהונדערט.

בכדי צו געבן דעם לעזער אַ קלאָרן און בולטן באַגריף וועגן דער דאָזיקער ליטעראַטור , וועלן מיר זיך אָפּשטעלן באַריכות אויף דעם וויכטיקסטן און פּאָפּולערסטן מוסר־ספר פון יענער תקופה, דעם באַרימטן „ספר חסידים", וואָס ס'איז ניט אַ ווערק פון אַ יחיד, נאָר פון אַ גאַנצן קיבוץ, און איז צונויפגעזאַמלט געוואָרן אין משך פון עטלעכע דורות.

דער „ספר חסידים" איז דערגאַנגען צו אונז אין צוויי נוסחאות (וואַריאַנטן). איינע פון זיי, דווקא די שפּעטערע, וואָס באַשטייט פון 1178 פּאַראַגראַפן (סימנים, סעיפים), האָט עס זוכה געווען פאַרשפּרייט צו ווערן בכל תפוצות ישראל אַלס איינס פון די באַליבטסטע פאָלקסביכער. דאָס ערשטע מאָל איז דאָס אָפּגעדרוקט געוואָרן אין באָלאָניע אינם יאָר 1538 און איז דערנאָך פיל מאָל איבערגעדרוקט געוואָרן[1]. די צווייטע, פיל עלטערע נוסחא, איז פאַרבליבן אין מאַנוסקריפּט צווישן די כתב־ידן פון פּאַרמער ביבליאָטעק [2] און איז ערשט אין דער לעצטער צייט (1891—93) פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין בערלין דורכן פאַרלאַג פון „מקיצי נרדמים" אונטער דער רעדאַקציע פון יהודה וויסטינעצקי. דער גרויסער ווערט פון דעם דאָזיקן עלטערן וואַריאַנט באַשטייט ניט נאָר אין דעם, וואָס ער איז בערך אַנדערטהאַלבן מאָל גרעסער [3] ווי יענער, דער אַלט באַקאַנטער; נאָך וויכטיקער איז דאָס, וואָס ערשט דורך אים, ווייל ער איז געשריבן געוואָרן אין אַ באַדייטנדיק פריערער צייט, באַקומט מען אַ באַגריף, ווי אַזוי דאָס דאָזיקע קאָלעקטיווע בוך איז באַשאַפן געוואָרן. אין דער צווייטער, יינגערער נוסחא, זיינען שוין די דאָזיקע סימנים ניט אַזוי בולט און עס איז דערפאַר אוממעגלעך געוואָרן צו דערקענען דאָרט די נאָטן, וואָס פאַרבינדן די פאַרשיידענע טיילן, וועלכע זיינען באַשאַפן און געזאַמלט געוואָרן אין משך פון דריי דורות. די פאָרשער, וועלכע זיינען געווען באַקאַנט בלויז מיט דעם יינגערן וואַריאַנט, האָבן בשעתם אַרויסגעזאָגט פאַרשיידענע השערות וועגן

[1] אין דער צווייטער אויפלאַגע, וואָס איז ערשינען אין באַזל סוף 1580, זיינען שוין אָפּגעדרוקט בלויז 1172 סימנים, די איבעריקע 6 האָט די צענזור אויסגעשטראָכן. וועגן דעם ווייטערדיקן קאַמף, וואָס די צענזור פון פאַרשיידענע לענדער האָט געפירט מיטן יידישן מוסר־ספר, זע ביילאַגן נומ' 1.

[2] נומ' 1133, Cod. de Rossi.

[3] אין דעם מאַנוסקריפּט פון פּאַרמע זיינען פאַראַן 1983 סימנים. אַפילו די סימנים, וואָס זיינען פאַראַן אין ביידע וואַריאַנטן, געפינען זיך ניט נאָר אין אַן אַנדערן סדר, נאָר אויך אין פאַרשיידענע רעדאַקציעס. עס טרעפט ניט זעלטן, אַז אַ געוויסער פּאַראַגראַף פון איין נוסחא געפינט זיך שטיקלעכווייז אין פאַרשיידענע סימנים פון דעם אַנדערן וואַריאַנט.

דעם מחבר פונם פּאָפּולערן מוסר־ספר. גידעמאַן, למשל, האָט אין זיין באַקאַנט ווערק [1] געפּלייסט זיך צו באַווייזן, אַז דאָס בוך האָט פאַרפאַסט ר׳ יהודה חסיד, נאָר אין די ישיבות פון זיינע תלמידים (ר׳ אלעזר מוואָרמס און אַנדערע) איז עס פאַרשפּרייט געוואָרן מיד ליד אין דריי וואַריאַנטן, און אָט לויט די דריי וואַריאַנטן איז צונויפגעשטעלט געוואָרן דער טעקסט, וואָס ס׳איז אָפּגעדרוקט געוואָרן אין באָלאָניע. דער אין בערלין אָפּגעדרוקטער פּאַרמער וואַריאַנט לייקנט אָבער אָפּ די אַלע השערות.

אין דער באָלאָניער אויסגאַבע ווערט אין 2טן פּאַראַגראַף גערעדט וועגן דעם מחבר פונם בוך אין דריטער פּערזאָן און עס ווערט אַגב אָנגעוויזן, אַז דער אייגענער מחבר האָט אויך פאַרפאַסט באַזונדערע קונטרסים וועגן „דברי הסידות״, וועגן „עגוה״ און וועגן „יראה״ [2]. גאָר אַנדערש זעט אוים דער אָנפאַנג פונם „ספר הסידים״ לויט דעם פּאַרמער וואַריאַנט, וואָס וויסטינעצקי האָט אָפּגעדרוקט. אין אָנהייב פון ספר איז מיט גרויסע אותיות אָנגעשריבן דער נאָמען „שמואל״, און גלייך דערנאָך שטייט דער פּסוק „סוד יראי אלהים״, וואָס באַטרעפט בגימטריא די אייגענע צאָל, וואָס דער נאָמען שמואל (377). נאָכדעם הייבט זיך אָן אינם נאָמען פונם מחבר גופא דער טעקסט [3] פונם ערשטן פון די דריי קונטרסים (ספר היראה) וועגן וועלכע עס ווערט גערעדט אין דער באָלאָניער אויסגאַבע; און נאָך דעם ערשטן קונטרס גייט גלייך דער צווייטער קונטרס (ספר חסידים ב׳) [4]. עס איז איצט מער קיין ספק ניט, אַז די ערשטע 26 פּאַראַגראַפן פון דעם פּאַרמער מאַנוסקריפּט זיינען דער עלטסטער טייל פונם „ספר חסידים״, וואָס זיי האָט פאַרפאַסט אין פאָרם פון צוויי באַזונדערע קונטרסים ר׳ יהודה החסידס פאָטער, ר׳ שמואל בן קלונימוס, וואָס שטאַמט

[1] „געשיכטע די ערציהונגסוועזען״, ב. I, ביילאַגעס IV — VI.

[2] „ויאמר בעל זה הספר אשר חבר דברי החסידות והענוה והיראה כל אחד במחברת״.

[3] „ליראי השם ולחושבי שמו אכתוב זה ספר זכרון לפניהם... ע״כ ערכתי ספר היראה״.

[4] דער ספר היראה פאַרנעמט די ערשטע 13 פּאַראַגראַפן; אין אָנהייב פונעם 14טן פּאַראַגראַף שטייט: ספר חסידים ב׳, און די פאָלגנדיקע 12 פּאַראַגראַפן (15—26) זיינען אויך אַ באַזונדער קונטרס, וואָס רעדט אויסשליסלעך וועגן תשובה. פון די ערשטע 13 פּאַראַגראַפן געפינען זיך אין דער באָלאָניער אויסגאַבע, אין דאָס אין פאַרשיידענע ערטער, בלויז 10 (די סימנים: קנ״ג—קנ״ח, ק״כ, קס״א, רס״א און תקפ״ח). אויך פונם „ספר תשובה״ געפינט זיך דאָרט בלויז אַ טייל (די סימנים: קס״ג—קס״ו, תקפ״ח, תק״ץ, תקצ״א).

פון אַ חשובער פאַמיליע אוים מייַנץ[1]. וועגן שמואלס לעבן זייַנען אונז גאַנץ ווייניק פּרטים באַקאַנט. מיר ווייסן בלויז, אַז ער איז פרי געבליבן אַ יתום[2], רוב ימיו געווען נע=ונד[3] און פון זייַן יוגנט אָן זיך אויסגעטאָן פון דער וועלט און געלעבט אין גרויס פּרישות. מען האָט אים דערפאַר אוים גרוים דרך=ארץ גערופן „קדוש"; „חסיד" און אַפילו נביא; ער איז אויך געווען, ווי מיר וועלן ווייטער זען, אַ גרויסער מקובל, איינער פון די ערשטע און באַדייטנדיקסטע בעלי קבלה ביי די דייטש=פראַנצויזישע יידן. דערווייל אָבער שטעלן מיר זיך אויף אים אָפּ בלויז ווי אויף דעם פאַרפאַסער פון די ערשטע און עלטסטע טיילן פונם „ספר חסידים". אָט צו די קונטרסים פון שמואל בן קלונימוס האָט זייַן זון, יהודה חסיד, מוסיף געווען אַ סך זייַנע אייגענע דברי מוסר, און שפּעטער האָט ר' יהודה חסידס תלמיד, ר' אלעזר פון וואָרמס, צו דעם ספר פון די צוויי „חסידים" צוגעגעבן פיל נייע מאמרים. אָט די דריי בעלי=מוסר און מקובלים דאַרפן גערעכנט ווערן אַלס די פאַרפאַסער פון די וויכטיקסטע טיילן, פון וועלכע דער גאַנצער „ספר חסידים" איז אויפגעבויט געוואָרן. די באַזונדערע קונטרסים פון די דריי מחברים האָבן די שפּעטערדיקע אָפּשרייבערס ערטערווייז געענדערט, געמאַכט געוויסע הוספות און הערות[4] און אויך אַרייַנגעשטעלט

1 מער באריכות וועגן שמואל בן קלונימוס זע אברהם עפּשטיינס אַרטיקל אין זאַמלבוך „הגורן", 92—95, IV, אויך אין „מאָנאַטשריפט", 448, 39. עס איז אויך פאַראַן אַ אינטערעסאַנטע מיטטיילונג פונם בעל „שלשלת הקבלה", אַז ער האָט אַליין געזען אַ קליין מוסר=ספר אונטער דעם נאָמען „ספר חסידים", ווו עס איז געווען בפירוש אָנגעוויזן, אַז דער פאַרפאַסער איז ר' יהודה חסידס פאָטער, שמואל הנביא („ואני ראיתי חבור קטן האומר בראשו: זה ספר חסידים אשר יסדו רבנו שמואל הנביא אביו של רבינו יהודה חסיד").

2 זייַן פאָטער קלונימוס איז אין דער צייט פונם ערשטן קרייצצוג אַנטלאָפן פון מייַנץ קיין שפּייער, און דאָרט איז ער געשטאָרבן אינם יאָר 1126. שמואל איז דעמאָלסט געווען ניט מער ווי 10 יאָר (זע „לעטטערבאָדע", 112, X, ווו עס ווערט געבראַכט דער באַריכט פון ר' יהודה חסידס תלמיד, ר' אלעזר בעל הרוקח, וועלכער וויַיזט אָן: „רבנו קלונימוס הזקן בשעת פטירתו היה רבנו שמואל חסיד בנו נער").

3 די לעגענדע וועגן דעם ווי אַזוי שמואל בן קלונימוס האָט זיך באַגעגנט מיט רבנו תם, זע בריל, „יאהרביכער", ב' IX, ז' 26. אינטערעסאַנט איז אויך די שוין פריער דערמאָנטע „מעשה רבנו שמואל חסיד", וואָס ווערט געבראַכט אין „שלשלת הקבלה", ווו עס ווערט דערציילט ווי אַזוי רבנו תם פירט אין ר' שמואל הנביאס חדר אַ וויכוח מיט משה רבנון.

4 אין דער נוסחא פון דעם פּאַרמער מאַנוסקריפּט זעט מען נאָך ערטערווייז גאַנץ בולט אַרויס, ווי אַזוי עס קומען צום גרונדט=טעקסט צו נייע הוספות. לעבן דעם פּאַראַגראַף 430 איז פון זייט צוגעשריבן: תוספ', ד"ה צוגאָב, און אַלס „צוגאָב" ווערט דאָ געבראַכט אַ פאַנטאַסטישע מעשה וועגן ר' יהודה חסיד („שמעתי בשם ר' יהודה חסיד"). ווייטער נייט ווידער אַ הוספה און עס ווערט אפילו דערביי אָנגעוויזן ווער עס האָט די הוספה צוגעשריבן: „וכתבתי אני יצחק בר' משה".

גאַנצע מאמרים און פראַגמענטן פון פריערדיקע מחברים [1]. אויף אַזאַ אופן זיינען באַשאַפן געוואָרן אָפּשריפטן פונם „ספר חסידים" אין פאַרשיידענע נוסחאות, וועלכע די שפּעטערדיקע רעדאַקטאָרן האָבן זיך געפּלייסט צו פאַראייניקן און מאַכן פון זיי אַלע אַ פולשטענדיקן און אויסגעבעסערטן טעקסט[2]. דערמיט ערקלערט זיך טאַקע, וואָס אין דער פיל איבערגעדרוק־טער באָלאָניער אויסגאַבע זעט מען ניט זעלטן ווי איין און דער זעלבער פּאַראַגראַף חזרט זיך איבער אייניקע מאָל אין פאַרשיידענע ערטער[3]; עס טרעפט אַפילו אמאָל, אַז איין פּאַראַגראַף איז סותר דעם אַנדערן [4].

בכדי ריכטיק אָפּצושאַצן דאָס דאָזיקע אַזוי פּאָפּולער געוואָרענע בוך, מוז מען נעמען אין באַטראַכט, ביי וואָסערע צושטאַנדן, און וואָס פאַר אַ סביבה עס האָבן געלעבט זיינע באַשעפער. דערצו איז אָבער כלל ניט נייטיק זיך ווענדן צו די געשיכטע־שרייבער און קולטור־פאָרשער פון יענער תקופה. דער „ספר חסידים" גופא גיט אונז גענוג מאַטעריאַל, כדי צו באַ־קומען אַ בולט בילד פון יענער פינסטערער און שרעקלעכער צייט. עס איז גענוג זיך נאָר אָפּצושטעלן אויף די אַזוי וואָכעדיק געוואָרענע אַלטעגלעכע געשעענישן, וועגן וועלכע דער „ספר חסידים" רעדט אין אַזאַ רויקן, שטרענג זאַכלעכן טאָן:

אינם פּאַראַגראַף 197, למשל, ווערט גערעדט וועגן אַ קהילה, אויף וועלכער מען האָט גוזר געווען: אָדער גיין צום שמד, אָדער געהרגעט צו ווערן; און דער מרא דאתרא, דער רב פון דער דאָזיקער קהילה, האָט ניט באַזעסן די נייטיקע עקשנות, און האָט געראָטן גיין אויפן וועג פון פשרות: לפנים זיך שמדן און דערנאָך ווידער צו דת ישראל זיך אומקערן. אין אַנדערן סימן (רי"ב) ווערט דערציילט וועגן אַ קהילה ווו עס זיינען געווען גרויסע עשירים און מחמת עשירות זיינען זיי צו גאווה געקומען, און ווייניק זיך פאַרנומען מיט תורה. איז דאָרט געווען אַ זקן, אַ גרויסער חכם, האָט ער זיי געוואָרנט: זייט וויסן, אויב איר וועט קיין תשובה ניט טאָן און וועט ניט עוסק זיין אין לימוד התורה, האָב איך שטאַרק פחד, אַז די קהילה

---

1 למשל: פון ר' נסימס „מגלת סתרים", פון ר' סעדיהס „ספר תשובה", פון שבתי דונולאס „חכמני" אאַז"וו.

2 אין באָלאָניער אויסגאַבע ווערט פאַרן פּאַראַגראַף 1136 אָנגעוויזן: „זה הועתק מספר חסידים אחר". אַ ענלעכע באַמערקונג געפינט זיך אויך אין דעם פּאַרמער וואַריאַנט פאַרן פּאַראַגראַף 721: „זה מצאתי בספר אחר".

3 למשל: §§ 14 און 300, 69 און סוף 207, 97 און 911, 129 און 275, 422 און 704, 255 און 639, 588 און 785.

4 למשל, די §§ 679 און 701.

ווער חרוב ווערן... און כּך הוה: ווי נאָר דער זקן איז נפטר געוואָרן, איז געקומען דער שונא און די גאַנצע קהילה חרוב געמאַכט[1].

„אַ סך יידן — לייענען מיר אין אַן אַנדער אָרט (§ 222) — זיינען אומגעקומען בשעת הגזרה (אין דער צייט פון די קרייצצוגן), נאָך פילע זיינען גרייט געווען אויף קידוש־השם, נאָר זיינען על־פּי־נס לעבן געבליבן. האָט איינער פון זיי, ר' שבתי האָט ער געהייסן, געזען אין חלום איינעם פון די אומגעקומענע, וואָס האָט אויך געהייסן שבתאי. האָט ר' שבתאי דער דערהרגעטער געזאָגט: „אַלע די, וואָס זיינען געווען גרייט זיך מקריב צו זיין אויף קידוש־השם — איז פאַר זיי גרייט אַן אָרט אין גן־עדן". יעדער ייד באַזונדער איז אין יענער בלוטיקער צייט געווען בחזקת „קדוש", יעדער יחיד האָט געמוזט זיין יעדן מאָמענט מוכן ומזומן צו פאַלן פאַר אַ קרבן, אומצוקומען פון דעם בלוטדאָרשטיקן ווילדן המון, אָדער פון די געלט־גיריקע שררות און ריטער.

אין איין שטאָט — דערציילט דער „ספר חסידים" — האָבן די גויים אויסגעהרגעט אַלע יידן, ווייל זיי האָבן זיך ניט געוואָלט שמדן, עס האָבן זיך געראַטעוועט בלויז צוויי בחורים, תלמידים פון דער ישיבה. זיי איז געלונגען זיך צו באַהאַלטן, און די גויים האָבן פון זיי ניט געוווּסט. ביי־נאַכט, אין דער פינסטער, האָבן די צוויי בחורים געהאַט די מעגלעכקייט צו אַנטלויפן. זאָגט אָבער איינער צום צווייטן: „איך וועל אַרויס פון מיין באַ־העלטעניש, כּדי מען זאָל מיך הרגענען אויף קידוש־השם. איך וויל שטאַרבן מיט אַזאַ טויט ווי ר' חנינא בן תרדיון[2], וואָס מען האָט אים אויפן שייטער־הויפן פאַרבראַנט". האָט אים דער חבר געענטפערט: „ניין, אויב יענע וועלן קומען צו אונז, בין איך גרייט זיך מקריב צו זיין, נאָר מיט מיין ווילן זיך איבערגעבן אין זייערע הענט וויל איך ניט. ר' חנינא בן תרדיון איז דאָך אויך פאַרבראַנט געוואָרן מיט דער ספר תורה צוזאַמען"[3]. ניט זיין אייגן יונג לעבן טוט אים באַנג, עס איז אים אַ שאָד די תורה, וואָס וועט מיט אים, דעם תלמיד־חכם פון דער ישיבה, גיין פאַרלוירן...

איין שר פון אַ שטאָט — דערציילט ווייטער דער „ספר חסידים"[4]. איז געווען זייער שלעכט צו די דאָרטיקע יידן, האָבן זיי באַשלאָסן צו אַנט־

---

[1] „כשנפטר והלך לעולמו בא מלך אחד ודחק את העיר ונתנו את השליש על פי השבועה... באו רוכלים ואמרו למלך שהטמינו תחת קרקע כספים... והוליכם בשביה והחריב העיר".

[2] איינער פון די „עשרה הרוגי מלכות".

[3] פּאַרמער וואַריאַנט, סי' 251.

[4] דאָרט, סי' 423.

לױפֿן פֿון דער שטאָט. דער שר האָט זיך דערװוּסט דערפֿון, האָט ער זײ פֿאַרהאַלטן און געצװוּנגען צו שװערן, אַז זײ װעלן מער ניט אַנטלױפֿן. איז דערנאָך די קהילה געװען אין ספֿק, צי מעגן זײ עובֿר זײַן אױף דער שבֿועה, װאָס איז דאָך געגעבן געװאָרן באונס; דאָך האָבן זײ סוף־כּל־סוף אָנגענומען דעם באַשלוס, אַז מען טאָר ניט עובֿר זײַן, עס זאָל דערפֿון קײן „חלול השם" ניט אַרױסקומען, װײַל מען װעט ייִדן מער אױף זײער שבֿועה ניט גלױבן.

אַזױנע שלעכטע „שרים" זײַנען אָבער געװען זײער אַ סך, און טאַקע תּיכּף אין װײַטערדיקן סעיף װערט דערצײלט װעגן אַן אַנדער שר, װאָס איז אַ גרױסער רשע געװען, און האָט אַלע ייִדן געװאָלט אױסשמדן, זײַנען זײ אַנטלאָפֿן. האָבן די שכנותדיקע קהילות געװאָלט גוזר חרם זײַן, אַז קײן ייִד זאָל שױן קײנמאָל ניט טאָרן װױנען אין דער דאָזיקער שטאָט. האָט זײ אײנער אַ חכם געזאָגט: „צו װאָס דאַרפֿט איר מאַכן שװעריקײטן די קומענ־דיקע דורות. גענוג איר װעט גוזר זײַן, אַז מען טאָר דאָרט ניט װױנען כּל־זמן דער דאָזיקער רשע לעבט".

די שרעקלעכע צושטאַנדן פֿון יענער בלוטיקער און פֿינצטערער צײַט האָבן געשטעלט אױפֿן סדר־היום פֿיל עטישע פּראָבלעמען, װאָס האָבן גע־מוזט פּראַקטיש פֿאַרענטפֿערט װערן אינם אַלטעגלעכן לעבן.

אָט װערט, למשל, פֿאָלגנדיקע פֿראַגע געשטעלט אין „ספֿר חסידים" (סי' תּרצ"ט): אינם פֿאַל, װען די שונאים דערקלערן: „גיט אונדז אַרױס אײנעם פֿון אײַך און מיר װעלן אים אומברענגען, אלא ניט, װעלן מיר אײַך אַלע אױסהרגענען" — זאָלן זײ אױסהרגענען, און מען טאָר ניט איבערגעבן אינם פֿײַנדס הענט קײן אײן נפֿש מישׂראל. װען די שונאים זאָגן: „גיט אונדז אַרױס אײנע פֿון אײַערע טעכטער און מיר װעלן זי מטמא זײַן, אלא ניט, װעלן מיר שענדן אַלע אײַערע פֿרױען" — זאָלן זײ מיט געװאַלד אַלע שענדן, מען טאָר אָבער ניט אַרױסגעבן אױף זנות קײן אײן ייִדישע פֿרױ אַפֿילו אַ פּנויה (ניט קײן אשת־איש).

די פּראַקטיק פֿונם אַלטעגלעכן לעבן האָט אױך געפֿאָדערט, אַז עס האָבן געמוזט פֿאַרענטפֿערט װערן אױך אַזױנע מיני „שאלות": װי איז, למשל, דער דין, װען מען געפֿינט אין אַ סך יאָרן אַרום אַ מעסער אין אַ קבֿר פֿון הרוגים, װאָס זײַנען אומגעקומען אױף קידוש־השם?[1] האָט מען געפּסקנט: דאָס מעסער דאַרף צוריקגעלײגט װערן װוּ מען האָט עס גע־פֿונען, און מען טאָר זיך דערמיט ניט באַנוצן. װײַטער פּסקנט דער „ספֿר חסידים"[2]: אין אַ הױז, װוּ עס זײַנען געהרגעט געװאָרן „קדושים" על

---

1 „ספֿר חסידים", סי' 1113.

2 דאָרט, סי' 449.

קידוש־השם און זייער בלוט האָט באַשפּריצט די שטיינער און די ווענט, טאָר דער באַלעבאָס בעת ער ווייסט אויס זיין הויז, ניט אָפּקראַצן די בלוט־פלעקן און ניט זיי פאַרשמירן, ווי אין פּסוק שטייט: „ארץ אל תכסי דמי״.

ניט קוקנדיק דערויף, וואָס די תורה פאַרבאָט, פרויען זאָלן טראָגן מענער־קליידער, פונדעסטוועגן — ערקלערט דער „ספר חסידים״ — בשעת גזרה, ווען דער פיינד באַלאַגערט די שטאָט, אָדער בשעת מען איז אונטער־וועגס און עס איז אַ געפאַר, אַז דער שונא קען אָנפאַלן און די פרויען פאַר־גוואַלטיקן, זאָלן די פרויען זיך פאַרשטעלן פאַר מענער [1]. און טאַקע תיכף ווערט אין אַ צווייטן סימן דערציילט אַ מעשה וועגן אַ בילדשיינער פרוי, ווי זי האָט זיך אונטערוועגנס אָנגעטשעפּעט אַ באָרד און איז דורך דעם ניצול געוואָרן. נאָר — וואָרנט דערביי דער „ספר חסידים״ — מען טאָר ניט אָנ־טאָן קיין שתי־וערב (קרייץ) און קיין מלבוש פון קריסטלעכע גייסטלעכע, אויך טאָר מען אין די פענסטער ניט אַרויסשטעלן קיין הייליקע בילדער (איקאָנעס), אַפילו ווען מען איז זיכער, אַז נאָר אויף אַזאַ אופן קען מען זיך ראַטעווען פונם טויט [2]. „נאָר אונז, יידן — ערקלערן מיט שטאָלץ די בעלי „ספר חסידים״ — איז געבאָטן זיך מקריב צו זיין על קידוש השם, אָבער ניט אַנדערע אומות העולם!״ [3]

וועגן די אַלע רציחות און רדיפות, וואָס יידן האָבן געהאַט אויסצו־שטיין, דערציילט דער „ספר חסידים״ אין אַ גאַנץ רויקן, ריין עפּישן טאָן, נאָר זעלטן, און דאָס נאָר ווען צו דער רציחה מישט זיך נאָך צו פאַלשקייט און נידערטרעכטיקייט — רייסט זיך אויך דורך דאָס געפיל פון צאָרן און עמפּערונג.

„זייער מויל איז פול מיט ליגן, זייער האַנט איז אַ האַנט פון פאַלש־קייט!״ — רופט אויס מיט כעס דער „ספר חסידים״, און אַלס ראיה דער־ציילט ער פאָלגנדיקע טרויעריקע מעשה, וואָס איז געשען אין דער צייט פון די מסעי־הצלב (קרייצצוגן): „איינמאָל האָט מען אויף יידן גוזר געווען זיי זאָלן פאַרלאָזן דעם גאָט פון זייערע אבות און אָננעמען די פרעמדע אמונה. האָבן יידן באַשלאָסן אַנטלויפן פון זייערע ערטער. האָבן פיל יידן געהאַט באַקאַנטע שרים און יענע האָבן זיך אַרויסגעגעבן פאַר זייערע בעסטע גוטע פריינד, און האָבן זיי אײַנגערעדט: „קומט צו אונז, מיר וועלן אײַך שיצן פאַר אײַערע פיינד״. נאָר אַז די יידן זיינען צו זיי געקומען, האָבן יענע זיי אויסגעהרגעט״ [4].

---

1 דאָרטן, סי׳ 200.

2 דאָרטן, סי׳ 221.

3 דאָרטן, סי׳ 219.

4 דאָרטן, סי׳ 697.

די תקופה, אין וועלכער דער „ספר חסידים" איז באַשאַפן געוואָרן, איז ניט נאָר געווען איינגעטונקט אין בלוט, רויב און רציחה — דאָס איז אויך געווען די צייט פון שטאָק־פינסטערן אומוויסן און מאַוויימדיקער עם־הארצות, ווען איבער די מיטלאַלטערלעכע מוחות האָבן געוועלטיקט ווילדער אָבערגלויבן, אומגעלומפערטע גאַרישע באָבע־מעשיות און פאַנטאַסטישע לעגענדעס. אין מיטל־אייראָפּע האָבן יידן געוווינט צווישן אַ באַפעלקערונג, וואָס איז נאָך געשטאַנען אויף אַ זייער נידעריקן קולטורעלן מצב. די חכמה פון לייענען און שרייבן איז דעמאָלסט געווען פון די גרעסטע זעלטנהייטן; ביי די דעמאָלסטיקע קריסטלעכע איינוווינער האָט זיך נאָך זייער שטאַרק געפילט די שליטה פון די אַלטע, ריין־געצנדינערישע אָנשויונגען, פון די אימהדיקע פחדים און דעם פינסטערן שרעק, וואָס שטאַמט נאָך פון דער אַלטער היים — פון די געדיכטע פאַרוואַקסענע און חושכדיקע וועלדער. די תורה פון דער מיטלאַלטערלעכער קירך וועגן דעם „חטא הקדמון", וועגן די צוויי רשויות: דעם מלכות שמים און די ממשלה פונם שטן, וועגן מלאכי עליון און שדים מיט דער סיטרא אַחרא — דאָס אַלץ האָט נאָך מער פאַרגרעסערט די אֵימה און די מרה־שחורה, נאָך מער איינגעשראָקן די נשמה פונם פשוטן פאָלק, פאַרשטאַרקט אין אים דעם פחד פאַר דעם סודותדיקן אַרום, פאַר דעם אומבאַקאַנטן און פאַרבאָרגענעם, וואָס לויערט פון אַלע זייטן. דער אומוויסנדער און פאַרחושכטער מענטש פונם מיטלאַלטער, נידערגעשלאָגן און געפאַלן ווי ער איז, פול מיט פחד פאַר זיין זינדיקייט, פילט ער זיך זייער עלנט און פאַרלאָזן; ער פרווט איבערבעטן, אונטערקויפן מיט געבעט און תחנונים, מיט השבעות און סגולות די בייזע פינסטערע גייסטער, וואָס לויערן נאָך אים, זיי זאָלן זיך דערבאַרעמען און געבן אים הילף און שוץ. די לופט פונם מיטלאַלטער איז געווען פול און פיל מיט מילי מיליאָנען מחבלים, אַגשיקענישן, שדים און מזיקים; דער חלל פון דער וועלט האָט געווימלט מיט מחנות לצים, מכשפים, מלאכי חבלה און ניט־גוטע, און דאָס אַלץ האָט זיך גערדרייט, געטאַנצט, געפראַוועט חתונות, אַרויסגעשטעלט צונגען, פאַרהילכט מיט זייער טייוולאָנישן געלעכטער...

און דער „ספר חסידים", וואָס איז באַשאַפן געוואָרן אין אַזאַ געשטיקטער און אומנאַטירלעכער סביבה, איז ניט געווען אימשטאַנד זיך צו באַפרייען פון דעם פאַרכישופטן שווינדל־שפּיל, פון דער דאָזיקער פאַנטאַסטישער אָקום־פאָקוס־וועלט; און פיל בלעטער פון דעם דאָזיקן באַרימטן מוסר־ספר זיינען פול מיט אויסטערליש־ווילדע מעשיות און שטאָק־פינסטערן אייבערגלויבן. אמת, דער „ספר חסידים" איז זיך שטאַרק מתרעם אויף די, וואָס האָבן צו טאָן מיט אָפּשפּרעכן כישוף (בלחישות כשפים) און

מיט השבעות, ווייל זיי זיינען דאָך דערמיט עובר אויף אַ לאו פון דער תורה („לא נחש ביעקב", לא תנחשו" אאַז"וו) און ער איז זיי מזהיר, אַז זיי וועלן דערפאַר האָבן אַ שלעכטן סוף[1]. „אַ בן ישראל, שטרייכט אונטער דער „ספר חסידים", דאַרף זיך ווענדן מיט זיינע תפילות און בקשות נאָר צום גאָט דעם אַלמעכטיקן, דעם גאָט פון רחמים, אָבער ניט צו דער סיטרא אַחרא, צו די שרי חושך און מלאכי חבלה". אָט די שרי חושך און מלאכי חבלה אָבער זיינען אויך אין די אויגן פון די בעלי „ספר חסידים" געווען ממשתדיקע לעבעדיקע כוחות; אויך זיי, די גאָטספאָרכטיקע באַשעפער פון דעם פאָפּולערסטן מוסר=ספר, האָבן צוזאַמען מיט דער אַרומיקער קריסט=לעכער באַפעלקערונג געגלויבט אין מכשפים, וואָס זיינען בכוח פאַרוואַנדלען אַ מענטשן אין אַ געשטאַלט פון אַ וואָלף צי פון אַ קאַץ, „נאָר די אויגן בלייבן ביי אַלע גילגולים איינע און די זעלבע"[2]. דער „ספר חסידים" דער=ציילט אויך גאַנץ באַריכות וועגן די אַלע שפיצלעך, וואָס עס טוען אָפּ די פאַרשיידענע אַרטן מכשפות, וועלכע ווערן אַפילו אויסגערעכנט מיט זיי=ערע נעמען: אשטרייה [3], מַרש [4], וֶרולש [5]. אשטרייה, דערציילט דער „ספר חסידים", איידער זי לאָזט זיך פליען אין דער לופטן, צעלאָזט זי אירע האָר; זיי פאַלן אָן אויף מענטשן בשעת זיי שלאָפן און זויגן ביי זיי אויס דאָס בלוט. די דאָזיקע מכשפות קענען זיך אויך פאַרשטעלן פאַר אַ קאַץ. באַקומט אַזאַ קאַץ אַ קלאַפּ פון אַ מענטשן, מוז זי שטאַרבן, סיידן עס גע=לינגט איר צו פאַרזוכן ברויט מיט זאַלץ ביי דעם זעלבן מענטשן, וואָס האָט זי געשלאָגן[7]. די מכשפות קענען אויך איבערטראָגן אַ קראַנקהייט פון איין קינד אויף אַ אַנדערן[8], קענען אָפּטאָן כישוף אַ פרוי זי זאָל בלייבן אַן עקרה [9], אָדער אַ מאַנספאַרשוין ער זאָל אויסגיין פאַר ליבע[10]. „ווען אַ דינסט אָדער אַ קנעכט — איז מזהיר דער „ספר חסידים" מיט תמימות — פאָדערט פון זיין האַר ער זאָל אים פרייילאָזן, ובאם ניט, וועט ער אים אָפּטאָן

---

1 דאָרטן, סי' 59, 205, 206. /

2 דאָרטן, סי' 1166.

3 פונם אַלט פראַנצויזישן וואָרט Estrie.

4 פונם וואָרט maren.

5 פונם וואָרט werwolf.

6 דאָרטן, סי' 680, 464.

7 דאָרטן, סי, 465.

8 דאָרטן, סי' 681.

9 דאָרטן, סי' 476, 447, 391.

10 דאָרטן, סי' 175, 172.

כישוף, זאָל דער באַלעבאָס למה'ש זיך ניט איינשפּאַרן און יענעם פרייַלאָזן"[1].

דער „ספר חסידים" ווייס אויך גאַנץ באַשטימט, אַז די מכשפים קענען מזיק זיין נאָר דעמאָלט, ווען זיי געפינען זיך אויף דער ערד, אָבער ניט ווען זיי פליען אין דער לופטן[2]. די מזיקים, בעת זיי פליען אין דער לופטן, פאַרפירן אָפט געשלעגן צווישן זיך און וואַרפן איינער אינם אַנדערן פייַלן[3]. צווישן די שדים זייַנען די שטאַרקסטע מזיקים פון דעם סאָרט, וואָס הייסן „דרגון". אַ דרגון ווערט נישט ניזוק אַפילו פון קיין שווערד, אים קען בייקומען נאָר אַ מענטש, וואָס איז געבוירן פון אַ פרוי, וועלכע האָט געלעבט אָט טאַקע מיט דעם דרגון-גופא[4]. די שדים, אַזוי אויך די וואַלדצים (אנשי היער הפראים), דערציילט אונז דער „ספר חסידים", זאַמלען זיך געוויינלעך צונויף כיתותווייז, צו ניין אין יעדער כיתה, דערפאַר טאַקע דאַרף יעדער, וואָס איז דורך זיי ניזוק געוואָרן, אָפּשפּרעכן ניין מאָל; „ווי מען איז זיך נוהג אין דייטשלאַנד" (כמו שעושים באשכנז), אָדער אויפהענגען זיך אויפן האַלדז ניין שטעקעלעך, וואָס טראָגן דעם נאָמען שטיליטיש (stiletti) און די שטעקעלעך דאַרפן גענומען ווערן פון ניין בריקן, וואָס הענגען פאַר ניין טויערן[5]. ווען איינער האָט מורא אַ מזיק זאָל אויף אים ניט אָנפאַלן בשעתן שלאָף איז די בעסטע סגולה, יענער זאָל איבער אים קיין שליטה ניט האָבן, פעסט פאַרבויגן דעם גראָבן פינגער[6]. דער „ספר חסידים" גיט אויך גענויע ידיעות וועגן דעם אויסזען פון די שדים: די זכרים זייַנען באַוואַקסן מיט האָר, ביי די נקבות אָבער, איז דער קאָפּ אין גאַנצן אָן האָר[7]. אויך דערציילט דער „ספר חסידים" ווי וועגן אַ דבר ידוע, אַז ווען מען מאָלט אויס דעם גנבס צורה אויף דער וואַנט און מען דערלאַנגט אַ קלאַפּ אויף דעם אָרט, וווּ דאָס אויג איז אויסגעמאָלט, וועט דער גנב תיכף ומיד דערפילן אַ שטאַרקן ווייטאָג אין אויג[8].

---

1 פאַרמער כתב-יד, סי' 381.

2 „ספר חסידים", געוועגלעכע אויסגאַבע סי' 478.

3 דאָרטן, 469, 443.

4 דאָרטן, סי' 469.

5 דאָרטן, סי' 1153.

6 דאָרטן, סי' 236. אַ פאַרגלייך צווישן די אַלע לעגענדעס און סגולות, וואָס געפינען זיך אין דעם „ספר חסידים", מיט ענלעכע לעגענדעס ביי דער אַרומיקער קריסטלעכער באַפעלקערונג, זע גידעמאַן ציט"ווי, ב' 1, קאַפּ' 6.

7 דאָרטן סי' 1155, 1162.

8 דאָרטן, סי' 1172. וועגן ענלעכע גלייבענישן ביי פעלקער זע: Потебня Из лекции по теории словесности, 105.

אויך וועגן די מתים און זייער הנהגה גיט דער ,,ספר חסידים״ די געגויסטע ידיעות. די מתים קענען רייִדן, דאָס רייִדן קומט זיי אָבער אָן זייער שווער; דערפאַר אָבער לייענען קענען זיי אַזוי לייכט ווי לעבעדיקע מענטשן, ,,עס ליגן בײַ זיי ספרים אויף די טישן״ און ווי דער מענטש איז זיך נוהג געווען צו לערנען בײַם לעבן, אַזוי אויך נאָכן טויט. ,,געשען אַ מעשה — דערציילט דער ,,ספר חסידים״ — עס זײַנען גויים פאַרבײַגע־פאָרן אַ בית־הקברות פרײַטאָג צונאַכטס, האָבן זיי געזען ווי אַ ייִד אַ מת זיצט מיט אַ ספר בײַם טיש״[1]. אין באַשטימטע נעכט, אַ שטייגער אין דער נאַכט פון הושענא־רבה, גייען אַרויס די מתים פון די קברים און שטעלן זיך דאַוונען. עס האָט אַ מאָל פּאַסירט — דערציילט דער ,,ספר חסידים״ — ווי צוויי בחורים האָבן זיך באַהאַלטן אויפן בית־הקברות, האָבן זיי דערהערט ווי איין מת זאָגט צום אַנדערן: לאָמיר אַרויסגיין און אַלע אין איינעם דאַוונען. זײַנען אַלע מתים אַרויס פון זייערע קברים און מתפּלל געווען פאַר די לעבעדיקע, זיי זאָלן באַהיט זײַן פאַרן טויט, און אַז די, אויף וועלכע ס׳איז שוין נגזר געוואָרן צו גיין פון דער וועלט, זאָלן פאַר דער מיתה תשובה טאָן און שטאַרבן מיט אַ גרינגן טויט. די בחורים זײַנען צוריק אין שטאָט גע־קומען און דערציילט, וואָס זיי האָבן געזען און געהערט. אויפן צווייטן יאָר האָבן די בחורים זיך ווידער באַהאַלטן אין דער נאַכט פון הושענא־רבה אויפן בית־הקברות. און אויך דאָס מאָל זײַנען אַלע מתים אַרויס פון זייערע קברים, נאָר איין בתולה, וואָס איז ערשט פאַר שבת געשטאָרבן, איז געבליבן אין איר קבר. זי האָט ערקלערט, אַז דער פאָטער אירער, וואָס איז פריער געווען אַ פאַרמעגלעכער, איז אַזוי פאַראָרעמט געוואָרן, אַז ער האָט אויף תכריכים ניט געהאַט, און מען האָט זי דערפאַר באַגראָבן נאַקעט און בלויז. אויך האָבן די בחורים געהערט ווי אייניקע מתים האָבן גערעדט צווישן זיך: מען דאַרף מער ניט דאַוונען בציבור. מענטשן האָבן זיך אונטערגעהערט און וועגן ־ןם דערציילט צווישן די לעבעדיקע; זאָל יעדער איצט דאַוונען פאַר זיך אין קבר. אַז די בחורים האָבן וועגן דעם אַלץ דערציילט, איז קהל שטאַרק אין כעס געוואָרן אויף דער בתולהס פאָטער. מען האָט גלייך געגנו־מען תכריכים און זיי אָנגעטאָן דער בתולה[2].

די מתים דאַוונען אָבער ניט נאָר אויפן בית־הקברות. אַמאָל, דער־ציילט דער ,,ספר חסידים״, איז איינער אין אָוונט אַנטשלאָפן געוואָרן אין

1 דאָרטן, סי׳ 56—455.

2 דאָרטן, סי׳ 452. דאָרט ווערט אויך דערציילט, אַז ווער עס זעט אין דער הושענא־רבה־נאַכט זײַן שטן אָן דעם קאָפּ, דער וועט דאָס יאָר שטאַרבן. „עס האָט אָבער פּאַסירט, אַז איינער האָט אין דער דאָזיקער נאַכט געזען זײַן שאָטן אָן דעם קאָפּ, האָט ער גוזר תענית געווען, און געגעבן אַ סך צדקה, האָט ער נאָך אָפּגעלעבט אַ סך יאָרן״.

שול, דער שמש האָט אים ניט באַמערקט און פאַרשלאָסן די שול. אין האַל־
בער נאַכט האָט זיך יענער אויפגעכאַפּט און דערזען די גאַנצע שול איז פול
מיט מתים אײַנגעוויקלטע אין טליתים, און צווישן זיי האָבן זיך אויך גע־
פונען צוויי לעבעדיקע. אין אַ קורצער צייט אַרום זיינען יענע צוויי גע־
שטאָרבן [1].

די מתים זיינען זייער גערן, מען זאָל וואָס אָפטער באַזוכן זייערע
קברים. „איינמאָל — דערציילט דער „ספר חסידים" — האָט אַ קהילה גע־
וואָלט פאַרלאָזן איר שטאָט און זיך באַזעצן אויף אַ נייעם אָרט. איז אַ מת
געקומען צו חלום איינעם פון דער קהילה און אים געוואָרנט: „פאַרלאָזט
אונז ניט, מיר האָבן דאָך שטאַרק הנאה ווען איר קומט אויפן בית־הקברות.
ווייסט־זשע, אַז וויבאַלד איר וועט אונז פאַרלאָזן, וועט איר געהרגעט ווערן".
האָט די קהילה ניט געקוקט דערויף, זיינען טאַקע אַלע אויסגעהרגעט גע־
וואָרן" [2], פון אַן אומאײַנגענעמען און שלעכטן שכן זיינען אויך מתים
ניט צופרידן. עס האָט זיך אַמאָל געטראָפן, אַז מען האָט איינעם אַ תלמיד־
חכם און אַן אמתן צדיק מקבר געווען לעבן אַ ניט אָנשטענדיקן מענטשן;
איז נעבעך דער דאָזיקער צדיק געקומען צו חלום די מיטגלידער פון דער
קהילה און זיך געקלאָגט: „פאַרוואָס האָט איר מיך אַריינגעלייגט אין אַזאַ
אומריינעם אָרט. עס איז דאָך ניט אויסצוהאַלטן פון דעם געשטאַנק". האָט
מען געמאַכט אַ מחיצה פון שטיינער צווישן די קברים, און דער צדיק האָט
אויפגעהערט קומען צו חלום [3].

די מתים ווערן אויך לייכט ברוגז פאַרן מינדסטן אומכבוד און זיינען
זיך שטאַרק נוקם דערפאַר. און דער „ספר חסידים" דערציילט טאַקע וועגן
דעם אַ מעשה, ווי אַזוי מען האָט געמאַכט פון אַ מת־וועגן אַן אָרון, און
פון די ברעטער איז איבערגעבליבן אַ נשאר. האָט איינער געוואָלט דערויס
מאַכן פאַר זיך אַ פידל; איז געקומען צו יענעם דער מת צו חלום און האָט
אים געוואָרנט, ער זאָל זיך ניט דערוועגן מאַכן אַ כלי־שיר פון דעם דאָזיקן
נשאר. האָט יענער ניט געהערט און טאַקע געמאַכט דעם פידל; איז דער
מת נאָכאַמאָל געקומען אין חלום און זיך געבייזערט: „באם דו צעברעכסט
ניט דאָס פידל, ביסטו מסוכן". און דער מענטש איז טאַקע באַלד מסוכן
קראַנק געוואָרן. האָט זיין זון גענומען דאָס פידל, אים אַוועקגעטראָגן אויפן
קבר פון יענעם מת, עס צעבראָכן און די שטיקלעך דאָרט איבערגעלאָזן,
דער קראַנקער איז גלייך געזונט געוואָרן

1 דאָרטן, סי' 711.
2 דאָרטן, סי' 709.
3 דאָרטן, סי' 705.
4 דאָרטן, סי' 727.



מיר וואָלטן געקענט ברענגען נאָך פיל אַזוינע מעשיות אויס דעם „ספר חסידים“, מיר רעכענען אָבער, אַז שוין די, וואָס מיר האָבן דאָ גע־בראַכט, גיבן אַ גענוג בולט בילד פון דער מיטלאַלטערלעכער שטאָק־פינ־סטערער סביבה מיט איר ווילדן אייבערגלויבן און אָפּגעשטאַנענקייט, אין וועלכן עס האָבן געלעבט די באַשעפער פונם „ספר חסידים“. און אָט אויף דעם דאָזיקן פאַרחוּשכטן פאָן פון אוממענטשלעכער אַכזריות און גייסטי־קער פאַרווילדונג, אַנטפּלעקט זיך פאַר אונזערע אויגן אין איר גאַנצן העלן גלאַנץ און האַרציקער צאַרטקייט די אויסטערליש שיינע מאָראַלישע לערע פון די גאָטספאָרכטיקע מענטשן, וואָס האָבן מזכּה געווען זייער פאָלק מיט דעם באַרימטן מוסר־ספר.

מיר האָבן שוין אין אונזער ערשטן בוך געזען, ווי דער רמב״ם און די וואָס גייען אין זיין שיטה האָבן ערקלערט, אַז דער גרעסטער עיקר איז — פאַרשטיין גאָט (ידיעת השם יתברך), באַגרייפן מיטן שכל די גרויסע חכמה פון זיינע מעשים [1]. די באַשעפער פונם „ספר חסידים“ האָבן אָבער גע־האַלטן פאַרן „גרעסטן עיקר“ און וויכטיקסטן ציל די ל י ב ע צו גאָט, אַ גיריקע, ברענענדיק־הייסע ליבע, וואָס איז שטאַרקער אַפילו פונם טויט, פונם חשק און לוסט צום לעבן.

„שטאַרקער פון אַלץ — דערקלערט דער „ספר חסידים“ — דאַרף זיין די ליבע צו גאָט; מיט גרויסער ליכטיקער פרייד דאַרף זי באַלייכטן און באַ־שיינען דעם מענטשנס נשמה. און די דאָזיקע ליבע צו גאָט דאַרף זיין פריי פון וועלכע ס׳איז זייטיקע טעמים; ניט אויס מורא פאַר שטראָף און ניט צוליב וועלכן ס׳איז שכר, נאָר אויס אמתער איבערגעגעבנקייט צו גאָט דעם באַשעפער, ווייל ער איז די העכסטע מדרגה פון אמת, דער פולקומסטער תמצית פון גוטסקייט און לייטזעליקייט... גאָט דעם באַשעפער דאַרף מען ליב האָבן מיט הייסער, שטאַרקער ליבע, מען דאַרף קראַנק זיין פון דער ליבע, ווי אַ מענטש איז קראַנק אויס ליבע צו זיין געליבטער, ער קען אָן זיין ליבע קיין איינציקע מינוט ניט פאַרגעסן, און טראַכט וועגן איר זיצנ־דיק און שטייענדיק, גייענדיק און קומענדיק, ווען ער עסט און ווען ער טרינקט, אַפילו שלאָפן און אַנטדרעמלט ווערן קען ער ניט אויס ליבע. נאָך פיל, פיל שטאַרקער דאַרף פלאַמען אין מענטשנס האַרצן די ליבע צום באַ־שעפער“ [2]. „קענן די אַכצן ברכות אין „שמונה־עשרה“, — שטרייכט אונ־

---

1 זע „מורה נבוכים“, חלק שלישי, פרק נ״ד: „לחשוב מחשבות אמונות ודעות עבודת השם... זאת היא התכלית האחרונה והיא משלמת האדם שלמות אמת, והיא לו לבדו ובעבורה יזכה לקיום נצחי ובמה האדם אדם“.

2 דאָרטן, ס׳ 14.

טער דער „ספר חסידים״ — ווערט אין „שיר השירים״ אַכצן מאָל איבער־געחזרט דאָס וואָרט ליבע״[1]. אַלע תענוגים פון דער וועלט פאַרלירן זייער גאַנצן ווערט אַנטקעגן דעם פאַרגעניגן און זיסער פרייד, וואָס דער מענטש געניסט בעת ער האָט דערפילט אין זיך דעם ליבע־ברען צו גאָט. עס איז ניט פאַראַן קיין גרעסערער גליק אויף דער וועלט ווי זיך מוסר־נפש זיין אויס ליבשאַפט צום בורא עולם״[2].

אין יענער פינצטערער צייט פון בלוט און שרעק, ווען יעדער פשוטער ייד אַפילו איז געווען בחזקת „קדוש״, און האָט יעדע מינוט באַדאַרפט זיין גרייט זיך מוסר־נפש זיין פאַר זיין אמונה, האָט דער „ספר חסידים״, אַט דער מוסר־ספר, וואָס איז געשאַפן געוואָרן ניט דורך דעם יחיד, נאָר פון אַ גאַנצן קיבוץ — זיך געפּלייסט וואָס שטאַרקער צו וועקן אין די הערצער פונם פאָלק דאָס התלהבות, דעם מיסטישן עקסטאַז פון מסירת־נפש און קידוש־השם. עס איז דערפאַר גאַנץ באַגרייפלעך, וואָס די גאָטספאָרכ־טיקע פאַרפאַסער פונם „ספר חסידים״, וועלכע האָבן געהאַלטן פאַר דער גרעסטער מצווה דאָס לערנען די הייליקע תורה — האָבן דאָך זיך פאַר־האַלטן מיט אַ געוויסער קאַלטקייט, צייטנווייז אַפילו מיט רוגזה, צו דעם תלמודישן פּילפּול פון די בעלי־התוספות. די הויפּט־גרינדער פונם „ספר חסידים״ [3] זיינען דווקא פערזענלעך געווען גאַנץ נאָענט צו די בעלי־התוספות, נאָר אַלס מענטשן פון טיפן געפיל און הייסער התלהבות, האָבן זיי ניט געקענט זיך גלייכגילטיק פאַרהאַלטן אַט צו דעם שכלדיקן, נאָר קאַלטן סיסטעם פון איבערגעשפּיצטער מוח־אַרבעט און קונציקע המצאות, וואָס קענען אַזוי ווייניק געבן דעם אָנגעווייטאָגטן האַרץ פונם פשוטן פאָלק, וועל־כעס גאַרט נאָך טרייסט און האָפענונג. און אַט דער פּראָטעסט קעגן טרוקע־נעם פּילפּול פילט זיך שוין גאַנץ בולט אינם אַריינפיר פונם עלטסטן טייל „ספר חסידים״, פון ר׳ שמואל הנביאס „ספר היראה״.

„פאַר יראי שמים און פאַר די, וואָס אַכפּערן זיין הייליקן נאָמען — אַזוי הייבט אָן דער בעל „ספר היראה״ — וועל איך שרייבן לזכּרון דעם דאָזיקן ספר. זאָלן זיי און זייערע קינדער לערנען אויס אים ווי אַזוי מען דאַרף זיך פאַרכטן פאַר גאָט. און איך נעם מיך דערצו ניט דערפאַר, וואָס איך בין דער קליגסטער פון אונזער דור. איך ווייס ווי קליין איך בין אין מעשים טובים און אין תורה, און אין מיין דור זיינען אַוודאי דאָ אַ סך גרע־סערע פון מיר אין תורה, חכמה, מעשים טובים און יראת שמים, נאָר יענע

1 פּאַרמער מאַנוסקריפּט, סי׳ 389: „שמונה עשרה פעמים אהבה בשיר השירים כנגד שמונה עשרה ברכות״.

2 „ספר חסידים״, באָלאָניער אויסגאַבע, סי׳ 300.

3 שמואל „הנביא״, יהודה חסיד און אלעזר בעל הרוקח.

פאַרנעמען זיך אוים פיל חכמה מיט לויטער פילפול און תלמוד, וואָס זיין חכמה איז אַזוי טיף״[1].

אָבער, איז מוסיף דער פאַרפאַסער, ניט אַלע יראי־שמים זיינען בעלי תורה און קענען גוט לערנען. עס זיינען פאַראַן אַזוי פיל, וואָס „זייערע הערצער ברענען מיט גלוסטעניש צו דערפילן דעם רצון פונם בורא, זיי ווייסן אָבער ניט דעם דרך ווי אַזוי צו דערפילן דעם באַגער פון זייער האַרץ״. אָט פאַר די פשוטע, תמימותדיקע מענטשן, וואָס זיינען ניט שטאַרק באַהאַוונט אין די שכלדיקע סוגיות פון דער גמרא, נאָר וואָס זייער האַרץ „ברענט״ אוים חשק צו גאָטס ווילן, האָט דער גאָטספאַרכטיקער שמואל בן קלונימוס געשריבן זיין ספר.

אָט זיי, די דאָזיקע פשוטע מענטשן פונם פאָלק, ערקלערט דער „ספר חסידים״, אַז אַ ירא־שמים איז חשובער פון אַ תלמיד־חכם [2], אַז די גרעסטע פרייד פאַרן מענטשנס נשמה איז די תפילה צו גאָט, די תפילה, וואָס רייסט זיך אַרויס פון די טיפענישן פונם האַרצן, ניט די קאַלטע, בלויז איינגעחזרטע.

„ווען עס וועט קומען צו דיר — לערנט דער „ספר חסידים״ — אַ ייד, וואָס פאַרשטייט ניט קיין לשון־קודש, נאָר ער איז אַ ירא־שמים און וויל דאַוונען מיט כוונה, אָדער אַז ס'וועט קומען אַ יידענע, וואָס פאַרשטייט אַוודאי ניט קיין לשון־קודש, זאָלסטו זיי זאָגן זיי זאָלן דאַוונען אויף דעם לשון, וואָס זיי פאַרשטייען, וואָרעם די תפילה, דאָס איז דאָך דאָס געבעט פונם האַרצן, און וויבאַלד דאָס האַרץ ווייס ניט, וואָס די ליפען זאָגן, וואָס קען העלפן אַזאַ תפילה? לכן איז בעסער יעדער מענטש זאָל מתפלל זיין אויף דעם לשון, וועלכן ער פאַרשטייט״ [3].

און דער „ספר חסידים״ ברענגט דערביי אַן אויסטערליש שיינע מעשה, וואָס רירט אַזוי מיט איר האַרציקער פשטות, נאָר עס פילט זיך אין איר אַגב אויך דער פאַרבאָרגענער שפּאָטישער שמייכל איבער די שאַרף־שכלדיקע „תלמידי חכמים״:

אַ מעשה פון איינעם אַ יידיש קינד, וואָס איז געווען אַ פאַסטעך. ער פלעגט פאַשען בהמות, און איז געווען אַזאַ עם־הארץ, אַז ער האָט אַפילו ניט געקענט דאַוונען. יעדן פרימאָרגן פלעגט ער נאָר אַזוי זאָגן: „רבונו־של־

1 „ספר חסידים״, פּאַרמער מאַנוסקריפּט, סי׳ א׳: „...אלא מרוב חכמתם מפלפלים בתלמוד אשר אין קץ לחכמתה״. זע אויך באָלאָניער אויסגאַבע סי׳ 51. קעגן דעם פּילפּול צילן אויך די סימנים 292 און 599.

2 דאָרטן, סי׳ 361: „תלמיד חכם וירא שמים — ירא שמים קודם״.

3 דאָרטן, די געוויינלעכע אויסגאַבע, סי׳ 588 און 785.

עולם! דיר איז דאָך באַוווּסט, ווען דו זאָלסט האָבן בהמות און דו זאָלסט זיי מיר איבערגעבן צו היטן, איז אַלעמען היט איך פאַר געצאָלט, דיר אָבער וואָלט איך געהיט גאָר בחינם — אָט אַזוי שטאַרק איז מיין ליבע צו דיר”. אַמאָל איז גחאָד פאַרבייגעגאַנגען אַ תּלמיד־חכם, און ער הערט ווי דער פּאַסטעך דאַוונט עם אַזוי. זאָגט ער צו אים: „שוטה! זאָלסט זיך ניט דערוועגן אַזוי מתפּלל צו זיין!” פרעגט אים דער פּאַסטעך: „ווי אַזוי דען זאָל איך דאַוונען?” האָט דער תּלמיד־חכם מיט אים אָייגעחזרט דעם סדר ברכות, קריאַת־שמע און אַנדערע תּפילות, און אים אָנגעזאָגט, ער זאָל מער שוין ניט זאָגן זיין אייגענע עם־האַרצישע תּפילה. דער תּלמיד־חכם איז זיך אַוועק זיין וועג, דער פּאַסטעך אָבער האָט גלייך פאַרגעסן די אַלע תּפילות, וואָס דער תּלמיד־חכם האָט מיט אים אָייגעחזרט; זיין געוויינלעכע בקשה צו גאָט האָט ער אָבער שוין מורא געהאַט צו זאָגן, האָט ער אינגאַנצן אויפגעהערט תּפילה צו טאָן. האָט דער דאָזיקער תּלמיד־חכם ביינאַכט אין חלום דערהערט אַ קול: „זיי וויסן, אַז באם דו וועסט ניט גיין צו אים און אים ניט ערקלערן, אַז ער מעג זאָגן זיין געוויינלעכע תּפילה, וואָס ער פלעגט מתפּלל זיין איידער דו ביסט צו אים געקומען — וועסטו האָבן אַ שלעכטן סוף, וואָרעם דו האָסט פאַר יעגער וועלט צוגעגזלט איינעם פון מיינע טרייע דינער”. איז יענער גלייך אַוועקגעגאַנגען און געפרעגט דעם פּאַסטעך: „וואָסער תּפילה זאָגסטו?” האָט דער פּאַסטעך געענטפערט: „איך דאַוון גאָרניט. די תּפילות, וואָס דו האָסט מיר געלערנט, האָב איך פאַרגעסן, און די תּפילה וועגן די בהמות האָסטו מיר דאָך פאַרבאָטן צו זאָגן”. האָט אים דער חכם וועגן חלום דערציילט און אים אָנגעזאָגט ער זאָל ווייטער זאָגן זיין געוויינלעכע תּפילה. „נאַט זעט — איז דערביי מוסיף דער „ספר חסידים” — איר האָט דאָ ניט קיין תּורה און ניט קיין מעשים טובים, נאָר דעם פּשוטן ווּנטש צו טאָן גוטס — און דאָס איז שוין פאַררעכנט געוואָרן פאַר אַ זייער וויכטיקער זאַך, וואָרעם די תּורה פאָדערט קודם־כּל דאָס באַוויליקונג פונם האַרצן” (רחמנא ליבא בעי) [1].

„ אַ ריין האַרץ, אַן אָפענע נשמה און אמת אויף די ליפּצן” [2] — אָט דאָס איז דער אידעאַל פון די באַשעפער פונם „ספר חסידים”.

„גרויס איז די פרייד, וואָס שטאַמט פון האַרציקער תּפילה — דערציילט אונז דער „ספר חסידים” [3] — אָבער גאָר דעמאָלט, ווען אין דער תּפילה איז אויסגעגאָסן ניט נאָר זיין אייגענער ווייטאָג און זיין אייגן ווּנטש,

[1] פּאַרמער מאַנוסקריפּט, סי׳ 5 — 6. פּאַראַלעלע מעשיות ביי אַנדערע אומות, זע: Hebrew union college Annual, 1927, V. IV, 370 — 374.

[2] „שפת אמת ורוח נכון ולב טהור” („ספר חסידים”, סי׳ 51).

[3] דאָרטן, סי׳ 553.

נייערט אויך די ליידן און דאָס באַגערן פון זיינע נאָענטע, ווי אין פּסוק שטייט: „ואהבת לרעך כמוך״...

„ואהבת לרעך כמוך״ — אָט דאָס איז דער איינציקער כּלל פון מאָ־ראַל, די ריכטיקע און איינציקע מאָס, מיט וועלכער מען דאַרף, לויט דעם „ספר חסידים״, שאַצן און מעסטן אַלע מעשים, דאָס גאַנצע מענטשלעכע לעבן [1].

ווי דאַרף זיך נוהג זיין אַ מענטש, וואָס באַזיצט די מאַכט צו גע־וועלטיקן איבער אַנדערע מענטשן? זאָל דער מענטש באַטראַכטן און גע־דענקען — לערנט דער „ספר חסידים״ — ווי וואָלט ער געוואָלט מען זאָל אים באַהאַנדלען, ווען ער זאָל זיין אין יענעמס רשות, אָט פּונקט אַזוי זאָל ער זיך נוהג זיין מיט זיינע קנעכט און דינער״ [2]. „אַ מענטש טאָר ניט בעטן פון זיין טובה וועגן אַזוינס, וואָס קען אַן אַנדערן שאַדן ברענגען, און ווער עס האָט אין זינען טובת הכּלל (תיקון העולם) נאָך איידער ער טראַכט וועגן זיין אייגענער טובה — וועט אויך אים זיין גוט און ווויל״ [3]. אַ מענטש דאַרף ניט אַרויסשטעלן זיין פּערזאָן פריער פון אַלע אַנדערע; ער דאַרף ניט זאָגן: „איך און דו״, נאָר: „דו און איך״ [4].

די אונטערדריקטע און געיאָגטע ברידער זייערע לערנען די באַשעפער פונם „ספר חסידים״: „פון אַלע מעלות איז די בעסטע עניוות״ [5]. „ענט־פער ניט אויף יענעמס זילזולים; טוט יענער דיר שעלטן — פאַרשווייג״ (סי׳ 650). „מעשה בחסיד אחד — דערציילט דער „ספר חסידים״ — וואָס איז געווען אַ זקן מופלג. האָט מען אים געפרעגט: מיט וואָס האָסטו עס זוכה געווען אויף אַזאַ אריכות ימים? האָט יענער געענטפערט: אין מיין לעבן האָב איך קיינעם ניט אָפּגעענטפערט אויף זיינע זילזולים און קללות, נאָר איך פלעג גלייך מוחל זיין דעם, וואָס האָט מיר מצער געווען״ (סי׳ 649). „מעשה בחסיד אחר[6] — דערציילט ווייטער דער „ספר חסידים״ — האָט איינער געהאַט די העזה אים מבייש צו זיין און שטאַרק אים געזידלט. איז קהל שטאַרק אין כּעס געוואָרן און באַשלאָסן: אויף אַזאַ מענטשן דאַרף מען גוזר חרם זיין. האָט זיי דער חסיד געזאָגט: טוט דאָס ניט. האָבן יענע געטענהט: מען דאַרף אים שטראָפן, כּדי ער זאָל ווייטער זיך ניט ערלויבן אַזוינס צו טאָן. דער חסיד האָט זיי אָבער געענטפערט: לערנט זיך פון

1 זע דאָרטן, סימנים: 218, 247, 349, 470, 932, 967, 982 און אַנדערע.
2 דאָרטן, סי׳ 668.
3 פּאַרמער מאַנוסקריפּט, סי׳ 478.
4 געוויינלעכע אויסגאַבע, סי׳ 15.
5 דאָרטן, סי׳ 53: „בכל המעלות זו היא המשובחת הענוה״.
6 סי׳ 182.

מיר און טוט אויך אַזוי. איך ענטפער מיט שווייגן אויף דער באַליידיקונג, און איך וויל ניט איר זאָלט צוליב מיר פאַרפירן אַ קריג. און טוט אויך ווייטער ווי איך: ווען אייך נידערטרעכטיקע מאַכן צו שפּאָט, ווען זיי אייך לעסטערן און שענדן — מאַכט אייך דערפון ניט וויסן, רעכנט זיך ניט מיט זייערע רייד". ניט רעכענען זיך מיט די רייד פון שפּעטער און אָפּלאַכער — אָט דאָס איז דער אמתער שורש פון חסידות [1]; און די גרעסטע עבירה איז יענעם מבייש זיין בפני רבים[2]. ווען איינער איז עפנטלעך מבייש אָדער מצער דעם אַנדערן, איז גלייך ווי ער האָט יענעם געהרגעט. מען דאַרף זיך זייער היטן יענעם ניט מבייש צו זיין, אַפילו ניט ווילנדיק; אין דער אָנוועזנהייט פון אַ קנעכט אָדער אַ זון פון אַ קנעכט טאָר מען ניט ריידן מיט פאַראַכטונג וועגן קנעכט [3]. אין אָנוועזנהייט פון אַ אַבלינדן אויף איין אויג דאַרף מען ניט ריידן וועגן באַשעפעניש מיט איין אויג [4]. בעת מ'הערט ווי דער מלמד איז זיך טועה ביים לערנען מיט זיינע תלמידים, טאָר מען אים ניט אָפן ערקלערן: „דו טייטשסט פאַלש!" איז מעגלעך אים אויפמערקזאַם מאַכן אויף זיין טעות און אים דערביי ניט פאַרשעמען, איז גוט, אלא ניט — גיב דאָס איבער זיינעם אַ נאָענטן מענטשן, יענער זאָל אים דאָס ערקלערן, אַבי אים ניט מבייש צו זיין [5]. ביי אַן אורח טאָר מען ניט פרעגן קיין דברי תורה כל-זמן מען איז ניט זיכער, אַז יענער איז אימשטאַנד צו ענטפערן [6]. מען טאָר ניט מבייש זיין בפני רבים ניט קיין דינער און ניט קיין קנעכט [7], און עס איז אַ גרויסע עבירה מצער זיין וועלכע ס'איז באַשעפעניש, אָדער אָנלאָדן אויף אַ בהמה מער משא ווי זי איז אימשטאַנד צו דערטראָגן [8]. מען טאָר ניט אָפּשניידן קיין עק ביי אַ בהמה, ווייל מען איז דאָך זי דערמיט מצער און זי איז ניט אימשטאַנד אָפּצוטרייבן פון זיך די פליגן [9]. „פיינט האָבן, לערנט דער „ספר חסידים", מעג מען נאָר

---

1 דאָרטן, סי׳ 7.

2 דאָרטן, סי׳ 54.

3 פאַרמער כתב-יד, סי׳ 96.

4 געוויינלעכע אויסגאַבע, סי׳ 635.

5 דאָרטן, סי׳ 310.

6 דאָרטן, סי׳ 312.

7 דאָרטן, סי׳ 665.

8 דאָרטן, סי׳ 666. אינם פאַרמער וואַריאַנט ווערט וועגן דעם געבראַכט אַ אינטערעסאַנטע מעשה מיט אַ אייזל (סי׳ 144).

9 דאָרטן, סי׳ 589.

דאָס, וואָס גאָט ברוך הוא האָט פיינד" (אין לשנוא אלא מה שהקב"ה שונא) [1].

אין זייער אַ סך דברי מוסר און ווערטלעך פונם „ספר חסידים" הערט זיך דאָס אמתע פיקחות פונם פשוטן פאָלק מיט זיין תמימותדיקער וועלט=אָנשויונג. „זיי ניט מקנא דעם, וואָס איז גרעסער פון דיר, און זיי ניט מבזה דעם, וואָס איז קלענער פון דיר" (סי' 282). „שווייגן איז די בעסטע חכמה. האָב איך גערעדט, קען מיר אויסקומען דערנאָך חרטה האָבן, רייד איך ניט, האָב איך ניט אויף וואָס חרטה צו האָבן. כל=זמן איך האָב דאָס וואָרט פון מיין מויל ניט אַרויסגעבראַכט, געוועלטיק איך איבער דעם וואָרט; האָב איך עס שוין אַרויסגעבראַכט, געוועלטיקט דאָס וואָרט איבער מיר" [2].

„אונזער וועלט איז קעגן יענער וועלט ווי אַ חלום קעגן וואַך זיין", לייענען מיר אין „ספר חסידים" [3]. דאָך האַלטן די פאַרפאַסער פונם „ספר חסידים" גאַנץ ווייניק פון סיגופים און פייניקן זיך, און זיי ערקלערן, אַז „ווער עס פייניקט זיך, דער הייסט אַ זינדיקער" (כל את המסגף עצמו נקרא חוטא). דער מענטש איז מחויים השגחה געבן אויף זיין געזונט, בכדי ער זאָל כוח האָבן דינען דעם בורא עולם [4]. ער דאַרף זיך אָבער אויך זייער היטן פאַרן יצר=הרע, באַזונדערס דאַרף ער געהיט זיין, ניט נכשל צו ווערן אין דער תאווה צו שיינקייט פון פרויען, וואָרעם די דאָזיקע תאווה פירט זייער אָפט אַראָפּ פונם דרך=הישר און ברענגט לידי עבירה. „זע ווי גרויס ס'איז דער יצר=הרע פון פרויען=ליבע, וואָרנט דער „ספר חסידים", שמשון איז געווען דער גבור צווישן אַלע גבורים, דוד המלך דער חסיד איבער אַלע חסידים און שלמה המלך דער חכם איבער אַלע חכמים — און זיי אַלע דריי זיינען דורך פרויען נכשל געוואָרן... אָט ווי גרויס ס'איז דער נסיון פון פרויען [5]. דערפאַר — וואָרנט דער „ספר חסידים" — דאַרף מען זען זיין וואָס וויטער פון זיי, וואָס ווייניקער קוקן זיי אין פנים אַריין. בחורים דאַרפן ניט אַרומגיין מיט מיידלעך צוזאַמען. זאָלן מיידלעך טאַנצן באַזונדער און בחורים זיך האַלטן מיט די זקנים. אַפילו קינדער דאַרפן אויך ניט שפילן צוזאַמען, נאָר מיידלעך באַזונדער און יינגלעך באַזונדער" [6].

---

1 דאָרטן, סי' 973.

2 דאָרטן, סי' 86: „כללה של חכמה — שתיקה. מלה בסלע, שתיקותא בתרין. כשאני מדבר אני מתחרט, ושאֵיני מדבר איני מתחרט. עד שלא דברתי אני שליט ומושל על דברי; אבל כשיצא הדבר מפי, אז הדבר מושל בי."

3 דאָרטן, סי' 15.

4 דאָרטן, סי' 127 און 617.

5 דאָרטן, סי' 619.

6 דאָרטן, סי' 168.

דערפאַר טאַקע לייגט דער „ספר חסידים” אַזוי פיל אויפמערקזאַמ־קייט אויפן ריינקייט פונם פאַמיליען־לעבן, און איז אַזוי שטאַרק מדקדק אין יעדן פרט, אין יעדער מינדסטער קליניקייט, וואָס איז נוגע דאָס אינ־טימע לעבן פון מאַן און ווייב.

„זאָל דער מענטש ניט זאָגן — וואָרנט דער „ספר חסידים” — איך בין אַזוי אָרעם, ווי מעג איך נעמען אַ פרוי, איך וועל דאָך ניט האָבן מיט וואָס זי מפרנס צו זיין. ווער עס טראַכט אַזוי, דער איז פון די „מחוסרי אמונה”, האָט אַ קליינעם בטחון אין גאָט. אויך דער, וואָס האָט ברויט בלויז אויף הייַנטיקן טאָג און ער דאגהט: פון וואָס וועל איך מאָרגן לעבן — דער איז פון די „מחוסרי אמונה” [1]. ווען אַ יונגער בחור וויל נעמען פאַר אַ ווייב אַ פיל עלטערע פאַר זיך — דאַרף אַן אמתער חסיד, וואָס האָט מורא פאַר אַן עבירה, זיך האַלטן דערביי פון ווייטן און קיין אָנטייל ניט נעמען אינם שידוך” [2]. „מען טאָר זיין טאָכטער ניט חתונה מאַכן פאַר אַ זקן” — וואָרנט דער „ספר חסידים” — סיידן זי אַליין וויל דווקא אים און ניט קיין אַנדערן. עס שטייט אין דער תורה: דו טאָרסט דיין טאָכטער ניט איבער־געבן אויף זנות”, דאָס הייסט: מאַך איר ניט חתונה פאַר אַ זקן, אָדער פאַר דעם, וואָס איז איר ניט ליב... עס שטייט דאָך: ואהבת לרעך כמוך, אַזוי ווי דו וואָלסט ניט געוואָלט נעמען אַ פרוי, וואָס איז דיר נמאס, אַזוי זאָלסטו אויך דיין טאָכטער ניט צווינגען דערצו”. אַ זקן ווידער, ווען ער נעמט אַ בתולה, באַגייט ער אויך אַ זינד. און דער „ספר חסידים” דערציילט וועגן דעם אַ „מעשה”: „עס האָט זיך אַמאָל געטראָפן, מען האָט געוואָלט אַן אַלטן מאַן משדך זיין מיט אַ בתולה, האָט דער זקן ניט געוואָלט, ווייל ער האָט מורא געהאַט צו באַגיין אַ זינד. האָט מען אים געזאָגט: „זי וויל אָבער נאָר דיך”. איז דאַן דער זקן געגאַנגען צו דער דאָזיקער בתולה, אָפּגעדעקט דעם קאָפּ זיינעם און געזאָגט: „זע ווי אַלט איך בין, מיין קאָפּ איז אינגאַנצן גראָ, איך בין געבויגן פון עלטער, זאָלסט ניט זאָגן: „איך האָב דערפון ניט געוווּסט”. האָט זי געענטפערט: „מיין האַר! איך בין גרייט דיר די פיס צו וואַשן אַבי טראָגן דיין נאָמען”. האָבן זיי חתונה געהאַט און געבאָרן לייטישע קינדער [3]. איינעם אַן עלטערן מענטשן האָט מען דערציילט: „דאָרט און דאָרט וווינט אַ שיינע פרוי און זי וויל דיך נעמען, פאָלג אונזער עצה, גיי אַהין, נאָר פאַרב דיר פריער אָפּ די האָר אין שוואַרצן, וועט יענע מיינען דו

---

1 דאָרטן, סי' 519.

2 דאָרטן, סי' 379.

3 דאָרטן.

ביסט נאָך ניט אַלט". האָט יענער געענטפערט: „חס וחלילה, איך וויל זי ניט נאַרן, זאָל זי טאַקע זען, אַז איך בין שוין אַלט"[1].

דער „ספר חסידים" שטעלט זיך אויך פיל אָפּ אויף קינדער־ערציען. כאַראַקטעריסטיש זיינען פאָלגנדיקע ערטער: אויב דו זעסט, אַז דאָס יינגל נעמט לייכט איבער תנ"ך, דער לימוד פון תלמוד גיט זיך אים אָבער שווער, זאָלסטו ניט דוחק את השעה זיין און פאָדערן ער זאָל דווקא שוין לערנען גמרא. זאָל ער לערנען דאָס, וואָס ער פאַרשטייט, און גמרא וועט ער לערנען ווען ער וועט אַלט ווערן 15 יאָר. אלא אויב אַפילו דעמאָלט וועט די גמרא זיין פאַר אים צו האַרב, זאָל ער לערנען הלכות גדולות און מדרש[2]. יעדער איז אָבער מחוייב צו לערנען תורה אויך מיט זיינע טעכטער, זיי באַקאַנט מאַכן מיט די געזעצן און הלכות. און דאָס וואָס די גמרא זאָגט: כל המלמד לאשה תורה כאילו מלמדה תפלות, דאָס רעדט זיך נאָר וועגן די טיפעניש פון די סוגיות התלמוד און וועגן די פאַרבאָרגענע סודות פון דער תורה. אָבער — איז מוסיף דער „ספר חסידים" — מיט די מיידלעך דאַרף גאַטירלעך ניט לערנען קיין בחור, נאָר דער פאָטער גופא זאָל לערנען מיט זיינע טעכטער און מיט זיין פרוי[3].

איייניקע שטעלן רירן מיט זייער תמימותדיקער האַרציקייט. „אַ פאָטער — וואָרנט אַ שטייגער דער „ספר חסידים" — דאַרף אין בית־הכנסת ניט קושן זיין קינד: עס זיינען האָך דאָרט דאָ אויך חשוכי בנים, מענטשן, וואָס האָבן קיין קינדער ניט, קענען זיי דערביי האָבן עגמת־נפש"[4]. זייער אינטערעסאַנט איז אויך ווי די באַשעפער פונם „ספר חסידים" פאַרהאַלטן זיך צום בוך. מען מוז דערביי געדענקען, אַז דעמאָלסט איז נאָך קיין ביליג פאַפיר ניט געווען און פון קיין דרוק־וואַרשטאַט האָט מען נאָך אויך ניט געוווסט; אַ בוך, אַ כתב־יד, איז געווען אַ יקר המציאות, אַן אמתער לוקסוס־אַרטיקל, און ניט יעדער איז געווען אימשטאַנד צו קויפן אַ ספר. מיר וועלן נאָך ווייטער זען, אַז אַפילו באַרימטע לומדים־רבנים האָבן געוויסע מסכתות (שוין ניט צו ריידן וועגן אַנדערע ספרים) אין זייערע אויגן זייער גאַנץ לעבן ניט געזען, ווייל עס איז זיי שווער געווען צו באַקומען. דערפאַר טאַקע שטרייכט דער „ספר חסידים" אַזוי אָפט אונטער, וואָס פאַר אַ גרויסע מצווה דאָס איז — לייען דעם אַנדערן אַ ספר. „ווען איינער — ווייזט אָן דער „ספר הסידים" — האָט צוויי זין, איינער לייט גערן זיינע ספרים און דער אַנדערער ניט, זאָל דער פאָטער אַלע זיינע ספרים לאָזן בירושה דעם,

---

1 דאָרטן.

2 דאָרטן, סי' 308.

3 דאָרטן, סי' 313.

4 דאָרטן, סי' 255 און 639.

וואָס לייט גערן — וואויל און גוט ועט זיין צו זיין נשמה".[1] „עס איז געווען אייגער — דערציילט ווייטער דער „ספר חסידים" — וואָס פלעגט לייען זיינע ספרים מען זאָל לערנען אין זיי, האָט ער אָנגעזאָגט זיינע קינדער: געדענקט, אַפילו ווען איר וועט מיט וועמען זיין אין קריג, זאָלט איר אים פונדעסטוועגן ניט אָפּזאָגן צו לייען ספרים; טאָמער האָט איר מורא ער וועט אייך די ספרים ניט אָפּגעבן, נעמט ביי אים אַ משכון, נאָר לייען דאַרפט איר... זייט ווסן, אַז ווען איר זעט אַמאָל, אַז ספרים ווערן פאַרברענט, איז דאָס אַן עונש דערפאַר, וואָס מען האָט זיי ניט געוואָלט לייען, יענער זאָל אוים זיי לערנען.[2] ווען איינער האָט ספרים צו פאַרקויפן און עס זיינען אויף זיי דאָ צוויי בעלנים: זיין אייגענער ברודער, וואָס ס'איז באַוווסט, אַז יענער לייט קיינעם ניט קיין ספר, און אַ ווילד פרעמדער, וועלכער לייט גערן זיינע ביכער — זאָל ער זיי פאַרקויפן דעם ווילד=פרעמדן און ניט דעם קמצן דעם ברודער".[3] „מעשה בחסיד אחד—דערציילט ווידער דער „ספר חסידים" — איז ער געשטאָרבן און געלאָזן אַ סך ספרים. האָבן געקומען די יורשים און אויספאַרקויפט אַלע ספרים. האָבן באַקאַנטע געקרעכצט דערויף, וואָס די יורשים מוזן נעבעך פאַרקויפן דעם פאָטערס ירושה. איז דאָרט געווען אַ חכם, האָט ער געזאָגט: „איר האָט דערויף ניט וואָס צו זיפצן, איך וויים וואָסערע זינד ס'האָבן עס גורם געווען די ספרים זאָלן ניט בלייבן ביי די יורשים אין די הענט: זייער פאָטער פלעגט קיינעם קיין ספר ניט לייען".[4] „עס האָט אַמאָל געטראָפן — דערציילט ווייטער דער „ספר חסידים" — מען האָט אַ צדיק אויסגעגראָבן פונם קבר און אים אָנגעטאָן בזיוגות. איז ער דערנאָך געקומען צו איינעם אין חלום און האָט דערציילט: „דאָס האָב איך עס באַקומען אַן עונש דערפאַר, וואָס איך האָב אויף ספרים קיין געהעריקע השגחה ניט געגעבן; איך פלעג זען ווי ספרים ווערן צעריסן און פאַרדאָרבן, און איך האָב זיי ניט אייגעבונדן".[5] דער „ספר חסידים" ברענגט אויך אַ גאַנץ פעקל מעשיות פון גאַנץ אינטימען כאַראַקטער, וועלכע שילדערן די גרויסע ליבע, וואָס אויך די מיטלאַלטערלעכע יידישע פרוי האָט געהאַט צום הייליקן ספר.[6]

---

1 דאָרטן, סי׳ 270, 1036.

2 דאָרטן, סי׳ 871.

3 דאָרטן, סי׳ 927.

4 דאָרטן, סי׳ 869.

5 דאָרטן, סי׳ 911.

6 דאָרטן, סי׳ 873—875. די דאָזיקע מעשיות האָבן אַ באַדייטנדן עטנאָגראַפישן ווערט.

נאָר ווי מייער און ליב ס'זיינען הייליקע ספרים—מייערער פון אַלץ, שטרייכט אונטער דער „ספר חסידים", איז מדת הרחמנות, רחמנות האָבן אויפן לעבעדיקן מענטשן.

„ווען איינער וועט דיך פרעגן — לערנט דער „ספר חסידים" — איך קען איצט מנדב זיין געלט, זאָגט מיר, וואָס איז גלייכער: זאָל איך עס געבן אַ סופר ער זאָל שרייבן אַ ספר תורה, צי זאָל איך עס אַוועקגעבן אָרעמע לעכע געמיינע לייט, וואָס האָבן אויף קיין מלבוש ניט? זאָלסטו אים זאָגן: ישעיהו הנביא האָט געהייסן: אם תראה ערום וכסיתו — זעסטו אַ נאַקעטן — קלייד אים אָן"[1]. „דערפאַר, איז מוסיף דער „ספר חסידים", איז בעסער צו חברן זיך מיט אַן עם־הארץ אַ וותרן, וואָס גיט גערן אַ נדבה, איידער מיט אַ תלמיד־חכם אַ בייזן קמצן"[2].

נאָך שטרענגער פאַרהאַלט זיך דער „ספר חסידים" צו די פּראָצענט־ניקעס. די מלוי ברבית, און צו די, וואָס רייבן אָפּ דאָס גאָלד פון די מטבעות און פאַרקלענערן דערמיט זייער ווערט („מגלחי מעות"). „ווער עס פירט עסקים מיט פּראָצענטניקעס, מיט די, וואָס פיילן אַרום גאָלדענע מטבעות, און מיט זייער גלייכן—דער וועט פאַראָרעמט ווערן", דערקלערט מיט כעס דער „ספר חסידים"[3]. „ווער עס גיט געלט אויף פּראָצענט — זאָגט ווייטער דער „ספר חסידים" — ווער עס פיילט אַרום די מטבעות, ווער עס פעלשט די וואָג און די מאָס אָדער טוט ענלעכע עוולות — אַלע וועלן זיי האָבן איין סוף: זיי וועלן אַלע פאַראָרעמט ווערן, זייערע קינדער וועלן ווערן צעזייט און צעשפּרייט און דאַרפן אָנקומען צו יענעמס הילף. אַזא סוף וועלן האָבן אויך די, וואָס האַנדלען מיט זיי צוזאַמען"[4].

צו די אינטערעסאַנטסטע בלעטער איצם „ספר חסידים" געהערן די, וווּ עס האַנדלט זיך וועגן דעם פאַרהאַלטן זיך פון די פאַרפאַסער פונם „ספר חסידים" צו זייערע קריסטלעכע שכנים. מיר האָבן שוין פריער אָנגעוויזן, אַז גראָד אין יענער צייט, אין דער תקופה פון שרעקלעכע רדיפות, האָט זיך פאַרשאַרפט די אָפּזונדערונג פונם יידישן קיבוץ פון דער פיינדלעכער אַרומיקער באַפעלקערונג. די באַשעפער פונם „ספר חסידים" פלייסן זיך מאַקע וואָס מער צו פאַרשטאַרקן די אָפּגעזונדערטקייט, זיי ווילן מאַקע די יידן זאָלן זיין אַן „עם לבדד ישכון", אַן אומה פאַר זיך, וואָס פאַרהאַלט זיך פרעמד צו דער אַרומיקער וועלט, מיידט אוים פרעמדע מנהגים. כאַראַקטעריסטיש איז אין דער הינזיכט, ווי דער „ספר חסידים" וואָרנט:

---

[1] דאָרטן, סי' 1036.

[2] דאָרטן, סי' 323.

[3] דאָרטן, סי' 1073.

[4] דאָרטן, סי' 1076.

איר טאָרט ניט דערמאָנען די נעמען פון די פרעמדע געטער, איר טאָרט אַפילו ניט גורם זײַן, אַז דורך אײַך זאָלן זיי די גויים דערמאָנען, ניט נאָר איר גופא זאָלט זיי אויף אײַער מויל ניט ברענגען. דו טאָרסט ניט זאָגן דײַן גוישער דינסט, זי זאָל מיט לידער אײַנוויגן דײַן וויינענדיק קינד, ווען דו ווייסט, אַז זי וועט זינגען אירע רעליגיעזע לידער"[1]. די דאָזיקע פײַנדלעכע טענדענץ ווײַזט אָבער אַרויס דער „ספר חסידים" בלויז צו די פרעמדע מנהגים און „פרעמדע געטער"; גאַנץ אַנדערש אָבער פאַרהאַלט ער זיך בנוגע צו די פרעמדע אײַנוווינער, צו די קריסטלעכע שכנים גופא. די פאַרפאַסער פונם „ספר חסידים" זײַנען, ווי מיר וועלן ווײַטער זען, פאַרזענלעך זייער פיל אויסגעשטאַנען פון די קרייצטרעגער און זייער אכזריותדיקער ווילדקייט, זיי האָבן אָבער געקוקט אויף זייערע פײַניקער בלויז ווי אויף בלינדע שלוחים פון גאָטס רצון, ווי אויף דער בלוטיקער רוט פון שטראָף און צאָרן, פאַר די גרויסע זינד, וואָס ייִדן זײַנען קעגן גאָט און זײַנע מצוות באַגאַנגען. „יעדעס מאָל — שטרײַבט דער „ספר חסידים" אונטער — ווען די אומות העולם טוען אונז שלעכטס, געשעט דאָס ניט דורך זייער בייזן ווילן, נאָר אַלס געצאָלט און שטראָף פאַר דעם שלעכטס, וואָס ייִדן זײַנען באַגאַנגען איינער קעגן דעם אַנדערן, אָדער דערפאַר, וואָס זיי האָבן די תורה מבזה געווען"[2]. „ווען דו זעסט, אַז אַ מלך אָדער דער שר פון דער שטאָט לייגט אַרויף פיל מס אויף דער קהילה, זאָלסטו וויסן: דאָס איז דערפאַר, וואָס קהל האָט ניט געשטיצט ווי געהעריק די אָרעמע לײַט און יענע האָבן געמוזט נעבעך פאַרלאָזן זייער הויזגעזינד און גיין איבער דער וועלט זאַמלען נדבות"[3]. „מען טאָר קיינעם ניט אָפּנאַרן, ניט קיין ייִדן, ניט קיין גוי", „מען טאָר אויך אַ גוי קיין שום עוולה ניט טאָן" — אַזוינע אויסדרוקן באַגעגנט מען זייער אָפט אינעם „ספר חסידים"[4]. „אינם פאַל, ווען אַ גוי האָט אַ טעות, טאָרסטו דערמיט זיך ניט באַנוצן, זאָל דורך דיר גאָטס נאָמען ניט פאַרשוועכט ווערן. איז אַ מענטש אָרעם, זאָל ער בעסער נדבות בעטן און ניט אַנטלויפן מיט גויִיש געלט און דורך דעם זאָל גאָטס נאָמען פאַרשוועכט ווערן; וואָרעם די גויים וועלן זאָגן אויף די ייִדן: זיי זײַנען גנבים, רמאים"[5]. „מען טאָר ניט אויסנוצן דעם

---

1 פאַרמער כתב־יד, סי' 346 און 349. דער „ספר חסידים" פאַרבאָט אויך אײַנצושלעפערן דאָס קינד מיט ייִדישע רעליגיעזע ניגונים (זע געוויינלעכע אויסגאַבע, סי' 238).

2 דאָרטן סי' 209: „לא יעשו הערלים רעה אלא אם כן יעשו ישראל תחלה רעה ביניהם זה לזה או שמבזין את התורה".

3 דאָרטן סי' 211.

4 זע למשל: סי' 7, 51, 1074 און פיל אַנדערע סימנים.

5 דאָרטן, סי' 1080.

מעות פון אַ גוי, וואָס איז מקיים די זיבן געבאָטן פון די בני נוח, זיין טעות איז אָסור; האָט ער עפּעס פאַרלוירן, דאַרפסט עס אים אומקערן, דו טאָרסט זיך ניט פאַרהאַלטן צו אים מיט ביטול, נאָר האַלט אים מער בכבוד ווי אַ יידן, וואָס וויל ניט עוסק זיין אין דער הייליקער תורה" [1]. „ווען אַ גוי לאָזט זיך אין אַ פרעמדער שטאָט אַריין און פרעגט זיך פריער אָן ביי אַ יידישן באַקאַנטן: ווער פון די דאָרטיקע יידן ס'איז באַגלייבט, מען זאָל מעגן מיט אים האַנדלען און ווער ניט, איז דער ייד מחוייב צו זאָגן דעם אמת און וואָרענען דעם גוי, אַז מיט דעם און דעם טאָר מען ניט האַנדלען" [2]. „ווען אַ ייד גייט אין וועג און פון ביידע זייטן וועג איז גרוים דער זומפּ, און אים קומט אַנטקעגן איינער אָנגעלאָדן מיט משא, מעג יענער אַפילו זיין אַ גוי דאַרף ער אים אָפּטרעטן דעם וועג, ווי אין פּסוק שטייט: און עד זאָל געפינען חן און לייטזעליקייט ביי גאָט און ביי לייטן; בעסער דיין חבר זאָל דיך אָפּשטופּן, איידער דו זאָלסט אָפּשטופּן דיין חבר" [3]. „מעשה באיש אחד, דערציילט דער „ספר חסידים", ס'אַמאָל געווען אַ ייד, האָט ער געהאַט אַ סך זין און טעכטער און אַלע זיינען זיי תיכּף נאָך זייער התונה אויסגעשטאָרבן, און דאָס אַליץ אַלס עונש דערפאַר, וואָס ער האָט געטאָן אומרעכט און גענאַרט דעם גוי מיט וועלכן ער האָט געהאַנדלט; וואָרעם גאָט ברוך-הוא איז אַ שופט צדק, ער נעמט זיך אָן פאַר באַגזלטע און באַרויבטע, סיי פאַר אַ יידן, סיי פאַר אַ פרעמדן" [4]. „מען מעג מתפלל זיין פאַר גאָט אויך צוליב אַ גוי, וואָס טוט גוטס, אַפילו פאַר אַ משומד, וואָס טוט טובות פאַר יידן" [5]. „דערמאָנט אַ ייד אַ פאַרשטאָרבענעם אָרנטלעכן מענטשן, סיי אַ יידן סיי אַ גוי, מעג ער אויף אים זאָגן: זכרונו לברכה" [6]. זייער כאַראַקטעריסטיש איז פאָלגנדיקע שטעלע אין „ספר חסידים": „ווען אַ ייד זעט — לייענען מיר אין סימן 1018 — אַז אַנדער ייד וויל הרגענען אַ גוי, וועלכער טראָגט ניט קיין שלעכטס אויף יענעם יידן, דאַרף דער ייד קומען צו הילף דעם גוי". און טאַקע תיכּף דערביי געפינט זיך אַ צווייטער זאַץ, וואָס וואַרפט מיט אַמאָל, ווי אַ בליץ אין דער שטורעם-נאַכט אַ בלענדנ-דיק ליכט אויף די שרעקלעכע, אימהדיק פינסטערע און אוממענטשלעך בלוטיקע צושטאַנדן, אונטער וועלכע יידן האָבן דעמאָלסט געלעבט. „ווען אויף

1 דאָרטן, סי' 358.
2 דאָרטן, סי' 1086.
3 דאָרטן, סי' 551.
4 דאָרטן, סי' 661.
5 דאָרטן, סי' 790.
6 דאָרטן, סי' 982.

ייִדן — ווייזט אָן דער „ספר הסידים" — פֿאַלן אָן אין וועג גזלנים און די ייִדן האָט זיך אײַנגעגעבן זיי בײַצוקומען און אויסהרגענען, נאָר דאָס האָבן צוגעזען זייטיקע גויים, און די ייִדן האָבן מורא יענע וועלן וועגן דעם דערציילן די קרובים און חברים פֿון די גזלנים, וואָס וועלן זיך דערנאָך אין די ייִדן נוקם זײַן, האָבן די ייִדן דאָס רעכט צו הרגענען אויך די זייטיקע גויים, וואָס זײַנען בלויז עדות געווען"[1].

מיר האָבן שוין פֿריער אָנגעוויזן, אַז דעם „ספר חסידים" האָט באַשאַפֿן ניט קיין יחיד, נאָר אַ גאַנצער קיבוץ אין משך פֿון דורות. ער איז באַשאַפֿן געוואָרן ניט נאָר פֿאַ ר ן פֿאָלק, נאָר אין אַ געווויסער הינזיכט דורכן פֿאָלק גופֿא. ער האָט ווי אַ שוואָם אין זיך אײַנגעזאַפּט די האָפֿענונגען, אָנשויונגען, גלויבן און אָבערגלויבן פֿון די ברייטע שיכטן פֿונם פֿאָלק, און אַדאַנק דעם איז דער דאָזיקער מוסר=ספֿר געוואָרן איינער פֿון די וויכטיקסטע קוועלן פֿאַרן ייִדישן פֿאָלקלאָר אינם מיטלאַלטער. כאַראַקטעריסטיש איז אין דער הינזיכט אַפֿילו דער סטיל פֿונם בוך. רעליגיעזע דינים און זאַצן פֿון מוסר און דרך=ארץ זײַנען צונויפֿגעפֿלאָכטן מיט נאַיווע פֿאָלקסלעגענדן און פֿאַנטאַסטישע מעשיות, און די בלעטער פֿונם „ספר חסידים" זײַנען פֿול מיט די אויסדרוקן און אַרײַנפֿירן, וואָס זײַנען אַזוי טיפּיש געוואָרן פֿאַר דער שפּעטערדיקער ייִדישער פֿאָלקסטימלעכער מעשיות=ליטעראַטור: „מעשה בחכם אחד", „מעשה באשה", „מעשה בחסיד", „מעשה בזקנה", „מעשה בנכרי" אאַז"וו. דאָס רוב מאָראַלישע סענטענצן און אויסדרוקן זײַנען אויך אײַנגעטונקט אין ספּורי מעשיות. ווייזט אַ שטייגער, דער „ספר חסידים" אָן, אַז ערב שבת איז אַ מצווה זיך צו באַשעפֿטיקן אויסשליסלעך נאָר מיט „צרכי שבת", ברענגט ער תּיכּף דערבײַ אַ מעשה: „מעשה באשה אחת, ס'איז געווען אַמאָל אַ ייִדענע, פֿלעגט זי אינם ערב שבת זיך פֿאַרנעמען מיט שפּינען פֿלאַקס און זיך ניט געהעריק אָפּגעבן „בצרכי שבת". איז נאָך איר טויט האָט איינער אין חלום געזען, ווי די אויגן און די הענט פֿון דער דאָזיקער ייִדענע ווערן געברענט אויף בינטלעך פֿלאַקס. האָט ער געפֿרעגט: „פֿאַרוואָס קומט דאָס איר אַזוי?" האָט מען אים געענטפֿערט: „אָט דערפֿאַר, וואָס זי פֿלעגט אינם ערב שבת פֿלאַקס שפּינען און פֿלעגט זיך ווייניק אָפּגעבן מיטן שבת צוגרייטן"[2]. וואָרנט ווייטער דער „ספר חסידים", אַז בחורים דאַרפֿן ניט טאַנצן מיט מיידלעך צוזאַמען, ווערט טאַקע תּיכּף, „ליתר תוקף", געבראַכט אַ זייער טיפּישע פֿאָלקסמעשה: „מעשה באדם אחד, איינער איז אַמאָל געריטן איינער אַליין בײַנאַכט אין מדבר בײַם שײַן פֿון דער לבנה. האָט ער פּלוצלונג דערזען אַ גרויסע מחנה פֿון אַ סך וואָגנס, די וואָגנס זײַנען אָנגעזעצט מיט מענטש[ן]

[1] דאָרטן, סי' 1017. [2] דאָרטן, סי' 122.

און ווערן אויך געשלעפט פון מענטשן... אַז ער איז צוגעקומען נענטער, האָט ער דערזען, אַז דאָס זיינען לויטער מתים. פרעגט ער ביי זיי: „וואָס שלעפט איר עס גאַנצע נעכט די אַלע וואָגנס?" האָבן יענע אים געענטפערט: „דאָס איז די שטראָף פאַר אונזערע זינד, וואָס ביים לעבן פלעגן מיר שפּילן און טאַנצן מיט מיידלעך און פרויען" [1]. דער „ספר חסידים" וואָרנט שטאַרק מען זאָל ניט נכשל ווערן דורך דעם יצר-הרע צו פרויען, און אויך דערביי ווערט גלייך געבראַכט אַ מעשה: „לערנט זיך אָפּ ביי די חסידי אומות העולם — ווייזט אָן דער „ספר חסידים" — עס איז געווען אַ שר און אין זיין שטאָט פלעגט יעדעס יאָר פאָרקומען אַ גרויסער יריד... פלעגן אַהין זיך צונויפקומען פיל פרויען פון זנות און איבער זיי אַלע איז געווען אַן עלטערע אָנגעשטעלט. האָט דער שר באַפוילן צו זיין געהילף: „גיי צו דער דאָזיקער עלטסטער פון די גאַסן-פרויען און זאָג איר צו אַז דו וועסט איר און אַלע פרויען באַצאָלן מער וויפל זיי רעכענען צו פאַרדינען אין משך פונם גאַנצן יריד. דינג פאַר זיי אָפּ אַ באַזונדער הויז, באַזאָרג יעדע פון זיי מיט אַ באַזונדער בעט, ריין וועש און גוטן מיטאָג, און האַלט זיי מיט אַלעמען אוים די גאַנצע צייט פונם יריד". אָט אַזוי פלעגט זיך דער שר נוהג זיין יעדן יריד" [2].

„אַ מענטש — לערנט דער „ספר חסידים" — דאַרף ניט זיין קיין כעסן און קיין קפדן". און טאַקע גלייך דערביי ווערט געבראַכט אַ מעשה וועגן איינעם, וואָס זיין פאָטער האָט אים אָנגעזאָגט פאַרן טויט, אַז ווען ער וועט שטאַרק אין כעס ווערן, זאָל ער למען-השם „איבערוואַרטן אַ נאַכט" און ערשט אין דער פרי טאָן דאָס, וואָס ער האָט בשעת כעס בדעה געהאַט צו טאָן. דער זון האָט פאַרשפּראָכן מקיים זיין די צוואה פונם פאָטער. דער-ציילט דער „ספר חסידים" ווי אַזוי דער דאָזיקער מענטש האָט אַמאָל חושד געווען זיין פרוי, אַז זי האָט געפעלשט אין אים, האָט ער בשעת כעס שיר ניט אומגעבראַכט אי זיין אומשולדיקע פרוי אי זיין אייגענעם זון, האָט ער זיך אָבער דערמאָנט אינם פאָטערס באַפעל; ביז אין דער פרי איז אָבער אַלץ קלאָר געוואָרן, דער מענטש האָט זיך איבערצייגט אין זיין טעות, און אַלע זיינען געווען איבערגליקלעך [3].



[1] דאָרטן, סי' 169. [2] דאָרטן, סי' 179. [3] דאָרטן, 655.

# פערטער קאַפּיטל.

**די ערשטע מיסטישע שטרעמונגען ביי יידן. — דער „ספר יצירה" און די „יורדי מרכבה". — זייער לערע און וועלטאַנשויונג. — די מיסטישע לערע ווערט איבערגעטראָגן פון מזרח־לאַנד אין דער ריין־געגנט. די רדיפות און צרות פאַרשטאַרקן די מיסטישע שטרעמונגען. יהודה חסיד אַלס מיסטיקער. — אלעזר פון וואָרמס און זיין שאַפן.**

דער „ספר חסידים", וואָס איז געוואָרן אַזוי באַליבט ביים פאָלק, איז ענג פאַרבונדן מיטן נאָמען פון ר' יהודה חסיד. אין געדעכעניש פונם פאָלק איז ער פאַרבליבן אַלס דער איינציקער באַשעפער פונם באַליבטן מוסר־ספר, און די פאָלקס־פאַנטאַזיע האָט זיין נאָמען באַקרוינט מיט דעם פיל־פאַרביקן קראַנץ פון ווונדערבאַרע לעגענדן. אַן אַלטע אַגדה דערציילט, אַז נאָך איידער דער דאָזיקער געטלעכער מאַן האָט די וועלט דערזען, זיינען שוין צוליב אים גרויסע ווונדער געשען. די מוטער זיינע, בעת זי איז מיט אים געווען מעוברת, איז אַמאָל פאַרביי־געגאַנגען די ווייבערשע שול אין וואָרמס; פּלוצלינג איז אין דעם ענגן געסל אָנגעפאָרן אַ שווערער לאַסט־וואָגן און האָט די שוואַנגערע פרוי צוגעדריקט פעסט צו דער וואַנט. איז דעמאָלסט אַ נס געשען: אין דער וואַנט האָט זיך מיטאַמאָל אַ וועלבונג געבילדעט און די פרוי איז דורך דעם ניצול געוואָרן [1]. לויט דער פאָלקס־לעגענדע איז ר' יהודה חסיד געווען אַ ווילדער עם־הארץ [2], ער האָט אַפילו דאַוונען ניט געקענט, און פלעגט גאַנצע טעג אַרומלויפן מיטן פייל־און־בויגן אין דער האַנט. אַמאָל איז געזעסן ר' שמואל חסיד (ר' יהודהס פאָטער) און האָט געלערנט מיט זיינע תלמידים: פּלוצלונג לויפט אַריין יהודה חסיד און הייבט אָן וואַרפן פיילן. זיינען די תלמידים ברוגז געוואָרן און זאָגן צום

1 די זעלבע לעגענדע נאָר אין אַ גאַנץ אַנדערן וואַריאַנט ווערט געבראַכט אינם באַקאַנטן „שלשלת הקבלה": „וקבלתי מחכמי הדור כי בלכת רבנו יהודה החסיד לכנסת עבר קרון א' מאחורי ב"ה בהיותו שם והקרון הזה לוחצו מאוד ונעשה לו נס ופתח הקיר את פיו וקבלהו בתוכו וניצל, ועדיין נראה הרושם ההוא".

2 די זעלבע לעגענדע ווערט דערציילט אויך וועגן אַנדערע גדולים, צ"ב וועגן דעם רמב"ם.

רבין: „דו ביסט אַ גרויסער צדיק און למדן, דיינע אָבות זיינען אויך גרויסע למדנים געווען, און דיין זון איז אַזאַ עם=הארץ און פאַרנעמט זיך מיט אַ מלאכה פון גזלנים". האָט ר' שמואל גרויס עגמת=נפש געהאַט און זאָגט צו זיין זון יהודה: ווילסטו לערנען? ענטפערט יענער: יאָ. איז ר' שמואל אַוועקגעגאַנגען מיט זיין זון יהודה אין בית=המדרש אַריין און אים אַנידערגעזעצט לעבן זיין עלטערן זון אַברהם. האָט ר' שמואל אַרויסגעבראַכט פון זיין מויל אַ הייליקן „שם", איז דאָס גאַנצע בית=המדרש פול געוואָרן מיט אַזאַ בלענדנדיק ליכט, אַז אַברהם, דער עלטערער זון, האָט געמוזט דאָס פּנים צודעקן, נאָר יהודה איז זיך גאַנץ רויק זיצן געבליבן. האָט ר' שמואל אַרויסגעזאָגט נאָך אַן אַנדער שם, האָט אַברהם ניט אויסגעהאַלטן און האָט זיך איבערגעדעקט מיטן פאָטערס מאַנטל, און יהודה האָט בלויז דעם קאָפּ איינגעבויגן. האָט דאַן ר' שמואל אויסגערופן: „אַברהם, מיין זון! דאָס מזל פון היינטיקער שעה שיינט באַזונדערס פאַר דיין ברודער יהודה. ווייס, מיין זון, דו וועסט זיין אַ גרויסער למדן און אַ ראש=ישיבה, פאַר דיין ברודער אָבער וועלן זיין אָפן אַלע פאַרבאָרגענע סודות פון חכמת הנסתר און אַנטפּלעקט וועט זיין פאַר אים אַלץ, וואָס ס'טוט זיך אויפן הימל און אויף דער ערד"[1].

פאַקטישע ידיעות וועגן ר' יהודהס לעבן זייַנען זייער ווייניק באַקאַנט. מען ווייס בלויז, אַז זיינע תלמודישע ידיעות האָט ער צו פאַרדאַנקען זיין רבין, רבנו תם באַליבטן תלמיד, ר'יצחק בר שמואל[2], און אַז אינם יאָר 1195 האָט ער געגרינדעט זיין באַרימטע ישיבה אין רעגענסבורג. אָט אין דער דאָזיקער ישיבה האָט עס אויפגעבליט די אייגנאַרטיקע מיסטישע לערע (חכמת הנסתר), וואָס ס'האָט זי צום ערשטן פאַרפלאַנצט אין דייטשלאַנד ר' שמואל החסיד, און שוין ביי זיין זון, בפרט אינם דור פון זיין זונס תלמידים, האָט זי געוועלטיקט איבער די יידישע הערצער און פאַרנומען אַ בכבודיקן אָרט אין דער יידישער קולטור. די ערשטע זאַמען פון דער דאָזיקער לערע דאַרף מען זוכן נאָך גאָר אין די אַלטע דורות. עס איז קיין שום ספק ניט, אַז אויסגעשפּראָצט און יניקה געשעפּט האָבן די ערשטע אידעען פון דער „חכמת הנסתר" אין די מזרח=לענדער, אין בבל און אין ארץ=ישראל. סימנים פון די דאָזיקע שטרעמונגען געפינען זיך שוין אין תלמוד בבלי און אין תלמוד ירושלמי, אין די פאַרבליבענע רעשטן פון דער

1 זע „מעשה=בוך", ז' 48, רעדעלסהיימער אויסגאַבע (ציטירט לויט גרינבוים, „יוד' חרעסטאָמאַטע", 9—418). „ספר מעשיות", ברילס „יאַהרביכער", XI, 32.

2 זע וויס, „דור דור ודורשיו", חלק ד', 310 (נאָך דער אויסגאַבע פון 1904).

ליטעראַטור, וועלכע דיאַסימ[1] האָבן געשאַפן, און אויך אין די פיל ספרי פליאות און מיסטישע שריפטן, וואָס זיינען אַנטשטאַנען אין בבל אין דער תקופה פון די גאונים. שוין אין דער צייט פון בית שני האָט מען אין די שולן פון די אַסימ און פון די גאָטפאָרשער, די גנאָסטיקער (יודעים) זיך שטאַרק באַשעפטיקט מיט אויסטייטשן און ערקלערן די געוויסע שטעלן פון ספר יחזקאל[2], וו עס ווערט באַשריבן און געשילדערט אין אַלעגאָרישע בילדער גאָטס רייטוואָגן („מעשה מרכבה”). מען האָט דאָרט געזוכט טיפע סודות און רמזים וועגן זייער הויכע ענינים, אַרויסגעפונען פילע פאַרבאָר־גענע נעמען פון דער פמליא של מעלה, און מאַכע אויך חידושמדיקע „שמות”, ווונדערבאַרע פאַרהוילענע געטלעכע נעמען, וואָס מיט זייער הילף קען מען אַריינדרינגען איגם סוד פון „מעשה בראשית” — פון וועלט־באַשאַפן. שוין אין תלמוד ווערן אָפט דערמאָנט פירושים אויף „מעשה מרכבה”. עס ווערט דאָרט אויך פיל גערעדט וועגן די סודות, וואָס ליגן פאַרבאָרגן אין פאַרשיידענע פאַרבינדונגען פון ווערטער און צאָלן, וועגן די גרויסע ניסים, וואָס קענען געטאָן ווערן דורך „צרופי אותיות” , דורך קאָמבינירן און צוזאַמענהעפטן די אותיות פון גאָטס הייליקן נאָמען; וואָרעם גאָט ברוך־הוא גופא האָט דאָך אויך הימל און ערד באַשאַפן דורך דער קראַפט פונם שעפערישן וואָרט[3].

עס איז קיין ספק ניט, אַז נאָך צוויי הונדערט יאָר פאַר חורבן בית שני זיינען שוין ביי די יידישע גנאָסטיקער געווען געוויסע מיסטישע שריפטן מיט באַשטימטע כללים און אָנווייזונגען, ווי אַזוי אַריינצודרינגען אין די טיפע סודות פון „צרופי אותיות”, בכדי צו זיין אימשטאַנד זיך באַנוצן פאַר באַשטימטע צוועקן מיט דער גרויסער קראַפט, וואָס ליגט פאַרבאָרגן אין די בוכשטאַבן און צייכנס פון גאָטס הייליקן נאָמען. דאָס עלטסטע העב־

---

1 אַן אַסקעטיש־עטישע כיתה (סעקטע), וואָס האָט געשפּילט אַ געוויסע ראָלע אינם יידישן אידעען־לעבן אין די לעצטע צוויי הונדערט יאָר פונם בית שני.

2 יחזקאל, קאַפּיטלען: 1, 10, 43.

3 זע סנהדרין, דף סה עמ"ב; דף סז עמ"ב ברכות, דף נה, עמ"ב אאַז"וו. חוץ דער השפעה פון בבל איז אין די דאָזיקע מיסטישע אָנשויונגען צו דערקענען אויך די ווירקונג פון גריכישע און עגיפּטישע עלעמענטן. ביי די תנאים, צום ביישפּיל, ווערט אָפט איבערגעחזרט דער זאַץ: בעשרה מימרות נברא העולם" — מיט צען מימרות האָט גאָט די וועלט באַשאַפן. אין דעם אויסדרוק „מימרא" (וואָרט־אויסשפּרוך) ווערט דאָ געגעבן כמעט דער זעלבער סימבאָלישער באַגריף ווי אינם וואָרט „לאָגאָס", וואָס שפּילט אַזאַ באַדייטנדע ראָלע אין דער רעליגיעז־פילאָזאָפישער סיסטעם פון פילין, דעם יידישן דענקער אויס אַלכסנדריה (ידידיה האלכסנדרוני). מער באריכות — אינם פערטן טייל פון אונזער ווערק.

רעזשע ווערק, וואָס מיר באַזיצן, אין וועלכן עס ווערן באַהאַנדלט פילאָזאָפיש=מיסטישע פּראָבלעמען צוזאַמען מיט דער פראַגע וועגן „מעשה בראשית" — וועגן דעם סוד פון וועלטן=באַשאַפונג, איז דער אַלט=באַקאַנטער „ספר יצירה".

דאָס דאָזיקע באַרימטע ווערק, וואָס האָט געהאַט אַזאַ גוואַלטיקע השפעה אויף דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פונם יידישן רעליגיעז=פילאָזאָפישן געדאַנק, איז, ווי דער „ספר הסידים", אויפגעהיט געוואָרן אין צוויי וואַריאַנטן [1], נאָר ביידע זיינען שטאַרק פאַרגרייזט, און דאָס מאַכט נאָך טונקעלער און שווער=פאַרשטענדלעכער דעם טעקסט פונם בוך, וואָס איז אַזוי אויך אָנגעשריבן מיט אַ האַרבער מיסטישער שפּראַך, פול מיט רמזים און סודות. גאָר דווקא די האַרבע און טונקעלע שפּראַך האָט נאָך מער פאַרגרעסערט די חשיבות פון דעם ספר [2], מען האָט גערעכנט, אַז ער שטאַמט פון גאָר אַלטע, קדמונישע צייטן און אַלס מחבר פונם ספר האָט געגאָלטן אַברהם אָבינו אַליין [3]. אַלע גדולי ישראל האָבן זיך פאַרהאַלטן צום „ספר יצירה" מיטן גרעסטן יראַת=הכבוד. מענטשן פון פאַרשיידענע וועלט=אָנשויונגען: דער פשרה=מאַכער סעדיה גאון, דער נעאָפּלאַטאָניקער גבירול, דער עקלעקטיקער שבתי דונולו, מיסטיקער פון פאַרשיידענע תקופות, פון ר' אלעזר בעל „הרוקח" און דעם רמב"ן ביז דעם ווילנער גאון ר' אליהו — אַלע האָבן זיי געשריבן פירושים אויף דעם דאָזיקן ספר און זיך געשטיצט אויף אים, ווי אויף דעם גרעסטן בר=סמכא.

דער „ספר יצירה" איז ניט קיין גאַנץ בוך מיט אַן איינהייטלעכן סטיל; עס זיינען אין אים צונויפגעפלאָכטן דריי פאַרשיידענע טעמען: 1) די אידעע וועגן געטלעכער השפעה, וואָס אויס איר האָט זיך שפּעטער אַנטוויקלט די לערע פון אצילות (עמאַנאַציע), וועגן וועלכער עס וועט נאָך ווייטער גערעדט ווערן באַריכות; 2) די לערע מכוח דער „גרויסער

1 ביידע וואַריאַנטן, איינער אַ קירצערער און דער אַנדערער אַ לענגערער, געפינען זיך אין כתב=יד אין מאַנטוא (איטאַליע). פון זיי ביידע שטאַמען די טעקסטן פון די געדרוקטע אויסגאַבן פון „ספר יצירה" (זע א. עפשטיין אין „מאָנאַטשריפטען", ב' 37, ז' 226; ב' 39, ז' 6 און 135; שם טוב, „ספר אמונות", 39b; א. יעלינעק, „ביטרענע" 15; (M. Lambert, Commentaire sur le Sefer Jezira Iner, IV — VI

2 לויט דער השערה פון אברהם עפשטיין („החוקר", II, ז' 1 — 5), איז געווען נאָך אַ דריטער שפּעטערדיקער וואַריאַנט, וועלכן עס האָבן שטאַרק באַנוצט די דייטשע מיסטיקער פון ר' יהודה חסידס חדר.

3 זע, למשל, „כוזרי" IV, סי' 25. די לעגענדע נעמט זיך דערפון, וואָס אין דער לעצטער „משנה" פון „ספר יצירה" ווערט טאַקע אָנגעוויזן, אַז די דאָזיקע מיסטישע תורה האָט גאָט ברוך הוא מגלה געווען אברהם אבינון.

וועלט" (מאַקראָקאָסם) פון שטערן און פּלאַנעטן, אין צוזאַמענהאַנג מיט דער „קליינער וועלט" (מיקראָקאָסם) — מיטן געבוי פונם מענטשלעכן קערפּער; 3) די מיסטישע לערע וועגן דער גרויסער באַשאַפנדיקער קראַפט, וואָס שטעקט אין „צרופי אותיות".

לויט דעם „ספר יצירה" איז דער איינציקער יסוד פון דער גאַנצער „מעשה בראשית" — גאָטס גייסט, וואָס אויס אים האָבן אָן אַ שום זייטיקע הילף „אַרויסגעשטראַלט" (עמאַנירט) צען ספירות[1]. „זייער סוף איז פאַרבונדן מיטן אָנהייב, ווי דער פלאַם מיט דער קויל"[2]. קודם־כל ווערן די „עשר ספירות" באַטראַכט אַלס דער חלל פון דער וועלט, אַלס יסוד פון רוים און פאַרנעם, וואָס ערשט דורך זיי ווערט באַשאַפן די מעגלעכ־קייט, זאַכן און באַשעפענישן זאָלן קענען מ י ט ע ק ס י ס ט י ר ן, ד"ה גלייכצייטיק פאַרנעמען אַן אָרט יעדעס באַזונדער. חוץ די זעקס „טיפענישן", וואָס זיינען פאַרבונדן מיט די זעקס[3] מעסט־ריכטונגען „שאין להם סוף", וואָס האָבן ניט קיין עק און קיין גרונד, — רעכנט דער „ספר יצירה" אויס נאָך פיר „טיפענישן": די טיפענישן פון אָנהייב און סוף, דאַן פון גוטס און פון שלעכטס. איבער די אַלע צען „טיפענישן" געוועלטיקט פון אייביק אָן דער „איינציקער האַר"[4]. דאַן גייט אַ ווייטערדיקער פירוש אויף דעם מהות און באַדייט פון די צען ספירות. די ערשטע ספירה, דאָס איז דער רוח הקודש, דער „גייסט פונם לעבעדיקן גאָט", וואָס אַנטפּלעקט זיך „דורכן קול, גייסט און וואָרט"[5]. פון דער ערשטער ספירה שטראַלט אַרויס (ווערט „נאֶצל", עמאַנירט) דער „גייסט", ד"ה די „לופט" פון וועלכער עס זיינען באַשאַפן געוואָרן די 22 אותיות פון דער תורה און אויך דער יסוד פונם וואַסער; און ערשט פונם וואַסער האָבן זיך געבילדעט די ערד און דאָס פייער. די לופט, דאָס וואַסער און דאָס פייער — זיי זיינען עס די קדמונישע יסודות, די ערשטע סובסטאַנצן, וואָס אויס זיי איז ערשט אַנטשטאַנען אַלץ, וואָס עקסיסטירט. די עמבלעמען און צייכנבילדער פון די דריי גרונט־שטאָפן זיינען די דריי גרונט־אותיות, די דריי „מוטערס"

1 וועגן דער אַנטשטייונג פון וואָרט „ספירה" זיינען פאַראַן חלוקי דעות. אייניקע רעכענען, אַז עס נעמט זיך פונם וואָרט „סַפּוּר" ציילן; אייניקע ווידער דרינגען זיך, אַז עס שטאַמט פונם פרעמד־וואָרט: ספעראַ; אַ קאַבאַליסט פון XIII יאָרהונדערט, דער מחבר פונם קבלה־ספר „מערכת אלהים", רעכנט גאָר, אַז עס שטאַמט פונם וואָרט סַפִּיר (אַ טייערער שטיין).

2 „ספר יצירה", פרק א׳ משנה ז׳: „עשר ספירות בלימה נעוץ סופו בתחלתו כשלהבת קשורה בגחלת".

3 צו צוויי אין יעדער ריכטונג: אין דער לענג, ברייט און הייך.

4 „ספר יצירה", קאַפּ׳ I, משנה ה׳.

5 דאָרטן, קאַפּ׳ II, משנה ו׳.

(אָמות) פונם אַלעף־בייז: אׄ מׄ שׄ. די שטומע מעם (מ׳ דוממות), מיט וועלכער עס הייבט זיך אָן דאָס וואָרט „מַים", איז דאָס עמבלעם פון וואַסער, אין וועלכן עס לעבן די שטומע פיש; די „זידנדיקע שין" (ש׳ שורקת), וואָס איז דאָך דער גרונד־אות פונם וואָרט „אש", דערמאָנט אינם זידנדיקן פייער; און די אומפאַסבאַרע אַלעף, דער ערשטער אות פונם וואָרט „אויר", איז דער סימבאָל פון דער אומפאַסבאַרער לופט[1].

די ווייטערדיקע אותיות פונם אַלף־בית פאַרבינדט דער „ספר יצירה" שוין ניט מיט די ערדישע יסודות, נאָר מיט די שטערן און פּלאַנעטן. די זיבן טאָפּלטע אותיות זיינען קעגן די זיבן פּלאַנעטן (שבעה כוכבי לכת), זיבן טעג אין דער וואָך און זיבן עפענונגען אינם מענטשלעכן קערפער און מיט דער הילף פון די צוועלף פשוטע אותיות זיינען באַשאַפן געוואָרן די 12 מזלות[2]. אמת, אוים דעם טונקעלן טעקסט פונם „ספר יצירה" איז ניט גאַנץ קלאָר, וואָס פאַר אַ שייכות די 22 אותיות פון דער תורה האָבן צו די 10 ספירות, און וואָס פאַר אַ ראָלע עס האָט געשפּילט יעדער פון זיי בשעת „מעשה בראשית", בעת פון די פשוטע יסודות, פונם לעבלאָזן און פאַרמלאָזן תוהו־ובוהו זיינען גולד געוואָרן לעבעדיקע פאָרמען, פול מיט סדר און אָרדענונג. איינס איז יעדנפאַלס קלאָר, אַז לויט דער וועלט־אָנשויונג פון דעם „ספר יצירה" ווערן די אותיות און צאָלן, די עלעמענטן און בוי־מאַטעריאַל פון גאָטס שעפערישן וואָרט, — באַטראַכט ניט נאָר אַלס סימבאָלן, נאָר טאַקע אַלס די גרונד־פאָרמען פון אַלץ, וואָס עקסיסטירט. שוין אויפן ערשטן בלאַט פון „ספר יצירה" ווערט גערעדט וועגן די „צוויי־און־דרייסיק ווונדערבאַרע וועגן פון חכמה, וועלכע גאָט דער אַלמעכטיקער האָט געגרינדעט"[3], און אין די פאַרלעצטע צוויי משנות ווערט דערציילט וועגן דעם גרויסן סוד, ווי אַזוי פון די צוויי־און־צוואַנציק אותיות ווערן גאָטס הייליקע נעמען צונויפגעשטעלט, וואָס מיט זייער קראַפט „האָט גאָט זיין גאַנצע וועלט אויפגעבויט, באַשאַפן אַלע באַשעפענישן און אַלץ, וואָס דאַרף ערשט און וועט ערשט געבוירן ווערן"[4].

---

1 דאָרטן, פרק ג׳, משנה א׳.

2 דאָרטן, פרק ה׳, משנה ג׳.

3 דאָרטן, פרק א׳, משנה א׳: „בשלשים ושתים נתיבות פליאות הכמה חקק יָהּ ד׳ צבאות. די צען צאָלן צוזאַמען מיט די 22 אותיות זיינען עס די 32 וועגן פון חכמה און זיי אַלע פאַראייניקן זיך אין זייער איינציקן מקור — אין גאָט.

4 דאָרטן, פרק ו׳ משנה ה׳: „אלו הם עשרים ושתים אותיות שבהן חקק... ברא מחם את כל עולמו וצר בהם את כל היצור ואת כל העתיד לצור". חוץ דעם „ספר יצירה", זיינען אויפן באָדן פון בבל און פּאַלעסטינע באַשאַפן געוואָרן נאָך אַ ריי אַנדערע מיסטישע ביכער, ווו די אותיות ווערן באַטראַכט אַלס סימבאָלן און גרונטשטאָף פון אַ ל ץ וואָס עקסיסטירט, ווי למשל: „מדרש אלפא ביתא דרבי עקיבא" און אַנדערע.

עס וועט אונז נאָך ווייטער אויסקומען זיך לענגער אָפּצושטעלן אויף דער, אין דער געשיכטע פון מענטשלעכער קולטור אינטערעסאַנטער ערשיינונג, וואָס ביי די פאַרשיידנסטע פעלקער איז אַזוי שטאַרק געווען דער גלויבן אין דער מיסטישער קראַפט און גרויסן באַטייט פון דעם וואָרט גופא, פון די אותיות, וואָס אויס זיי אַנטשטייט דער נאָמען, דער באַגריף, דער סימבאָל. דערווייל וועלן מיר דאָ בלויז אָנווייזן אויף די אייגנאַרטיקע פאַרבונג, וואָס ס'האָט באַקומען אָט דער גלויבן אין דער סודותדיקער קראַפט פון די אותיות, אויס וועלכע גאָטס נאָמען ווערט צונויפגעשטעלט — ביי אַ ווייניק באַקאַנטער, נאָר זייער אינטערעסאַנטער גרופּע יידישע רעליגיעזע מיסטיקער, וועלכע האָבן געלעבט אין בבל אין דער צייט פון די גאונים. מיר האָבן גאַנץ קנאַפּע ידיעות וועגן דער דאָזיקער גרופּע, וואָס איז געווען אָרגאַניזירט אין אַ מין אָרדען און האָט געטראָגן דעם כאַראַקטעריסטישן נאָמען „יורדי מרכבה“ (די וואָס לאָזן זיך אַראָפּ פון גאָטס רייטוואָגן). מיר האָבן אָבער פון זיי אַלם ירושה אַ ליטעראַרישן דענקמאָל, וועלכער האָט געהאַט אַ באַדייטנדיקע השפּעה אויף די רעליגיעז=מיסטישע אָנשויונגען פון דעם אייראָפּעישן יידישן קיבוץ. דער דאָזיקער דענקמאָל איז — דער מדרש „היכלות רבתי“, וואָס איז אויך באַקאַנט אונטער אַ סך אַנדערע נעמען [1].

דער „היכלות רבתי“ איז אָנגעשריבן געוואָרן אין אַ התלהבותדיקן, מיסטיש=פּאָעטישן, נאָר זייער אומגלייכמעסיקן סטיל. שטורמיש=פייערדיקע השתפכות הנפש, הייסע האַרציקע תפילות פול מיט באַגייסטערונג און ברענענדיקן פּאַטאָס, זיינען דאָרט צוזאַמענגעפלאָכטן מיט טונקעלע און אומפאַרשטענדלעכע השבעות, מיט אַ גאַנצן תוהו=ובהו פון קלאַנגען און הברות, וואָס פון זיי ווערן צונויפגעשטעלט די האַרבע און משונהקלינגענדיקע נעמען פון גאַנצע חיילות מלאכים, וואָס רינגלען אַרום די „מרכבה“ — גאָטס רייטוואָגן. אַ כאַראַקטעריסטישע סטיל=אייגנאַרט פון דעם דאָזיקן אינטערעסאַנטן ווערק, איז די גרויסע חולשה צו באַצייכענונגען און עפּיטעטן. ווערן, למשל, דערמאָנט הימלישע רייטער, וואָס טראָגן זיך איבער די הימלען אויף פייערדיקע פערד, ווערט דער „היכלות רבתי“ ממש ניט מיד אויסצורעכענען, וואָס פאַר אַ מיני פערד דאָס זיינען געווען: „זייערע פערד זיינען פערד פון פינסטערניש, פערד פון טויט=שרעק, פערד

---

1 דער דאָזיקער מדרש איז אויך באַקאַנט אונטער די נעמען: „ספר היכלות“, „ברייתא דר׳ ישמעאל“, „פרק דר׳ ישמעאל“, „פרק מרכבה“, „מעשה מרכבה“, „ספר המרכבה“, „הלכות רבתי“. דאָס ווערק איז פאַרעפנטלעכט אין יעלינעקס „בית המדריש“, III, ז׳ 83 — 108 און 163 — 161.

פון שווארצער נאכט, פערד פון פייער, פערד פון בלוט, פערד פון שטורם, פערד פון אייזן, פערד פון גרויל״[1].

בכדי אנגענומען צו ווערן אלס מיטגליד אין דער חברה „יורדי מרכבה״, האט מען געמוזט אויסשטיין זייער שווערע נסיונות: צוועלף טעג נאכאנאנד האט מען געמוזט זיצן ביחידות אויף איין ארט אן עסן און אן טרינקען, די אויגן געווענדט אויף א באשטימטן פונקט, און אן אויפהער זאגן תפילות. דער בעל-תשובה קומט דורך דעם אין אלע גרעסערן עקסטאז, בילעכוויז פאנגט ער אן איינצופלעכטן אין די תפילות ספעציעלע השבעות, וואס זיינען פול מיט נעמען פון גאנצע כיתות מלאכים, און אין יעדן נאמען באזונדער איז פארבארגן א רמז אויף א הייליקן „שם״[2]. אט דעמאלסט, ווען דער נייער מיטגליד פון דער חברה דערגרייכט צו דער דאזיקער הויכער מדרגה, ווערט פאר אים אנטפלעקט דער גרויסער סוד, דער „רז של תורה״, וואס ליגט באהאלטן אין גאטס אוצרות פון „ימי בראשית״ אן [3], און די גאנצע וועלט גארט און גלוסט נאך אים ווי נאך איר שענסטן צירונג און טייערסטער קרוין (דארטן, ז׳ 106).

„פרייט זיך, איר דיגער מיינע! איר, פאר וועמען עס האט זיך אנטפלעקט דער סוד פון מיינע פארבארגענע אוצרות! פון אייך קומט די ישועה פאר דער גאנצער וועלט, און גרוים און אומבאגרענעצט איז אייער מאכט!״[4]. פאר די אפענע אויגן פון די „יורדי מרכבה״ זיינען קיין סודות נישטא. פאר יעדער מיטגליד פון דער חברה איז גלוי וידוע אלץ, וואס עס קומט פאר פארן כסא הכבוד און וואס עס וועט און דארף פארקומען. פאר קיינעם פון זיי זיינען מער קיין סודות נישטא, פאר זיי ליגן אנטפלעקט אלע מענטשלעכע מעשים, סיי אפענע, סיי פארבארגענע, הן גוטע, הן שלעכטע (דארטן, ז׳ 83). ווער ס׳האט די העזה אויף א „יורדי מרכבה״-מיטגליד אויפצוהויבן א האנט, אדער זאגן אויף אים רכילות, — דער איז א פארפאלענער אויף אייביק. גרוים און געוואלדיק איז די מאכט פון דעם, וואס ס׳האט די זכיה צו זען די „מרכבה״ אליין, פאר וועמעס אויג ס׳איז אנטפלעקט אלץ, וואס קומט פאר אין די הימלישע היכלות...

„זיי, די „יורדי מרכבה״, זיינען מבטל שטרענגע גזירות. זיי מאכן צו נישט די הארבסטע שבועות, שטילן דעם צארן, צעשטערן די קנאה און

---

1 „סוסיהם סוסי שחק, סוסי צלמות, סוסי אפילה, סוסי אש, סוסי דם, סוסי ברד, סוסי ברזל, סוסי ערפל״.

2 „בית המדרש״, III, ז׳ 107. די דאזיקע השבעות דארף מען איבערחזרן 112 מאל. וועגן פערסישער השפעה זע אין יעלינעקס פאררעדע, ז׳ XXI.

3 „גנוז מימות עולם ומימי בראשית״.

4 דארטן, ז׳ 105.

דערמאָנען פאַר זייער קיניג די גרויסע ליבשאַפט פון אַברהם אָבינו. ווען זיי דערזעען, אַז דער פאָטער אין הימל איז דערצאָרנט אויף זיינע קינדער, ווייסט איר, וואָס זיי טוען? זיי וואַרפן אַראָפּ זייערע קרוינען, מאַכן לויז זייערע לענדן, שלאָגן זיך אין קאָפּ און פאַלן אויף די פּנימער און שרייען: דערלויב, דערלויב, דו באַשעפער פון דער וועלט! פאַרגיב, פאַרגיב, דו שטיצע פון יעקבן! מחילה, מחילה, דו קדוש ישראל, דו שטאַרקער גרויסער קיניג" [1].

די תפילה, דאָס געבעט פאַר גאָט, האָט פאַרנומען אין די תקנות פון דער חברה „יורדי מרכבה" דעם בכבודיקסטן אָרט; אין איר האָבן זיי געזען דעם יסוד, דעם קיום פון דער וועלט.

„ווייל איז דעם פאָלק ישראל, וואָס זיינע קינדער זיינען חשובער ביי גאָט פון די מלאכי השרת. בעת די מלאכים ווילן די ערשטע זאָגן שירה פאַר גאָט, רינגלען אַרום דעם כסא=הכבוד טייכן פון פייער און שטראָמען פון פלאַם, און גאָט ברוך=הוא זאָגט צו די מלאכים: שווייגט שטיל, יעדער באַזונדער, איר אַלע מלאכים, שרפים און אופנים, וואָס איך האָב באַשאַפן! איך וויל פריער הערן דאָס געזאַנג און געלויב פון ישראל, מיינע קינדער!" [2]. און עס שטייען און וואַרטן אַלע פמליות פון מלאכים, זיי האַלטן זיך אויף מיט זייער געזאַנג, ביז די קינדער פון ישראל הייבן אָן תפילה צו טאָן; און ווי גאָר עס דערהערט זיך דאָס געשריי פון די בתי=מדרשים: קדוש, קדוש, קדוש! — גלייך דערהויבט זיך דאָס וווּנדערבאַרע געזאַנג פון אַלע מלאכים און אַלע הימלישע שאַרן; אין איין הייליק=מעכטיקן ניגון גיסן זיך צונויף אַלע קולות און טענער פון די הימלישע כלי=זמר, און דורך אַלע הימלישע טויערן פליסן און שטייגן טייכן פון זיסער ליכטיקער פרייד, טייכן פון גליק, טייכן פון ליבע, טייכן פון פרידן, טייכן פון פריינדשאַפט; און דאָס אַלץ שטייגט, פליסט און שטראָמט אַלץ העכער און העכער אַרום דעם כסא=הכבוד" [3].

נישטאָ אין דער וועלט נאָך אַזאַ קראַפט, וואָס זאָל זיך קענען גלייכן צום כּוח פון גאָטס טרייע דינער, ד"ה פון די „יורדי מרכבה", בעת זיי זאָגן זייערע שירות ותשבחות דריי מאָל אין טאָג. ווי נאָר זיי ברענגען אַרויס פון זייער מויל גאָטס הייליקן נאָמען — ווערן אַלע וועלטן פול מיט דעם בלענדנדיקן שטראַלנדיקן ליכט, וואָס שיינט, גלאַנצט און שימערירט פיל שטאַרקער פון אַלע טייערע פינקל=שטיינער אין דער וועלט; וואָרעם גרויס

---

1 היכלות רבתי, פרק י"ב, ז' 92.

2 דאָרטן, ז' 151.

3 „בית המדרש", III, ז' 90.

א בלאט פון דעם מקובל ישעיה בן יוסף ווערק.

און טיף און אומבאַשרייבלעך איז דער הייליקער סוד, וואָס ליגט באַהאַלטן אין דעם „שם", מיט וועלכן הימל און ערד זיינען באַשאַפן [1].

עס הערט זיך גאָטס שטימע, וואָס זאָגט: „געבענטשט זאָלט איר זיין אויפן הימל און אויף דער ערד, איר יורדי מרכּבה, וויבאַלד איר וועט פאַר מיר זאָגן און דערציילן, וואָס איך טו בשעת שחרית, מנחה און מעריב, יעדן טאָג און יעדע שעה, בעת יידישע קינדער זיינען מתפּלל און זאָגן: קדוש, קדוש! לערנט-זשע זיי, דערציילט זיי און זאָגט: הייבט אויף אין אייערע בתּי-מדרשים די אויגן צום הימל בעת איר זאָגט פאַר מיר: קדוש, קדוש! וואָרעם אין דער גאַנצער וועלט, וואָס איך האָב באַשאַפן, האָב איך פון קיין זאַך אַזאַ נחת-רוח ניט, ווי בשעת איר טוט ביי דער תּפילה אייערע אויגן צו די מייניקע דערהויבן און מיינע אויגן זיינען צו אייערע געווענדט... דערציילט זיי אַלעמען, זאָגט עדות וועגן דעם, וואָס איך טו אין דער שעה פון תּפילה מיטן קלסתּר פּנים פון יעקב אייער פאָטער, וואָס איז איינגע-קריצט אין מיין כּסא-הכּבוד. דריי מאָל אין טאָג, בשעת איר רופט צו מיר: קדוש, קדוש! — נויג איך מיך צו זיין בילד, און האַלז אים און קוש אים..." [2]

אַז דער דאָזיקער אייגנאַרטיקער לימעראַרישער דענקמאָל פון די „יורדי מרכּבה" האָט געהאַט אַ גרויסע השפּעה אויף די מיסטישע שטי-מונגען פון דעם אייראָפּעישן יידנטום נאָך אינם 13טן י"ה, דערויף זאָגט עדות יהודה חסידס אַ יינגערער בן-דור, דער מקובל ישעיהו בן יוסף, וואָס שרייבט אין 1227 אַ פּירוש אויף „פּרקי היכלות" און פאַרזיכערט דאָרט, אַז דאָס דאָזיקע ווערק איז דער קוואַל פון אַלע חכמות, און ווער עס באַקענט זיך מיט דעם ווערק, דער דערגרייכט ניט נאָר די בחינה פון „חכם אמת", נאָר ער איז אויך זוכה עס זאָל אויף אים רוען דער רוח נבואה [3].

דער מיסטישער גלויבן אין דער גרויסער מאַכט, וואָס שטעקט אין דער תּפילה און אין דעם גוואַלטיקן רושם, וואָס זי מאַכט אין אַלע עולמות, די פעסטע אמונה אין דער סודותדיקער קראַפט, וואָס ליגט פאַרבאָרגן אין דעם קאָמבינירן און מצרף זיין די אותיות פון גאָטס נאָמען און די שמות פון זיינע מלאכים — דאָס אַלץ האָט איבערגעוואַנדערט פון בבל און די שכנותדיקע לענדער צו די ריינישע קהילות. מיר ווייסן אַפילו גאַנץ באַ-שטימט אויף וואָס פאַר אַן אופן אַט די דאָזיקע אידעען און אָנשויונגען,

---

1 דאָרטן, 90—91: „כי מופלא ומשונה רז גדול הוא שם שנבראו בו שמים וארץ".

2 דאָרטן, 90.

3 וועגן ישעיהו בן יוספס ווערק, וואָס איז געבליבן אין מאַנוסקריפּט, זע ביילאַגן נומ' 2.

וואָס מען האָט זיי אין משך פון דורות געהאַלטן בסוד אין גאַנץ ענגע קרייזן, זיינען סוף־כל־סוף באַקאַנט געוואָרן אין די ווייטע דייטשע מדינות. וועגן דעם גיט גאַנץ קלאָרע ידיעות דער באַקאַנטער תלמיד פון ר׳ יהודה חסיד — ר׳ אלעזר, דער בעל ,,הרוקח״. אין זיין מיסטישן ווערק ,,סוד שכל״, ווו עס האנדלט זיך וועגן די סודות, וואָס זיינען באַהאַלטן אין די תפילות און אין די אותיות פון וועלכע די ווערטער פון די תפילות באַשטייען, דערציילט ר׳ אלזער:

,,איך, אלעזר, האָב מקבל געווען די סודות, וואָס זיינען פאַרבאָרגן אין די תפילות פון מיין פאָטער ר׳ יהודה בר קלונימוס... און אויך פון מיין רבין, ר׳ יהודה חסיד, וואָס אים האָט די דאָזיקע סודות איבערגעגעבן זיין פאָטער ר׳ שמואל. און אַזוי זיינען די סודות איבערגעגאַנגען פון מויל צו מויל, פון דור צו דור און פון גאון צו גאון ביז ר׳ משה בר קלונימוס, וואָס אים מיט זיינע זין האָט דער מלך קאַרלאָ מיטגענומען פון דער שטאָט לוקאַ, וואָס אין לאָמבאַרדיע, קיין דייטשלאַנד. ר׳ משהן, ווידער, האָט די אַלע איבערגעגעבן אבו אהרן, דער זון פון שמואל הנשיא אוים בבל. און דאָרט אין בבל זיינען די סודות איבערגעגאַנגען פון מויל צו מויל פון ר׳ שמעון הצדיק אָן, און ער האָט זיי באַקומען בקבלה פון די זקנים און נביאים. די פריערדיקע דורות האָבן געהאַלטן די דאָזיקע ידיעות בסוד און האָבן זיי אַנטפּלעקט נאָר פאַר געציילטע יחידי סגולה; אַזוי איז עס געווען ביז אין דור פון מיין רבין, ר׳ יהודה חסיד. ער האָט מיר די אַלע סודות איבערגעגעבן או מיר באַפוילן זיי מגלה זיין פאַר די גאָטספאָרכטיקע פון אונזער דור״ [1].

ר׳ אלעזר באַרירט אין דעם זעלבן ווערק נאָכאַמאָל די אייגענע פראַגע

---

[1] זע „מצרף לחכמה״, ז׳ 65 (וואַרשעווער אויסגאַבע, 1890). ר׳ אלעזרס אינטערעסאַנטע מיטטיילונג האָט בשלימות אָפּגעדרוקט נייבויער אינם „לעטטערבאָדע״, X, ז׳ 111 — 113. כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם בעל־הרוקח זיינען די לעצטע שורות פון דער דאָזיקער מעלדונג: „ואכתוב סוד התפלות למען ידע כל אדם מה סוד הברכות ויכון לבו לעבוד ה׳ ביראה ואשריו. והנה עדי וסהדי במרומים שלא דברנו בדברים האלה לא לכבודינו ולא לכבוד בית אבותינו, אלא שלא יחלוק עלינו החוטא בנפשו, כי החולק על זה כחולק על התורה שניתנה בסיני, כי סוד התפלות קיבלנו רב מרב עד נביאים וזקנים וחסידים ואנשי כנסת הגדולה שתקנוה״. דעם אייגענעם געדאַנק, אַז די מיסטישע אידעען זיינען איבערגעגעבן בקבלה פון דור צו דור ביז די אנשי כנסת הגדולה, שטרייכט ר׳ אלעזר אונטער אויך אין זיין ספר רזיאל: „כבר נשלם פירוש חיבור וציור מספר חשבון בקדושת קבלה המקובלת מפי הגבורה למשה מסיני ומסרה ליהושע ויהושע לזקנים וזקנים לנביאים ונביאים מסרוה לאנשי כנסת הגדולה כי הם היו בעלי חכמה, בעלי קבלה, בעלי יראה, בעלי כבוד ובעלי בינה, ועליהם נאמר: סוד ד׳ ליראיו והם גנזוהו בתוך סודות התולדות כי הכל קבלה למשה מסיני״.

און ווייזט דערביי אָן, אַז דער אויבן דערמאָנטער אַבו־אַהרן בן שמואל הנשיא האָט געוואַנדערט פון בבל קיין לאָמבאַרדיע (צפון איטאַליע) און דאָרט האָט ער אין דער שטאָט לוקאַ זיך באַקאַנט מיט ר׳ משה בר קלו־נימוס און „אים האָט ער איבערגעגעבן אַלע סודות" (ומסר לו כל סודתיו). און ר׳ משה בן קלונימוס איז דאַך דערנאָך איבערגעפאָרן, אויפן באַפעל פונם מלך קאַרל, קיין מיינץ, האָט ער טאַקע דאָרט באַקאַנט געמאַכט יחידי סגולה מיט די סודות, און אַזוי זיינען זיי איבערגעגאַנגען פון דור צו דור ביז ר׳ יהודה חסיד [1], „און דורך אים פערזענלעך, איז ר׳ אלעזר מוסיף, האָב איך מיך באַקאַנט מיט די סודות, וואָס זיינען פאַרבאָרגן אין די תפילות און מיט פיל אַנדערע סודות" [2].

אויך אַן אַנדער מקובל, וואָס האָט געלעבט איין דור שפּעטער פון אלעזר בעל הרוקח, דער ספרדי יצחק בן יעקב, זאָגט אויך עדות, אַז די עלטסטע קבלה־ספרים (ווי דער ספר „הבהיר" למשל) זיינען געקומען פון ארץ־ישראל „לחסידי הקדמונים חכמי אַשכנז המקובלים" און פון דאָרט ערשט האָט מען זיי געבראַכט „עד קצת הגאונים הקדומים רבני פרובינסיא" [3]. און ווייטער דערציילט דער מקובל ר׳ יצחק, אַז ווען ער איז געווען אין דער שטאָט אַרלי (פּראָוואַנס) האָבן אים די „חכמי קבלה" געוויזן אַ זייער אַלטן „קנטרס" פול מיט סודות הקבלה. און דעם דאָזיקן קונטרס האָט פאַרפאַסט דער גאון רבי מצליח אויס דער הייליקער שטאָט ירושלים און געבראַכט האָט אים אין דער פּראָוואַנס ר׳ גרשום אויס דמשק [4].

לויט ר׳ אלעזרס דערציילונג קומט אויס, אַז ר׳ יהודה חסיד האָט עס באַשלאָסן „מגלה זיין" פאַר מער ברייטערע קרייזן די מיסטישע סודות,

---

[1] לויט אַן אַנדערע, באַדייטנדיק שפּעטערע קוועלע (דער רש"ל אין זיינע שו"ת נומ׳ 29), איז ביי ר׳ יהודה חסיד געווען באַהאַלטן אַ גאַנצער קאַסטן מיט קונטרסים און כתבים, אין וועלכע עס זיינען געווען פאַרשריבן הייליקע סודות („וסודות וקדושות כתובות בקונטרסים היו באותה התיבה").

[2] דער באַקאַנטער מיסטיקער פונם 15טן י"ה, שם טוב אבן שם טוב, דער־ציילט וועגן „אַ גרויסן גאון ר׳ קשישא", וואָס האָט פאַרלאָזן די באַרימטע ישיבה פון סורא און געקומען קיין אַפּוליע (דרום איטאַליע). דאָרט, דערציילט ר׳ שם טוב, האָט ער פון זיין געליבטן תלמיד וועגן, ר׳ יהודה חסיד, פאַרפאַסט אַ ספּעציעל ווערק, אין וועלכן ער האָט אים באַקענט מיט די פאַרבאָרגענע סודות פון דער חכמת הקבלה, און ר׳ יהודה פון זיין זייט האָט מיט זיי באַקענט זיין תלמיד ר׳ אלעזר אויס וואָרמס. (זע „ספר אמונות", חלק ד׳, פרק 14). וועגן דעם ווערט אויך דערציילט אין אַן אַלטן כתב־יד, וואָס געפינט זיך אין בערלינער ביבליאָטעק (זע שטיינשניידער אין „האַנדשריפט־ליכע פערצ. ד. קעניגל. ביבל. צו בערלין", II, 135)

[3] „ספר אמונות", דף צד, ע"ב.

[4] „מדעי היהרות", II, 248 — 9.

וואָס עס האָט געבראַכט מיט זיך פון איטאַליע קיין דייטשלאַנד די משפחה קלונימוס. דער דאָזיקער „באַשלוס", וואָס ר' יהודה חסיד האָט אָנגענומען, איז אָבער געווען ניט מער ווי אַ פועל־יוצא פון אַ סך אַנדערע סיבות. מיר ווילן ווייטער זיך אָפּשטעלן מער באַריכות אויף איינע פון זיי, וואָס טראָגט אַ מער אַלגעמיינעם כאַראַקטער: דאָס איז די פאַרשטאַרקונג פון מיסטישע שטרעמונגען אין דער התחלה פונעם 13טן יאָרהונדערט אויך אינם קריסטלעכן אייראָפּע. דערוויל האַלטן מיר פאַר נייטיק בלויז צו דערמאָנען פאַלגנדיקן פּרט: אין איין צייט מיט ר' יהודה חסיד און ר' אלעזר אויס וואָרמס האָט אויך געלעבט דער באַרימטער פראַנציסק פון אַסיז (געשטאָרבן אינם יאָר 1226), דער ערשטער אמתער קריסט פאַרן גאַנצן מיטלאַלטער, וואָס האָט ווירקלעך באַטראַכט דאָס קריסטנטום אַלס לערע פון ליבע, און געוואָלט זען אין איר די אמונה פון מיסטישער האַרציקער מילדקייט און התלהבישער פרישות (אַסקעטיזם). פון פיל גרעסערער באַדייטונג איז אָבער בלי־ספק געווען אַן אַנדערע סיבה, וואָס זי האָט עס אַממייסטן גורם געווען, אַז ביים יידישן קיבוץ אין דייטשלאַנד זאָלן זיך אַזוי מיטאַמאָל פאַרשטאַרקן די מיסטישע שטרעמונגען: דאָס איז דער שינוי אינם סאָציאַל־רעכטלעכן לעבן, וואָס ס'איז דעמאָלסט פאָרגעקומען אין דער יידישער סביבה.

מיר האָבן שוין פריער אָנגעוויזן, אַז גראַד אינם צוועלפטן יאָרהונדערט האָט זיך שטאַרק פאַרערגערט די יידישע לאַגע אין מיטל־אייראָפּע. די שרעקלעכע רציחות, וואָס יידן האָבן געהאַט אויסצושטיין בשעת די ערשטע קרייצצוגן — דאָס איז בלויז דער ערשטער רינג אין דער לאַנגער קייט פון צרות און גזירות. ביסלעכווייז אָבער, וואָס ווייטער אַלץ מער, האָט זיך געשטאַרקט דער פּראָצעס פון באַגרעניצן די יידן אין זייער עקאָנאָמישער מעטיקייט, אַרויסשטויסן זיי טריט ביי טריט אויס דעם רוב צווייגן פון האַנדל און אונטערנעמונגען, וואָס זיינען ביז יענער צייט געווען ביי די יידן אין די הענט אַלס יסוד פון זייער סאָציאַלער עקסיסטענץ און מאַכט. דאָס האָבן עס גורם געווען די שטאָטישע שיכטן פון דער קריסטלעכער באַפעלקערונג, די סוחרים און בעלי־מלאכות, וואָס האָבן ערשט אין דער תקופה פון די קרייצצוגן אָנגעהויבן צו שפּילן אַ מער־וויניקער אָנגעזעענע ראָלע. זיי האָבן געקוקט אויף די יידן ווי אויף די נעפערלעכסטע קאָנקורענטן; מיט ווילדער עקשנות האָבן זיי געפירט זייער קאַמף קעגן די „קריסטוס־קרייציקער", ביז ס'איז זיי געלונגען אַרויסשטופּן די יידן הן פונם גרויס־האַנדל הן פון געווערבן, און געלאָזט פאַר זיי נאָר דעם קליינ־האַנדל און די קרעדיט־אונטערנעמונגען. דער דאָזיקער שמאַרצהאַפטיקער פּראָצעס פון עקאָנאָמישער ירידה איז געגאַנגען האַנט ביי האַנט מיט די

שרעקלעך אַכזריותדיקע רדיפות און רציחות, און דאָס אַלץ אויפן בלוטיקן פאָן פון דעם געוואַלטיקן קאַמף פון צוויי פײַנדלעכע וועלטן: דעם קריסטנטום מיט דעם איסלאַם. און דער דאָזיקער קאַמף קומט פאָר אינם הייליקן לאַנד פון די אָבות, אויף די חורבות פון ציון...

עס איז דערפאַר קיין חידוש ניט, וואָס אין דער ייִדישער פאָלקס־פאַנטאַזיע איז דער קאַמף אַרום דעם קבר פון דעם געקרייציקטן אויסגעוואַקסן אין „מלחמת גוג ומגוג“; די צרות, וואָס ייִדן האָבן דאָ אויסצושטיין, דאָס זײַנען די „חבלי משיח“, די גרויסע געבורטס־ווייען, וואָס נאָך זיי וועט קומען די גרויסע ישועה און עס וועט זיך באַווײַזן אין זײַן גאַנצער פּראַכט דער ליכטיקער גואל, משיח בן דוד.

אָט אין יענער צײַט ווערן עס באַשאַפן אַזוינע מיסטישע ווערק ווי דער מדרש „ר׳ שמעון בן יוחאי“, וואו עס ווערן באַשריבן די ביטערע יסורים און לײַדן, וואָס די קינדער פון יעקב לעבן איבער אין גלות. דער באַליבטער העלד פון דער פאָלקס־פאַנטאַזיע, ר׳ שמעון בן יוחאי, ער איז די שטימע, דער ווידערקול פון די פאָלקס־חלומות און האָפענונגען; און פול מיט ווייטאָג און שרעק פרעגט ער אין נאָמען פונם גלות־פאָלק, די האַרבע גרויסע שאלה: „אימתי יבוא משיח בן דוד? מתי יבוא גואל ישראל?“ — ווען וועט קומען משיח בן דוד, דער אויסלייזער פונם פאָלק ישראל? [1] און אויף דער דאָזיקער פראַגע האָט געמוזט קומען אַן ענגפער — וואָרעם צו גרויס זײַנען געווען די לײַדן, צו שרעקלעך די וואָגד!.. יאָ, נאָענט איז דער טאָג פון גרויסער ליכטיקער פרייד! אָתא בוקר וגם לילה! שטאָק־פינסטער איז געוואָרן — ווײַל באַלד ברעכט אויס דער טאָג! און מיט געפילדער פון מלחמה, אינם רעש פון חורבן וועט זיך פּלוצלונג אַנטפּלעקן דער ליכטיקער משיח, דער גואל פונם פאָלק ישראל און פון דער גאַנצער וועלט. „אַך, זאָל ער שוין וואָס גיכער קומען, דער גואל!“ מיט אָט דעם שמאַרצלעכן אויסגעשריי פאַרענדיקט זיך מאַקע איינער פון די גאָר וואָס דערמאָנטע מדרשים אויס יענער צײַט[2].

די אומגעדולד איז געווען אַזוי געוואַלדיק גרויס, אַז ס׳האָבן סטיכיש, איינע נאָך דער אַנדערער אויסגעבראָכן אין פאַרשיידענע ייִדישע ישובים משיחישע פאָלקס־באַוועגונגען. אין דײַטשלאַנד און פראַנקרײַך, אין דער ביזאַנטישער מלוכה, אין תימן און אין אַפריקע — איבעראַל האָט אויפגעבליצט די ליכטיקע בשורה, אַז משיח בן דוד האָט זיך שוין באַוויזן און

[1] „בית המדרש“, IV, 118, 119.

[2] דאָרטן, III, 82.

עס באַגלייטן אים גרויסע שטאַרקע חיילות פון די פאַרלוירענע „עשרת השבטים“, וואָס לעבן אויף יענער זייט פונם שטורמישן טייך סמבטיון. די אין דער נייערער צייט אין די אַלטע „גניזות“ אויסגעפונענע דאָקומענטן דערציילן וועגן גאַנצע אַכט משיחישע באַוועגונגען, וואָס האָבן אין פאַרשיידענע לענדער אויסגעבראָכן אין די הונדערט יאָר פון די דריי ערשטע קרייצצוגן[1]. אַזוי שטאַרק איז געווען דער גלויבן ביים פאָלק, אַז נאָענט איז שוין דער „קץ“, ווייל גרוים און שרעקלעך זיינען די „חבלי משיח“...

און וואָס לענגער די שרעקלעכע לאַגע האָט געדויערט, וואָס פינסטערער דער גלות איז געוואָרן, אַלץ שטאַרקער און הייסער איז געווען די האָפענונג, אַז דער טאָג פון ישועה קומט אָן, ער מוז קומען. אַז די רעאַלע וועלט איז געוואָרן אַ טאָל פון יאָמער און לייד, האָט דאָס אומגליקלעכע פאָלק אין קאַמף פאַר זיין קיום, אויס דראַנג און חשק צום לעבן, געמוזט באַשאַפן פאַר זיך אַן אַנדער וועלט, אַ פאַנטאַסטישע וועלט פון מיסטישע חלומות און גאָלדענע האָפענונגען; דאָרט האָט עס געפונען זיין טרייסט, דאָרט האָט עס געזען פאַרווירקלעכט אַלץ, נאָך וואָס עס האָט אַזוי געלעכצט זיין פאַרוויטאָגטע נשמה. אין דרייען געבויגן איז דער ייד געווען אינם רעאַלן לעבן, מען האָט אים, דעם לעבעדיקן מענטשן, באַטראַכט בלויז אַלס חפץ, אַלס אייגנטום פון דעם מלכס „קאַמער“; זיין פערזענלעכקייט, זיין זעלבסט-געפיל האָט יעדער באַזונדער מיט די פיס געטראָטן, מיט האַס און מיט שפּאָט באַשפּיגן — האָט דער ייד פון געטאָ אַן אַנדער וועלט אויסגעבויט, די סודותדיקע מיסטישע וועלט; און דאָרט ווערט די מענטשלעכע פערזענלעכקייט ערקלערט פאַרן גרונדשטיין פון דער וועלט. דאָרט איז תחית המתים: אַפילו טויטע לעבלאָזע זאַכן באַקומען לעבן, שימערירן מיט פּראַכט און שיינקייט; פּשוטע ווערטער און קלאַנגען ווערן לעבעדיקע באַשעפענישן. און אַפילו אין איינציקע, צעוואָרפענע אותיות האָט מען אַנטפּלעקט אַ גרויסע כּשופדיקע מאַכט, אַ טיפן געטלעכן סוד...

און וואָס שווערער ס'איז געוואָרן דער גלות און ביטערער דאָס לעבן אין געטאָ—אַלץ שטאַרקער איז געוואָרן די אמונה אין דער ליכטיקער גאולה, אַלץ הייסער די האָפענונג אויף באַלדיקער באַלוינונג פאַר די שרעקלעכע יסורים און פּורעניות. דער לאַנג-אָנעדיקער גלויבן אין ביאת המשיח, אין דער ליכטיקער גאולה, וואָס וועט קומען „באחרית הימים“ — איז געוואָרן זייט דעם 13טן יאָרהונדערט די איינציקע האָפענונג, די איינציקע טרייסט פון דעם ליידנדיקן וואָגל-פאָלק. און וואָס מער די יסורים זיינען געוואַקסן,

[1] מער באַריכות וועגן די דאָזיקע משיחישע באַוועגונגען זע ביי יעקב מאַנן אין זיין אַרבעט „התנועות המשיחיות בימי מסעי הצלב הראשונים“ („התקופה“, כ"ג—כ"ד).

אַלץ ברענענדיקער איז געוואָרן די האָפענונג אויף באַלדיקער גאולה; מען האָט געמוזט זיך קלאַמערן אָן איר אויס יאוש, קלאַמערן מיט די לעצטע כוחות פון דער לעבנדיקער נשמה, אויס דורשט נאָך לעבן, נאָך ליכט, — ווי עס ראַנגלט זיך יעדער לעבעדיקער אָרגאַניזם, וואָס וויל ניט אונטערגיין, וויל זיך ניט צעשיידן מיטן לעבן...

אויף דעם שויס פון אָט די פאָלקס־חלומות און האָפענונגען האָט עס אַרויסגעשפּראָצט, באַפרוכפּערט מיט די זוימען פון אַלטע מסורות און אָנשויונגען, דאָס אייגנאַרטיקע געוועקס פון „חכמת הנסתר", פון דער קבלישער לערע און מיסטישן וועלט־באַנעם, וואָס האָט מיט דער צייט פאַרנומען אַזאַ בכבודיקן אָרט אין דעם יידישן קולטורעלן לעבן.

מען דאַרף אָבער אויך ניט פאַרגעסן דערביי נאָך איין פאַקטאָר, מיט וועלכן מען מוז זיך תמיד רעכענען, בעת מען באַטראַכט די אידעען־שטרעמונגען ביי יידן פון וועלכער ס'איז תקופה — די השפעה פון דער אַרומיקער סביבה. מיר האָבן שוין פריער אָנגעוויזן, אַז אויך אינם קריסט־לעכן אייראָפּע האָבן זיך גראָד אינם דרייצנטן יאָרהונדערט באַדייטנד פאַרשטאַרקט די מיסטישע שטרעמונגען. די גרויסע סאָציאַלע שינויים, וואָס די קרייצצוגן האָבן אַרויסגערופן אינם געבוי פונם גאַנצן געזעלשאַפט־לעכן לעבן, דאָס באַקענען זיך מיט אַ גאַנץ נייער וועלט — מיט דער רייכער פילפאַרביקער מזרח־וועלט פון די מוסלמאַנישע פעלקער, דאָס אַלץ האָט שטאַרק אויפגערודערט די האַלב־איינגעדרעמלטע נשמה פון דעם מיטלאַל־טערלעכן אייראָפּעער. זיין ווייניק אַנטוויקלטער שכל, איינגעשראָקן און פאַרקנעכטעט, ווי ער איז געווען אונטער דער שטרענגער השגחה פון זיינע גייסטלעכע אַפּיטראָפּסים און אויפזעער, איז פשוט ניט געווען אימשטאַנד משיג צו זיין אָט די גאַנצע נייע וועלט פון באַגריפן און פאָרשטעלונגען; איז דאַן דעם אָרעמען שוואַכלעכן שכל געקומען צו הילף די פאַנטאַזיע, האַנט אין האַנט מיט דעם אייבערגלויבן, און זיי האָבן גענומען פירן דעם באַאומרויקטן און דורך טויט־שרעק געפייניקטן מיטלאַלטערלעכן מענטשן איבער די פאַרפּלאָנטערטע שטעגן פון מיסטישע סודות, השבעות און סגולות פון כישוף און מאַגיע...

מיר האָבן שוין פריער אָנגעוויזן, אַז יהודה חסיד, וואָס האָט געגרינ־דעט זיין באַרימטע ישיבה אין רעגענסבורג אינם יאָר 1195, האָט פיל מיט־געווירקט, אַז די מיסטישע אידעען זאָלן זיך פאַרשפּרייטן אין מער ברייטערע קרייזן. זיינע מיסטישע און רעליגיעז־פילאָזאָפישע אָנשויונגען האָט ער אַרויסגעזאָגט אין צוויי זיינע ווערק: אין זיין פירוש אויף די תפילות און אין דעם „ספר הכבוד", וואָס ווערט אַזוי אָפט דערמאָנט אינם „ספר

חסידים"[1]. ביידע זיינע ווערק זיינען פאַרלאָרן געגאַנגען, מיר באַזיצן בלויז איין רעליגיעז געדיכט, וואָס טראָגט זיין נאָמען[2] און אין וועלכן עס שפּיגלט זיך אָפּ זיין רעליגיעז־פילאָזאָפישע וועלט־אָנשויונג. דאָס איז דאָס באַקאַנטע ליד „אנעים זמירות" (הייסט אויך „שיר הכבוד"), וואָס מען זאָגט יעדן שבת און יום־טוב צום סוף פון דאַוונען.

דער רמב"ם, דער מענטש מיטן שאַרפן און קאַלטן שכל, האָט געהאַלטן פאַר נאַראָנים און עמי־הארצים די פייטנים, וואָס ערלויבן זיך צו שילדערן גאָט מיט באַשטימטע אייגנשאַפטן און אַטריבוטן. אָבער מענטשן מיט רעליגיעזן התלהבות און פייערדיקן פּאַטאָס, ווי הויך ס'איז ניט געווען די מדרגה פון זייער פילאָזאָפישן געדאַנק, דאָך האָבן זיי געמוזט אויסגיסן זייער ברענענדיקע ליבע צו גאָט, וואָס ס'האָט געפלאַקערט אין זייער ברענענדיקער נשמה, אין בולטע בילדער און קאָנקרעטע סימבאָלן. „זיסע לידער וועל איך זינגען—אַזוי הייבט אָן ר'יהודה חסיד זיין „שיר הכבוד"— זיסע לידער וועל איך שפּינען, ווייל צו דיר בענקט מיין נשמה! אונטער דער שויץ פון דיין רעכטער האַנט גלוסט זי צו רוען, אַריינדרינגען וויל זי אין די וואונדער פון דיינע סודות. דערמאָן איך מיך אינם גלאַנץ פון דיין פּראַכט, בענקט מיין נשמה נאָך דיין לוסט און ליבע — דיך לויבן דערפאַר מיינע לעפצן, אין ליבע־לידער באַזינג איך דיין נאָמען! איך דערצייל דיין לויב און דיין פּראַכט, כאָטש פאַרהוילן ביסטו פאַר מיר; דעם גלאַנץ פון דיין נאָמען טו איך פּרייזן און לויבן, כאָטש ניט אימשטאַנד בין איך דיך צו באַגרייפן און פאַרשטיין. דורך דיינע נביאים, דיינע טרייע קנעכט, האָסטו באַוויזן דעם וואונדערלעכן אָפּשיין פון דיין הייליקן כבוד[8]. לויט דיינע ווערק און דיין

---

1 „ספר חסידים", סי' 197, 321, 449, 464, 808, אויך אין „כתב תמים", אינם ווערק פון יהודה חסידס תלמיד, משה תקו.

2 זע צונץ, „ליטעראַטורגעשיכטע", 300. פאַרן פאַרפאַסער פון דעם אַנדערן שיר, דעם שיר „היחוד", וואָס מען זאָגט אויך נאָכן דאַווענען, האָט מען לאַנג גערעכנט ר' יהודה חסידס פאָטער, ר' שמואל (זע לאַנדויער, אין „ליטעראַטורבל. דעם אָריענטס", 1845, 564). די נייערע פאָרשער לייקענען דאָס אָפּ. אב. עפּשטיין רעכנט, אַז דער „שיר היחוד" האָט פאַרפאַסט טאַקע איינער מיטן נאָמען שמואל בן קלונימוס, חזן אין ערפורט, וואָס איז געווען אַ בן דורו פון ר' יהודה חסיד. מיר האַלטן פאַר מער ריכטיק די השערה פון יעקב רייפמאַן („אוצר טוב", 1885, 20—23), אַז באַזונדערע טיילן פונם „שיר היחוד" זיינען פאַרפאַסט פון פאַרשיידענע פערזאָנען. מיר רעכענען, אַז די ערשטע דריי שירים האָט פאַרפאַסט אַ מער באַגאַבטער פייטן ווי די לעצטע פיר, וואָס זיינען צעצויגן און פאַרוואַסערט מיט צופיל מליצה.

8 דאָס וואָרט „כבוד" ווערט ביי די בעלי הקבלה געברויכט אין אַ גאַנץ ספּעציעלן זין: דאָס איז דער לבוש, דאָס בלענדנדיקע ליכט, וואָס שטראַלט אַרויס פון דעם „אין־סוף". גענויערע פּרטים — ווייטער.

באַשאַפן האָבן זיי דיין גרויסקייט געשאַצט, אין אַלע בילדער האָבן זיי געזען דעם אָפּגלאַנץ פון דיין געשטאַלט. אומצייליק די בילדער — און דאָך אומפאַססבאַר; אַזוי פיל אַנטפּלעקונגען — און דאָך נאָר איינער; און גיט באַגרייפן, ניט דערגרונטן דיך קען קיינער. זיי האָבן געזען אין דיר דעם גרייז און דעם יינגלינג; דער קאָפּ באַקרוינט מיט שוואַרצע לאָקן און אויך מיט שניי באַדעקט. אין טאָג פון דין — אַ ווייסער זקן, אין טאָג פון קריג — אַ זיגרייכער קריגער פול מיט יוגנט-קראַפט; זיין שטראַלנדיקער פּאַנצער — דער בעסטער שוץ, זיין הייליקער אָרעם — די זיכערסטע הילף. מיט דופּטדיקן טוי איז זיין קאָפּ באַדעקט, מיט טראָפּן פון נאַכט — די לאָקן געטרענקט. ער גלוסט נאָך מיר, איך בין זיין פרייד, ער איז מיין קרוין און מיין שטאָלץ. ווי גין-גאָלד שיינט זיין שטאָלצער קאָפּ און אויף זיין ליכטיקן שטערן שימערירט די קרוין פון ליבּ און פּראַכט, — דאָס געשאַנק פון זיין אומה, דעם געליבטן פאָלק... זיין שיינקייט איז מיין שטאָלץ, און איך בין זיין צירונג; ווי נאָענט ער איז ווען איך רוף נאָר צו אים... דו, וועמעס וואָרט פון אמת עם שאַלט זייט אייביקע צייטן — דערהער דיין פאָלקס געבעט, וואָס רופט צו דיר פון דור צו דור. פאַרנעם מיין ליבּ-געזאַנג, וואָס קלינגט דיר אַנטקעגן! זאָלן מיינע לידער צו דיר זיך דערהויבן! זאָל מיין פּשוטע תפילה פון דיר זיין באַוויליקט, ווי די לוויִמס געזאַנג דאָרט ביים מזבח... מיין גאָט! דערהער מיין געבעט — פול מיט בענקשאַפט איז מיין נשמה צו דיר..."

ווייל יהודה חסידס טעאָלאָגיש-מיסטישע ווערק זיינען פאַרלאָרן געגאַנגען [1], קענען מיר באַקומען אַ ווערלכן ס'איז באַגריף וועגן זיינע רעליגיעז-פילאָזאָפישע אָנשויונגען נאָר אויס די שריפטן פון זיין טרייען תלמיד, ר' אלעזר אויס וואָרמס. ר' אלעזרס פערזענלעך לעבן איז ענג צונויפגעוועבט מיט די בלוטיקע שרעק פון דער קרייצצוגן-תקופה. נאָך יינגלווייז האָט ער צוגעזען ווי זיין געבורטשטאָט מיינץ, וואו זיין פאָטער ר' יהודה איז רב געווען [2], זיינען באַפאַלן (אינם יאָר 1187) באַנדעס קרייצטרעגער.

1 עס איז זייער מעגלעך, אַז צווישן יהודה חסידס פאַרלאָרן געגאַנגענע ווערק איז געווען אויך אַ פּירוש אויף תורה. אַ רמז דערויף געפינען מיר אין אַן אַלטן כתב-יד, וואָס איז געשריבן ניט שפּעטער ווי אין די אַכציקער יאָרן פונם 13טן י"ה. צוזאַמען מיט רש"יס און דוד קמחיס פּירושים זיינען אין דעם מאַנוסקריפּט פאַרשריבן „חידושי חומשי תורה" פון אַ אומבאַקאַנטן פאַרפאַסער. דאָרט געפינט זיך פאָלגנדיקער זאַץ: „מיהו הא דנקט שור וחמור משאר בהמות? פי' הרב ר' יהודה הסיד — לפי ששור מעלה גרה וחמור אינו מעלה גרה" (דער דאָזיקער מאַנוסקריפּט געפינט זיך אין לענינגראַדער אַזיאַטישן מוזיי).

2 יהודה בן קלונימוס איז געווען אויך פּייטן, זע צונץ „ליטעראַטורגעשיכטע",

אים איז געלונגען צו אנטלויפן, און אלץ, וואס ער האט איבערגעלעבט, האט ער באשריבן אין זיין באקאנטן בריוו, וואס איז פארעפנטלעכט געווארן אלס וויכטיקער היסטארישער דאקומענט [1]. אין צען יאר ארום האבן די קרייצטרעגער חרוב געמאכט זיין הויז און זיין גאנצע פאמיליע. ער אליין דערציילט, ווי אין א שפעטער חשוון-נאכט אינם יאר 1196, בעת ער איז רויק געזעסן איבער א כתב-יד, האבן זיך אריינגעריסן אין זיין וווינונג צוויי קרייצטרעגער (מכומצים), דערהרגעט פאר זיינע אויגן זיין פרוי דולצע, זייערע דריי קינדער (צוויי טעכטער און איין זון) און אים אליין שווער פאר-וואונדעט [2]. מיט א צובראכן געמיט און א טיפער וואונד אין הארצן, האט דער אומגליקלעכער געלערנטער זיך פארטיפט אין דער סודותדיקער וועלט פון קבלה מיט וועלכער ס'האט אים באקאנט זיין רבי, יהודה חסיד. ווילדע אכזריותדיקע שנאה האט ביי אים צוגערויבט דאס טייערסטע, וואס ער האט געהאט אין לעבן, און ער האט מיט זיין פארוואונדעט הארץ זיך אינ-גאנצן איבערגעגעבן דעם התלהבותדיק-זיסן געטראנק פון סודותדיק-טי-פער, וועלט-אימפאסנדיקער און אלץ גוברדיקער ליבע צו גאט... [8]

דער רוב עטישע אנשויונגען און כללים פון מוסר, וואס געפינען זיך אין זיין הויפט-ווערק „רוקח", זיינען ענג פארבונדן מיטן „ספר חסידים"; פילע סענטענצן און מאמרים וועגן מוסר און דרך-ארץ חזרן זיך איבער איןביידע ספרים כמעט מיט די זעלבע ווערטער [4]; און דאס איז גאנץ נא-טירלעך, ווייל דער „בעל הרוקח" איז דאך אויך איינער פון די. וואס האבן אממייסטן מיטגעהאלפן באשאפן דעם „ספר חסידים".

„עס איז ניטא אזא ליבע — ערקלערט ר' אלעזר, — וואס זאל זיין שטארקער פון דער ליבע צו גאט; עס קען קיין שענערע קרוין ניט געמאלט זיין, ווי די קרוין פון עניוות" (אין אהבה כאהבת השם, אין עטרה כענוה). „דרייצן מאל חזרט איבער די הייליקע תורה, אז גאט דארף מען ליב האבן מיטן גאנצן הארצן און שטענדיק זיין גרייט זיך מוסר-נפש זיין פאר זיין ליבן נאמען וועגן. די ליבע צו גאט דארף אויספילן דעם גאנצן מענטשן; דינען גאט דארף מען ניט ווי א קנעכט זיין האר, נאר מיט התלהבות און גרויסער פרייד, ניט רעכענענדיק זיך מיט קיין שום שטערענישן און מניעות: ער

---

1 פארעפנטלעכט אין „קוועלענשריפטען", וו, 76—8. דעם דריטן קרייצצוג באוויינט ער אין זיין קינה „תאות עניים".

2 זע לאנדסהוט, עמודי העבודה", 25; א. עפשטיין, „די ווארמסער מנהג-ביכער" (אין קויפמאנס דענקבוך, 295).

8 אלעזר בן יהודה האט אויך פיל פיוטים געשריבן, זע לאנדסהוט, „עמודי העבודה"; צונץ, „ליטעראטורגעשיכטע", 317–324.

4 פארגלייך, למשל, „ספר חסידים" סי' 7, מיט „רוקח", קאפ' „שורש ראש דחסידות",

מוז דערפילן דעם רצון פונם בורא, ווייל דערצו לעכצט זיין נשמה, און אין האַרצן פלאַקערט דער פלאַם פון דער ליבע, וואָס איז גובר אַלץ אין דער וועלט. „אַלץ דאַרפסטו טאָן אוים ליבע; דערוואַכט אָבער אין דיר די שנאה, דערמאָן זיך אין דיין גרויסער ליבע, און ווער עס ליבט — דער טאָר ניט פיינט האָבן"[1].

„ענִיוות, זיין נידעריק און קליין ביי זיך — לערנט ר' אלעזר, דער זון פונם געיאָגטן און פאַרפאָלגטן פאָלק — דאָס איז די גרעסטע מעלה. אַ עניוו האַלט זיך קליין אין זיינע אייגענע אויגן; ער איז נידערגעשלאָגן, מיט אַ געבראָכן געמיט און מיט אַ ווייך האַרץ. ווייזט מען עפנטלעך אָן אויף זיינע חסרונות, דאַנקט ער דערפאַר דעם באַשעפער, ווייל ער זעט אין דעם אַ פאַרדינטן עונש פאַר זיינע זינד, און באַקומט די מעגלעכקייט זיך צו בעסערן און תשובה טאָן... דער עניוו איז מוחל דעם, וואָס רעדט אויף אים שלעכטס; אַליין אָבער רעדט ער ווייניק און שטיל, ער פאַרשוועכט ניט זיינע ליפּן מיט ניבול-פּה, און זיצט קיינמאָל ניט צווישן לצים. ער ווערט קיינמאָל ניט אין כעס, און אַז מען איז אים מבזה, שווייגט ער שטיל, און איז מוחל פאַר דעם בזיון אַפילו ווען ער האָט די מעגלעכקייט זיך נוקם זיין. טרעפט אים חלילה אַן אומגליק, פאַרלירט ער זיין פאַרמעגן, אָדער זיינע קינדער און נאָענטע — אַלץ נעמט ער אָן פאַר ליב, און מיט אַ פאַרשלאָסן מויל בייגט ער זיך הכנעהדיק פאַר דעם גזר פונם באַשעפער[2].

דאָס רעדט עס דער פיל געפּרוווטער מאַן וועגן זיך גופא. ער, ביי וועמען מענטשלעכע ווילדקייט און רשעות האָט צוגענומען „זיינע קינדער און נאָענטע", ערקלערט הכנעהדיק: „האָט דיר ווער שלעכטס געטאָן, טראַכט ניט וועגן נקמה. דו דאַרפסט געדענקען, אַז דאָס אַלץ איז דאָך אַן עונש פאַר דיינע זינד, און יענער איז בלויז דער בלינדער שליח, וואָס דערפילט גאָטס רצון".

אינם ערשטן קאַפּיטל „רוקח"[3] און אויך אינם ספּעציעלן מאמר „שער היסוד והייחוד"[4] באַקאַנט ר' אלעזר מיט אייניקע וויכטיקע שטריכן פון דעם מיסטיש-פילאָזאָפישן סיסטעם, וואָס ס'איז אויסגעוואַקסן אין די טעאָסאָפישע (רעליגיעז-פילאָזאָפישע) שולן פון רעגענסבורג און וואָרמס[5].

1 „עֲשֵׂה מאהבה, אם באת לשנוא דע שאתה אוהב ואין אוהב שונא."

2 „רוקח, שורש ענוה".

3 הלכות הסידות, שורש קדושת הייחוד.

4 פאַרעפנטלעכט אין „כוכבי יצחק", XXVII, 7—15.

5 אַז ניט נאָר אין רעגענסבורג, וואו ס'האָט געלעבט ר' יהודה חסיד, נאָר אויך אין וואָרמס איז געווען אַ מיסטיש-רעליגיעזע שול, וואו עס זיינען באַשאַפן געוואָרן ספּעציעלע טעאָסאָפישע ווערק, דערויף זאָגט עדות ר' יהודה חסידס תלמיד, משה תקו, אין זיין „כתב תמים": „וספרים דוורמשא דורשין מעשה בראשית" („אוצר נחמד", III, 77).

ר׳ אלעזר איז זיך שטארק מתרעם אויף די, וואס טוען די גאטהייט זיך פארשטעלן אין מענטשלעכע פארמען: „ווער ס׳מיינט, אז דער, וואס ס׳האט די וועלט באשאפן, האט א בילד און א געשטאלט מיט אברים — דער האט גאר קיין גאט ניט!"[1]. „ווער קען וויסן, ווער קען באגרייפן — ווער און וואס איז גאט? צי האט אים ווען אן אויג געזען? ניט קיין מלאך, ניט קיין שרף און ניט קיין נביא... מען קען אים ניט פארגלייכן מיט קיין שום געשטאלט און ערשייגונג, ווארעם אלץ האט א גרעניץ, אלץ האט א סוף, נאר דער בורא איז אומענדלעך, ער האט ניט קיין אנהייב און האט ניט קיין סוף; ניט ער און ניט זיין חכמה און אויך ניט זיין מאכט. נאר אין זיינע מעשים אנטפלעקט ער פאר די מענטשנס אויגן זיין קראפט און דעם גלאנץ פון זיין דערהויבענער פראכט... אין איין און דעם זעלבן אויגנבליק רופן און בעטן צו אים אלע זיינע באשעפענישן, זיי גיסן אוים פאר אים זייערע ליידן און דעם וויי פון זייערע הערצער און ער פארנעמט יעדנס געבעט באזונדער און רופט זיך אפ אויף יעדנס געשריי! יא, נאענט איז ער יעדן, ווער עס רופט צו אים, נאר — זיי וויסן, מיין זון, שטרעב ניט אומזיסט אים צו באגרייפן, אים צו פארשטיין, ווארעם אלע באגריפן און פארגלייכן, אלע אייערע בילדער און ווערטער קענען נאר דערציילן וועגן דעם, וואס ס׳איז באשאפן און וואס עס קען משיג זיין דעם מענטשנס שכל; גאט אבער משיג זיין איז דעם מענטשנס שכל ניט אימשטאנד, ווייל ס׳איז ניטא מיט וואס אים צו פארגלייכן; ער איז דאך דער איינציקער, ער דערפילט אלץ און נעמט אלץ ארום, און פארהוילן איז ער, און פארבארגן איז ער פאר די אויגן פון זיינע באשעפענישן... ער, דער איינציקער, האט באשאפן די וועלט מיט זיין פרייען ווילן אן א שום צוואנג און מוז (ברא... כולם ברצון חפצו... ולא שלא ברצונו).

ר׳ אלעזר ברענגט אוים דעם „ספר יצירה" דעם פריער ציטירטן זאץ וועגן די צען „ספירות" אלס באגריף פון ארט און פארנעם, און איז דערביי מוסיף: „דער באשעפער אבער שטייט איבער יעדן פארנעם און צייט, ווארעם ער איז פריער פון אלץ, וואס ס׳איז ערשט געווארן; ער דרינגט דורך און טראגט אין זיך אלע וועלטן, און אלע אונזערע באגריפן, ווי ליכט און שאטן, בילד און פארם — פארלירן זייער זין בעת מען רעדט וועגן גאט דעם באשעפער. מיט זיין פרייען ווילן האט ער פון זיך אויסגעשטראלט

---

1 „כל הסובר על הבורא יוצר הכל שיש לו צלם ודמות ואברים — אין לו אלוה כלל".

דעם גלאַנץ פון זיין כבוד (מראה כבודו)[1], לויט זיין רצון נאָך אַנטפּלעקט זיך זיין אָפּשפּיגלונג, דער „כבוד" מיטן שאַפנדיקן וואָרט (קול נברא)[2] און נעמט אָן אַ באַשטימטע געשטאַלט, אַ ווונדערבאַרע, אַ דערהייבענע געשטאַלט פון לויטער גלאַנץ, ליכט און היים-פלאַקערנדיקן פייער"[3]. אָט די דאָזיקע געשטאַלט הייסט „שכינה". און ווען דער נביא זאָגט: „און גאָט האָט זיך פאַר מיר אַנטפּלעקט" — דאָס האָט ער געזען בלויז גאָטס „כבוד". אַפילו משה רבנו, וואָס האָט געזען מער פון אַלע נביאים און אויך אַלע מלאכים מיטן מלאך סנדלפון בראש — אַפילו זיי זיינען ניט אימשטאַנד צו זען גאָט".

---

1 ס'איז קיין שום ספק ניט, אַז דער באַגריף וועגן „כבוד", אַלס ערשטע אויסשטראַלונג (עמאַנירונג) פון גאָט, האָט פאַרנומען דעם צענטראַלן אָרט אין ר' יהודה חסידס „ספר הכבוד". וועגן דעם זאָגט עדות ניט נאָר דער נאָמען פון דעם ווערק, נאָר אויך די גרויסע ציטאַט, וואָס ס'ברענגט פון דאָרט משה תּקו אין זיין „כתב תמים" (זע „אוצר נחמד", III, 65, 67). הן ר' יהודה חסיד הן ר' אלעזר, האָבן ווי עס שיינט ביידע איבערגענומען דעם דאָזיקן באַגריף פון דעם איטאַליענישן געלערנטן שבתי דונולו (וועגן אים וועט אונז נאָך אויסקומען צו ריידן), וואָס האָט אַ לענגערע צייט זיך אויפגעהאַלטן אין די מזרח-לענדער. ר' אלעזר שטרייכט דאָס אַליין טאַקע אונטער; אין זיין פירוש צו „ספר יצירה" שרייבט ער: „חסלת „ספר יצירה" ופירשו שבתי בר אברהם החכם והרופא"... אין אַ אַנדער אָרט ווייזט אָן ר' אלעזר: „כך קבלתי אני ר' אלעזר הקטן מפי אבא ר' יהודה בן ר' קלונימוס שקבל מה"ר יהודה החסיד והואו קבל מרבותיו... ור' שבתי דונולו (זע אין דער פאָררעדע צו „חכמוני"). די פּראָפעסער פון „ספר חסידים" ברענגען אַפילו אין דעם דאָזיקן ווערק אַ באַדייטנדן טייל פון דער פאָררעדע צו „חכמוני" (זע „ספר חסידים" פּאַרמער כתב-יד, סי' 545). עס איז אויך זייער מעגלעך, אַז די לערע וועגן „כבוד אלהים", וועגן גאָטס אָפּגלאַנץ האָט זיך אַנטוויקלט ביי יידישע מיסטיקער אונטער דער השפעה פון דעם קאַראַימישן רעליגיעזן דענקער בנימן נהאַווענדי, וועגן וועלכער מיר לייענען ביי יהודה הדסי: „ובנימן אל נהאַוונדי אמר כי קודם בריה ברא אלהים ה כ ב ו ד וכסאו... וכן שאמר כי בצלם אלהים עשה את האדם... זו הצלם שעשה בכסא הכבוד" (זע הרכבי, „חדשים גם ישנים", X, 16).

2 די לערע וועגן דעם „קול נברא", ד"ה וועגן דעם געטלעכן באַשאַפנדיקן וואָ ר ט, וואָס האָט פיל קרובהשאַפט מיט דער לערע פונם יידישן פילאָזאָף אויס אלכסנדריא פילו, וועגן דעם „לאָגאָס" — האָט געהאַט ביי יידן אין פאַרשיידענע תקופות פיל אָנהענגער. דער שוין פריער דערמאָנטער משה תקו ווייזט אַפילו אָן, אויס וועלכן קוועלע די יידישע מיסטיקער אין דער ריין-געגנט האָבן געשעפּט די דאָזיקע לערע. ער דערציילט וועגן אַ קאַראַימיש בוך, אין וועלכן עס ווערט ערקלערט, אַז מיט משה רבנו האָט גערעדט ניט גאָט גופא, נייערט אַ ספּעציעלע דערצו פון גאָט באַשאַפענע שטימע („כי ד' ברא קול והוא הקול קרא למשה"); און אָט דאָס דאָזיקע בוך האָט מען „געבראַכט פון בבל קיין רוסלאַנד און פון רוסלאַנד קיין רעגענסבורג" (והגיד לנו שאותו ספר מעוקל בא מבבל לרוסיא ומרוסיא הביאו לרגינש בורק).

3 הצורה המופלאה, מנושאה, מוזהרה, מונהרה, מודבקה, מחושקה,

מיר זעען, ווי ר׳ אלעזר אוים וואָרמס שטרייכט שטענדיק אונטער דעם געדאַנק, אַז דער מענטש איז גיט אימשטאַנד ניט באַגרייפן מיט זיין שכל, ניט אויסדריקן מיט ווערטער דעם מהות פון גאָט דעם באַשעפער, ווייל דער מענטש קען בלויז באַגרייפן און אויסדריקן מיט ווערטער דאָס, וואָס ס׳לאָזט זיך פאַרגלייכן און ס׳געפינט זיך אונטער דעם סדר פון צייט און פון זיין. און דאָך איז אָבער דער זעלבער בעל הרוקח אויך איינער פון די באַגרינדער פון דער „קבלה מעשית״; דאָס איז ער געווען איינער פון די ערשטע, וואָס האָט זיך זייער פיל אָפּגעגעבן מיט אויסגעפינען די סודות, וואָס זיינען פאַרבאָרגן אין די „צירופי אותיות״ — אין דעם קאָמ־בינירן בשעת דער תפילה די אותיות פון גאָטס נאָמען און פון באַשטימטע זאַצן אין דער תורה. דאָס האָט ער, דער פילאָזאָפיש־דענקענדער מיסטיקער, זיך פיל פאַרנומען מיט השבעות פון כל המיני גמטריאות [1] און נוטריקון [2] און שטאַרק געגלויבט, אַז אין זיי ליגט באַהאַלטן אַ גרויסע פאַרבישופטע קראַפט. מען קען אין דעם זען אַ געוויסע סתירה, נאָר פול מיט סתירות איז דאָך דאָס מענטשלעכע לעבן און דעם מענטשנס נשמה...

עס איז איצט כמעט מער קיין ספק ניט, אַז טאַקע דער בעל הרוקח איז אויך דער פאַרפאַסער פונם וויכטיקסטן טייל פונם באַקאַנטן קבלה־ספר, דעם „ספר רזיאל״ [3] אָדער „סודי רזיא״. אין דעם ווערק גופא ווערט אונ־טערגעשטראָכן, אַז עס שטאַמט פון זייער אַלטע צייטן: דאָס האָט דער מלאך רזיאל בכבודו ובעצמו איבערגעגעבן נאָכן מבול דעם אַלטן נחן אַליין, און פון אים איז דאָס איבערגעגאַנגען בירושה פון דור צו דור. ניט

---

1 וואו די אותיות ווערן באַטראַכט אַלס צאָלן, צום ביישפיל דער נאָמען „משה״ באַטרעפט — בגמטריא 345.

2 ווו די אותיות פון אַ וואָרט ווערן באַטראַכט אַלס ראשי־תיבות. למשל, דאָס וואָרט „מים״ איז דער נוטריקון פון משיח יביא מהרה.

3 עס איז פאַראַן אַ קאָפּיע פון ר׳ אלעזרס דריי ווערק, וועלכע דער באַוווסטער געלערנטער אליהו לעוויטע האָט קאָפּירט פאַר אַ באַקאַנטן קריסטלעכן געלערנטן. די דריי ווערק זיינען: אַ פירוש אויף „ספר יצירה״, „חכמת הנפש״ און „ספר רָזָיָא״. ש. ד. לוצאַטי, וואָס האָט דעם דאָזיקן כתב־יד דורכגעשטודירט, האָט אויסגעפונען, אַז דער גרעסטער טייל פון דעם לעצטן ווערק (ספר רזיא) איז איבערגעדרוקט אין אַלע אויסגאַבן פונם „ספר רזיאל״. אַז דעם „ספר רזיא״ האָט פאַרפאַסט דער בעל הרוקח, זעט מען קלאָר אוים פאָלגנדיקע שורות: „כאשר קבלתי מפי רבנא יהודה החסיד, כאשר קבל מאביו רבנו שמואל החסיד וגם קבלתי מפי אבא מורי הר׳ יהודה א נ י א ל ע ז ר ה ק ט ן (זע אגרות שד״ל 1891, 1020; אויך „ליטעראַטורבל. ד. אָריענטס״, 1847, 341). אין דעם נאָמען פונם בוך גופא איז אגב באַהאַלטן דער נאָמען פונם פאַר־פאַסער. די ווערטער „ס׳ רזיאל״ „ספר רזיא״ און „אלעזר״ באַטרעפן אַלע בגמטריא איין און די זעלבע צאָל: 308. גרעץ האָט דאָס, אגב, ניט באַמערקט, און בויט דערויף פאַלשע השערות.

קוקנדיק דערויף, וואָס דער ספר שטאַמט פון אַזאַ גרויסן יחוס, איז דאָס נאָך דעם אינהאַלט נאָך אַ ווילד געמיש פון כל המינים: האַרציקע תפילות, דברי מוסר און רעליגיעז-אַסטראָלאָגישע אָנשווינגען [1] זיינען צונויפגעמישט מיט אַלע מעגלעכע השבעות, קמיעות און ציורים.

אויך אינם „ספר רזיאל" ווערט פיל גערעדט וועגן דער ליבע צו גאָט, און טאַקע כמעט אין די זעלבע ווערטער ווי אין „ספר חסידים" און „רוקח"; אַפילו דער פאַרגלייך פון דער ברענענדיקער ליבע צו גאָט מיט דעם תאווהדיקן גלוסטן צו אַ פרוי געפינט זיך אין „ס' רזיאל" וואָרט אין וואָרט, ווי אין „ספר חסידים". און טאַקע ווי דער שטייגער איז געווען אינם מיטלאַלטער, איז די ליידנשאַפטלעכע ליבע צום באַגערטן אָדער צו דער באַגערטער, געווען ענג פאַרבונדן מיט כל המיני השבעות און סגולות, אַזוי איז אויך די מיסטישע ליבע צו גאָט צונויפגעפלאָכטן אינם „ספר רזיאל" מיט מיסטישע השבעות, קמיעות און צירופי אותיות. אמת, צווישן די דאָזיקע השבעות געפינען זיך אויך אַזויגע, וואָס זיינען ערשט שפּעטער אַריינגעשטעלט געוואָרן [2], אָבער דער באַדייטנדיקער טייל פון זיי שטאַמט בלי ספק פון דעם בעל הרוקח גופא, און ער האָט זיי וואַרשיינלעך באַקומען ביתושה פונם רבין זיינעם, ר' יהודה חסיד, צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע „סודות". דאָס ווייזט אויס אויפן ערשטן קוק עפּעס צו משונה, און דאָך איז דאָס פסיכאָלאָגיש גאַנץ דערקלערלעך. אין די מיטלאַלטערלעכע ליבע-השבעות ליגט אַ געוויסער „כישוף", אין דעם „באַשווערן" דריקט זיך אויס דאָס געבעט, דער הייסער וואונטש, אַז דאָס באַגערטע זאָל געשען וואָס גיכער. אַז דאָס יידישע געטאָ-לעבן איז געוואָרן אַזוי שרעקלעך און מוראדיק פינסטער, קען דען היידוש, וואָס אַלץ ברענענדיקר איז געוואָרן דער ווונטש אַרויסצובאַקומען אָט דעם ווונדערבאַרן „כישוף", וואָס ער זאָל געבן די מאַכט גובר זיין די פיינדלעכע כוחות, און „באַשווערן, אַז דאָס באַגערטע זאָל קומען וואָס גיכער"...

אַזוי זעען מיר, ווי אין דער ערשטער העלפט פונם 13טן יאָרהונדערט, אין דער זעלבער צייט, ווען אין שפּאַניע האָט באַקומען די אייבער-

---

[1] די דאָזיקע אָנשווינגען זיינען ענג פאַרבונדן מיט דעם „ספר יצירה" און מיט שבתי דונולוס ווערק „חכמוני". אויפן „ספר יצירה" פאַררופט זיך עטלעכע מאָל דער פאַרפאַסער פונם „ס' רזיאל" (זע, למשל, דאָרטן עמ' 13, 2): „ואני קבלתי כמו שהוא כתוב בספר יצירה". זע אויך דאָרטן, 215, 219 (מיר ציטירן נאָך דער מעזשביזשער אויסגאַבע, 1818). אום דונולוס ספר ווערן אויך געבראַכט אייניקע ציטאַטן, ווי, למשל, דער באַווייז, ווי אַזוי אויס וואַסער אַנטשטייט ערד (דאָרטן 1,15).

[2] אַזוינע שפּעטערדיקע הוספות זיינען באַזונדערס באַמערקבאַר אין דעם שלוס-טייל „ספר רזיאל". אין איין תפילה, למשל, חזרט זיך אין דער מעזשביזשער אויסגאַבע צוויי מאָל איבער „אני דוד בן זלאטה" (זע 3,43), און אין די אַנדערע אויסגאַבן שטייט דאָרט: „פלוני בן פלוני".

האַנט די ראַציאָנאַליסטישע שיטה פונם רמב"ם און זיינע תלמידים, האָט אין צפון־פראַנקרייך און אין דער ריין־געגנט אַלץ מער גובר געווען די מיסטישע שטרעמונג. דאָס זיינען געווען ניט נאָר צוויי באַזונדערע, נאָר אויך פ י י נ ד ל ע כ ע וועלטן. אין דער התחלה האָבן זיי ניט געקענט זיך פיינדלעך צוזאַמענשטויסן, ווייל זיי זיינען געווען צו אָפּגעזונדערט איינע פון דער אַנדערער. צו גרוים איז געווען די סתירה, צו טיף דער אונטער־שייד אין דעם קולטורעלן מצב פון דעם יידישן קיבוץ אין שפּאַניע און פון זייערע ברידער פון יענער זייט פירענעען. אָבער ווי נאָר איינער פון די דייטשע תלמידי חכמים, ר' יהודה חסידס אייבנדערמאָנטער תלמיד, משה תקו האָט זיך באַקאַנט, ווען אויך אין אַ גאַנץ קנאַפּער מאָס, מיט די ראַציאָנאַליסטישע ווערק פון יידיש־שפּאַנישע רעליגיעזע דענקער, איז ער גלייך אַרויסגעטראָטן מיט זיין פּאָלעמישן ווערק „כתב תמים"[1], אין וועלכן ער ערקלערט פאַר אַפּיקורסות יעדע פילאָזאָפישע חקירה בכלל.

נאָר משה תקוס אַרויסטריט איז געווען בלויז אַ פאָרשפּיל צו דעם גרויסן מחלוקת, וואָס ס'האָט אַ מי יודע וואָסער וויכטיקע באַדייטונג פאַר דער געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור און געזעלשאַפטלעכע אידעען־שטרעמונגען. דער קאַמף־פּלאַץ פון דער היסטאָרישער מחלוקת איז געווען די מדינה, וואָס ליגט צווישן די ביידע אַזוי פאַרשיידענע יידישע קיבוצים — דאָס בליענדיקע שיינע לאַנד פּראָוואַנס.



1 איינִיקע פּרקים פון דעם ווערק זיינען צום ערשטן געווען פאַרעפנטלעכט אין אַ שטאַרק פאַרגרייזטן טעקסט אין 1798 אין „לקוטים מרב האי גאון" (דף ט"ו — כ"ח). אין אַ בעסערן טעקסט זיינען די דאָזיקע קאַפּיטלען איבערגעדרוקט אין „אוצר נחמד", III. עס איז נאָך ניט פעסטגעשטעלט, צי איז דער מחבר פונם „כתב תמים" איין פּערזאָן מיט דעם פּייטן משה בן חסדאי (זע צונץ, „ליטעראַטורגעשיכטע", 7—316). די חלוקי דעות וועגן דער פראַגע זע: „מאָנאַטשריפט" 1910, 607—600, אויך מ. ווינער, אין „העבר. ביבל." VI, 44—5. לויט ר' ישראל ברונוס שאלות ותשובות האָט דער בעל „כתב תמים" געוווינט לעבן וויין אין נייסטאָט. זע דאָרטן, נומ' 24: „וראיתי בתשוב, הרב רבנו משה תקו ז"ל שיסד כתב תמים וקבורתו בעיר ניאושטט".

# פינפטער קאַפּיטל.

די פּראָוואַנס און איר קולטורעלע ראָלע. — די באַשרייבונג פון בנימין בעל המסעות. — די קולטורעל־אויפקלערערישע ראָלע פון די בני קמחי און בני תיבון. — דאָס פּאָלעמישע ווערק פון יעקב בן ראובן. — יוסף קמחי אַלס גראַמאַטיקער און פּאָלעמיסט. — די צוויי ברידער משה און דוד קמחי. — יהודה אבן תיבון אַלס איבערזעצער; זיין „צוואה“. — דעם רמב“מס השפעה אויף די חכמי פּראָוואַנס. — די איבערזעצער פונם „מורה נבוכים“. — די יידישע דיכטער אין פּראָוואַנס: אזובי, אברהם בדרשי און יעקב גרני. — די גרויסע תלמודיסטן זרחיה הלוי און ראב“ד דער „בעל ההשגות“.

„אין דעם וואונדערבאַר שיינעם לאַנד, וואָס ליגט צווישן די אַלפּן און די פּירענעען — אַזוי הייבט אָן דער דייטשער היסטאָריקער שלאָסער די פּרקים וועגן „דרום־פראַנקרייך און דער אַלביגענזן־קריג“ — זיינען נאָך פאַרבליבן רעשטן פון אַמאָליקער רוימישער און באַזונדערס פון גריכישער קולטור, וואָס האָט דאָרט געבליט נאָך זייט דעם גרינדן די שטאָט מאַרסעל. דאָרט האָבן נאָך אינם טיפן מיטלאַלטער פרי אָנגעהויבן זיך צו אַנטוויקלען, צוזאַמען מיטן שטאָטישן לעבן, וויסנשאַפטן, קונסט און נוצלעכע ווערקשאַפטן. דאָרט, ווו עס זיינען זיך צוזאַמענגעקומען ראָמאַנישע, לאַטיינישע און שפּאַנישע עלעמענטן מיט די אָריענטאַל־אַראַבישע, האָט אויפגעשפּראָצט אַ גאַנץ אייגנאַרטיק געוויקס — די פּראָוואַנסאַלישע פּאָעזיע. דאָרט איז געבוירן געוואָרן די „פרייליכע קונסט“, דאָרט איז געשאַפן געוואָרן אַ מאָדנער מין „בית דין“, ווו שיינע פרויען זיינען עס געווען די „בוררים“ און דיינים אין ליבע־אָנגעלעגנהייטן, און אין פראַגן, וואָס האָבן אַ שייכות צו געזאַנג, איידלקייט און שיינע מאַניערן, ווי אין גריכנלאַנד אין האָמערס צייטן, אַזוי האָט אויך אין דעם לאַנד פּראָוואַנס, די פּאָעזיע פאַרנומען דעם בכבודיקסטן פּלאַץ אויף אַלע שמחות און ימים־טובים, ווו די דיכטער און זינגער פּלעגן זיך פלייסן צו באַווייזן און צו פאַרפולקומען זייער קונסט. אָט די דאָזיקע דיכטער זיינען עס געווען די ערשטע קוועלן, פון וועלכע עס האָבן געשעפּט יניקה דאַנטע און פּעטראַרקע אין דער התחלה פון זייער פּאָעטישן שאַפן. פון די וויסנשאַפטן האָט אין דער פּראָ־

וואַנס באַזונדערס געבליט די מעדיצין... חוץ דעם האָבן דאָרט די יידן געגרינדעט פילע וויסנשאַפטלעכע אַנשטאַלטן"[1].

נאָך צפון־איטאַליע איז דרום־פראַנקרייך דאָס איינציקע לאַנד, וווּ עס האָבן זיך אַמבעסטן אויפגעהיט די רעשטן פון דער אַלטער רוימישער ציוויליזאַציע. אין דער פּראָווואַנס האָט אויך באַדייטנד פריער ווי אין אַלע אַנדערע קריסטלעכע לענדער זיך אַנטוויקלט אַן אינטענסיוו שטאָטיש לעבן, און ס'האָבן דאָרט אויפגעבליט האַנדל און האַנטווערק. דערפאַר טאַקע האָבן שוין אין פריען מיטלאַלטער די פּראָוואַנסאַלישע שטעט זיך דערשלאָגן צו אַ געוויסער זעלבשטענדיקייט, און האָבן גענאָסן אַזעלכע פרייהייטן, וועגן וועלכע אַנדערע קריסטלעכע לענדער אין אייראָפּע האָבן אַפילו ניט געקענט חלומען. דעם בליענדן קולטורעלן מצב פון דער פּראָוואַנס אין משך פון די XII — XIII יאָרהונדערטער האָט אויך פיל מיטגעהאָלפן דאָס, וואָס די פּראָוואַנס האָט ניט געהאַט איבער זיך קיין שטאַרקע רעגירנדיקע מאַכט. דאָס רוב מושלים און שררות, אונטער וועלכע דאָס לאַנד איז געווען איינגעטיילט[2], האָבן געשעמט פאַר מעצענאַטן און באַשיצער פון פּאָעזיע, קונסט און פאַרשיידענע וויסנשאַפטן. לעבן דעם אַדלשטאַנד איז אויסגעוואַקסן אַ גאַנץ שטאַרקער שטאָטישער בירגערשטאַנד, וועלכער האָט עקשנותדיק געהיט און געשיצט זיין זעלבשטענדיקייט. אַפילו אין דער שטאָט טולוזאַ, וואָס האָט זיך געפונען אונטער דער ממשלה פון דעם מעכטיקן גראַף ריימונד, איז אויך אויסגעוואַקסן אַ גאַנץ זעלבשטענדיקע שטאָטישע פאַרוואַלטונג. און טאַקע אין די פּראָוואַנסאַלישע שטעט, וווּ עס האָבן געבליט פרייע קונסט און וויסנשאַפט, האָט זיך אויפגעהויבן דער ערשטער פּראָטעסט קעגן דער דעספּאָטישער מאַכט פון דער קאַטוילישער קירך; פּראָוואַנס איז געווען די וויג פון די ערשטע אַפּיקורסישע חברות, ווי די אַלביגיענזער, וואַלדענזער און זייער גלייכן. דער שטענדיקער מגע־ומשא מיט די יידן און די מוסלמענער פונם שכנותדיקן שפּאַניע האָט באַדייטנד אָפּגעשוואַכט ביי דער אָרטיקער באַפעלקערונג די נאַציאָנאַלע און רעליגיעזע פאַראורטיילן. די רעגירונגס־פאַרטרעטער פונם אַדלשטאַנד, וואָס זיינען געווען ליבהאָבער פון שיינער קונסט און וויסנשאַפט, האָבן זיך פאַרהאַלטן זייער טאָלעראַנט צו יידן, און פלעגן אָפט איבערגעבן אין זייערע הענט אָנגעזעענע שטעלעס. צווישן די דעמאָלסטיקע פריידענקער פלעגן פילע זיך באַזונדערס פריינדלעך פאַרהאַלטן צו יידן, צו דעם פאָלק פונם „אַלטן טעסטאַמענט". אין יענע קרייזן איז אַפילו געווען זייער אָנגע־

1 „וועלט־געשיכטע", ב' VII, 251—2 (פראַנקפורט־מיין, 1847).

2 זע וועגן דעם ביי גרעץ, ב' VI, 209.

גומען דער כּלל: „דער יידישער גלויבן איז בעסער פונם קאַטוילישן גלויבן“[1].

ביי אַזעלכע גינסטיקע צושטאַנדן איז קיין חידוש ניט, וואָס שוין אין טיפן מיטלאַלטער האָבן זיך געבילדעט רייכע בליענדיקע יידישע קהילות אין די אַלטע פּראָוואַנסאַלישע שטעט נאַרבאָנע, מאַרסעל, לונעל, מאָנפּעליע. וועגן דעם עקאָנאָמישן און קולטורעלן מצב פון די דאָזיקע קהילות גיט אונז אַ לעבעדיק בילד אין זיינע זכרונות דער באַרימטער רייזנדער בנימין אויס טודעלאָ, וואָס האָט געמאַכט זיין רייזע איבער דער וועלט אין די יאָרן 1160—1173[2]. אויף זיין רייזע האָט ער באַזוכט אַט די אַלע יידישע יידישע קהילות אין דער פּראָוואַנס און דאָס, וואָס ער האָט דאָרט געזען, באַשרייבט ער אויף פאָלגנדיקן אופן:

„...אין דריי טעג אַרום בין איך אָנגעקומען קיין נאַרבאָנע. דאָרט איז אַן אַלטע יידישע קהילה, וואָס שטמט שוין פון אַמאָליקע צייטן מיט אירע חכמים און גילט פאַר פיל לענדער אַלס אמתע אַכסניה של תורה[3]. איך האָב דאָרט געטראָפן פילע חכמים און אָנגעזעענע מענטשן, און בראש פון זיי שטייט רבי קלונימוס, דער זון פון דעם באַקאַנטן נשיא ר' טודרוס, וואָס שטאַמט מזרע בית דוד. ר' קלונימוס איז אַן אייגנטימער פון פיל נחלאות און פעלדער, וואָס די הערשער פונם לאַנד האָבן אים געשענקט אויף אייביק און קיינער האָט ניט דאָס רעכט ביי אים זיי אָפּצונעמען. דאַן ר' אַברהם דער ראש־ישיבה, ר' מכיר און ר' יהודה און נאָך פיל אַנדערע תלמידי חכמים. עס וווינען דאָרט אינגאַנצן בערך דריי הונדערט יידן...

---

1 Dicunt quod lex Judaeorum melior est quam lex christianorum (זע גרעץ, געשיכטע, ב' VI, 210).

2 אַט די נאָטיצן פון דעם יידישן רייזנדן, וואָס גיבן זייער אינטערעסאַנטע ידיעות וועגן דאָס רוב לענדער פון דער דעמאָלט באַקאַנטער וועלט, זיינען איינער פון די וויכטיקסטע דענקמעלער, וועלכע זיינען אונז געבליבן בירושה פון מיטלאַלטער. בנימין איז דער ערשטער אייראָפּעער, וואָס באַשרייבט די סעקטע אַססאַסינען אין סיריע און פּערסיע, באַקענט מיטן האַנדל מיט אינדיע, דערציילט וועגן כינע און וועגן די געפאַרן מיט וועלכע עס איז דעמאָלט געווען פאַרבונדן דאָס פאָרן איבערן גרויסן אינדישן אָקעאַן. הכּלל, ער האָט געגעבן אַזוינע ידיעות וועגן ווייטע לענדער, וואָס ביז אים און אויך אַ לאַנגע צייט נאָך אים איז קיינער ניט אימשטאַנד געווען צו געבן. עס איז דער־פאַר קיין חידוש ניט, וואָס די רייזע־באַשרייבונג פון דעם דאָזיקן געבילדעטן און שאַרפבליקנדיקן מאַן איז איבערזעצט כּמעט אויף אַלע שפּראַכן און פאַרנעמט אַ בכּבודיקן פּלאַץ אין דער געשיכטלעכער ליטעראַטור.

3 נאָך אינם 11טן י"ה האָט אין נאַרבאָנע געלעבט רבנו גרשומס באַוואוסטער תּלמיד משה הדרשן, דער מחבר פונם באַרימטן מדרש אויף תּנך (מער באריכות וועגן משה הדרשן זע: א. עפּשטיין, „מאָזעס הדרשן אויס נאַרבאָנאַ“, 1891).

צוויי טעג רייזע פון דער שטאָט בידרש (בעזיע) געפינט זיך די שטאָט הר־געש, ד"ה מאָנפעליע, זייער אַ באַקוועמער האַנדלס־פּלאַץ... עס קומען אַהין האַנדלען סוחרים פון אדום און ישמעאל (ד"ה קריסטלעכע און מוסלמענישע) פון פאַרשיידענע לענדער: אויס אַלהאַמבריע (אַל־ערוה), אויס לאָמבאַרדיע, פון דעם אַלטן רוימישן לאַנד, פון מצרים, פּאַלעסטינע, גריכנלאַנד, פראַנקרייך, ענגלאַנד, הכלל סוחרים פון אַלע פעלקער און לשונות, וואָס קומען האַנדלען קיין פּיזע און גענוע. אויך אין מאָנפעליע וווינען אַ סך גרויסע חכמים און זייער חשובע מענטשן. בראש פון זיי ר' ראובן בר טודרוס... אויך זיינען דאָרט גרויסע עשירים און בעל צדקות, וואָס שטיצן גערן ווער עס ווענדט זיך נאָר צו זיי. פיר מייל פון דאָרט געפינט זיך די שטאָט לונעל, וווּ עס געפינט זיך אַ זייער גאַסטפּאָרכטיקע יידישע קהילה און מען זיצט דאָרט טאָג און נאַכט און מען לערנט תורה. דאָרט האָט געלעבט דער באַרימטער רב ר' משולם, און איצט געפינען זיך דאָרט זיינע פינף זין: ר' יוסף, ר' יצחק, ר' יעקב, ר' אַהרן [1] און דער פּרוש ר' אשר, וואָס איז אינגאַנצן אויסגעטאָן פון דער וועלט, זיצט יום־ולילה איבער די ספרים, פאַסט תעניתים און עסט קיין מאָל קיין פלייש ניט. דאָרט וווינט אויך... דער דאָקטאָר ר' יהודה אבן תיבון פון שפּאַניע. אַלע יונגעלייט, וואָס קומען אַהין לערנען תורה פון וויטע ערטער, האַלט מען אויס על־חשבון הקהילה מיט אַלץ וואָס נייטיק איז, מיט עסן, הלבשה אאַז"וו אין משך פון דער גאַנצער צייט, וואָס זיי לערנען אין בית־מדרש. דאָרט זיינען אמתע חכמים, גאַסטפּאָרכטיקע הייליקע מענטשן, גרויסע בעלי־מצוות, וואָס זיינען תמיד גרייט קומען צו הילף זייערע ברידער... צוויי מייל וויטער געפינט זיך פּותייקיר (באָקער), אַ כּרך גדול... דאָרט געפינט זיך אַ גרויסע ישיבה אונטער דער השגחה פון דעם באַרימטן רב ר' אַברהם בן דוד[2], וואָס האָט אַ גרויסן שם אַלס גאונישער בקי אין תלמוד און ביבל. צו אים קומען לערנען תלמידים פון די וייטסטע לענדער; און אַלע וווינען זיי ביי אים אין הויז און די נויטבאַדערפטיקע פון זיי האַלט ער אויס אויף זיין רעכענונג מיט אַלע הצטרכותן, ווארעם ער איז אַ גרויסער עושר. דריי מייל פון דאָרט געפינט זיך די שטאָט נוגיש, אָדער בורג־סען־זשיל, דאָרט איז אויך אַ יידישע קהילה מיט אַ סך תלמידי חכמים... דאָס

---

1 וועגן אים וועט נאָך קומען צו ריידן ווייטער.

2 ר' אברהם בן דוד אויס פּאָסקייעראַ (געבוירן אין 1125, געשט' אין 1198), איז באַקאַנט אונטער דעם נאָמען „ראב"ד בעל ההשגות" נאָך זיין באַרימט ווערק „השגות", ד"ה קריטישע באַמערקונגען צום רמב"מס „משנה תורה" און צו אַנדערע פּוסקים פון יענער צייט.

איז אַן אָרט, וווּהין עס קומען גאָט דינען פון די ווײַטסטע לענדער און אינזלען... בראש פון דער קהילה געפינט זיך דער נשיא ר׳ אבא מאַרי בר יצחק, וואָס איז דער נאָמען פון דעם גראַף רײַמונדס אַלע גיטער און מאַיאָנטקעס... פון אַרליט (אַרל) איז דרײַ טעג וועג קיין מאַרסעל. דאָס איז אַן אָרט פון גאונים, רבנים און תלמידי חכמים. די דאָרטיקע ייִדישע באַפעלקערונג טיילט זיך אײַן אין צוויי קהילות: איינע וווינט אין דער נידער בײַם ברעג פונעם ים, די צווייטע אַ ביסל העכער לעבן דער פעסטונג. דאָרטן געפינט זיך אויך אַ גרויסע ישיבה. בראש פון בײדע קהילות שטייען גרויסע תלמידי חכמים, ר׳ שמעון בר אַנאַטולי, דער עושר ר׳ יעקב פּערפּיינו און פיל אַנדערע. מאַרסעל איז אַ גרויסע האַנדלס=שטאָט, וואָס ליגט אויפן ברעג פונעם ים..." 1

די נאָענטע שכנות און ענגע פאַרבינדונג מיט דעם אַראַבישן שפּאַניע האָט פיל מיטגעהאָלפן, וואָס די השפּעה פון דעם שפּאַנישן ייִדישן קיבוץ האָט זיך אַלץ מער געלאָזט פילן אין די בליענדיקע קהילות פון פּראָווענס. שוין אין דער ערשטער העלפט פונעם צוועלפטן יאָרהונדערט האָט געשפּילט אין דער פּראָוואַנס אַ גרויסע קולטורעל=אויפקלערערישע ראָלע דער אַלזײַטיקער ייִדישער געלערנטער אויס שפּאַניע, אַברהם בר חייא הנשיא, וואָס איז באַקאַנט אין דער קריסטלעכער געלערנטער וועלט אונטערן נאָמען Abraam Judaeus, אָדער Safasorda [2]. ער האָט געהאַט זייער אַ גרויסן שם ניט נאָר אין דער אַראַבישער געלערנטער וועלט, נאָר האָט אויך פאַרנומען אַ גאַנץ בכבודיקן אָרט אין דער מיטלאַלטערלעכער וויסנשאַפט פונעם קריסטלעכן אייראָפּע. זײַנע אַסטראָנאָמישע טאַבעלן זײַנען געווען זייער אָנגענומען און איבעראַל באַקאַנט, און זײַן געאָמעטריע „חבור המשיחה והתשבורת" (פאַרעפנטלעכט דורך שטיינשניידער אין „קובץ על יד", XI; 1905) איז געווען איבערגעזעצט אויף לאַטיין דורך זײַן בן=דור פּלאַטאָ אויס טיוואָלי, און האָט בײַ לעאָנאַרדאָ פּיזאַנאָ געדינט אַלס הויפּטקוועלע בעת יענער האָט געשריבן זײַן באַרימט ווערק Practicia Geometrie (זע „צײַטשריפט פיר העבר. ביבליאָגראַפיע", VIII, 90—92).

1 זע „שלשה בעלי המסעות", 4—11, אויסגאַבע פּ. מרגלין, 1881.

2 פונם אַראַבישן: Sahib al surt (צאַהב אַל שרטה), ווײַל אַברהם בר חייא האָט פאַרנומען בײַ איינעם פון די מאַורישע מושלים אַ שטעלע פון אַ שטאָט=פאַרוואַלטער. דערפון נעמט זיך זײַן ייִדישער טיטל: נשיא. ביאָגראַפישע פּרטים וועגן דעם דאָזיקן באַרימטן געלערנטן זײַנען זייער ווייניק באַקאַנט. עס איז בלויז פעסטגעשטעלט, אַז ער האָט געלעבט אַ לענגערע צײַט אין באַרסעלאָנע און איז געשטאָרבן נאָך דעם יאָר 1136 (זע וועגן אים: פיליפּאָווסקי, פאָררעדע צו „ספר העבור"; י. גאָלדענטאַהל, אין „קבוצת חכמים", 1861, 8 — 12; ש. ראַפּאָפּאָרט און פרײַמאַן, דאָררעדע צו „הגיון הנפש"; „ליטעראַטורבל. דעם אָריענטס", 1850, 423).

דער דאָזיקער באַרימטער יידישער אַסטראָנאָם און מאַטעמאַטיקער איז אָבער געווען ניט נאָר אַ געלערנטער, נאָר אויך אַן אויפקלערער. ער איז געווען העכסט איבערצייגט, אַז די העכסטע און שענסטע אויפגאַבע פונם מענטש איז ניט נאָר זאַמלען ידיעות און וויסנשאַפטן, — דער עיקר איז זיי פאַרשפּרייטן צווישן ברייטערע שיכטן. „עם־הארצות איז פינסטערניש — ערקלערט אַברהם בר חייא אין זיין עטישן ווערק „הגיון הנפש״ — און פאַרטרייבן דאָס פינסטערניש קען מען נאָר מיטן ליכט פון וויסן. ווער עס האָט אַ סך וויסן געזאַמלט און האַלט עס באַהאַלטן פאַר זיך, ביי דעם זיצט זיין חכמה אין דער פינסטער פאַרשפּאַרט; ווער עס פאַרשפּרייט אָבער זיין וויסן, און מאַכט עס צוגענגלעך פאַר אַלע, וואָס באַגערן, דעמס חכמה שיינט און שטראַלט ווי די זון אין מיטן העלן טאָג. דער באַפעסטיקט די יסודות פון דער וועלט און שאַפט זיך אומשטאַרבלעכקייט. וואָרעם ער שענקט דאָך דעם מענטשנס נשמה, וואָס איז געווען ווי אַ בהמה גלייך, דאָס אייביקע לעבן. ווער עס פאַרשפּרייט וויסן אין זיין דור, דער ווערט געבענטשט מיט פיר גרויסע מעלות: ער באַקומט שכר אויף יענער וועלט, האָט כבוד און לויב אויף דער וועלט, זיין תורה שיינט ווי אַ קרוין איבער זיינע תלמידים, און דער קוואַל פון זיין חכמה ווערט אַלץ פרישער און שטאַרקער״ [1].

אין די יאָרן, וואָס אַברהם בר חייא האָט פאַרבראַכט אין דער פּראָוואַנס, האָט ער זיך נאָענט באַקאַנט מיט דעם אָרטיקן יידישן קיבוץ און ער האָט זיך געשטעלט די אויפגאַבע צו באַקענען זיינע ברידער, וואָס פאַרשטייען ניט קיין אַראַביש, מיט די וויסנשאַפטלעכע אוצרות, וואָס זיינען אויפגעזאַמלט געוואָרן אויף דער דאָזיקער שפּראַך. מיט גרויס ענוות ערקלערט ער אין זיין מאַטעמאַטיש־אַסטראָנאָמיש ווערק „ספר העיבור״: „וואָלט שוין אין פּראָוואַנס עקסיסטירט אַ העברעיש ווערק, וואָס זאָל קלאָר און פאַרשטענדלעך באַקאַנען אָט מיט דעם וויכטיקן ענין, וואָלט איך נאַטירלעך ניט געהאַט די העזה אַרויסצוטרעטן פאַר דער געלערנטער וועלט מיט מיינעם אַ ווערק. ווען עס זאָל וויניקסטנס זיין אַ פּאַסנד לערנבוך אין

---

1 „הגיון הנפש״, ז׳ 16—18: „והכסיל בחשך הולך ואם אתה מלמדו חכמה תהיה מאיר את חשכו... אם חוא (דער געלערנטער) מסתיר אותה בתוך לבו ואינו מלמדה, תהיה חכמתו זאת כאלו היא יושבת באפלה, וכשהוא מודיעה ומגלה אותה לכל דורשיה, תהיה גלויה וזהירה כשמש בצהרים... והמלמד את החכמה מביא לעולם דבר שיש לו עמידה וקיימא ותחיה בה נפש אדם שהיתה נחשבת כבהמה... ובָנו ממך חרבות עולם מוסדי דור ודור תקומם... ונמצא המפיץ מחכמתו על בני דורו זוכה לארבע מעלות גדולות: שכר טוב לעולם הבא ושבח והדר לעולם הזה, והדר תורתו נראה על תלמידיו וניב חכמתו ובינתו נובע וגובר בידו״

אַראַביש, וואָלט איך עס פּשוט איבערגעזעצט; ווייל איך האָב אָבער אַזאַ בוך ניט געפֿונען, האָב איך קיין אַנדער ברירה ניט געהאַט און אַליין פֿאַרפֿאַסט אַזאַ חיבור אויף ווי ווייט איך בין אימשטאַנד געווען"[1]. אין ענלעכע אויסדרוקן ערקלערט ער אויך די טעמים, צוליב וועלכע ער האָט פֿאַרפֿאַסט זיין באַקאַנט אַסטראָנאָמיש ווערק „צורת הארץ", וועלכעס דער באַוווסטער קריסטלעכער געלערנטער סעבאַסטיאַן מונסטער האָט פֿאַרעפֿנטלעכט מיט אַ לאַטיינישער איבערזעצונג אין באַזעל אינם יאָר 1546[2].

אָבער ניט בלויז ידיעות וועגן נאַטורוויסנשאַפֿטן האָט דער נשיא פֿון באַרצעלאָנע פֿאַרשפּרייט צווישן זיינע ברידער; ער האָט אויך אָנגעשריבן אַ פּאָפּולער ווערק וועגן עטיק, „ספר הגיון הנפש", וווּ ער רעדט אין אַ האַרציקן טאָן מכּח מוסר און דרך־ארץ, וועגן אַ לעבן פֿון יושר און יראת־שמים. דער געלערנטער נאַטורפֿאָרשער רעדט אין ווייכע רירנדיקע ווערטער וועגן „אחרית הימים", וועגן דער קומענדיקער ליכטיקער צייט, ווען עס וועט געוועלטיקן אין דער וועלט לויטער יושר און אמת. „דעמאָלסט, ערקלערט מיט באַגייסטערונג אברהם בר חייא, „אין די טעג פֿון דער גאולה" וועט אַלס הויפּט־יסוד פֿונם געזעלשאַפֿטלעכן לעבן גילטן דער זאַץ: ואהבת לרעך כמוך. אַלע מענטשן וועלן איינער דעם אַנדערן ליב האָבן ווי אייגענע ברידער; קנאה, שנאה, ווילדע תאוות, וואָס ברענגען צו רציחות און רשעות, וועלן ווערן פֿאַרגעסן, און רעגירן איבער דער וועלט וועלן לויטער ליבע און הייליקייט"[3]. אברהם בר חייא איז טאַקע איבערצייגט, אַז די יידן זיינען אַ אויסדערוויילט פֿאָלק[4]. און דאָך שטרייכט ער שטענדיק אינטער, אַז מען דאַרף ניט מיינען, אַז אין די טעג פֿון דער „ליכטיקער גאולה" וועט געהאָלפֿן ווערן נאָר דאָס יידישע פֿאָלק אַליין. „איך בין איבערצייגט, — פֿאַרזיכערט דער בעל „הגיון הנפש", — אַז מען מאָר אַזוי ניט מיינען; מען דאַרף גלויבן, אַז די טויערן פֿון תשובה זיינען אָפֿן פֿאַר אַלע מענטשן

[1] „ספר העבור", 4, (פֿיליפּאָווסקים אויסגאַבע, 1851)

[2] „צורת הארץ", פֿאָררעדע: „כל ימי דרשתי וחפשתי למצוא חבור בלשון הקודש המפרש את החכמה הזאת על סדור ולא מצאתי, ונראה בעיני כאלו אני מחויב להמציא אותה כפי יכולתי והייתי מתרשל ומתעצל מעשות זאת כי לא ראיתי לסמוך על דעתי ולא לקיים דבר זה מעצתי ורשותי, וכשבאו לידי שורות יקרות וטורים יקרים יוצאים מלפני קצין הדור וגבירו, שמש המדע ומאורו, והוד השכל והדרו, הנקרא בשם איש (נשיא) אלהים ובחירו, יסגא מאוד שלומו ולפני שמש ינון שמו, ויועץ אותי לחבר בחכמת הכוכבים חבור שיהיה מבאר את ענינה ומפרש כהוגן דרכיה ופניה. ועמדתי על דבריו הנעימים ומצותו להשלים ראויה ולהתמים, מיד השתדלתי לעצתו כפי כבודו עלי וחברתיה".

[3] „הגיון הנפש", ז' b42.

[4] דאָרטן, דף 7, עמ' ב'.

גלייך, ווי אין פסוק שטייט: שוב אל ד׳ וירחמהו, ווער עס ווענדט זיך צו גאָט, איבער דעם דערבאַרמט זיך גאָט, וואָרעם ער איז אַ גאָט פון רחמים״[1].

דער דאָזיקער געלערנטער מאַן מיט אַזאַ פרייען, טאָלעראַנטן קוק, איז אָבער האָך געווען אַ בן דורו, אַ זון פונם טיפן מיטלאַלטער; און דערפאַר טאַקע, בכדי צו שטאַרקן אין די הערצער פון זייַנע ברידער די האָפענונג אויף דער „ליכטיקער גאולה״, וואָס מוז קומען „באחרית הימים״, שרייבט אַברהם בר חייא אַ ספּציעלן מאמר „מגלת המגלה״[2], ווו ער דערווייזט אויפן סמך פון אַסטראָלאָגישע חשבונות און פון פסוקים אויס דעם ספר דניאל, אַז משיח וועט באַשטימט קומען אינם יאָר קי״ח לפ״ק (1358).

ווייל אַברהם בר חייא איז געווען איינער פון די ערשטע, וואָס האָט אויף העברעיִש געשריבן וויסנשאַפטלעכע ווערק[3], איז אים אויסגעקומען צו שאַפן נייע טעכנישע ווערטער און אויסדרוקן. זייַנע ווערק זייַנען דערפאַר אויך וויכטיק פאַר דער געשיכטע פונם העברעיִשן וויסנשאַפטלעכן סטיל. זייַן שפּראַך איז, אמת, נאָך אַ ביסל צו האַרב, און פילע זייַנע אויסדרוקן צו אומקלאָר און צעשוואומען, באַלד זייַנען אָבער קיין פּראָוואַנס אָנגעקומען נייע שפּאַנישע פאָרשער און זיי האָבן מיט ערפאָלג פאַרענדיקט דאָס, וואָס אַברהם בר חייא האָט אָנגעהויבן.

מיר האָבן שוין אין ערשטן בוך אָנגעוויזן, מיט וואָס פאַר אַ כבוד און דאַנקבאַרקייט די יידישע קהילות האָבן באַגעגנט די אויפקלערערישע טעטיקייט פונם באַרימטן אַברהם אבן עזרא. דער אבן עזרא האָט זיך געשטעלט די אויפגאַבע צו באַקענען דאָס פּראָוואַנסאַלישע און אויך איטאַליענישע יידנטום מיט די וויסנשאַפטלעכע אוצרות, וואָס דער שפּאַניש-יידישער קיבוץ האָט אָנגעזאַמלט. בכדי צו דערוועקן אין די יידישע צענטרען, וואָס פאַרשטייען ניט קיין אַראַביש, דעם אינטערעס צו וויסנשאַפטלעכער שפּראַך-פאָרשונג, האָט ער איבערגעזעצט אויף העברעיִש די קלאַסישע ווערק פון חיוג, און אויך פאַרפאַסט אייגענע גראַמאַטישע ווערק. באַלד נאָך אבן עזרא זייַנען פון שפּאַניע אָנגעקומען אין דער פּראָוואַנס נאָך פיל אַנדערע יידישע געלערנטע. דאָס זייַנען זיי עס אַנטלאָפן פון שפּאַניע מחמת די רדיפות, וואָס די יידן האָבן געהאַט אויסצושטיין אין

---

1 דאָרטן, 8a, סוף ערשטן פרק.

2 דער פולשטענדיקער נאָמען פון דעם ווערק: „ס׳ מְגִלַּת הַמְגַלֶּה, סוד הגאולה, חמישה שערים״.

3 אברהם בר חייא האָט אויך פאַרפאַסט אַ גרויס ענציקלאָפּעדיש וויסנשאַפטלעך ווערק. פראַגמענטן דערפון זייַנען געדרוקט אין „העבר, ביבל,״ VII, 84 — 95.

דער מיט פונם צוועלפטן יאָרהונדערט פון די פאַנאַטיקער, די אַלמאָ־האַדן[1]. די אַנטלאָפענע זיינען אָבער געקומען אינם פרעמדן לאַנד ניט מיט ליידיקע הענט, נאָר אָנגעלאָדן מיט דער בעסטער סחורה: מיט די טייערסטע אוצרות פון קולטור און וויסן. אין דעם פאַרשפּרייטן די שפּאַניש־יידישע קולטור אין דער פּראָוואַנס האָבן זיך באַזונדערס אויסגעצייכנט צוויי רייך באַגאַבטע און געבילדעטע פאַמיליעס: די קימחידן און די תיבונידן.

דער פאָטער פון די בני קמחי, יוסף בן יצחק קמחי, האָט אויסגעוואַנדערט פון דרום־שפּאַניע אינם יאָר 1150 און האָט זיך באַזעצט אין נאַרבאָנע. זיין ליטעראַרישע טעטיקייט איז געווען אַ זייער פילזייטיקע: ער האָט געשריבן גראַמאַטישע ווערק, געמאַכט אַ פירוש כמעט אויף גאַנץ תנ"ך, האָט איבערגעזעצט פון אַראַביש אויף העברעיש רבנו בחיים „חובות הלבבות"[2], האָט אויך געשריבן פיוטים, נאָר דער עיקר קונה־שם געווען האָט ער זיך מיט זיינע צוויי פילאָלאָגישע ווערק: „ספר זכרון" און „ספר הגלוי"[3]. זיינע פיוטים (זע לאַנדסהוט, „עמודי העבודה", 90—92) זיינען געשריבן מיט אַ שיינער שפּראַך, נאָר עס פעלט אין זיי די אמתע פּאָעטישע באַגייסטערונג; פיל וויכטיקער און אינטערעסאַנטער איז אָבער זיין זאַמלונג דידאַקטישע סענטענצן און שפּריכווערטלעך „שקל הקודש". דאָס דאָזיקע ווערק געהערט צו די שוין פון קדמונישע צייטן ביי יידן זייער באַליבטע „ספרי חכמה", ווו עס ווערן אין קורצע משלים און פיין צוגעשפּיצטע לער־זאַצן געגעבן די וויכטיקסטע כללים און אָנווייזונגען, ווי אַזוי דער מענטש דאַרף זיך פירן אין לעבן, בכדי ער זאָל גיין אין דרך־הישר פון מוסר און דרך־ארץ. דאָס קלאַסישע „ספר חכמה" פון דער ביבל־צייט איז דאָס זאַמלווערק „משלי", און פון דער תקופת התלמוד — די „פרקי אבות". נאָר אויך אינם מיטלאַלטער זיינען ערשינען אַזוינע דידאַקטישע זאַמלביכער, ווי למשל, דער „מבחר הפנינים" פון שלמה גבירול און דער אַנאָנימער „ספר היראה", וואָס איז ערשט אין דער נייערער צייט געדרוקט געוואָרן[4] דאָס לעצטע זאַמלבוך איז געשריבן אין גראַמען; אין געדיכטע

---

1 זע וועגן דעם אין ערשטן בוך, ז'. 191, 228.

2 פון דער איבערזעצונג איז פאַרבליבן בלויז אַ פראַגמענט, וועלכן יעלינעק האָט פאַרעפנטלעכט אינם יאָר 1896.

3 ביידע ווערק זיינען פאַרעפנטלעכט דורך דעם פאַרלאַג „מקיצי נרדמים" (1887—1888). אַ קריטישע אָפּשאַצונג גיט בליט אין זיין מאָנאָגראַפיע („מאַגאַזין פיר די וויסענשאַפט ד. יודענטומס", ב. XVIII, — XIX, 1890—1) ; זע אויך א. גייגער, אין „אוצר נחמד", I, 98—106.

4 דורך דער חברה „מקיצי נרדמים" אין יאָר 1846, אויפסניי געדרוקט לויט אַן אַנדער כתב־יד דורך ה. גאָלאַנץ אין יאָר 1919.

פאָרם איז אויך געשריבן קמחים „שקל הקדש״[1]. אַלס הויפט=קוועלע פאַר זיין ווערק האָט קמחי באַנוצט דעם „מבחר הפנינים״, נאָר ווי עס שיינט אין דעם אַראַבישן אָריגינאַל, ניט אין דער העברעישער איבערזעצונג. קמחי האָט דערביי אַרויסגעוויזן אַ גרויסע געניטקייט אין דער טעכניק פון דיכט=פאָרם און פערז=קונסט, און זיין „שקל הקודש״ פאַרדינט צו פאַרנעמען אַ בכבודיקן אָרט צווישן די „ספרי חכמה״ פונם מיטלאַלטער.

אַ באַדייטנדיקן קולטור=היסטאָרישן ווערט האָט אויך קמחים פאַלעמיש ווערק „ספר הברית״. פון דעם דאָזיקן ספר זעט מען אַמבולטסטן אַרויס, ווי טאָלעראַנט און פריי מען האָט זיך אין דער פראָוואַנס פאַרהאַלטן אין רעליגיעזע פראַגן אינם צוועלפטן יאָרהונדערט. בידוע, פלעגט מען אינם מיטלאַלטער ליב האָבן צו פירן וויכּוחים מכּח אמונה=זאַכן, בפרט צווישן פאָרשטייער פון פאַרשיידענע אמונות, באַזונדערס צווישן יידן און קריסטן. ביז דעם 13טן יאָרהונדערט, איידער דער פאַנאַטישער פויפסט אינאָקענטי דער דריטער האָט אָנגעהויבן שטאַרק צו רודפן יידן, פלעגן די דאָזיקע רעליגיעזע וויכּוחים טראָגן אַ גאַנץ פרידלעכן כאַראַקטער. די וויכּוחים פלעגן אָפט אַרויסגערופן ווערן פון דער יידישער זייט און זיי פלעגן פריי און אָפן שאַרף קריטיקירן די עיקרים פון דער קריסטלעכער אמונה. די קריסטן האָבן איינגעזען, אַז זיי איז שווער צו קעמפן אין רעליגיעזע פראַגן מיט די יידישע תּלמידי חכמים, ווייל יענע זיינען פיל מער בקי אין דעם טעקסט פון די כּתבי הקודש; דערפאַר פלעגן די קריסטן זייער גערן אַרויסשטעלן פון זייער זייט משומדים, וואָס זיינען דאָך, אַלס געוועזענע יידן, אויך געניט אין דער יידיש=רעליגיעזער ליטעראַטור. בפרט אין צפון=שפּאַניע, די נאָענטסטע שכנה פון פראָוואַנס, האָט די דאָרטיקע קירך, וואָס איז געווען, ווי מיר וועלן ווייטער זען, זייער קריגעריש געשטימט, געפלייסט זיך אויסצונוצן די משומדים אַלס מיסיאָנערן, האָפנדיק, אַז דורך זייערע וויכּוחים און פּראָפּאַגאַנדע וועט זיך איינגעבן פועלן ביי די יידן זיי זאָלן „מחזיר בתשובה״ זיין און איבערגיין צום קריסטנטום. און אָט די משומדים=מיסיאָנערן פלעגן אין זייערע וויכּוחים מיט זייערע אַמאָליקע ברידער פּרוּוון באַווייזן דעם פעסטן אמת פון דער קריסטלעכער אמונה, ניט נאָר מיט ראיות אויס דער ביבל, נאָר אַפילו אויס דעם תּלמוד און דער אַגדה. אין דער דאָ=

---

1 ביז דער לעצטער צייט איז דאָס דאָזיקע ווערק נעווען באַקאַנט בלויז לויט אייניקע פראַגמענטן, וואָס ס׳האָבן פאַרעפנטלעכט: דוקעס, אין „ציון״, 1841, 97—100, און „ליטעראַטבל.״ 1846, 728—31, דאַן עדעלמאַן אין „דרך טובים״, 1852, 24. פולשטענדיק איז עס ערשינען ערשט אין 1919 (זע ביילאַגן נומ׳ 3).

2 דאָס ווערק איז צו אונז ניט דערגאַנגען בשלימות, בלויז אַ טייל דערפון איז אָפּגעדרוקט אין „מלחמת חובה״ 1710, 18—33.

זיקער פּאָלעמיש-מיסיאָנערישער טעטיקייט האָט זיך באַזונדערס אויסגעצייכנט דער משומד משה ספרדי, וואָס האָט נאָך זיין איבערגיין צום קריסטנטום געטראָגן דעם נאָמען פּעטער אַלפאָנזי, און זיך שטאַרק קונה-שם געוועזן מיט זיין באַקאַנטער זאַמלונג פון מעשיות און לעגענדן „Disciplina clericalis“ (פאַרפאַסט אין 1106)[1]. דער דאָזיקער משומד האָט פאַרפאַסט אַ ספּעציעל פּאָלעמיש ווערק „Dialogi“[2], אין וועלכן ער שטרעבט צו באַווייזן, אַז די איינציקע ריכטיקע אמונה איז די קריסטלעכע. דאַן האָבן די יידן אויך פון זייער זייט אָנגעפאַנגען זיך פאַרנעמען מיט אַפּאָלאָגעטיק, און האָבן געשריבן ספּעציעלע האַנטביכער, ווי אַזוי צו פירן וויכוחים מיט קריסטן.

איינע פון די עלטסטע פּאָלעמישע שריפטן, וואָס מיר באַזיצן פון יענער צייט, איז יעקב בן ראובנס „מלחמות השם“ (הייסט אויך „ספר התשובות“), אויך אין 12 וויכוחים ווי אַלפאָנזיס ווערק. וועגן יעקב בן ראובן ווייסן מיר בלויז, אַז ער האָט געלעבט אין דער צווייטער העלפט פונם צוועלפטן יאָרהונדערט און זיין בוך האָט ער פאַרענדיקט אינם יאָר 1170. ווי עס שיינט איז ער אַ געבאָרענער אַ שפּאַניער, ווייל דער באַקאַנטער קאַראַימישער געלערנטער, כלב אַפענדופּולו, רופט אים „יעקב אויס וואַלענסיע“. עפּעס דורך אַ סיבה האָט ער געמוזט פאַרלאָזן זיין פאָטערלאַנד און זיך באַזעצט אין גאַסקאָן, וווּ ער האָט זיך באַפריינדעט מיט אַ קריסטלעכן גייסטלעכן, „אַ גרויסער בקי אין פילאָזאָפיע און אין אַנדערע חכמות“, ווי עס פאַרזיכערט יעקב בן ראובן. די צוויי פריינד פלעגן אָפט זיך אַריינלאָזן אין לאַנגע רעליגיעזע וויכוחים, און דער קריסטלעכער גייסטלעכער פלעגט אַלץ וועלן באַווייזן מיט ציטאַטן אויס יעראָנימוס, אַווגוסטין און אַנדערע קריסטלעכע אויטאָריטעטן, אַז טאַקע נאָר דאָס קריסטנטום איז די איינציקע אמתע רעליגיע. דאָך פלעגט דער גייסטלעכער דערביי מוסיף זיין: „טאָמער ווילסטו דערווייזן, אַז איך האָב אַ טעות, האָסטו ניט וואָס מורא צו האָבן, קענסט פראַנק און פריי אַרויסזאָגן וואָס דו ווילסט, קיינער וועט דיר ניט ווערן“[3].

און יעקב בן ראובן האָט אים טאַקע געענטפערט אויף אַלע זיינע

---

1 זע דעם ערשטן באַנד, ז' 266.

2 דאָס ווערק באַשטייט אויס 12 וויכוחים צווישן דעם יידן משה און דעם קריסט פּעטער. אַ מאָנאָגראַפיע וועגן אַלפאָנזיס „דיאַלאָגן“ האָט פאַרעפנטלעכט יוסף עסטרייכער אין „פינפטען יאַהרבעריכט ד. דייטשען לאַנדעס-אָבעררעאַלשולע אין געדינג“ (מערן), 1—40.

3 „ועתה אם און בידך — הרחיקהו, ואם אמת בשפתיך — השיבהו; דַבֵּר כרצונך ואל תִירָאֵנִי, אשאלך והודיעני“.

טענות און אַלץ פאַרשריבן אין זיין ספר, ווי עס גייט אַ וויכוח צווישן דעם „המכחד" (דער אַפּיקורס, וואָס לייקנט אַלץ אָפּ) און דעם „המיחד", דעם וואָס גלויבט אין דעם איינציקן גאָט. דער ערשטער שטעלט אַלץ פראַגן, און דער צווייטער ענטפערט[1].

כמעט אין איין צייט מיט יעקב בן ראובן האָט אויך יוסף קמחי אָנגעשריבן זיין פּאָלעמישן ווערק, בכדי, ווי ער ווייזט אַליין אָן, צו געבן אַ געווער אין די הענט פון די, „וואָס מוזן פירן וויכּוחים מיט אַפּטריניקעס פון אונזער פאָלק, וועלכע פאַרשפּרייטן ליגן און פריידיקן שקר, און האָבן די העזה צו מיינען, אַז מיט קינדערשע מעשיות און נאַרישע טענות קען מען מאַכן צו נישט די הייליקע ווערטער פונם לעבעדיקן גאָט"[2]. אויך קמחיס בוך איז געשריבן אין פאָרם פון אַ וויכּוח צווישן אַ גאָטספאָרכטיקן ייד, דעם „מאמין", און דעם אַפּטריניקן, דעם „מין". אין דעם ריין טעאָלאָגישן טייל פונם ווערק ווייזט קמחי אַרויס זיין נאָענטע באַקאַנטשאַפט מיט דער לאַטיינישער ביבל-איבערזעצונג פון יעראָנימוס, און באַווייזט טאַקע דערביי מיט גרויס געניטקייט, אַז אָט דער גרויסער קריסטלעכער געלערנטער האָט אָפטמאָל פאַלש איבערזעצט, ווייל ער איז ניט געווען קיין שטאַרקער בקי אין דער העברעישער שפּראַך. דער „מאמין" איז נאַטירלעך פעסט איבערצייגט, אַז די איינציקע אמתע און געטלעכע אמונה איז די יידישע, און דאָס, טענהט דער „מאמין", קען מען טאַקע קלאָר אַרויסזען פון דעם ריינעם, מאָראַלישן לעבן, וואָס די יידן פירן. „קיין שום אומה — ערקלערט ער מיט שטאָלץ — דערפילט ניט אַזוי טריי די געבאָטן פון די עשרת הדברות, ווי מיר יידן. מיר גלויבן אין דעם איינציקן גאָט און האַלטן זיך טריי אָן דעם געבאָט: „לא תעשה לך כל תמונה"; נאָר מיר דערפילן דאָס געבאָט פון שבת האַלטן, און פאַרשוועכן ניט מיט קיין שום מלאכה דעם דאָזיקן הייליקן טאָג. קיין אומה אין דער וועלט דערפילט ניט אַזוי שטרענג, ווי מיר יידן, די געבאָטן: „לא תרצח" און „לא תנאף". ביי אונז זיינען ניטאָ ניט קיין רוצחים, ניט קיין מענטשן באַפלעקטע מיט זנות; גזילה און מערדערייען זיינען ביי יידן כלל ניט אַזאַ געוויינלעכע זאַך, ווי ביי אַייך

1 דער „מלחמות השם", וואָס פּאָלעמיזירט שטאַרק מיטן קריסטנטום, איז עד-היום ניט געדרוקט. שטיינשניידער האָט פאַרעפנטלעכט בלויז אַ פּאָר פראַגמענטן פון יעקב בן ראובנס ווערק אין „אוצרות חיים" (371—378), און אַלס בייל אַגע צו „וכוח הרמב"ן" (1860). מיר האָבן זיך באַקענט מיט דעם „מלחמות השם" אין האַנטשריפטלעכע קאָפּיע (געשריבן אין 1423), וואָס געפינט זיך אין דער אָפּע-ביבליאָטעק אין לענינגראַד (זע ביילאַגן נומ' 4).

2 „מלחמת חובה", a19: „אחרי אשר ראיתי כי האנשים מפרצי בני עמנו התנשאו להעמיד חזון שקר ודברי כזבים ומשלים התולים ונשאם פתיותם והשיאם אולתם מבלי דעת והשכל ופיתם אותם סכלותם להפוך דברי אלהים חיים".

קריסטן, ווי מען באַראַבעוועט מענטשן אויף די וועגן, שטעכט נאָך זיי אָפּ די אויגן אויס און הענגט זיי אויף די ביימער. „טוען דען ווען אויך יידן אַזעלכע זאַכן? — פרעגט יוסף קמחי [1].

„צי הערשט אויך ביי אײַך — פרעגט ווייטער דער „מאמין"—אַזאַ צניעות ווי ביי אונז, הן ביי מענער, הן ביי פרויען? יעדן זון לערנט מען ביי אונז פון קינדווייז אָן תורה, די מיידלעך ווערן דערצויגן מיט מוסר און דרך־ארץ, מען זעט זיי ניט אַרומגיין פראַנק און פריי איבער די גאַסן, עס זיינען ביי אונז יידן ניטאָ קיין אויסגעלאַסענע (פרוצות), ווי ביי אײַך קריסטן, וואָס מען באַגעגנט שטענדיק אויף די געמאַרקן און אויף די ירידים. און איר האָט נאָך די העזה אָפּצושפּאָטן פון אונזער מאָראַל און אונזער שטייגער לעבן? איר האַלט זיך פאַר מענטשן מיט אַ העכערער מאָ־ראַל, איר, וואָס פירט אַזאַ לעבן און טרעט מיט די פיס אַלע געזעצן פון מוסר און יושר?"

„נאָך איינס וועל איך דיר זאָגן — זאָגט ווייטער דער „מאמין" — מיר ווייסן, וואָס הייסט ברידערלעכקייט. שטעלט זיך אָפּ איין ייד ביים אַנדערן, קען ער פאַרברענגען אַ טאָג, צוויי, אַ גאַנץ יאָר אַפילו — ער וועט ביי אים דערפאַר גאָרניט מאָנען, ניט פאַר עסן און ניט פאַר נאַכטלעגער; און אַזוי איז דער מנהג ביי יידן אויף דער גאָרער וועלט; זיי זיינען גערן מכנים אורח, וואָרעם יידן זיינען בני רחמנים און פאַרהאַלטן זיך מיט ליבע צו זייערע ברידער. זעט אַ ייד, אַז אַן אַנדערער איז געפאַנגען גענומען — לייזט ער אים גלייך אויס, איז יענער נאַקעט — קליידט ער אים אויס... און ביי אײַך, קריסטן, איז פונקט דער היפּוך (והפכם בנוצרים)" [2].

דער „מין", ד"ה דער קריסט, וואַרפט פאָר די יידן, אַז זיי זיינען פּראָצענטניקעס און לעבן פון וואָכער. אין דער פראָוואַנס אָבער, ווי דער האַנדל איז געווען אין בליענדיקן צושטאַנד, האָט מען זיך אָן קרעדיט ניט געקענט באַגיין, לייען געלט אויף פּראָצענט, אָדער פאַרלייגן סחורה פאַר אַ משכון מיט אַ תנאי זיך צו טיילן דערנאָך מיטן ריווח — דאָס אַליץ איז געווען אַ מוז־זאַך, אָן דעם וואָלט דער מסחר געמוזט פאַלן, ווי עס שטאַרבט אָפּ אַ אָרגאַניזם אויס בלוט־מאַנגל. דאָס לעבן האָט זיך ניט גע־וואָלט רעכענען מיטן פאַרבאָט פון דער קריסטלעכער קירך, וואָס האָט גע־קוקט אויף פּראָצענט ווי אויף דער גרעסטער עבירה. און קמחים „מאמין" דערציילט אונז טאַקע דעם אינטערעסאַנטן פאַקט, אַז פיל קריסטן אין דער

---

[1] „אֵין בהם רוצחים ומנאפים, עושק וגזל אין ביהודים מפורסם כמו בנוצרים שמלסטים הבריות בדרכים ותולין אותם ומְנַקרים עיניהם למקצתם, ולא תוכל להחזיק על היהודים דברים אלו" (דאָרטן, 205).

[2] דאָרטן, 21a.

פראָוואַנס האָבן זיך געמאַכט אַ היתר און געגעבן געלט אויף פראָצענט. „אין דער עבירה פון פראָצענט נעמען—ווייזט אָן דער „מאמין״—זיינען דאָך די קריסטן פיל מער שולדיק ווי מיר יידן, וואָרעם זיי, די קריסטן, נעמען גרויסע פראָצענטן הן ביי יידן און הן ביי קריסטן, מיר אָבער נעמען ווייניקסטנס ביי אונזערע ברידער קיין פראָצענט ניט״[1].

בעת דער „מאמין״ מאַכט דעם פאָרוואורף, אַז דאָס לעבן ביי די קריסטן איז פול מיט זינד און לאַסטער, ווייזט אָן דער „מין״ אויף די פילע קריסטלעכע אַסקעטן און פירושים, וואָס שיידן זיך אָפּ פון אַלע תענוגים אין דער וועלט, גייען אַוועק אין מדבריות און אין איינזאַמע וועלדער, און פאַרברענגען דאָרט זייער גאַנץ לעבן אין גרוים החקות און נויט. „יאָ, אמת — ענטפערט דער „מאמין״ — אָבער אַייערע הייליקע און פרושים זיינען דאָך בלויז יחידים און קעגן איין הייליקן זיינען ביי אַייך דאָ פיל טויזנטער, וואָס זיינען איינגעטונקט אין זינד און שאַנד. אַפילו אַייערע גייסטלעכע, אַייערע גלחים און קאַרדינאַלן, וואָס דאַרפן דאָך פירן אַ ריין אָנשטענדיק לעבן — ווייסן דאָך אַלע ווי לוהוט זיי זיינען נאָך לאַסטער און זנות״[2].

יוסף קמחים וויסנשאַפטלעכע אַרבעט האָבן פאָרגעזעצט זיינע צוויי זין, משה און דוד. דער עלטערער האָט זיך באַזונדערס קונה־שם געווען מיט זיין גראַמאַטישן לערנבוך „מהלך שבילי הדת״, די ערשטע העברעישע גראַמאַטיק, וואָס איז אין דרוק ערשינען[3]. אין דער תקופה פון רעפאָרמאַציע

---

1 דאָרטן b21: „ועוד כי נשמרים היטב מאבק רבית, לא ימכרו ליהודי אחיהו לא חטים ולא יין ולא שום מקח לזמן קצוב כדי להרבות לו בדמים. והנה אתם שתחדלו מן הרבית תמכרו לאחיכם כל מקח לזמן קצוב בכפל דמים, הלא תבושו שתאמרו לא תלוו רבית, הנה זה רביתגדול, ועוד כי הרבה גויים מלוים ברבית ידוע ליהודים ולגויים מה שאין היהודים עושים לאחיהם יהודים״.

2 דאָרטן.

3 דער פולשטענדיקער נאָמען פון דעם לערנבוך איז: „מהלך שבילי הדת קרבת מליצת חכמה יתרון להבן דרכי לשון הקדש״. דער ביבליאָגראַף ש. ווינער האָט דער ערשטער אָנגעוויזן, אַז דאָס דאָזיקע ווערק איז געווען צום ערשטן געדרוקט אין סאָנטשינאָ אינם יאָר 1489. איין עקזעמפלאַר (אַ דעפעקטער) פון דער דאָזיקער זייער זעלטענער אויסגאַבע געפינט זיך אין אַזיאַטישן מוזיי אין לענינגראַד. אין פירקאָוויטשעס מאַנוסקריפטן־קאָלעקציע נומ׳ I, (112) געפינט זיך אַ אָפּשריפט פון דער ערשטער סאָנטשינער אויסגאַבע. אין סוף מאַנוסקריפט געפינט זיך פאָלגנדיקע צושריפט פונם סאָנטשינער פאַרלאַגער: „בהיות זה הקיצור מדקדק רב התועלת לנערים והיותר נבחר מכלל שאר הקיצורים הנעשים בו מצורף לזה היות מחברו אָב למדקדקים ראינו לעשות במלאכתנו מלכאת הדפוס מדויק. פה סונצין י״ג אב רמ״ח לאלף הששי״ (1488). די דריטע אויפלאַגע פון קמחים גראַמאַטיק (1519) איז דערשינען מיט אַ אינטערעסאַנטער פאָררעדע פון בנימין בן יהודה.

איז משה קמחיס ווערק געווען דאָס באַליבטע לערנבוך ביי די קריסטלעכע געלערנטע, אויס וועלכן זיי האָבן זיך באַקענט מיט דער העברעישער שפּראַך. דער באַרימטער אליהו לעוויטע האָט אַרויסגעגעבן קמחיס ווערק מיט אַ סך הערות און הוספות, עס איז דערנאָך פיל מאָל איבערגעדרוקט געוואָרן און אין 1531 האָט עס דער קריסטלעכער געלערנטער סעבאַסטיאַן מונסטער איבערגעזעצט אין לאַטיין און געדרוקט אין באַזעל. משה קמחי האָט אויך געשריבן פירושים אויף איניקע ביבלישע ביכער: איוב (פאַר־עפנטלעכט אינם יאָר 1868 דורך י. שוואַרץ אין „תקות אנוש״), משלי, עזרא און נחמיה. אַ מאָדנעם מזל האָבן די לעצטע דריי פירושים. שוין אינם מיטלאַלטער האָבן זיי געטראָגן אַ פרעמדן נאָמען — דעם באַרימטן נאָמען אַברהם אבן עזרא, און עד־היום הזה ווערן זיי געדרוקט אין פיל תנ״ך־אויסגאַבן אַלס אבן עזראס פירושים.

באַדייטנדיקער פון משה קמחי איז זיין יינגערער ברודער, דוד, דער באַרימטער רד״ק (רבי דוד קמחי)[1], וועגן וועלכן ס׳פלעגט אין דער שפּעטערדיקער ליטעראַטור אָפט געברויכט ווערן דאָס ווערטל: „אם אין קמח אין תורה״ — אָן קמחין קען מען דעם פשט פון דער תורה ניט פאַרשטיין. אַן אויסגעצייכנטער סיסטעמאַטיקער און גלענצנדער פשטן, וואָס האָט דעם כשרון אָנצוקליידן דעם שווערסטן און האַרבסטן ענין אין קלאָר פאַר־שטענדלעכער פאָרם, איז דעם רד״ק געלונגען אין זיין צוויי־בענדיקן „מכלול״ צו ברענגען אין אַ שטרענגן סדר דעם גאַנצן קאָלאָסאַלן גראַמאַ־טישן און לעקסיקאָגראַפישן מאַטעריאַל, וואָס ס׳האָבן צונויפגעזאַמלט די באַרימטע שפּראַך־פאָרשער פון דער שפּאַנישער שול. אין דעם ערשטן טייל,[2] וווּ עס ווערט געגעבן די גראַמאַטיק פון דער העברעישער שפּראַך, איז דעם רד״ק געלונגען אַזוי קונציק אויסצונוצן אַלץ, וואָס זיינע פאָר־גענגער האָבן געשאַפן אויף דעם געביט, אַז מען האָט זיך שוין מער ניט גענייטיקט אין זייערע ווערק, און זיי זיינען טאַקע מיט דער צייט אינגאַנצן פאַרגעסן געוואָרן, און ערשט אין דער נייערער, וויסנשאַפטלעכער צייט, זיינען זיי תחית־המתים אויפגעשטאַנען. דער רד״ק איז געווען שטאַרק אָנגענומען ניט נאָר ביי יידן, נאָר אויך ביי קריסטן און מיט זיינע ווערק האָבן זיך באַ־נוצט אַזוינע געלערנטע, ווי רייכלין, סעבאַסטיאַן מונסטער און אַנד.

רד״קס גרויסער שם אַלס שפּראַך־פאָרשער האָט פיל מיטגעהאָלפן,

---

1 געבאָרן אין 1160, געשטאָרבן אין נאַרבאָנע אין 1235.

2 דער צווייטער טייל, וואָס טראָגט אַ באַזונדערן נאָמען „ספר השרשים״, איז אַ ביבל־ווערטערבוך, און ווערט אַלס זעלבשטענדיק ווערק באַזונדער געדריקט.

וואָס אויך זיינע פירושים אויף תנ״ך [1] זיינען געווען זייער אָנגענומען. זיינע פירושים זיינען געווען אַזוי פּאָפּולער אין דער קריסטלעכער וועלט, אַז מען האָט זיי מערערע מאָל איבערגעזעצט אין לאַטיין. אין זיינע פירושים מרעט דער ר״דק אַרויס אַלס הייסער אָנהענגער פון דעם בעל ,,מורה נבוכים״ [2] און זיין פילאָזאָפיש־ראַציאָנאַליסטישע ערקלערונג פון „מעשה בראשית״ און ,,מעשה מרכבה״ האָט, ווי מיר וועלן ווייטער זען, שטאַרק אויפגעבראַכט קעגן אים די גאָטספאַרכטיקע רבנים פון צפון־פראַנקרייך. און ווען עס איז אין זיינע לעצטע יאָרן אויסגעבראָכן דער קאַמף צווישן דעם רמב״מס אָנהענגער און קעגנער, איז דער אַלטער קמחי גלייך צוגעטראָטן צו די מיימוניסטן און האָט אין דעם קאַמף געשפּילט אַ זייער אַקטיווע ראָלע, וועגן וועלכער עס וועט נאָך זיין די רייד אין ווייטערדיקן קאַפּיטל [3].



דער הויפּט־פאַרדינסט פון די בני קמחי ליגט אין זייערע גראַמאַ־טישע ווערק. דער קולטורעלער באַדייט פון דער צווייטער אויבנדערמאָנ־טער פאַמיליע, די בני תיבון, באַשטייט הויפּטזעכלעך אין זייער טעטיקייט אַלס איבערזעצער, וואָס אַדאַנק זיי זיינען די חשובסטע וויסנשאַפטלעכע ווערק פון יידישע פאָרשער אין שפּאַניע געוואָרן צוגענגלעך אויך פאַר די יידן, וואָס האָבן אַראַביש ניט פאַרשטאַנען.

בערך אין דער זעלבער צייט, ווען יוסף קמחי האָט זיך באַזעצט אין דער פּראָוואַנס, האָט אויך דער אין גראַנאַדע געבאָרענער יהודה בן שאול אבן תיבון [4] פאַרלאָזן שפּאַניע און זיך באַזעצט אין דער פּראָוואַנסאַלישער

---

[1] דוד קמחי האָט געשריבן פירושים אויף בראשית, נביאים, תהלים און דברי הימים.

[2] מיט דעם „מורה נבוכים״ האָט זיך דער רד״ק באַקענט אין דער העברעישער איבערזעצונג פון זיין פריינד שמואל אבן תיבון. אַ טרייער אָנהענגער פון דעם רמב״מס שיטה, ערקלערט קמחי, אַז דאָס געשפּרעך צווישן אברהם אבינו מיט גאָט איז פאָרגע־קומען בלויז אין חלום. ער ערקלערט אויך אויף אַ ריין ראַציאָנאַליסטישן אופן די ביבלישע דערציילונג, ווי אַזוי אליהו הנביא איז לעבעדיקערהייט אַוועק אין הימל אַריין.

[3] ווי זיין פאָטער אַזוי פלעגט אויך דוד קמחי פירן אָפטע וויכּוחים מיט קריסט־לעכע גייסטלעכע און געלערנטע. זיינע פּאָלעמישע אַרויסטרעטונגען קעגן קריסטנטום אין זיין פירוש אויף „תהילים״ האָט די קריסטלעכע צענזור אַרויסגעוואָרפן, זיי זיינען דער־פאַר באַזונדער אָפּגעדרוקט אונטערן נאָמען „תשובות הנצרים״. ער האָט אויך אָנגע־שריבן קעגן דעם קריסטנטום אַ ספּעציעל פּאָלעמיש ווערק „ויכוח״ (אַ פראַגמענט דערפון איז אָפּגעדרוקט אין „מלחמת חובה״). אין דעם דאָזיקן פראַגמענט דערציילט קמחי, ווי ער האָט געהאַט אַ וויכּוח מיט איינעם אַ פראַנציסקאַנער („בא להתוכח עמי אחד הצעירים״).

[4] געבוירן אין 1120, געשטאָרבן נאָך 1190.

שטאָט לונעל, ווו בראש פון דער יידישער קהילה איז געשטאַנען ר׳ משולם
בן יעקב, וועגן וועלכן עס רעדט מיט אַזאַ התפעלות דער געבילדעטער רייזנ=
דער בנימין בן יונה אוים טודעלאָ. אַ מענטש פון ברייטן וויסן, איז משולם
בן יעקב געווען אַן אמתער ליבהאָבער און שטיצער פון וויסנשאַפט און
בילדונג. ער האָט מיט גרוים ליבע צונויפגעזאַמלט מאַנוסקריפטן און
קאָפּיעס פון די באַדייטנדסטע וויסנשאַפטלעכע ווערק, וואָס זיינען געשאַפן
געוואָרן אויפן באָדן פון אַראַביש-יידישער קולטור. ער האָט אויך גלייך
באַשלאָסן איטצונוצן יהודה אבן תיבונס אַראַבישע קענטעניש און ביי אים
באַשטעלט (1161) אַ העברעישע איבערזעצונג פון בחיי בן פקודהס עטיש
ווערק ,,חובות הלבבות״[1]. יהודה אבן תיבון האָט אין דער התחלה איבער=
זעצט בלויז דעם ערשטן, ריין פילאָזאָפישן, פרק ,,שער היחוד״; אויפן
אָרט פון דעם איבעריקן טייל פון בן פקודהס ווערק האָט אבן תיבון איבער=
זעצט פון אַראַביש שלמה גבירולס קליינע שריפט ,,תיקון מידות הנפש״,
ווו עס ווערט אין זייער אַ קנאַפּער, אָבער גאַנץ קלאָרער פאָרם גערעדט וועגן
די זעלבע עטישע ,,חובות״ פון דעם מענטשנס האַרץ, וועגן וועלכע עס
האַנדלט זיך אין ,,חובות הלבבות״. ערשט נאָך דעם, ווי עס איז ערשינען
יוסף קמחיס איבערזעצונג פון ,,חובות הלבבות״ און זי איז אַבן תיבון
זייער ניט געפעלן, האָט ער באַשלאָסן אַליין צו איבערזעצן דאָס גאַנצע
ווערק. אינטערעסאַנט איז די הקדמה פון דעם איבערזעצער, ווו ער קלאָגט
זיך אויף די גרויסע שוועריקייטן, וואָס זיינען געווען פאַרבונדן מיט זיין
אַרבעט. ,,די אַראַבישע שפּראַך — שרייבט אבן תיבון — איז זייער רייך
און ברייט, מען קען אין איר זייער לייכט איבערגעבן יעדן ענין, יעדן גע=
דאַנק מיט אַלע ניואַנסן, ווייל דער אַראַבישער סטיל איז אַנטוויקלט ביז
צו דער העכסטער מדרגה, ניט ווי ביי דער העברעישער שפּראַך, וואָס איר
סכום ווערטער און אויסדרוקן איז זייער באַגרעניצט; מיר שעפּן אַלץ פון איין
קוואַל — פון דער ביבל. דאָס קען אָבער ניט מספּיק זיין פאַר אַלע באַ=
דערפענישן... מיר זיינען דערפאַר ניט אימשטאַנד איבערצוגעבן אין אַ שיי=
נער פאָרם אַזוי קלאָר און דייטלעך אונזערע געדאַנקען און געפילן אין
העברעיש, ווי עס געלינגט אונז ביי אַזאַ רייכער שפּראַך ווי אַראַביש״[2].

---

[1] אבן תיבון שרייבט אַליין וועגן דעם אין דער פאָררעדע צו זיין איבערזעצונג: „הרב משולם נר״י בן החכם הישיש רבי יעקב ז״ל... צוני לתרגם לו ענינו בלשון עברי״.

[2] זע אבן תיבונס בריוו צו משולמס זון, ר׳ אשר.

[3] עס איז ביי אונז קיין ספק ניט, אַז אָט קענן דעם געדאַנק, וואָס אבן תיבון זאָגט דאָ אַרוים, צילט עס דער דיכטער אלחריזי אין זיין פאָררעדע צו „תחכמוני״, וועלכע מיר ציטירן אין דעם ערשטן באַנד פון אונזער ווערק (241 — 3).

דער אויסדרוק „שיינע פאָרם" פּאַסט מאַקע גאַנץ ווייניק פאַר אבן תיבונס שפּראַך: זי איז האַרט און ניט געשליפן; דערפאַר אָבער איז אבן תיבון אַ זייער טרייער און זיכערער איבערזעצער; ער איז פון די פלייסיקע גרינדלעכע אַרבעטער, וואָס מען קען זיך אויף זיי פאַרלאָזן; דערפאַר מאַקע האָט זיין איבערזעצונג באַלד אינגאַנצן פאַרדרענגט די איבערזעצונג פון יוסף קמחי. נאָך דעם „חובות הלבבות" האָט אבן תיבון איבערזעצט נאָך אַ גאַנצע צאָל אַנדערע אַראַביש-יידישע ווערק. אין 1167 האָט ער פאַרענ-דיקט יהודה הלוים „כוזרי", דערנאָך האָט ער איבערזעצט שלמה גבירולס „מבחר הפנינים", דאַן אבן גנחס ווערק: „ספר הרקמה" און „ספר השרשים" און צום סוף, אויף דער עלטער (1186) האָט ער איבערזעצט ר' סעדיה גאונס באַרימט ווערק „ספר האמונות והדעות".

יהודה אבן תיבון האָט מיט רעכט פאַרדינט דעם נאָמען „ראש המעתיקים" — דער פאָטער פון די איבערזעצער, ניט קוקנדיק אויף אַלע זיינע חסרונות. ער פלייסט זיך איבערזעצן מלה במלה, בלייבן וואָס טרייער דעם אַראַבישן אָריגינאַל, ניט רעכענענדיק זיך דערמיט, וואָס דערביי ליידט דאָך זייער דער גייסט פון דער העברעישער שפּראַך, און דער זאַץ קומט אַרויס האַרט און פעדאַנטיש-טרוקן. דאָך איז אבן תיבון געווען אַ מורה דרך — אַ וועגווייזער; ער האָט מיט זיין מיזאַמען פלייס געשאַפן אויף העברעיש אַ פילאָזאָפיש-וויסנשאַפטלעכע טערמינאָלאָגיע, זי איז אַפילו געווען צו שווער-וואָגיק און אומגעשליפן, דאָך איז דאָס געווען פאַר די, וואָס האָבן אַראַביש ניט געקענט, דאָס ערשטע נייטיקע געווער בכדי צו באַהערשן דאָס געביט פון פילאָזאָפישן דענקען. ער (צוזאַמען מיט זיינע יורשים) דאָבן אדאַנק זייערע יאבערזעצונגען געראַטעוועט רייכע אוצרות פון אַראַביש-יידישער קולטור, וואָס וואָלטן אַזוי געגאַנגען לטמיון, און זיי פאַרשפּרייט און געמאַכט צוגענגלעך בכל תפוצות ישראל.

פון אבן תיבונס אייגענע ווערק האָט אַ קולטור-היסטאָרישן אינטע-רעס בלויז זיין „צוואה", וואָס ער האָט געשריבן פאַר זיין איינציקן זון, שמואל אבן תיבון, אַלס 70יאָריקער זקן. „צוואות" פאַרנעמען בכלל אַ גאַנץ בכבודיקן פּלאַץ אין דער אַלטער העברעישער ליטעראַטור. ספּעציעלע ווערק פון אַמאָליקע ציייטן, וואָס זאָלן אונז שילדערן דעם דעמאָלסטיקן שטייגער-לעבן, באַזיצן מיר ניט; מען האָט דעמאָלט ניט פאַרשטאַנען, אַז באַשרייבן דעם „עולם הזה", דאָס וואָכעדיקע לעבן, קען אויך עפּעס האָבן אַ ווערט. דערפאַר מאַקע זיינען אַזוי אינטערעסאַנט די „צוואות", וואָס פילע גדולי ישראל האָבן אויף דער עלטער געשריבן פאַר זייערע קינדער, ווו זיי זאָגן זיי מוסר און לערנען זיי, ווי מען דאַרף זיך נוהג זיין בכדי מען זאָל נושא-חן זיין ביי גאָט און ביי לייט. דערביי ווערן ווילנדיק ניט ווילנדיק באַרירט

פיל פרטים פונם דעמאָלסטיקן לעבן, וואָס אין אַנדערע קוועלן איז זיי אומ־מעגלעך צו געפינען. אין דער הינזיכט איז אבן תיבונס „צוואה" איינע פון די אינטערעסאַנטסטע. דאָרט געפינען מיר זייער פיל כאַראַקטעריסטישע שטריכן אויפן דעם קולטורעלן לעבן פון דעם שפּאַנישן יידנטום. טיפּיש איז זיין ערציילונג, ווי אַזוי ער „האָט זיך ניט געוואָלט רעכענען מיט די גרויסע הוצאות און מיט די סכנות, וואָס שטייען פאָר אינם וועג, און האָט זיך געלאָזט פאָרן אין ווייטע מדינות, בכדי צו באַקומען פאַר זיין זון אַ גוטן לערער פאַר „חכמות חיצונית". „איך האָב אַלץ געטאָן — ווייזט אָן דער אַלטער אבן תיבון — בכדי צונויפצוזאַמלען פאַר דיר אַלע ספרים, וואָס האָסט נייטיק, זאָלסט נישט דאַרפן זוכן קיין שום ספר. דו זעסט, ווי אַנ־דערע מוזן אַרומלויפן זוכן אַ נייטיק בוך און קענען עס ניט באַקומען, דו אָבער, גאָט צו דאַנקען, פאַרלייסט יענעם און אַליין דאַרפסטו ביי קיינעם ניט לייען... דו זעסט דאָך, ווי גרויסע חכמים קומען צו מיר פון ווייטע ערטער, ווילן גערן באַקענען זיך מיט מיר און מיט מיין ביבליאָטעק"[1].

אין יענער צייט, ווען ביכער האָבן עקסיסטירט בלויז אין כתב־יד, האָט אַ ריינע און שיינע האַנטשריפט געשפּילט זייער אַ גרויסע ראָלע, עס איז ממש געווען אַ וויכטיקער פאַקטאָר פון קולטור און בילדונג, ווייל אין דעם, וואָס דאָס כתב־יד איז ריין און לייכט צום לייענען און די אָפּ־שריפט איז ריכטיק און אָן גרייזן — איז געלעגן אין אַ געוויסער מאָס דער גורל און דאָס מזל פונם בוך גופא. דערפאַר מאַכט גיט דער אַלטער אבן תיבון זיין זון די דעטאַלסטע אָנווייזונגען, ווי אַזוי מען דאַרף זיין אויפ־מערקזאַם ביים אָפּשרייבן, מען דאַרף זיך פלייסן, אַז יעדער אות באַזונדער זאָל זיין קלאָר און בולט. „דאָס שרייבן — רופט באַגייסטערט אויס אבן תיבון — איז אַ קונסט, גלייך מיט אַנדערע קונסטן!"[2] „מיין זון! — שרייבט ווייטער דער אַלטער פאָטער — זאָלן ביכער זיין דיינע חברים, און די אַלמערס פון ספרים דיינע סעדער און גערטנער... דו זאָלסט יעדן חודש איבערציילן דיינע העברעישע ביכער, אַלע צוויי חדשים — די אַראַבישע, און די צונויפגעבונדענע זאַמלונגען — איין מאָל אין דריי. דיינע ביכער דאַרפן שטיין אין בעסטער אָרדענונג, דו זאָלסט ניט דאַרפן לאַנג זוכן דאָס נייטיקע בוך... אין יעדן אַלמער באַזונדער דאַרף ליגן אַ פולשטענדיקער רייסטער פון אַלע ספרים, וואָס געפינען זיך אין אים, און יעדעם בוך

---

1 „צואת ר' יהודה" (שטיינשניידערס אויסגאַבע, 1852), 4.

2 דאָרטן, 8: „כי הכתיבה... היא צורה מן הצורות". אויס דעם זעלבן גרונט האָבן די חכמי התלמוד גערופן די מלאכה פון די אָפּשרייבער (סופרים) „מלאכת שמים". ווען ר' מאיר, וואָס איז געווען אַ קונציקער סופר, איז געקומען צו ר' ישמעאלן, האָט יענער אים געוואָרנט: „בני, הוי זהיר במלאכתך שמלאכתך מלאכת שמים".

זאָלסטו צוריקשטעלן אין זיין אָלמער. זיי אויפמערקזאַם אויף אייניציקע בלעטלעך אָדער בריוו, וואָס ליגן אַריינגעלייגט אין ספרים, וואָרעם אויך אין די אייניציקע בלעטלעך געפינען זיך גאַנץ אָפט זייער וויכטיקע נאָטיצן, וואָס איך האָב מיט דער צייט געזאַמלט און פאַרשריבן. זע, עס זאָל ניט גיין לאיבוד קיין איין ספר און קיין אייניציקע נאָטיץ, וואָס איך לאָז דיר איבער... פאַרהענג די אָלמערס מיט שיינע פירהענגלעך, היט אָפּ עס זאָל אין זיי קיין וואַסער ניט אַריינרינען, זע אויך, אַז די ספרים זאָלן ניט פאַר־דאַרבן קיין עכברים אָדער אַנדערע מזיקים — זיי זיינען דאָך דיין בעסטער אוצר. לייסט דו עמעצן אַ בוך, פאַרשרייב פאַר אים אין די אויגן זיין נאָ־מען אין דיין נאָטיץ־בוך, קערט ער דיר אום — מעק אויס די נאָטיץ"[1].

יהודה אבן תיבון שטראָפט אין דער „צוואה" זיין זון, און וואַרפט אים אויס, אַז ער איז צו לייכטזיניק און פאַרהאַלט זיך ניט מיטן גיימיקן יראת הכבוד צו וויסנשאַפטלעכע פּראָבלעמען. דעם פאָרוואורף האָט אָבער שמואל אבן תיבון ניט פאַרדינט. ער איז געווען דער גייסטיקער יורש פון זיין פאָטערס קולטורעל־וויסנשאַפטלעכער טעטיקייט און האָט אים נאָך איבערגעשטיגן מיט זיין ברייטער פילאָזאָפישער בילדונג און שאַרפן אַנאַ־ליטישן שכל. יהודה אבן תיבונס טעטיקייט האָט שטאַרק פאַרגרעסערט דעם אינטערעס פון די פּראָווענסאַלישע געבילדעטע יידן צו פילאָזאָפישע פּראָבלעמען, און זי האָט אויך פיל מיטגעהאָלפן, אַז צום אָנפאַנג פון שמואל אבן תיבונס וויסנשאַפטלעכער אַרבעט האָט שוין אין אַלע קהילות פון דער פּראָווענס געגאָלטן אַלס גרעסטער אויטאָריטעט און אַלס גייסטי־קער פירער און וועגווייזער — דער בעל „מורה נבוכים" רבנו משה בן מיימון. אַלע האָבן געקוקט אויף אים, ווי אויף דעם גרעסטן גאון, ווי אויף דעם עמוד האש, וואָס באַלייכט דער אומה דעם וועג אין גלות. „פונם ים— פון אומוויסן — שרייבט ר' אהרן, דער זון פון דעם פריער דערמאָנטן ר' משולם — האָט ער (דער רמב"ם) זיין פאָלק אַרויסגעפירט, און זיין תורה אין זייערע הערצער אַיינגעקריצט... זייט רבינא ורב אשים צייטן איז ביי יידן ניט געווען קיין גלייכער צו דעם משהן"[2] ביי יעדער וויכטיקער וויסנשאַפטלעכער פראַגע האָט מען זיך גלייך געווענדט קיין מצרים צום רמב"ם, ער איז געווען דער „אורים ותומים", די העכסטע אינסטאַנץ [3].

---

[1] דאָרטן, 12.

[2] „ומימ הסכלות עמו משה ונתן תורתו בלבם כתובה וחרושה... כי אמנם מימות רבינא ורב אשי לא קם עוד בישראל כמשה" („טעם זקנים", 67; „אגרות קנאות", 11).

[3] ר' מאיר אבולעפיה שרייבט אין זיין בריוו צו דער לונעלער קהילה: „אף לזאת יחרד לבי וימס בקרבי, בשמעי כי נפלא הספר („משנה תורה") בעיניכם מאוד באמרכם איש אל רעהו כי יפלא מינו דבר לאמר: הגישה האפוד!"

איייניקע יידישע קהילות האָבן זיך געווענדט צום רמב"ם מיט דער ספּעציעלער פראַגע, צי האָט טאַקע די אַסטראָלאָגיע אַ וויסנשאַפטלעכן ווערט, און צי איז טאַקע אמת, אַז די מזלות האָבן אַ שליטה איבער דעם מענטשנס גורל [1]. אייניקע תלמידי חכמים אין לונעל מיט יונתן הכהן בראש, האָבן זיך געווענדט אין 1194 צום רמב"ם מיט דער בקשה, ער זאָל זיי דערקלערן אייניקע טונקעלע שטעלן אין זיין „משנה תורה". בעת זיי האָבן באַקומען די ידיעה, אַז ס'איז ערשינען דעם רמב"מס פילאָזאָפיש ווערק „מורה נבוכים", האָבן זיי געשיקט אַ ספּעציעלן שליח קיין מצרים מיט דער בקשה, דער רמב"ם זאָל זיי צושיקן זיין ווערק אין אָריגינאַל אָדער אין העברעישער איבערזעצונג. אַז זיי האָבן באַקומען צוגעשיקט דעם אָריגינאַל פונם „מורה נבוכים", האָבן זיי זיך גלייך געווענדט צו שמואל אבן תיבון אַלס גרינדלעכן קענער פון אַראַבישער שפּראַך, ער זאָל איבערזעצן דעם רמב"מס מייסטערווערק אויף העברעיש. אויף שמואל אבן תיבון האָט דער „מורה נבוכים" געמאַכט אַ געוואַלטיקן רושם און ער איז אויף זיין גאַנץ לעבן געוואָרן אַ פייערדיקער אָנהענגער פון דעם רמב"מס שיטה. אויס דעם גרויסן יראַת הכבוד צום ווערק האָט אבן תיבון אין דער התחלה געוואָלט זיך אָפּזאָגן פון דעם פאָרשלאָג. „איך האָב זיי (די פאָרשטייער פון דער לונעלער קהילה) ערקלערט — שרייבט אבן תיבון — אַז איך קען ניט בשלימות ביידע שפּראַכן, זיי האָבן אָבער אַזוי לאַנג געבעטן, ביז איך האָב איינגעוויליקט און זיך גענומען צום איבערזעצן".

שמואל אבן תיבון האָט געוואָלט טאָן זיין זאַך בשלימות; האָט ער זיך קודם־כל געווענדט (אין 1199) צום מחבר גופא נאָך נייטיקע אָנווייזונגען

---

[1] כאַראַקטעריסטיש איז דעם רמב"מס ענטפער. אין זיין בריוו צו דער מאַרסעלער קהילה טרעט ער זייער שאַרף אַרויס קעגן אַסטראָלאָגיע, און ערקלערט די דאָזיקע חכמה, אין וועלכער מע האָט אַזוי שטאַרק געגלויבט ביז אין דער נייער צייט, אַלס פאַלשע באַטריגערישע וויסנשאַפט. „זייט וויסן — שרייבט ער — עס זיינען פאַראַן דריי אַרטן אמתן אין וועלכע דער מענטש קאָן גלויבן: 1) דאָס וואָס קאָן באַוויזן ווערן מיט ראיות פון לאָגישן מענטשלעכן שכל, למשל כללים פון מאַטעמאַטיק, אַסטראָנאָמישע באַרעכענונגען וכדומה; 2) ידיעות און איבערצייגונגען, וואָס דער מענטש באַקומט דורך זיינע חושים, צ"ב: דורך דער ראיה באַקומט דער מענטש צו וויסן, אַז די זאַך איז שוואַרץ, די אַנדערע איז רויט, אאַז"וו... 3) אמתן וואָס דער מענטש האָט באַקומען בקבלה פון נביאים און צדיקי הדור... און יעדער בר דעת דאַרף זיך תמיד אָפּגעבן אַ קלאָרן השבון, פון וואָס פאַר אַ אַרט איז די אָדער יענע אָפּשאַצונג און מיינונג, צי איז ער צו איר געקומען מיטן אייגענעם שכל, צי אַדאַנק זיינע חושים, אָדער זי באַקומען בקבלה. ווער אָבער ס'גלויבט און האַלט פאַר אַ אמת אַזוינע זאַכן, וואָס גייען ניט אונטער ניט צו איינער פון די דריי קאַטעגאָריעס, וועגן דעם זאָגט דער פּסוק: פתי יאמין לכל דבר — אַ נאַר גלויבט אין אַלץ".

זונגען. דער רמב״ם, וואָס האָט שוין פון לאַנג זיך אַרומגעטראָגן מיטן געדאַנק איבערצוזעצן זיינע אַראַבישע ווערק אין העברעיש [1], האָט זיך זייער דערפרייט ביי דער ידיעה, אַז אבן תיבון האָט בדעה איבערזעצן זיין „מורה", ער האָט אים גלייך געענטפערט און אים געגעבן פיל וויכטיקע אָנווייזונגען, ווי אַזוי ער דאַרף זיך נוהג זיין ביי זיין שווערער אַרבעט; ער האָט אים אויך אָנגעוויזן, אַז דער איבערזעצער דאַרף זיך שטענדיק האַלטן ביים כּלל: ריכטיק איבערגעבן דעם געדאַנק איז פיל וויכטיקער, ווי טריי איבערזעצן יעדעם וואָרט [2].

עס איז שווער צו זאָגן, צי מחמת דעם, וואָס ביי שמואל אבן תיבון, וועלכער האָט זיך פאַרהאַלטן מיט אַזאַ יראת הכּבוד צום „מורה נבוכים" [3], האָט די איבערזעצונג געפאָדערט צו פיל צייט [4], צי זיינען דאָ נאָך געווען אַנדערע סיבות — יעדנפאַלס די לונעלער קהילה, וואָס האָט זיך ווי צום גיכסטן געוואָלט באַקאַנען מיט דעם פילאָזאָפישן ווערק פון דעם גרויסן גאון, האָט זיך געווענדט (אין 1200) צו אים פערזענלעך מיט דער בקשה, ער זאָל זיי טאָן צוליב און איבערזעצן פאַר זיי דעם „מורה נבוכים". דער רמב״ם האָט געענטפערט, אַז ער טראַכט שוין טאַקע פון לאַנג וועגן איבערזעצן זיינע אַראַבישע ווערק אין העברעיש, אים פעלט אָבער די צייט דערצו [5]; „עס געפינט זיך אָבער צווישן אייך דער חשובער זון פון דעם געלערנטן יהודה אבן תיבון און ער איז דער פּעיקסטער מאַן צו דער דאָזיקער אַרבעט" [6].

---

1 זע זיין בריוו צו יוסף בן גאַבר אויס באַגדאַד: „ואני מבקש עתה להחזיר פירוש המשנה וספר המצוות ללשון הקדש" („טעם זקנים", 73; „תשובות הרמב״ם" II, b15).

2 „תשובות הרמב״ם" II, b27.

3 ער האָט אַפילו באַשלאָסן ספּעציעל צו פאָרן קיין מצרים, בּכדי צו באַקומען פונם מחבר גופא דערקלערונגען וועגן אייניקע שווערע ערטער אין טעקסט. דער רמב״ם האָט אים אַפילו דערפון אָפּגעשלאָגן, דאָך האָט ער שפּעטער זיין ווונטש דערפילט.

4 אבן תיבון האָט פאַרענדיקט זיין איבערזעצונג דעם 30 נאָוועמבער 1204, צוויי וואָכן פאַר דעם רמב״מס טויט. די דאָזיקע דאַטע געפינט זיך אין דער הוספה, וואָס איז אָפּגעדרוקט אין סוף פון דער ערשטער דרוק-אויסגאַבע פונם „מורה נבוכים" (רוים, בערך אינם יאָר 1476): „וזה לשון המעתיק: השלמתי העתקת המאמר הנכבד הזה בחדש טבת ארבעת אלפים ותשע מאות וששים והמש לבריאת עולם". אין אַלע איבעריקע אויסגאַבן פעלט די הוספה פונם איבערזעצער. וועגן די פעלערן, וואָס געפינען זיך אין אבן תיבונס איבערזעצונג, זע שם טוב פלקירה „מרה המורה", 148—58.

5 „מי יתנני כירחי קדם לעשות שאלתכם בזה הספר ובשאר הספרים שחברתי בלשון קדר, אשר הקדיר שמשי כי אהלי חם שכנתי ושמחה גדולה היתה לי בזה להוציא יקר מזולל ולהשיב גזלה אל הבעלים".

6 „תשובות", II, a44; „אוצר נחמד" II, 3.

השכל וידוע אותי כי אני אחד או היה אומר כי אין לי תמונה או כי אין כמוני ומה
שדומה לזה אבל אמר שאין להתהלל רק בהשגתו ובידיע׳ דרכיו ותארי׳ ר׳ לומר פעלות
כמו שבארנו באמרו הודיעני נא את דרכי׳ וגו׳ ובאר לנו בזה הפסוק שהפעולות ההם
שראוי שיודעו ויעשה בהם הם חסד ומשפט וצדקה והוסיף ענין אחר צריך מאד והוא
אמרו בארץ אשר הוא קוטב התורה ולא כמחשבת ההודסים שחשבו שהשגחתו ית׳
כלתה אצל גלגל הירח ושהארץ ומה שבה נעזב עזב י׳ את הארץ אינו רק כמו שבאר
לנו על יד אדון כל החכמי׳ כי לי הארץ יאמר שהשגחתו ג׳ כן בארץ כפי מה שהי׳ כמו
שהשגיח בשמים כפי מה שהם והוא אמרו כי אני יי׳ עושה חסד משפט וצדקה בארץ
ואחר כן השלים הענין ואמר כי באלה חפצתי נאם י׳ יאמר בחסד במשפט וצדקה
חפצתי נאם י׳ ר׳ לומר שכוונתי שיצא מכם חסד משפט וצדקה בארץ כמו שבארנו
בשלש עשרה מדות כי הכוונה להדמות בהם ושנלך על דרכם אם כן הכוונה אשר
זכרה בזה הפסוק הוא באמרו שלמות האדם אשר בו יתהלל באמת הוא להגיע אל
השגת השם כפי היכולת ולדעת השגחתו בברואיו בהמציא אותם והנהיגו אותם איך
היא וללכת אחרי ההשגה ההיא בדרכים שיתכוין בהם תמיד לעשות חסד ומשפט
וצדקה להדמות בפעולות השם כמו שבארנו פעמים בזה המאמר וזהו מה שראיתי
לשומו בזה המאמר ממה שאחשוב שהוא מועיל מאד לכמוך ואני מקוה עליך

שעם ההשתכלות הטוב תשיג כל הענינים שכללתי
בו בעה׳ והוא יזכנו וכל ישראל חברים למה שיעד לנו
או תפקחנה עיני עורים ואזני חרשים
תפתחנה העם ההולכי׳ בחשך ראו אור
גדול יושבי בארץ צלמות
אור נגה עליהם
זה הספר נשלם ב״י א׳ עולם

זה לשון המעתיק השלמתי העתקת המאמר הנכבד הזה בחדש טבת שנת ארבעת
אלפים ותשע מאות וששים וחמש לבריאת עולם אני שמוא׳ בן יהודה בן תבון תהלה
לאל חי אשר עזרני עד הנה הוא יעזרנו ויושיענו ברוב רחמיו וחסדיו הרבים וישים
חלקנו במביני סתריו ויודעי סודות תורותינו ויתננו בכלל הנבואה המיועדת על ידי
נביאיו והלכו עמי׳ רבים ואמרו לכו ונעלה אל הר י׳ אל בית אלהי יעקב וירנו מדרכיו
ונלכה בארחותיו כי מציון תצא תורה ודבר י׳ מירושלי׳ ונאמר בית יעקב לכו
ונלכה באור י׳

די לעצטע זייט פון דער ערשטער אויסגאבע „מורה נבוכים״ (פאר 1480).

גראָד אין יענער צייט איז געקומען קיין דרום־פראַנקרייך דער דיכטער יהודה אַלחריזי. אַן אויסגעצייכנטער סטיליסט און אַ מענטש מיט פילאָזאָפישער בילדונג, איז ער געווען זייער געווונטשן אַלס איבערזעצער. און באַלד האָבן זיך מאַקע צו אים געווענדט די מאַרסעלער קהילה און יונתן הכהן אויס לונעל מיט דער בקשה איבערצוזעצן אין העברעיש דעם רמב״מס אַראַבישע ווערק [1]. אַלחריזי איז דערויף איינגעגאַנגען און האָט איבערזעצט דעם רמב״מס פירוש אויף משנה און אויך דעם „מורה נבוכים״ [2].

די משכּילים אין דער פּראָוואַנס האָבן זיך אָבער ניט באַגנוגנט בלויז מיט די ווערק פון רבנו משה בן מיימון, זיי האָבן זיך אויך געוואָלט באַקענען מיט דער אידעען־וועלט פונם רמב״מס בן־דור, דעם אַראַבישן ראַציאָנאַליסט און פריידענקער אבן רשד; האָט די אינטעליגענץ פון נאַרבאָנע און בעזיע (בדרש) זיך געווענדט צום געניטן איבערזעצער יעקב בן אבא מארי אנאַטאָלי [3], ער זאָל איבערזעצן אויף העברעיש אבן רשדס פילאָזאָפישע ווערק.

די פּראָוואַנסאַלישע קהילות, ווי מיר זעען, האָבן אַרויסגעוויזן אַ גרויסן אינטערעס צו וויסנשאַפט און בילדונג, זיי זיינען מיט דער צייט געוואָרן אַ זייער וויכטיקער קולטור־צענטער; דאָרט האָט זיך געבילדעט אַ גאַנצע שול פון ערשטקלאַסישע איבערזעצער, וואָס אַדאַנק זיי זיינען געראַטעוועט געוואָרן טייערע קולטור־אוצרות אויס דער מוסלמענישער וועלט, און עס איז געגעבן געוואָרן די מעגלעכקייט, עס זאָל זיך מיט זיי באַקענען דער קריסטלעכער מערב. די יידישע געלערנטע אין דער פּראָוואַנס זיינען אָבער געווען און געבליבן בלויז באַגאַבטע תּלמידים, פלייסיקע געהילפן, אויסגעצייכנטע סרסורים און פאַרשפּרייטער פון פריער געשאַפענע קולטורעלע אוצרות, אָבער אַליין ווערן זעלבשטענדיקע פאָרשער און באַשעפער פון קולטורעלע ווערטן, צו דער מדרגה האָבן זיך די יידן פון פּראָוואַנס אין משך פון אַ לאַנגער צייט נישט דערהויבן. ביז דעם סוף 13טן יאָרהונדערט האָט דאָס פּראָוואַנסאַלע יידנטום ניט געגעבן קיין איין קלינגענדיקן נאָמען אויפן געביט פון פילאָזאָפישן געדאַנק, קיין איינציקן פאָרשער אויפן געביט פון וועלכער ס'איז וויסנשאַפט. אין דער פּראָוואַנס, די אמתע וויג פון אייראָפּעישער מיטלאַלטערלעכער פּאָעזיע, דאָרט ווו אין

---

1 זע „תחכמוני״, פּאָררעדע, אויך ז׳ 410 (וואַרשעווער אויסגאַבע).

2 אלחריזיס איבערזעצונג איז לייכטער, אָבער ווייניקער גענוי ווי אבן תיבונס (וועגן דעם פאַרגלייך פון ביידע איבערזעצונגען זע ביי ד. קויפמאַן, „געז. שריפטן,״ II, 163—166.

3 וועגן אַנאַטאָלי און זיינע איבערזעצונגען, מער באריכות אין דריטן בוך.

משך פון XI—XIII יאָרהונדערט האָבן די וואַנדערנדע זינגער, די טרו-באַדורן, דערהויבן די ריטערלעכע ליריק צו דער הויכער מדרגה פון אמתער קונסט — האָבן די דאָרטיקע יידן אין דער גאַנצער צייט ניט געגעבן קיין איינציקן באַדייטנדיקן דיכטער, וואָס זיין נאָמען זאָל קענען פאַרנעמען אַ אַ כּבֿודיקן אָרט אין דער געשיכטע פון יידישער דיכטקונסט[1]. דער אַל-טער מייסטער, לעאָפּאָלד צונץ, גיט אַפילו אָפּ אין זיין ווערק „צור גשיכטע אונד ליטעראַטור" 459—483 אַ גאַנץ קאַפּיטל „די יידישע דיכטער אין דער פּראָוואַנס". נאָר אָט די פילע, צענדלינגער „דיכטער", וואָס צונץ רעכנט אויס, זיינען באמת בלויז גראַמענמאַכער, וואָס האָבן מיט מער אָדער ווי-ניקער געניטער האַנט געשריבן פּיוטים, שירים ותשבחות נאָכן נוסח פון די באַרימטע שפּאַנישע דיכטער, אָבער אָן זייער טאַלענט, אָן זייער פּאָעטי-שער באַגייסטערונג.

דער באַקאַנטסטער פון די פּראָוואַנסאַלע דיכטער איז יוסף האזובי, וואָס האָט געלעבט אין פּערפּיניאַן אין דער ערשטער העלפט פונם 13טן יאָרהונדערט. ער האָט זיך קונה שם געווען מיט זיין דידאַקטישער פּאָעמע „קערת כּסף", וואָס ער האָט געשיקט אַלס דרשה-געשאַנק זיין זון צו דער חתונה[2]. די דאָזיקע פּאָעמע איז געווען זייער פּאָפּולער, און דער באַקאַנ-טער קריסטלעכער געלערנטער רייכלין האָט זי איבערזעצט אין לאַטיין. רייכלין איז שטאַרק נתפּעל געוואָרן פון אַזובים פּאָעמע און ער רופט אים „דער זיסער העברעישער דיכטער" (Judaeorum poeta dulcissimus). דאָך

[1] מע דאַרף דאָ, אמת, דאָך נעמען אין באַטראַכט, אַז די פּראָוואַנסאַלישע פּאָעזיע, ביי איר גאַנצער אייגנאַרטיקער שיינקייט, האָט דאָך ניט געקענט האָבן קיין באַמערקבאַרע השפּעה אויף דער יידישער ליטעראַטור. קודם כּל מוז מען געדענקען, אַז די אינטימע וועלט פונם קריסטלעכן טרובאַדור איז דאָך אין עצם געווען צו עלעמאַנטאַר, צו פּרימיטיוו פאַר דעם פּראָוואַנסאַלן יידנטום, וואָס האָט געלעבט אין אַ קאָמפּלי-צירטערער און רייכערער קולטור. חוץ לזה האָט דאָך די ריטערלעכע פּאָעזיע גאַנץ בולט געטראָגן דעם שטעמפּל פון דעם שטאַנד, אויס וועלכן זי האָט דער עיקר געשעפּט איר יניקה; זי איז געווען ענג פאַרבונדן מיט פעאָדאַלן שטייגער לעבן, וואָס איז דעם שטאָטישן יידנטום געווען אינגאַנצן פרעמד. דערצו נאָך איז די ריטערלעכע פּאָעזיע געווען קודם כּל אַ מינדלעכע פּאָזיע, ענג פאַרבונדן מיט זינגען. דער ריטער האָט ניט געלייענט דעם טרובאַדורס ליד, נאָר צוגעהערט, בעת מ׳האָט עס דעקלאַמירט אָדער געזונגען אונטער דער באַגלייטונג פון אַ מוזיקאַלישן אינסטרומענט. איינס נאָר האָבן די יידישע דיכטער אין דער פּראָוואַנס איבערגענומען ביי זייערע קריסטלעכע ברידער: פּאָעטישע טורנירן, לידער-קאַמף. די טורנירן ביי די יידישע דיכ-טער זיינען אָבער ניט פאָרגעקומען בעל-פּה ווי ביי די טרובאַדורן, דירך זינגען, נאָר בכּתב, מיט הילף פון פען און פּאַרמעט.

[2] דאָס ערשטע מאָל געדרוקט אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל אין 1523, איבערגעדרוקט אויך מיט אייניקע ערינערונגען אין וואָלפס „ביבליאָטעקא העבראַיקאַ" IV, 67 – 1140.

מוז מען מודה זיין, אַז „קערת כסף" איז כלל ניט קיין מייסטערווערק. די פּאָעמע איז, אמת, געשריבן אין אַ ווייכן אינטימען טאָן. עס פילט זיך דער ליבנדער פאָטער, וואָס זאָרגט פאַר זיין קינד, נאָר אמתע פּאָעזיע איז דאָרט גאַנץ ווייניק. אין קעגנזאַץ צו יהודה אבן תיבון — לערנט אַזובי זיין זון, ער זאָל שטרעבן דערצו, אַז זיינע חברים און לערער זאָלן זיין לעבעדיקע מענטשן ניט ספרים. „בחר פי סופרים לא פי ספרים, עשה לך רב ואל תבטח בספרא!" „מיין קינד — שרייבט אַזובי — קויף חכמה, קויף וויסן!" און דאָך האַלט דער פאָטער פאַר נייטיק צו וואָרנען זיין זון, ער זאָל זיך ניט צו פיל אַריינלאָזן אין „חכמת יוונית" — אין דער גריכישער פילאָזאָפיע. „מייד אויס אירע וויינגערטנער, וואָרעם די ווינשטאָקן אירע זיינען פון סדום, און פון עמורה די צווייגן"[1]. דערפאַר אָבער רעדט ער מיט גרויס התפּעלות וועגן „משה איש האלהים" — דעם גרויסן גאון פון קאָרדאָווע, וואָס זיינע ספרים „זיינען טייערער פון טייערסטע שטיינער". אַליין אַ ליבהאָבער פון קונסט, ראָט ער זיין זון ער זאָל זיך פיל אָפּגעבן מיט שיינעם סטיל און פּאָעזיע, „דעמאָלסט וועסטו ווי דיין פאָטער שאַפן לידער"[2].

אַזובים תלמיד איז געווען דער באַקאַנטער „מליץ" אַברהם בדרשי פון בעזיע (בדרש)[3]. בדרשי איז געווען גוט באַקאַנט מיט דער דיכטונג פון די פּראָוואַנסאַלישע טרובאַדורן, ער האָט אַפילו ביי זיי איבערגענומען דעם מנהג פון פּאָעטישע טורנירן, און פלעגט אָפט אַרויספאָדערן זיינע חברים אויף אַ וועט-קאַמף מיט לידער. ער האָט פאַרפאַסט פיל פּיוטים, צווישן זיי דעם „אלף אלפין", אַ שיר, וואָס באַשטייט אויס טויזנט ווערטער און יעדעס פון זיי הייבט זיך אָן מיט אַ „אלף"[4]. ער האָט אויך געשריבן סאַטירעס, פּאַראָדיעס, לויבגעזאַנגען יידישע מעצענאַטן און שררות[5], און

1 סטראָפע 36:
נטע מעל כרמיה הכי מן —
סדום גפנם ומשדמות עמורה.

2 בני בשיר שעה ורעה דרכיו
ובמליצה תהי נפשך זהירה
עדי תוליד כאביך בני שיר...

3 ביבליאָגראַפישע פרטים וועגן בדרשי זע: Les rabbins juifs ,707 — 19

4 דער שיר איז פאַרעפנטלעכט אין „כרם חמד", IV.

5 ווי צ"ב דעם קלונימוס בן מאיר אויס אַרל, דעם באַקאַנטן מקובל און דיכטער טודרוס אבולפיה אאַז"וו (זע „חותם תכנית", מרדכי תמחם „משכיות כסף", 23—26 און „ליטעראַטורבלאַט דעם אָריענטס", 1846, 563, וואו עס ווערט איבערגעגעבן דער אינהאַלט פון בדרשים לידער-זאַמלונג.

אַלע זיינען זיי געשלאָגן מיט איין און דער זעלבער חולשה: טם פעלט זיי דער פּאָעטישער פונק, די ווירקלעכע באַגייסטערונג. ניט קוקנדיק דערויף, רעכנט זיך בדרשי גופא פאַר דעם גרעסטן דיכטער פון זיין צייט. אין זיין פּאָעמע „הרב המתהפכת"[1] ערקלערט ער מיט גדלות: „ווי די אַלטע דיכטער זיינען געווען גרויס אין זייער צייט, אַזוי בין איך פאַר דעם היינטיקן דור!" ער, וואָס גייט שטענדיק אין זיינע לידער, ווי אויף שטאָלצן, איז פעסט איבערצייגט, אַז זיין „צונג איז שאַרף ווי אַ פייל, און פול מיט צויבער זיינען זיינע לידער (ולשוני חץ, ועטי ים ותנין... וקסם על שפת שירי). דאָך האָט בדרשים פּאָעמע אַ געוויסן היסטאָרישן אינטערעס, ווייל דער פאַרפאַסער פרוווט דאָרט געבן אַ קורצן איבערזיכט איבער דער העברעישער פּאָעזיע זייט יהודה הלוי, דעם „אורים ותומים", ווי בדרשי רופט אים, ביז זיין צייט. בדרשי קלאָגט זיך, אַז אין זיין דור איז די דיכטקונסט שטאַרק געפאַלן. „וואָס קומט אַרויס, אַז אויף מיין האַרף קלינגען זיסע טענער אין אַ דור, וואָס איז אַזוי אָרעם אין לידער!" „פאַרשטומט זיינען געוואָרן די זיינע לידער פון די רוימער און פּראָוואַנסאַלער, מען הערט מער ניט דאָס זיסע געזאַנג פון פאָלקעט * און זיינע חברים, פאַרלאָשן די דופּטנדיקע קלאַנגען פונם גרויסן קאַרדנאַל" *.

בדרשי קלאָגט זיך אַפילו אויף זיין פאַריתומט דור, ווען „פאַרשטומט זיינען דיכטער און זינגער" (נרדמו נוגני ושרי), דאָך האָט ער אוים קליינלעכע קנאות קיינעם פון זיינע חברים ניט געקענט מוחל זיין, ווען יענער האָט געהאַט די העזה צו זיין באַגאַבטער פון אים. באַזונדערס כאַראַקטעריסטיש פאַר בדרשי איז אין דער הינזיכט, מיט וואָס פאַר אַ ביטול און האַס ער האָט זיך פאַרהאַלטן צו דעם דעמאָלסטיקן ווירקלעך באַגאַבטן דיכטער יעקב בן אברהם גורני [2]. דאָס איז געווען אַן אומבאַדינגט באַגאַבטע, אָבער זייער ניט געשטעלטע נאַטור. אַ שטענדיקער נע־ונדניק, פלעגט ער וואַנדערן פון שטאָט צו שטאָט און באַזונדערס ליב געהאַט צו פאַרברענגען די צייט אין די שענקען און גאַסטהייזער ביים פולן כוס [3] אַלס טיפישער וואַנדערנדיקער דיכטער, ווי אַלחריזי בשעתו, האָט אויך

---

[1] פאַרעפנטלעכט אין 1865, אין סוף פון זיין פילאָסאָפיש ווערק „חותם תכנית". די פּאָעמע באַשטייט פון 210 סטראָפן, און מיט איין און דעם זעלבן גראַם: רי. דער גראַם, ווי אויך דער נאָמען פון דער פּאָעמע (חרב), באַטרעפן ביידע בגימטריא — 210.

* באַדייטנדע פּראָוואַנסאַלישע זינגער.

[2] גורן — דאָס איז די העברעישע איבערזעצונג פונם נאָמען פון דיכטערס געבורטסשטאָט Aire. זע וועגן אים: 719 — 723, Les rabbins juifs.

[3] אויף זיין ליבע צו שטאַרקע משקאות ווייזט אָן דעם דיכטערס קעגנער, ישעיה בן שמואל דבש (Muel) בעת ער רעדט וועגן „סובאי יין" (מיט וויין באַטרונקענע).

גורני געליטן הונגער און נויט. זיין איינציק פאַרמעגן זיינען געווען זיינע לידער, נאָר בדרשי איז געווים אומגערעכט, בעת ער באַשולדיקט גורנין, אַז יענער פאַרשאַכערט זיין טאַלאַנט און פאַקויפט זיינע לידער פאַר געלט („רק נכנע בשיריו מצד כספו ותשוקתם לרצי כספם"). אַ מענטש מיט אַ לייכט אויפרעגלעכן כאַראַקטער, איז גורני אַמווייניקסטן געווען מסוגל צו זיין אַ נכנע מיט אַ געבויגענעם רוקן. קעגן רייכע און שטאַרקע פלעגט ער זיך דווקא האַלטן אָן אַ שום התבטלות, מיט אַ געווימן שטאָלץ, גע־פלייסט זיך אַרויסווייזן זיין קאַלטקייט צו זיי. „איך פאַרשילט — ערקלערט ער אין איינעם פון זיינע לידער — די דיכטער, וואָס פאַרקויפן זייערע לי־דער...פלעסקען בראַוואָ און פאַלן כורעים פאַר די זעק מיט זילבער... שטאָלץ הייב איך מיין פויסט קעגן דעם רייכן, ער מעג זיין דער גרעסטער נדבן... איך קען זיי און ווייס: ווען אַפילו זיי שעצן דעם געלערנטן, דאָך בלייבט יענער מיט אַ געבויערטן אויער (ד"ה ער טראָגט דעם צייכן פון אַן אונ־טערטעניקן קנעכט)" [1].

און טאַקע פאַר זיין שטאָלצן און אומאָפּהענגיקן כאַראַקטער האָט ער, דער דיכטער, דער נע־ונדניק, זיך געשאַפן אַ סך שונאים, און האָט זייער פיל געהאַט אויסצושטיין אין זיין אָרעם וואַנדער־לעבן. „וואָסערע זינד, וועלכע שולד — פרעגט מיט ווייטאָג דער דיכטער — געפינען די שונאים אין מיר? צי האָב איך געזעצן פאַרשוועכט, דעם בונד דעם טרייען צעשטערט? זיי זיינען מעכטיק און רייך, געניסן פונם בעכער פון לעבן, און איך בין פאַרוואָגלט מיט ליפּן פאַרשמאַכטע, זיי בליען ווי דער זאַפטי־קער גאָרטן, און איך בין קראַנק און אָרעם... איך וועל פון די שררות די רייכע מיט די פּים געטראָטן; מיין פידל, מיין טרייסט, ווערט געטרענקט מיט טרויער, און מיין ליד פאַרוואַנדלען זיי אין געוויין... וואוהין זאָל איך לויפן, וווּ זיך באַהאַלטן. אומעטום איז פאַרשפּרייט די נעץ פאַר מיין פוס... אוי, גורני! פאַר וועמען איז דער ברויט, פאַר וועמען שפּאָט און געלעכטער? אַלץ פאַר דיר, פאַר דיין האַרץ דאָס פאַרשמאַכטע..." [2].

ניט אָבער בלויז די שטאַרקע און רייכע האָבן געראודפט גורנין, נאָר אויך זיינע חברים — די ליטעראַטן און דיכטער. אין דער שטאָט עי

1 זע „טאָגנאַטשריפט," 1882, 516:
אָאור מליצי דור אדמות יסחרו...
ובעד צרורי כסף, כדי קצף, לאיש ישתחוו ארצה וכף ירקעו...
אגבע ולא אשח לנבר יעשר — לו אוצרותיו בעזר נגעו
כי ינחלו כבוד חכמים אעבור — על המזוזה אזני ירצעו...

2 דאָרטן, 4 — 513.

(אייגש — Aix) האָט אים גערודפט דער דיכטער ישעיה דבש, אין פּער־פּיניאַן—בדרשי גופא. גורני האָט הוקא זייער געהאַלטן פון בדרשי און אים גערעכנט פאַרן „ראש פון אַלע דיכטער" אין זיין דור [1], און בעת גורני האָט געלעבט אין פּערפּיניאַן, האָט ער בדרשין געשיקט אַ לויבגעזאַנג (אָדע), וועלכע ער האָט פאַרפאַסט ספּעציעל פון זיין כּבוד וועגן [2]. לויט דעם אָנגענומענעם מנהג אין יענער צייט, האָט בדרשי באַדאַרפט אָפּ־ענטפערן אויך מיט אַ ליד; דער אויפגעבלאָזענער בדרשי האָט אָבער גע־רעכנט, אַז דאָס פּאַסט ניט פאַר אים זיך האַלטן אויף גלייכן פוס מיט עפּעס אַ וואַנדערנדיקן דיכטער, און ער האָט אים אויף זיין לויב־ליד ניט גע־ענטפערט. האָט אים דאַן גורני אויפגעפאָדערט אויף אַ לידער־וועט־קאַמף (געזאַנג־טורניר). דערויף האָט דער גדלן בדרשי געענטפערט מיט פאָלגנ־דיקער עפּיגראַם:

אַז אַלכּסנדר האָט די אַמאַזאָנקעס מלחמה ערקלערט
האָבן זיי דעם גבור מיט קלוגשאַפט דערקלערט:
ניט גרוים איז דער כּבוד גובר זיין פרויען,
און ווי גרוים די שאַנד באַזיגט ווערן דורך פרויען [3].

די דיכטערישע באַגאַבונג — אָט וואָס בדרשי האָט ניט געקענט מוחל זיין גורנין, דעם נע־ונדניק. ער האָט אויך די קומענדיקע דורות גע־וואָלט פאַרזיכערן, אַז „זיסער פון האָניק זיינען בדרשים לידער און ביטער ווי פאָלין איז גורנים געזאַנג" [4].

גורנים איינציקע טרייסט איז געווען די מוט אים באַפרייגדעטע מוזע, די געטין פון געזאַנג. אין זיינע לידער פלעגט ער אויסגיסן דעם ווייטאָג פון זיין האַרץ, דעם טרויער פון זיין בלאָנדזשענדיקער נשמה. כאַראַקטעריסטיש איז אין דער הינזיכט זיין ליד, אין וועלכן ער באַשרייבט זיין לעבן אין דער שטאָט עי (אייגש — Aix):

אין עי האָט מיין נשמה קיין רו ניט געפונען,
קיינער הערט ניט מיינע רייד, מיין געבעט!
אַלע באַריידן מיך, לאָזן אַרוים פאַלשע קלאָנגען,
זיי שרייען: אַן אויסוואָרף איז גורני,
גרוים איז די זינד פונם דיכטער!

---

1 אבי כל תופשי כנור מליצה — גדול הפורטים על פי נבלי.

2 שטיינשניידער האָט זי פאַרעפנטלעכט אין „חותם תכנית".

3 אלכסנדר בריב נשים בצאתו יעצוהו באמרותן ערבות:
נקבות אם תנצחונו תנצח, נצחנוך תנוצח מנקבות.

4 „וישאר בצוף שירי בדרשי — והגרני במלוחו ושיחי".

און דער אָרעמער דיכטער דערציילט וועגן די רדיפות און דערנידע־
רונגען, וואָס ער האָט דאַרט געהאַט אויסצושטיין ניט נאָר פון די גבירים,
וואָס ווילן אים אַפילו קיין שלום ניט אָפּגעבן, נאָר אַפילו פון זיין חבר,
דעם דיכטער ישעיה דבש. און דאָך פאַלט ער ביי זיך ניט אַראָפּ, און
שטאָלץ רופט אויס דער גערודפטער דיכטער:

זאָגט ניט — ניטאָ מער קיין דיכטער,
ווען גורני האַלט נאָך זיין האַרף אין דער האַנט!
זיין ליד קען צעשטערן און שאַפן,
קען בויען און אויך חרוב מאַכן;
עס הייבט זיך שטאָלץ אין די הימלען די ווייטע, —
און מיט שטוינען פאַרנעמען די גלגלים די קלאַנגען...
אַלע ווינטן פון צפון, קומט גיך מיר אַנטקעגן!
שענקט מיר, דו זון, דיינע ליכטיקע שטראַלן —
איך וועל מיט מיין ליד אַלע ליידן שטילן.
מיט נייע קרעפטן איז דערפילט מיין האַרץ,
פרישער מוט באַלעבט אויף ס'ניי די מידע גלידער;
און אַלט און יונג וועלן אַרום מיר זיך פאַרזאַמלען
און פאַרחידושט הערן וועגן מיינע גרויסע מעשים [1].

אָט דער שטאָלצער מאַן קלינגט אין פיל גורנים לידער:
גרויס איז די צאָל פון גורנים פיינד אין פּראָווינס,
זיי רודפן אויך מיינע לידער.
דאָך וויים איך: דער פּאָעטער בין איך פון געזאַנג;
אין אונזער דור — דער איינציקער דיכטער.
ערשאַלט מיין ליד — טאַנצן די בערג רונד אַרום,
עס צאַפּלען פאַר פרייד אַלע טאָלן און וועלדער.
נעם איך מיין האַרף אין די הענט —
לאָזן זיך פרייליך אין טאַנצנדן ראָד די טעכטער פון ציון;
רוף איך צו די ביינער אין קברים —
אויך זיי וועלן גלייך פונם טויט־שלאָף ערוואַכן;
דערהייבט זיך מיין ליד צו די שטיינערנע פעלזן —
ווי דער ירדן דאַן טוען זיי פליסן [2].

ווייטער פאַנטאַזירט דער דיכטער:
נאָך מיין טויט וועלן יונגע מיידן טאָג־טעגלעך

---

1 „מאַנטשעסטער", 1882, 511 — 12.

2 דאָרטן, 521 — 27.

אויף מיין קבר מיך קומען באַוויינען.
אין ווייטע לענדער וועלן פאַר גינגאָלד און טייערע שטיינער
די סוחרים פאַרקויפן זעקלעך ערד פון מיין קבר.
אויס דעם האַלץ פון מיין אָרון וועט מען שניצן קמיעות —
פאַר עקרות די טייערסטע סגולות.
די האָר מיינע וועט מען אויף האַרפן, אויף פידלען,
ווי סטרונעס אָנציען,
און אויפקלינגען וועלן אויף זיי, פון קיין האַנט באַרירט,
די האַרציקסטע שענסטע ניגונים.
מיינע קליידער, אַלץ, וואָס מיין האַנט האָט באַרירט —
וועלן פאַרהייליקן די קומענדיקע דורות.
צעמאָלט גיבער מיינע ביינער אויף שטויב —
אַניט וועט מען אויס זיי אָפּגעטער מאַכן...[1]

,,געדענקען וועלן מיינע לידער די קומענדיקע דורות"[2], האָט זיך געטרייסט דער דיכטער, דער גע-ונדניק. נאָר אויך די האָפנונג איז ניט דערפילט געוואָרן. גערודפט ביים לעבן, און אויך פאַרגעסן אין די קומענדיקע דורות. אָרעם און פאַרלאָזן, אַז אַ שטאַרקן כאַראַקטער און פעסטן ווילן, האָט ער ניט אויסגענוצט ווי געהעריק די מתנה פון דער נאַטור — זיין דיכטערישן טאַלאַנט, און ער האָט ניט באַשאַפן אַזעלכס, וואָס זאָל שטאַרקער זיין פון דער צייט און לעבן אין משך פון דורות. און זיין נאָמען און זיינע לידער זיינען פאַרגעסן געוואָרן...[3]

מיר האָבן פריער אָנגעוויזן, אַז ביזן סוף פונם 13טן יאָרהונדערט האָט דאָס פּראָוואַנסאַלער יידנטום ניט געגעבן קיין איין קלינגענדיקן נאָמען אויף וועלכן ס'איז געביט פון וויסנשאַפט און קונסט. אמת, איין אויס-נאָם מוז דאָ געמאַכט ווערן — דאָס איז דאָס געביט פון תלמודישער

[1] דאַרטן, 522 — 23: „ומי ידיק לעפר את עֲצָמַי — בטרם יעשון אותן צַלְמָיֶת".

[2] „גרני מנגן טוב — לדור דורים יחי".

[3] בלויז איין יעקב פּראָווינסאַל, אַ שריפטשטעלער פון סוף 15טן יאָרהונדערט דערמאָנט גורנים נאָמען צו גוטן און שטעלט אים אין איין שורה מיט אלחריזי. פון גורנים ליטעראַרישער ירושה זיינען פאַרעפנטלעכט בלויז אייניקע פראַגמענטן (דורך שטיינ-שניידער אין דער פאָררעדע צו „חותם תכנית" און דורך גראָסס אין „מאָנאַטשריפט", 1882, 510—523). נייבויער גיט איבער אין מ. ראַבינאָוויטשעס נאָמען (Les Rabbins 721 fr.), אַז גורנים „דיוואַן" זאָל זיך געפינען אין פירקאָוויטשעס קאָלעקציע. אויף דעם סמך, ווי עס שיינט, ווערט אָנגעוויזן אין Jewish Encycl, Vl, 619, אַז גורנים לידער-זאַמלונג געפינט זיך אין פעטערבורג. מיר האָבן זיך אָבער פערזענלעך איבערציינגט, אַז די מיטיילונג איז פאַלש, און אין פירקאָוויטשעס קאָלעקציעס איז גורנים „דיוואַן" ניטאָ.

פאָרשונג, ווו צוויי פּראָוואַנסאַלישע פאָרשער האָבן זיך אַ גרויסן נאָמען דערוואָרבן. נאָר די דאָזיקע צוויי פאָרשער האָבן געלעבט נאָך אין אַ פּרי־ערדיקן דור איידער די פּראָוואַנסאַלישע קהילות האָבן דערגרייכט די העכסטע מדרגה פון זייער קולטורעלער אַנטוויקלונג. ביידע האָבן זיי געלעבט אין 12טן יאָרהונדערט: זרחיה הלוי גרונדי, און דער שוין אויבנדערמאָנטער ראב״ד, דער „בעל ההשגות״.

גרונדי האָט שוין יונגלווייז[1] געגאָלטן פאַר אַן עילוי, און צו 19 יאָר האָט ער שוין אָנגעשריבן זיין פּירוש און השגות אויף אַלפס. ווי עס שיינט, האָבן אייניקע תּלמידי חכמים פון זיין געבורטשטאָט זיך מתרעם געווען דערויף, וואָס אַזאַ יונגער מענטש זאָל האָבן אַ העזה צו שרייבן השגות אויף איינעם פון די גרעסטע גאונים, און זיי האָבן מיט שפּאָט אָנגעוויזן, „אַז יונג מוז זיין דער ווין, ווייל די כּלי איז נאָך יונג״. גרונדי, וואָס האָט גאַנץ געלויפיק געשריבן שירים[2], האָט דערויף אָפּגעענטפערט מיט אַ שאַרפער עפּיגראַם, אין וועלכער עס פילט זיך דער שטאָלצער באַוווסטזיין פונם יונגן געלערנטן און דער פעסטער גלויבן אין זיינע אייגענע גרויסע גייסטיקע כּוחות: „אָט זיי זיינען עס די אמתע גייסטיקע בעטלער; ווי קליין און נישטיק אין פאַרגלייך מיט דיר. קער אָפּ מיט דיינע דופּטנדיקע רויזן פון די דאָזיקע שפּיציקע דערנער. זיי, די ווילדע געוויקסן פונם מדבּר, ערקלערן: „יונג איז דיין ווין, ווייל דער קרוג איז צו יונג!״ ניט זיי זיינען אימשטאַנד צו פאַרשטיין, אַז יונג ביסטו אין יאָרן און אַ גרייז אין וויסן. ווי אַן אָדלער אַ שטאָלצער וועסטו שפּייגן אַלין העכער, און צווישן די שטערן וועסטו בויען דיין נעסט!״ [3]

ער האָט פאַרלאָזן זיין געבורטשטאָט און זיך באַזעצט אין לונעל, ווו ער האָט פאַרענדיקט זיין באַרימטן „ספר המאור״, וואָס האָט אים געשאַפן אַ גרויסן נאָמען און ער איז אָנערקענט געוואָרן אַלס ערשטקלאַסיקער תּלמודישער פאָרשער[4].

אין נאָענטן שכנות פון לונעל, אין דער שטאָט פּאָשקיירא, האָט אין יענער צייט געלעבט דער צווייטער תּלמודישער גאון, דער בר פּלוגתּא און

1 געבוירן בערך 1125, געשטאָרבן בערך 1186 אין לונעל.

2 גרונדי האָט אויך געשריבן פיל פּיוטים, וואָס זיינען אריין אין דעם ספרדישן מחזור, און אַ סך וועלטלעכע שירים, נאָר זיי אַלע פעלט דער פּאָעטישער פונק (וועגן זיינע פּיוטים, זע צונץ, „צור געשיכטע אונד ליטעראַטור״ 476; לאַנדסהוט, „עמודי העבודה״, 63).

3 דאָס געדיכט איז געדרוקט ביי יעקב רייפמאַן אין זיין „זרחיה הלוי״, 30.

4 אַלס המשך פונם „ספר המאור״ האָט זרחיה הלוי אָנגעשריבן זיין צווייט ווערק „ספר הצבא״.

קעגנער פון זרחיה הלוי — ר׳ אברהם אבן דוד, דער באַרימטער בעל ,,ההשגות״. דעם דאָזיקן גרויסן בקי אין חכמת התלמוד [1] זיינען לחלוטין פרעמד געווען אַלע אַנדערע געביטן פון וויסן. און דער רמב״ם האָט מיט רעכט אונטער־געשטראָכן זיין איינזייטיקייט, בעת ער האָט אים אָנגערופן: ,,בעל מלאכה אחת״. און אָט דער דאָזיקער איינזייטיקער פאָרשער איז גע־ווען דער ערשטער אָנזאָגער פון דעם היסטאָרישן אידעען־קאַמף, וואָס ס׳האָט באַלד צעשפּאָלטן די קולטורעלע יידישע שיכטן אין צוויי פיינדלעכע לאַגערן, אין מיימוניסטן און אַנטימיימוניסטן *.

מיט דעם דאָזיקן קאַמף הייבט זיך אָן אַ נייע תקופה אין דער אַנט־וויקלונג פונעם יידישן געדאַנק. די יידישע קולטור באַקומט אַן אַנדער ריכ־טונג, אַרויסגערופן דורך נייע שטרעמונגען. וועגן דעם אין דעם ווייטער־דיקן קאַפּיטל.



1 באריכות וועגן ראב״ד בעל ההשגות זע די מאָנאָגראַפיע פון גראָסס אין ,,מאָ־נאַטשריפט״ 1874.

* ד״ה אָנהענגער און קעגנער פון דעם רמבמ״ס שיטה.

# זעקסטער קאַפּיטל.

## דער אָנפאַנג פון דער מלחמה קעגן ראַציאָנאַליזם.

דער אַרויסטריט פון ראַב"ד דעם „בעל ההשגות" און פון מאיר אבולפיה. — דער ענטפער פון די חכמי פּראָוואַנס. — אבן רשד און זיין השפּעה אויף דעם יידנטום. — אַלעגאָרישע ביבל־ערקלערונג. — די השפּעה פון די קריסט־לעכע טעאָלאָגן. — שמואל אבן תיבון און זיין ווערק „יקוו המים". — די יידישע אַלעגאָריסטן. — דער בעל־דרשן משה מקוצי. — דער אַרויסטריט פון שלמה אוים מאָנפּעליע. — זיינע מיטהעלפער יונה גירונדי און דוד בן שאול. — דער דיכטער משולם בן שלמה דאַפּעראַ. — די מיימוניסטן קעגן די רבני צרפת. — די אָפענע בריוו פון משה בן נחמן און מאיר אַבולפיה; פּאָלע־מישע ליטעראַטור אין בריוו־פאָרם. — שלמה אוים מאָנפּעליע אין חרם. — דוד קמחי און זיין אַגיטאַציע־רייזע. — דער אַרויסטריט פון יוסף הלוי און יהודה אַלפּאַכאַר. — עפּיגראַמען אַלס קאַמף־מיטל. — שלמהס מסירה. — דעם רמב"מס ווערק אויפן שייטערהויפן. דער בלוטיקער סוף.

מיר האָבן שוין אין ערשטן בוך אָנגעוויזן, אַז די ראַציאָנאַליסטישע עלעמענטן אין דעם רמב"מס סיסטעם האָבן שוין ביי זיין לעבן אַרויסגע־רופן אַ סך קעגנער. איינער פון די ערשטע איז מאַקע געווען אַברהם בן דוד אוים פּאָשקייראָ; ער איז זייער שאַרף [1] אַרויסגעטראָטן אַנטקעגן בן מיימון דערפאַר, וואָס יענער האָט געוואָלט אַלס גרונד־יסוד פאַר רעליגיעזע פראַ־בלעמען לייגן די אַריסטאָטעלישע פילאָזאָפיע, געפּרווט ראַציאָנאַליזירן די יידישע אמונה, זי צעגלידערן אויף ספּעציעלע דאָגמען *, וועלכע דער שכל איז מחייב און זיי קענען באַגרינדעט ווערן מיט לאָגישע באַווייזן. באַזונדערס אויפגעבראַכט האָט דעם פּרוש פון פּאָשקייראָ דעם רמב"מס מענדעניץ בגנבה אַריינשמוגלען פילאָזאָפישע אידעען אונטער דעם לבוש פון מאמרי חז"ל; נאָר מער פון אַלץ האָט געבראַכט אין כעס דעם ראב"ד

---

1 זיינע „השגות" קעגן רמב"ם זיינען פול מיט אַזוינע אויסדריקן ווי: „ער האָט אַלץ פאַרפּלאָנטערט; ס'אַ טעות, ניט געשטויגן ניט געפלויגן, קינדערשע רייד; אַלץ וואָס ער שרייבט איז נאַרישקייטן, שוא ושקר, ער האָט געפעלשט" אאַז"וו (זע: וויים, „דור דור ודורשיו", IV, 266).

* וויכטיקע כללים, עיקרים.

דעם רמב״מס פאַרהאַלטן זיך בנוגע דער פראַגע פון עולם־הבא און תחית־המתים. ווי נאָר דער רמב״ם באַרירט די דאָזיקע פראַגן [1], ווערט ער, דער קלאָרער פשטן און און אויסגעצייכנטער סטיליסט, מיטאַמאָל טונקל און אומפאַרשטענדלעך; ער רעדט בלויז האַלבע ווערטער, אויף אָנצו־שטויסן זיך. דאָס האָט געבראַכט אין פאַרלעגנהייט אַפילו אַ סך פון זיינע הייסע חסידים, און דער רמב״ם האָט סוף־כּל־סוף געמוזט אַרויסטרעטן מיט אַ ספּעציעלע ערקלערונג אין זיין „מאמר תחית המתים״. דער רמב״ם ענטפערט אין זייער אַן אויפגערעגטן טאָן און רעדט מיט גרויס ביטול וועגן די, וואָס „האַלטן זיך פאַר חכמי ישראל און פאַקטיש זיינען זיי די נאַרישסטע צווישן מענטשן; זיי בלאָנדזשען פיל מער ווי פּשוטע בהמות, און דער מוח זייערער איז פול מיט משוגענע מעשיות פון אַלטע וויבער״ [2]. צום סוף איז דער רמב״ם מודה, אַז ער רעדט אין זיין „משנה תורה״ דער־פאַר ניט באַריכות וועגן תחית־המתים, ווייל דעם ענין קען מען פילאָזאָפיש מיט לאָגישע ראיות ניט באַגרינדן, עס איז חוץ לדרך הטבע [3].

דעם רמב״מס ערקלערונג האָט אָבער ניט באַפרידיקט ניט נאָר „די נאַרישסטע צווישן מענטשן״, נייערט אויך אַזאַ אָנגעזעענעם מענטשן און אמתן תלמיד חכם, ווי מאיר אַבולפיה אויס טולעדאָ, דער זון פונם בור־גאָסער „נשיא״, טודרוס אַבולפיה. אַפילו מאיר אַבולפיהס ליטעראַרישע קעגנער רייידן וועגן אים מיט גרויס הדרת הכבוד; דער אויבנדערמאָנטער אַהרן בן משולם רופט אים אָן „אוהב חכמה״ און „גרויסער געלערנטער״ („אוהב חכמה וראש התעודה... מאיר עיני חכמים לתורה ולתעודה״), און דעם רמב״מס הייסע אָנהענגער, דער דיכטער אַברהם אבן חסדאי, וואָס האָט פערזענלעך געקענט אַבולפיהן [4], רעדט וועגן אים ווי וועגן „דעם שפּאָלץ פון זיין דור״, דעם מאַן מיטן „שאַרפן שכל״ (מופת הדור ופלאו רום השכל ושיאו) [5].

---

1 הלכות תשובה, פרק 8, סימ׳ 28 און ווייטער.

2 מאמר תחית המתים, אין „תשובות הרמב״ם״, 11, 8.

3 דאָרטן, 11 — 10 : „אמנם תחית המתים הוא אחד מהמופתים ומבואר מאוד שעניננו מובן ואין שם אלא להאמין בו לבד כמו שבאתנו ההגדה האמתית והוא ענין יוצא חוץ לטבע המציאות ואין ראיה עליו מצד העיון... שהוא נמנע מצד השכל לא ממנהג הטבע״...

4 אויף פערזענלעכער באַקאַנטשאַפט ווייזט אָן פאָלגנדיקע שטעלע אין אבן חסדאים בריוו : „מפני שמעט הימים אשר התענגתי בכבוד חברתך״ („אגרות קנאות״, 7).

5 אַלס תלמודישער פאָרשער האָט זיך מאיר אַבולפיה דערוואָרבן אַ נאָמען מיט זיין „יד רמה״. ער האָט אויך פאַרפאַסט „מסורת סיג לתורה״, וועגן דער מסורה בנוגע צום ביבלישן טעקסט.

אינם יאָר 1202 האָט דער 22יאָריקער מאיר אַבולפיה זיך געווענדט מיט אַ בריוו צו דעם רמב"מס שטאַרקע פאַרערער, צו די „חכמי לוניל". אויך ער זאָגט אַרויס זיינע ספקות בנוגע צו דעם, וואָס דער בעל „משנה תורה", בעת ער רעדט וועגן עולם־הבא, פאַרשווייגט אינגאַנצן די פראַגע וועגן תחית־המתים[1]. אַבולפיהס בריוו האָט שטאַרק אויפגעבראַכט די חכמי לוניל, און אין זייער נאָמען האָט אים אָפגעענטפערט מיט אַ זייער בייזן בריוו אהרן בן משולם[2]. אַנטקעגן מאיר אַבולפיהן איז אויך אַרויס־געטראָטן אַ שפּאַניער, ששת בר יצחק בנונשתאו, וואָס האָט אויף אַבולפיהס בריוו זיך אָפּגערופן מיט אַ בייסיקער עפּיגראַם: „מייַנע פריינד פרעגן אַלץ: פאַרוואָס הייסט ער מאיר — ער גייט דאָך אין פינסטערע וועגן? ענטפער איך זיי: צי ווייסט איר דען ניט, אַז נאַכט ווערט ביי די חכמים „ליכט" אָנגערופן [3] — דאָס איז דאָך בלשון סגי נאור" [4].

אַבולפיה האָט ניט אָפּגעשוויגן; ער האָט געענטפערט אהרן בן משולם מיט אַ זייער לאַנגן בריוו (כתאב אל רסאייל, 51—105), און ניט וואַרטנדיק אויף אַ תשובה, האָט ער זיך אויך געווענדט צו זיבן אַנגע־זעענע רבנים פון פראַנקרייך[5]. באַקאַנט זיי מיט זיין וויכוח מיט די חכמי לוניל און בעט זיי אַלס אמתע „רועי ישראל" און אָנערקענטע אויטאָרי־טעטן, זיי זאָלן אַרויסזאָגן זייער מיינונג. די רבני צרפת אָבער, וואָס האָבן געפירט אַ גאַנץ אָפּגעזונדערטן שטיגער לעבן, האָבן בכלל געהאַט נאָך אַ צו קנאַפּן באַגריף פון דער באַדייטונג פון דעם גרויסן גאון פון מצרים, אַפילו מיט זיין „משנה תורה" זיינען זיי געווען גאַנץ ווייניק באַקאַנט[6]. אינם נאָמען פון די „רבני צרפת" האָט אַבולפיהן געענטפערט דער באַקאַנטער

---

1 דער בריוו איז אָפּגעדרוקט אין „כתאב אלרסאייל" („ספר אגרות"), 1871, 13—16.

2 דער בריוו איז אָפּגעדרוקט אין „טעם זקנים", 66—70, און אין „אגרות קנאות", 11-13. אַ מער ריכטיקער טעקסט איז אָפּגעדרוקט אין מאיר אַבולפיהס „כתאב אלרסאייל", 25—40. אויס דעם טעקסט זען מען, אַז אהרנס בריוו איז געשריבן נאָך ביים רמב"מס לעבן, זע ז"ז 29, 32.

3 דאָס איז אַ אָנצוהערעניש אויף דעם תלמודישן וואָרט „אורתא" — אָוונט.

4 בנוֹנשתים בריוו צו די חכמי לוניל וועגן מאיר אַבולפיה איז אָפּגעדרוקט ניט בשלמות אין „מאָנאַטשריפט", 1876, 511—12. בנוֹנשתי האָט געהאַט אַ געשיקטע פעדער און האָט אויך פיל שירים געשריבן. אַ טייל פון זיי האָט קויפמאַן פאַרעפנטלעכט אין Revues d. etudes juives, XXXIX, 62—75, 215—225. בנוונשתי איז אויך געווען אַן אָנ־געזעענער מעצענאַט און אים האָט דער דיכטער יוסף זאַבאַראַ געווידמעט זיין „ספר שעשועים".

5 דאָרטן, זייט 4, וואו די אַלע 7 רבנים ווערן אָנגערופן ביי די נעמען.

6 דאָרטן, 113.

בעל־התוספות, ר׳ שמשון מסאַנץ[1]. ר׳ שמשון איז אין תוך מסכים מיט אַבולפיהן, און דאָך האָט אַבולפיה קיין קלאָרע תשובה ניט באַקומען; דער בריוו פונם שאַרפן בעל התוספות איז פול מיט פילפול, וואָס האָט צום ענין גופא אַ גאַנץ קנאַפע שייכות.

דער ענטפער פון די רבני צרפת איז שוין געשריבן געוואָרן נאָך דעם רמב״מס טויט[2]. די דורך דעם רמב״ם אַרויסגערופענע ראַציאָנאַליסטישע שטרעמונג איז נאָך זיין טויט ניט אָפּגעשוואַכט געוואָרן, נאָר זיך נאָך באַדייטנד געשטאַרקט. גראָד אין דער צייט איז אין די יידישע אינטעליגענטע קרייזן געוואָרן שטאַרק פּאָפּולער דער באַרימטער אַראַבישער אַריסטאָטעליקער אבן רשד, וואָס איז מיט זיין שטרענג ראַציאָנאַליסטישער שיטה געגאַנגען נאָך ווייטער פונם רמב״ם[3]. אבן רשד האָט אין אַריסטוס לאָגיק געזען די העכסטע מדרגה פון דעם מענטשנס חכמה; דעם מענטשנס גליק און פרייד האָט ער געשאַצט מיט איין איינציקער מאָס — מיט דער מאָס פון וויסן. נאָר אינם באַגרייפן, אינם פאָרשן, איז נאָך אבן רשדס פעסטער איבערצייגונג דער מקור פון גליק און פרייד, און וואָס שאַרפער דער מוח — אַלץ גרעסער די מעגלעכקייטן פון אמתער גליקלעכקייט. אבן רשדס לערע וועגן דער אַליינהערשאַפט פונם פאַרשטאַנד האָט פּאַקטיש אָפּגעלייקנט די פּערזענלעכע אומשטאַרבלעכקייט. אומשטאַרבלעך איז דאָך אינם מענטשן נאָר דער געדאַנק; שטאַרבט דער מענטש, לעבט ניט זיין נשמה ווייטער פאַר זיך — זי איז נאָר אַ פונק פונם אַלוועלטלעכן שכל, פונם קאָלעקטיוון אַלמענטשלעכן פאַרשטאַנד. דער רמב״ם, וואָס איז געווען מיט ניין יאָר יינגער פון אבן רשד, האָט זיך באַקאַנט מיט די ווערק פון זיין בן דור שוין נאָך דעם, ווי ער האָט דעם „מורה נבוכים״ פאַרענדיקט; זיי זיינען אים זייער געפעלן געוואָרן און ער ראַט זיין תלמיד יוסף עקנין, ער זאָל זיך וואָס גיכער באַקענען מיט אבן רשדס פירוש אויף אַריסטו.

דאָס אַלץ האָט מיטגעבראַכט, אַז אין די ערשטע יאָרצענדלינגער פון דעם 13טן יאָרהונדערט זיינען אַריסטוס אידעען אין אבן רשדס אויפפאַסונג געוואָרן זייער פּאָפּולער אין די ברייטע שיכטן פון דער יידישע

1 מער באריכות וועגן שמשון מסאַנץ זע די אַרבעט פון גראָסס אין Revue d. et. juives, VI.

2 „כתאב אלרסאייל״, 131, וואו ר׳ שמשון מסאנץ שרייבט: „ולא להשיב את הארי הגדול לאחר מיתה באתי״.

3 אבן רשד (באַקאַנט אין דער אייראָפּעיִשער וועלט אונטערן נאָמען אַוועראָעס) איז געבוירן אין דער זעלבער שטאָט, וואָס דער רמב״ם אינם יאָר 1126; געשטאָרבן אין 1198.

אינטעליגענץ אין שפּאַניע [1]. די אידעען פון דעם גרויסן גריכישן פילאָזאָף האָבן אָבער געהאַט אַ ביטערן מזל: זיי זײַנען געוואָרן אַ מאָדע־זאַך, זיי זײַנען אַרײַנגעפאַלן אין די הענט פון דילעטאַנטן. עס האָט זיך בים־לעכווײַז געבילדעט אַן אײַנגאַרטיקע אַריסטאָטעלישע שול, וואָס האָט זיך באַנוצט מיט דעם רמב"מס מעטאָדע, נאָר אָן דעם רמב"מס טיפקייט און חריפות. ניט געניטע הענט האָבן זײַנע אידעען פאַרוואַנדלט אין שאַבלאָנען, פילאָזאָפיע איז געוואָרן — פילאָזאָפישע שפּילערײַ. אַ באַזונדערס משוגה פּנים האָט באַקומען די פונם רמב"ם גערן באַנוצטע אַלעגאָרישע מעטאָדע בײַם אויסטײַטשן דעם ביבלישן טעקסט. דער רמב"ם איז אָבער געווען דערבײַ זייער פאָרזיכטיק; ער האָט געפּרוּווט זוכן אַן אַלעגאָרישע אָנדײַטונג נאָר אין די פאַלן, ווען אַנדערש איז אוממעגלעך געווען ראַציאָנאַליסטיש דעם טעקסט צו ערקלערן, אָדער ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן פילאָזאָפיש באַגרינדן די ביבלישע גאָט־אָנשויונגען און די ערציילונג וועגן מעשה בראשית. פיל ווײַטער זײַנען אָבער געגאַנגען אין דער הינזיכט זײַנע אָנהענגער, וואָס האָבן געלעבט אין קריסטלעכן שפּאַניע און בפרט אין דער פּראָווענס. דאָ פילט זיך בלי־ספק די קריסטלעכע השפּעה. מען מוז דערבײַ געדענקען, אַז די אַלעגאָרישע מעטאָדע איז שוין זייער אַלט. די קדמונישע גריכן האָבן זיך שוין אויך מיט איר באַנוצט. האָמער, וואָס איז אָנגענומען אַלס פאַרפאַסער פון די באַרימטע עפּאָסן „איליאַדע" און „אָדיסעע", האָט דאָך בײַ די גריכן געגאָלטן ניט נאָר אַלס גאונישער דיכטער: אין אים, דעם ליבלינג פון די געטלעכע מוזעס, דעם מאַן מיטן רוח הקודש, דעם בלינדן מיט די אָפענע מיח־זעענדיקע אויגן — האָט מען אויך געזען דעם אומפאַרגלײַכלעכן לערער פון מאָראַל, דעם אמתן מדריך און וועגווײַזער, וואָס נאָר ער איז אימשטאַנד צו אַנטפּלעקן דעם ריכטיקן תוך פונם לעבן. דאָס לעבן איז אָבער אַלץ ווײַטער געגאַנגען; צוזאַמען מיט דער קולטורעלער אַנטוויקלונג זײַנען אויך פאָרגעקומען שינויים אינם מאָראַלישן זעלבסטבאַוווסטזײַן און אין דעם גאַנצן וועלט־באַנעם פון דעם אַלטן גריך; אים האָבן שוין ניט געקענט באַפרידיקן די אָנשויונגען און דער נאַיווער גלויבן, אין וועלכע עס לעבט די האָמערישע וועלט. די דאָזיקע אַלטע אָנשויונגען אָבער האָבן נאָך געלעבט אין זכרון פונם פאָלק, זיי זײַנען געווען צונויפגעוואַקסן מיטן פאָלקס־גלויבן, מיט דער פאָלקס־נשמה. האָט מען אומבאַוווסטזיניק אין דער קלאַסישער פאָרם, אין דעם

---

1 אין אָנפאַנג פונם 13טן יאָרהונדערט, ווײַזט אָן דער דײַטשער געלערנטער רימער („געטינגער געלעהרטען אַנצייגער", 1847, 46), זײַנען אבן רשדס אָנהענגער געווען פון בלויז ייִדישע קרײַזן.

אַלטן באַגריף, אַריינגעלייגט אַ נייעם אינהאַלט. דער אַלטער האָמערישער טעקסט, די אַלטפּרענקישע אידעען=וועלט האָט באַקומען אַ נייעם פּירוש. ניט נאָר דאָגמאַטיקער און לערער פון מאָראַל האָבן זיך גערן געשטיצט אויף האָמערס פּאָעמען, באַוויזן דעם אמת פון זייער לערע דורך „פּסוקים" און פערזן אויס „איליאַדע" און „אָדיסעע", אין וועלכע זיי האָבן געזען טיפע פאַרבאָרגענע סודות; אַפילו פילאָזאָפן און געלערנטע האָבן אויך זיך געפלייסט צו געפינען ביי האָמערן אַ סמך אויף זייערע וויסנשאַפטלעכע געזעצן און טעאָריעס. „אין האָמער שטייט אַלץ" — אין דעם אמת האָט קיינער ניט געצווייפלט. און וואָס מער ס'איז געוואַקסן די סתירה צווישן רעאַלן לעבן און דער לאַנג=פאַרגאַנגענער האָמערישער וועלט מיט איר גלויבן און אָנשויונגען — אַלץ קונציקער זיינען געוואָרן די פּירושים; און אין יעדן זאַץ און וואָרט ביי האָמערן האָט מען געזוכט סודות, משלים און רמזים. האָמערס מעשיות און ערציילונגען וועגן געטער און העלדן, זיינען מגולגל געוואָרן אין אַלעגאָריעס, אין לויטער משלים און אָנצוהערעניש. דער שטרענגער גאָט זעווס — דאָס איז בלויז אַ רמז אויף דעם אַבסטראַקטן געדאַנק; די טאָכטער זיינע אַטענע — אַן אַלעגאָרישער סימבאָל פון קונסט. די מעשה ביי האָמערן, ווי דער גאָט אַפּאָלאָ שליידערט טויטלעכע פיילן אין דער מחנה פיינדלעכע קריגער — דאָס איז אויך בלויז אַ משל, דאָס ווערט עס דערציילט אין אַלעגאָרישער פאָרם, ווי אין די זומער=היצן האָט אויסגעבראָכן די שרעקלעכע פּעסט...

אָט די זעלבע שוועריקייטן, וואָס געבילדעטע גריכן האָבן באַגעגנט ביים אויסטייטשן דעם „געטלעכן" האָמער, זיינען אויך געשטאַנען פאַר די העלעניזירטע, אויף דער גריכישער פילאָזאָפיע אויפגעוואַקסענע, אַלעקסנדריער יידן בנוגע צו זייער האָמער — צו דער ביבל. אויך אין דער תורה האָבן זיך געפונען פילע אָנשויונגען, וואָס געפינען זיך אין געוויסער סתירה מיט דער לערע פון דער גריכישער פילאָזאָפיע. ביי די גריכישע יידן אין אַלעקסנדריה איז נאָך געווען זייער טייער די אמונה פון זייערע אָבות; האָבן זיי געמוזט מאַכן שלום צווישן די צוויי פאַרשיידענע וועלטן, אַרויסגייענדיק פון דעם אַלטן יידישן זאַץ: „גם אלה ואלה דברי אלהים חיים". האָבן זיי קיין אַנדער וועג ניט געהאַט, ווי נאָר דעם וועג פון אַלעגאָריע, זען אין דעם פּשוטן ביבל=טעקסט בלויז אַ לבוש פאַר טיפע פאַרבאָרגענע סודות. אויף דעם וועג איז שוין געגאַנגען דער העלעניזירטער יידישער געלערנטער אַריסטאָבול, וואָס האָט געלעבט אינם צווייטן יאָרהונדערט פאַר קריסטלעכער רעכענונג. אַדאַנק זיין אַלעגאָרישן טעקסט=פאַרטייטשן האָט ער שוין קיין שום סתירה ניט געזען צווישן דער תורה און דער גריכישער פילאָזאָפיע, און ער איז אַפילו געווען פעסט איבערצייגט, אַז די גריכישע דענ=

קער האָבן זייערע אמתן געשעפט טאַקע פון תורת משה. די דאָזיקע אַלעגאָרישע מעטאָדע האָט ווייטער אַנטוויקלט, ווי עס איז שוין פריער געווען אָנגעוויזן, דער באַרימטער יידישער דענקער פילו (ידידיה אַלכּסנדרוני).

נאָך אין אַ גרעסערער מאָס האָבן די דאָזיקע מעטאָדע אויסגענוצט די קריסטלעכע טעאָלאָגן און עקזעגעטן. און אויך ביי זיי איז דאָס געווען אַ מוז־זאַך. עס איז דאָך באַקאַנט, אַז אין עוואַנגעליום ווערן אָפט געבראַכט די ווערטער פון קריסטוס, ווי ער פאַרזיכערט, אַז ער איז געקומען „ניט צעשטערן דעם געזעץ, נאָר אים דערפילן" און אַז „כּל־זמן עס עקסיסטירן ערד און הימל, וועט קיין פּינטעלע, קיין איין אות פון משהס געזעץ ניט פאַרלאָרן גיין ביז עס וועט אַלץ ניט מקויים ווערן"[1]. די קריסטלעכע קירך, וואָס פּוילוס האָט אויפגעבויט, האָט אָבער באַלד אָפּגעשאַפט דעם רוב מצוות און געזעצן פון תורת משה. בכדי צו פאַרענטפערן אָט די געוואַלטיקע סתירה, האָבן די קריסטלעכע טעאָלאָגן ניט געהאַט קיין אַנדער אויסוועג, ווי זיך באַנוצן מיט פּילוס אַלעגאָרישער מעטאָדע[2]; ווי זייגען אָבער געגאַנגען נאָך ווייטער, און ווען פילו באַנוצט זיך מיט זיין מעטאָדע בלויז ביים אויסטייטשן דעם טעקסט פון דער תורה, האָבן די קריסטלעכע געלערנטע זי אויסגענוצט ביי דער גאַנצער ביבל. אויף דעם דרך איז גאָרניט שווער געווען ניט נאָר מאַכן אויס אַלע מצוות און געבאָטן לויטער רמזים און אַלעגאָריעס, נאָר טאַקע באַווייזן, אַז יעדע מעשה, וואָס קומט פאָר אין דער תורה, איז אַן אָנצוהערעניש אויף קריסטוס לעבן און זיינע וווּנדער. שוין די ווערק, וואָס לויט דער קריסטלעכער מסורה האָט פּוילוס גופא זיי געשריבן, זיינען אויפן אַלעגאָרישן דרך אינגאַנצן מבטל אַלע ריטוס־געזעצן פון תורת משה, און אַ סך ביבלישע ערציילונגען ווערן דאָרט אַזוי אַלעגאָריש אויסגעטייטשט, אַז זיי דינען אַלס פעסטער באַווייז, אַז דער קריסטלעכער גלויבן איז חשובער פונם יידישן[3]. שטיצנדיק זיך אויף אַזאַ גרויסן אַוטאָריטעט, האָט דער באַרימטער קריסטלעכער טעאָלאָג פונם דריטן יאָרהונדערט, אָריגען, געזען באַשייַנפּערלעך, אַז יעקב אָבינום ביידע פרויען לאה מיט רחלען זיינען דאָך בלויז אַן אַלעגאָרישער רמז אויף די ביידע אמונהס: לאה, די עלטערע, מיט די שוואַכע אויגן —

---

1 זע מתתיהו, 5, 17—18; לוקאַ, 16, 17 אאַז״וו.

2 דערויף ווייזט שוין אָן דער באַקאַנטער יידישער געלערנטער פון 14טן יאָרהונדערט, פּראָפיאַט דוראַן, אין זיין פּאָלעמיש ווערק „כלימת הגוים" (כּתב־יד): „וכשהרגישו פקחיהם באלו הספקות הניחו הקדמה אחת כוזבת להעזר בה בכל דבריהם... והיא שכל מה שכתוב בתורה ובנביאים, הן ממצות הן מספורים, הם משל וחקוי לענין המשיח המדומה בהתגשמו והמשך ענינו מתליתו והתחיה שלו ועליתו למרום וזולת זה מטענות בטלות"...

3 זע דעם בריוו צו די גאַלאַטער, 4 21—23; דאָרטן 3, 5—10; דעם בריוו צו די רוימער, קאַפּ׳, 4 10—9, 10, 5. דעם ערשטן בריוו צו די קאָרינטער, קאַפּ׳ 9, 10—8,

דאָס איז דאָס „בלינדע" יידנטום, וואָס האָט ניט דערזען דאָס ליכט פון דעם אמתן גלויבן. דער געלערנטער מערטולי האָט אין די צוועלף שטיינער, וואָס זיינען געווען איינגעפאַסט אין אַהרן הכהנס חושן, געזען אַ רמז אויף קריסטוסעס צוועלף תלמידים, און דער קירכלעכער היסטאָריקער יעווסעווי ווייזט אָן, אַז דאָס איז דאָך אַ דבר ידוע, אַז פיל מעשיות אינם „אַלטן טעסטאַמענט" זיינען אַ סימבאָלישע באַשרייבונג פון קריסטוסעס לעבן. דער הייליקער אַווגוסטין זעט כמעט אין יעדן קאַפיטל תהילים אָנצוהערע־נישן אויף קריסטוסעס ערשיינען. דער שפּאַניער איסידאָר אויס סעווילִיע האָט אַפילו אין משה רבינום עלטערן, אין עמרם מיט יוכבד, געזען אַ רמז אויף קריסטוסן און די קירך. אַן אַנדער קריסטלעכער למדן האָט אַנטדעקט אין די פיר טייכן, וואָס אַרום דעם גן־עדן, אַ רמז אויף די פיר עוואַנגעליעס; דוד דערהרגעט גליתן — דאָס איז אַן אַלעגאָרישע באַשרייבונג, ווי קריס־טוס איז מנצח דעם שטן. אַפילו דער באַרימטער דענקער אַבעליאַר, וואָס מען האָט אים חושד געווען אין אַפּיקרסות, האָט אויך כמעט אין יעדער ביבלישער פּראָזע געזען אַן אַלעגאָריע [1]. „מיר דאַרפן ניט — ערקלערט דער אָנגעזעענער קריסטלעכער טעאָלאָג בעדאַ — נאָכמאַכן די יידן, וואָס באַגנוגן זיך נאָר מיטן פשט פונם ביבלישן טעקסט". נאָך אין צוועלפטן יאָרהונדערט ווייזט אָן דער באַרימטער אברהם אבן עזרא אין דער הקדמה צו זיין פּירוש אויף חומש, אַז ביי די קריסטן איז אָנגענומען די אַלעגאָרישע מעטאָדע, וועלכע באַשטייט אין דעם, וואָס „אין דער גאַנצער תורה זעען זיי לויטער רמזים און רעטענישן, הן אין די מעשיות פון חומש בראשית, הן אין די מצוות און משפּטים". „זיי, די קריסטן — זאָגט פאַרחידושט אַן אַנדער ביבל־ערקלערער פון יענער צייט, יוסף בכור שור, — זעען אין די רייד פון משה רבינו לויטער אַלעגאָריעס און משלים, און זיי פאַרטייטשן ניט קיין איין וואָרט מיט זיין אמתן פשט" [2]. באַלד אָבער איז די אַלעגאָ־רישע מעטאָדע געוואָרן שטאַרק פּאָפּולער אויך אין געוויסע יידישע קרייזן, ספּעציעל אין די קרייזן פון דעם רמב"ם אָנהענגער. דעם רמב"מס אווטאָ־ריטעט האָט געדינט אַלס בעסטער הכשר פאַר דער מעטאָדע, און די השפּעה פון די קריסטלעכע קרייזן האָבן שטאַרק מיטגעהאָלפן איר פאַרשפּרייטונג צווישן דער יידישער ראַציאָנאַליסטיש געשטימטער אינטעליגענץ. שוין

---

1 מער באַריכות וועגן דעם ענין זע: דיסטעל, „געשיכטע ד. אַלטען טעסטאַ־מענטס אין די קריסטליכען קירכע"; E. Uatch, The influence of greek ideas and usages upon the chrisstian church'; אל. שולמאַן „הפשט והדרש" („ספר היובל", 1904, 512–23).

2 „שדברי משה רבנו אליגוריא הם, כלומר חידה ומשל, ומוציאין הדבר ממשמעותו לגמרי".

דער איבערזעצער פונם „מורה", שמואל אבן תיבון, וואָס איז פון זיין יוגנט אָן געווען באַקאַנט מיט קריסטלעכע געלערנטע, האָט געהאַלטן פּשוט פאַר אַ „חרפּה", וואָס יידן באַגניגן זיך נאָר מיט דעם פּשט פונם ביבלישן טעקסט, און ווילן ניט פאַרשטיין דעם טיפערן תוך און תמצית. אינטערע־סאַנט זיינען אין דער הינזיכט די לעצטע בלעטער פון זיין „יקוו המים" — אַ פילאָזאָפישער פירוש אויף „מעשה בראשית"[1].

„זאָל מען אויף מיר זיך ניט מתרעם זיין — שרייבט ער אינם לעצטן (צוויי און צוואַנציקסטן) קאַפּיטל — דערפאַר, וואָס איך האָב אפשר צו פיל אויפגעדעקט דאָס, וואָס אונזערע חכמים האָבן געבאָטן צו האַלטן בסוד. גאָט איז מיין עדות, אַז איך האָב דאָס געטאָן טאַקע נאָר פון זיין כבוד וועגן, ווייל איך האָב מיך איבערציינגט, אַז די סודות, וואָס אונזערע נביאים און חכמים האָבן בשעתם געהאַלטן פאַר נייטיק ניט מגלה צו זיין — זיינען איצט אַלע אַנטפּלעקט פאַר די אומות העולם, און זיי ערקלערן טאַקע לויט די דאָזיקע אויפגעדעקטע אמתן די אַלע טיפע ענינים, וואָס זיינען פאַרבאָרגן אין דער תורה און אין די רייד פון די נביאים. אין דעם פּרט איז אונזער אומה זייער אָפּגעשטאַנען, און האָט ניט וועגן דעם קיין שום באַגריף (ואומתנו סכלה מהם סכלות גמורה); אַנדערע פעלקער לאַכן דערפאַר פון אונז און זאָגן מיט שפּאָט, אַז מיר באַזיצן בלויז די שאָלעכץ (הקליפּות) פון די נביאימס רייד, ניט דעם אמתן קערן. מיר האָבן דערפון געגנוג חרפּה און בושה"[2].

„בלויז דער רמב"ם, ערקלערט מיט באַגייסטערונג אבן תיבון, ער האָט געזען מיט זיין ליכטיקן שכל, ווי ווייניק מען פאַרשטייט ביי אונז די רמזים, וואָס געפינען זיך אין די כתבי־הקודש, און ער האָט אויפגעדעקט זייער טיפע ענינים, ליידער האָבן אָבער זייער ווייניק ביי אונז „פאַרשטאַ־נען זיינע רמזים"; דערפאַר האָב איך איינער פון זיינע יונגסטע תלמידים", בעת איך האָב געזען, ווי די אמתע חכמות (החכמות האמתיות) זיינען פיל מער פאַרשפּרייט ביי די קריסטלעכע פעלקער צווישן וועלכע איך וווין, ווי אין די מוסלמענישע לענדער, האָב איך געהאַלטן פאַר נייטיק „צו דערלויכטן די אויגן פון די, וואָס זיינען גיריק גאָך וויסן", און באַ־קענען זיי מיט דעם ביסל „מיט וואָס גאָט האָט מיך געבענטשט"[3].

אָט דער דאָזיקער קאָנסעקווענטער ראַציאָנאַליסט האָט געהאַט, ווי מיר וועלן ווייטער זען, פיל אָנהענגער. נאָטירלעך האָבן די יידישע ראַציאָ־נאַליסטן געמוזט אָפּוואַרפן אַלע ביבלישע אַלעגאָריעס מיט וועלכער ס'איז

[1] דאָס ווערק האָט פאַרעפנטלעכט ביסעליכעס אין פּרעסבורג אין 1837.

[2] „יקוו המים" 173.

[3] דאָרטן, 175.

קריסטלעכער באַפאַרבונג, וואָרעם אַלס ראַציאָנאַליסטן זיינען זיי דאָך געווען איבערצייגטע קעגנער פון דער קריסטלעכער אמונה [1]. דערפאַר אָבער האָבן זיי מיט גרויס חשק געזוכט אין ביבלישן טעקסט רמזים אויף פילאָזאָפישע אמתן. דאָ האָבן זיי אַרויסגעוויזן ניט קיין קלענערע חריפות פון די קריסטלעכע טעאָלאָגן. די מלחמה פון משה רבינו מיט פרעהן, דאָס איז די מלחמה מיטן יצר־הרע, די זינדיקע שטאָט שומרון — דאָס איז דער „פאַרשאָלטענער חומר" (החומר הארור), דער משכן מיט זיינע כלים — איז אַ משל אויפן מענטשן מיט זיינע איברים; דער אָרון — איז דאָס האַרץ, די לוחות — דעם מענטשנס שכל, דער שלחן — די לעבער, די מנורה — די גאַל אאַז"וו. דער לוויתן, וואָס פון אים וועלן געניסן די צדיקים אויף יענער וועלט, דאָס איז בלויז אַן אַלעגאָרישער רמז אויף די „תאוות הגשמיות", וואָס די צדיקים דאַרפן אין זיך גובר זיין [2]. די גאַנצע ביבל איז געוואָרן לויטער אַלעגאָריע, אַ ראַציאָנאַליסטיש־פילאָזאָפישע אַלעגאָריע; אין יעדן מנהג, אין יעדער מצווה און געבאָט, האָט מען געזוכט דעם טעם („טעמי המצוות"), דעם שכלדיקן מיין, וואָס מען איז דער־

[1] די יידישע ראַציאָנאַליסטן, פון דעם רמב"ם ביז מענדלסאָנען, האָבן זיך אַלע פאַרהאַלטן זייער פיינדלעך צו די גרונד־דאָגמען פון דער קריסטלעכער אמונה, ווייל זיי איז דאָך שווער צו ערקלערן מיטן פשוטן ניכטערן שכל. דער רמב"ם ערקלערט אין זיין „משנה תורה" די קריסטן אַלס פשוטע געצנדינער, און איינער פון זיינע אָנהענגער, אַ פּראָוואַנסאַלער ראַציאָנאַליסט אוים דער צווייטער העלפט פונם 13טן יאָרהונדערט, ניסן בר משה פון מאַרסעל, רעדט מיט ביטול וועגן די קריסטלעכע טעאָלאָגן, אָט די „הוברי שמים", וואָס גלויבן אין כל המיני נאַרישקייטן. מיט אַ שפּאָטישן שמייכל דערציילט ער ווייטער, ווי די קריסטלעכע געלערנטע וואַרפן אים אין פּאָלעמיק פאָר, אַז „אַלץ וואָס אייער לערער, משה, זאָגט אין זיין תורה", אין דעם אַלץ „גלויבט דאָך אויך און דאָס זאָגט דאָך אויך דער פילאָזאָף". „זיי מיינען — איז מוסיף ניסן אוים מאַרסעל — דער־מיט צו דערנידעריקן אונזער תורה; זיי פאַרשטייען ניט, אַז, אדרבה, זיי מאַכן זי דער־מיט גרויס; וואָרעם דער דת און דער פאַרשטאַנד זיינען דאָך ביידע פון איין גאָט געגעבן, ניט ווי די קריסטן אין זייער גרויס נאַרישקייט מיינען, אַז דער תמצית און תוך פון יעדער אמונה באַשטייט דווקא אין דעם, וואָס מ'דאַרף גלויבן אין ווילדע אומגע־לומפּערטע מעשיות, וואָס דער שכל מוז זיי אָפּלייקענען (זע „החלוץ", VII, 110: „ותמיד אומרים לנו חכמי הגוים בוכוח: כל מה שאמר משה רבכם בתורתו, גם כן יאמינוהו ויאמר אותו הפילוסוף כלו או רבו. וחושבים בזה לגרוע מעלת התורה האמיתית, והם משבחים אותה, כי השכל והדת נתנו מרוע אחד, והגוים יחשבו בסכלותם שגדר כל דת הוא אמונת דברים נמנעים שהשכל יכחישם ולא זולת זה משימים מר למתוק ולילה לאור ישימו").

[2] זע דעם אַפּאָקריפישן בריוו פון רמב"ם צו זיין זון („קיבוץ תשובות הרמב"ם", II, 39). עס איז שוין פון לאַנג פעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז דער רמב"ם האָט דעם בריוו ניט געשריבן, דאָס האָבן אים זיינע אָנהענגער פאַרפאַסט, ווען עס האָט אויסגע־בראָכן דער ערשטער קאַמף קעגן דעם רמב"מס שיטה (זע „ישורון", I, 47,3).

מיט אויסן; אָז דעם קען דאָך און דאַרף דאָך קיין שום מצווה קיין קיום ניט האָבן. דאָס איז פאַר די יידישע ראַציאָנאַליסטן געווען קלאָר ווי דער טאָג. קען דען דערביי וואונדערן, וואָס אין די אינטעליגענטע און רייכע יידישע קרייזן האָט מען בכלל ניט מדקדק געווען מקיים צו זיין די מצוות און געבאָטן, וואָס זיינען פאַרבונדן מיטן רעליגיעזן ריטוס, און אַפילו ווייניק זיך גערעכנט מיט עזראס פאַרבאָט, ניט צו נעמען קיין אַנדערש גלויביקע פרויען. אַז געמישטע זיווגים זיינען דעמאָלט אין שפּאַניע געווען אַ גאַנץ געוויינלעכע זאַך, זאָגט עדות אַזאַ עד נאמן, ווי דער פראַנצויזישער בעל-דרשן און פוסק, יהודה חסידס תלמיד, משה בן יעקב מקוצי[1]. אַ פייערדיקער רעדנער, איז ער אינם יאָר 1236 אַרומגעפאָרן איבער שפּאַנישע קהילות, געהאַלטן דרשות אין די שולן און בתי-מדרשים, געזאָגט מוסר דעם עולם און געפאָדערט, מען זאָל שטרענג דערפילן אַלע געבאָטן פון דער תורה[2].

,,מיט גאָטס הילף — דערציילט משה מקוצי — האָבן, אַדאַנק מיינע דרשות, טויזנטער און צענדליקער טויזנטער ווידער אָנגעהויבן צו לייגן תפילין און דערפילן דאָס געבאָט פון מזוזה און ציצית, אויך האָבן זיי זיך געשיידט מיט זייערע פרעמדע ווייבער"[3].

---

[1] משה מקוצי, דער פאַרפאַסער פונם באַקאַנטן קאָדעקס „ספר מצות הגדול" (דער סמ"ג), איז בכלל געווען אַ אינטערעסאַנטע פערזענלעכקייט. אַ טיף רעליגיעזע נאַטור, האָט ער אַמאָל אין חלום דערהערט אַ באַפעל, אַז מען איז אויף אים גוזר, ער זאָל פאַרפאַסן אַ זאַמלבוך פון יידישע ריטועלע געזעצן, וואָס זאָל לויט זיין גייסט נאָך מער זיין צוגעפּאַסט, צו די מנהגים און שטייגער לעבן פון די גאָטספאָרכטיקע פראַנצויזישע קהילות, ווי דעם רמב"מס „משנה תורה". דער טעמפּעראַמענט פון אַ רעדנער און בעל-דרשן פילט זיך שטאַרק אין דעם דאָזיקן ווערק. עס איז גיכער אַ זאַמלבוך פון פייערדיקע מוסר-דרשות, איידער אַ קאָדעקס פון דינים און געזעצן. ער נוצט אויס יעדע געלעגנהייט צו שטראָפן דעם עולם, צו דערמאָנען, אַז מ'דאַרף וואָס מער אויסמיידן די נאַרישע תאוות פון דער וועלט, וואָס ברענגען אַזוי לייכט צו אַ ניסיון. עניוּת, ליבשאַפט און אַ האַרץ, וואָס פאַרגיט און איז מוחל אַלעמען — לערנט דער דאָזיקער טרייער תלמיד פון ר' יהודה חסיד — אָט דאָס זיינען די בעסטע וועגווייזערס אין לעבן. דאָס יידישע פאָלק — זאָגט ער ווייטער — דאַרף זיין דער טרעגער פון דער העכסטער מאָראַל, בכדי אַלע פעלקער זאָלן זען, אַז די יידן זיינען טאַקע די אויסדערוויילטע אומה ביי גאָט. מיט שלעכטע מעשים פאַרשוועכט מען גאָטס נאָמען (סמ"ג, חלק לא תעשה, סי' 2, 3, 16; חלק תעשה, סי' 2, 64, 170).

[2] סמ"ג, לא תעשה, סי' 12; מצות עשה, סי' 3, 23. אַז די שפּאַניש-יידישע אינטעליגענץ האָט קאַרג וואָס געהאַלטן פון ריטועלע געזעצן, זאָגט עדות אויך אַ קריסטלעכער טעאָלאָג Guillaume G. Auvergne (ציטירט ביי גרעצן ב' VII).

[1] סמ"ג, לא תעשה, סי' 112: „והארכתי בדרשות כאילו בגלות ירושלים אשר בספרד והוציאו נשים נכריות רבות בשנת תתקצו לפרט שבח לאדון הכל" (מיר ציטירן נאָך דער ערשטער ווענעציאַנער אויסגאַבע פון 1546).

מיר האָבן שוין געזען, אַז אויך אין דער פּראָווענס האָט די אַריס־טאָטעלישע פילאָזאָפיע געהאַט ניט ווייניקער הייסע אָנהענגער, ווי אין שכנישן שפּאַניע. דער רמב״ם האָט מערערע מאָל אָנגעוויזן, אַז ער האָט זיין פילאָזאָפיש ווערק געשריבן בלויז פאַר יחידי סגולה, פאַר מענטשן מיט פילאָזאָפישער בילדונג, אָבער ניט פאַר די ברייטע, ווען אַפילו אינ־טעליגענטע, קרייזן [1]. שמואל אבן תיבונס איבערזעצונג, בפרט די איבערזעצונג פון יהודה אַלחריזי, וואָס איז געשריבן אין אַ לייכט־פאַר־שטענדלעכער שפּראַך, האָבן געמאַכט דעם „מורה נבוכים” צוגענגלעך אויך פאַר מענטשן, וואָס האָבן אַ קנאַפּע ידיעה אין פילאָזאָפישע פּראָ־בלעמען. דערצו האָבן מאַקע פּאַקטיש געשטרעבט שמואל אבן תיבון און די אַנדערע ראַציאָנאַליסטן, וואָס זייער הייסער ווונטש איז געווען וואָס ברייטער צו פאַרשפּרייטן די אידעען פון זייער לערער.

גראָד אין דער זעלבער צייט, וואָס די ראַציאָנאַליסטישע שטרעמונג און דאָס גלייכגילטיקע פאַרהאַלטן זיך צו רעליגיעזע געבאָטן און מנהגים האָבן זיך אַלץ געשטאַרקט אין די יידישע אינטעליגענטע קרייזן — האָט זיך די סאָציאַלע לאַגע פון די יידן אין דער פּראָווענס שטאַרק געענדערט צו שלעכטן. נאָך דער שרעקלעכער מפּלה, וואָס די אַלביגענזער באַוועגונג האָט געליטן אין דער התחלה פונם 13טן יאָרהונדערט, האָבן אין דער פּראָ־ווענס די קאַטוילישע גייסטלעכע באַקומען די גאַנצע דעה. דעם קאַמף קעגן די אַפּיקורסישע סעקטעס האָבן זיי קונציק אויסגענוצט בכדי זיך נוקם זיין אין זייערע אַלטע שונאים און קעגנער—אין די יידן. אויף דעם צו־זאַמענפאָר פון גייסטלעכע, וואָס איז פאָרגעקומען אין נאַרבאָנע אינם יאָר 1227, איז אָנגענומען געוואָרן די החלטה אַמשטרענגסטן דורכצופירן אין לעבן די רעכט־באַגרענעצונגען, וואָס זיינען אָנגענומען געוואָרן בנוגע צו יידן אויף דער פערטער קאַטוילישער לאַטעראַנער פאַרזאַמלונג אין רוים [2]. בכדי וואָס מער דערנידעריקן די יידן, האָט מען אויך באַשלאָסן אויפסניי דורכצופירן דאָס אַלטע געזעץ, וואָס פאַרווערט די יידן זיך צו באַווייזן אויף די גאַסן אין משך פון דער קריסטלעכער פּסח־וואָך. די אינקוויזיציע מיט די דאָמיניקאַנער בראש האָט שטאַרק געווילדעוועט, אומעטום גענישטערט נאָך פאַרדעכטיקע אָנהענגער פון אַפּיקורסישע סעקטעס און מיט באַזונ־דערער שנאה גערודפט יידן. די לאַגע פון די פּראָווענסאַלער יידן האָט זיך נאָך מער פאַרערגערט נאָכן יאָר 1229, ווען דער מושל איבער פּראָוואַנס,

---

1 זע די פאָררעדע צום „מורה נבוכים”, אויך דעם רמב״מס בריוו צו שמואל אבן תיבון: „כי חברתיו למי שקרא הרבה מן החכמות ולא חברתיו למי שלא קדם לו לעולם עיון בדבר מעָנְיָנים העמוקים האלה הקשים להבין („תשובות הרמב״ם”, II, 27).

2 דער פערטער לאַטעראַנער צוזאַמענפאָר איז פאָרגעקומען אינם יאָר 1215.

דער פריידענקער און טאָלעראַנטער ריימונד, איז געווען געניייטיקט איבער־צוגעבן די ממשלה איבער אַ טייל פון זיין לאַנד לודוויק דעם הייליקנס מוטער, דער פאַנאַטיש־גאָטספאָרכטיקער בלאַנש פון קאַסטיליע.

דער רעאַקציאָנערער גייסט, וואָס האָט אָנגעהויבן געוועלטיקן אין לאַנד, האָט זיך ביסלעכווייז אָנגעפאַנגען צו פילן אויך אין די יידישע קרייזן. אָנגעשראָקענע דורך די נייע גזירות, האָבן די גאָטספאָרכטיקע עלעמענטן אין די פּראָוואַנסאַלע קהילות אויך פחד באַקומען פאַר אַפּיקורסות; אין די ראַציאָנאַליסטן, וואָס ערלויבן זיך עובר זיין אויף די מצוות, וואָס זיינען געבאָטן פון דער תורה, האָבן זיי דערזען די אמתע „פורצי גדר" (צוימען־ברעכער), וועלכע ברענגען אין געפאַר דעם קיום פון דעם גאַנצן יהדות. און ווייל ביי די ראַציאָנאַליסטן האָט געגאָלטן אַלס שילד און פאָן דער גלענצנדיקער נאָמען פונם בעל „מורה נבוכים", איז קיין חידוש ניט, וואָס דער קאַמף, וועלכער ס'האָט אויסגעבראָכן צווישן די אָרטאָדאָקסן און פריידענקער־ראַציאָנאַליסטן, האָט גלייך אָנגענומען דעם כאַראַקטער פון אַ קאַמף צווישן מיימוניסטן און אַנטימיימוניסטן.

די מיימוניסטן האָבן פיל עפטער, ווי זייערע קעגנער, זיך באַנוצט אינם קאַמף מיטן געווער פון פאַמפלעטן, פלוגבלעטער און עפיגראַמען. און אין דער דאָזיקער פאָלעמיק־ליטעראַטור זיינען אַלע קעגנער פון די ראַציאָנאַליסטן געמאָלט מיט איין און דער זעלבער פאַרב: קויל און סאַזשע. אַלע קעגנער פון מיימונים פילאָזאָפישע אידעען ווערן דאָ געשילדערט ווי ווילדע אָבסקוראַנטן, וואָס קענען זיך ניט באַפרייען פון די מגושמסטע אַנטראָפּאָמאָרפיזמען. אַפילו אַזאַ ווייכער און איינגעהאַלטענער מענטש, ווי דעם רמב"ם זון, אַברהם, שילדערט אין זיין מאמר „מלחמת השם" (געשריבן אינם יאָר 1235) אַלע קעגנער פון זיין פאָטער, ווי אַ באַנדע „טיפּשים מיט בלינדע הערצער און שמוציקע מוחות"[1], וואָס טראַכטן נאָר וועגן דעם שכר, וועלכן זיי וועלן באַקומען אויף יענער וועלט פאַר זייער פרומקייט: אָנשטאָפּן דעם בויך מיט פעטע שטיקער לויתן, פאַרבייסן מיט זעמעלעך, וואָס וואַקסן גרייט אויף די ביימער, און פאַרטרינקען מיטן טייערן „יין המשומר"[2]. די היסטאָרישע דאָקומענטן אָבער און די בריוו, וואָס זיינען פאַרעפנטלעכט, טיילווייז שוין פון לאַנג און טיילווייז ערשט אין דער נייערער צייט[3], ניטיקן דעם אָביעקטיוון פאָרשער זיך פאַרהאַלטן

---

1 „אגרות קנאות", דף 18b ע' ב': „הטפשים עורי לב... שלא יכנס במוחם המזוהם".

2 דאָרטן.

3 צווישן די לעצטע זיינען באַזונדערס וויכטיק דער פאַק בריוו, וואָס ש. ז. האַלבערשטאַם האָט פאַרעפנטלעכט אין „גנזי נסתרות", III — IV.

מיט אַ געוויסן חשד צו אָט די איינטאָניק שוואַרצע בילדער, וואָס העגט פון קעגנער און שונאים האָבן געמאָלט.

אויסגעבראָכן האָט דער קאַמף אין יאָר 1232, און די אָנפאַנגער זיינען געווען דער תלמיד־חכם שלמה בר אַברהם אויס מאָנפעליע (שלמה מההר) מיט זיינע צוויי תלמידים: דוד בן שאול און יונה בן אַברהם גירונדי, וואָס האָט זיך דערנאָך שטאַרק קונה־שם געווען מיט זיינע מוסר־ספרים [1]. זיי זיינען אַרויסגעטראָטן מיט אַ האַרבן חרם אַנטקעגן די, וואָס פאַרנעמען זיך מיט פילאָזאָפיע, און האָבן אַרויסגעלאָזן אַ ספּעציעלן פאַרבאָט, אַז מען טאָר ניט לייענען דעם רמב"מס צוויי ספרים, דעם „מורה נבוכים" און דעם „מדע" [2]. ווייל עס שטעקט אין זיי אַ געפאַר, וואָס קען וואַקלדיק מאַכן די יסודות פון דער אמונה. עס איז אויך אויפגעהיט געוואָרן שלמה מההרס אַ בריוו אויס יענער צייט, וואָס גיט אונז די מעגלעכקייט צו באַקומען אַ מער־וויניקער קלאָרן באַגריף וועגן אָט דער טיפּישער פיגור, וועלכע האָט אַרויס־גערופן אַזאַ שטורעם אין דעם קולטורעלסטן טייל פון דמעטאָלטיקן יידנטום. דער בריוו איז געשריבן צו איינעם אַ שפּאַניער, שמואל בן יצחק, און שלמה ערקלערט אים די מאָטיוון, וועלכע האָבן אים גענייטיקט אַרויסצוטרעטן אַנט־קעגן די פרייזדענקער: „נעמענדיק אין באַטראַכט — שרייבט שלמה — אונ־זער אַלטע פריינדשאַפט, האַלטן מיר (ד"ה שלמה און זיינע תלמידים) פאַר נייטיק אייך צו באַקענען מיט די סיבות, וואָס דורך זיי איז דער קריג אויס־געבראָכן. מיר, וועלכע האַלטן טייער און ליב די תורה, וואָס גאָט האָט אונז געגעבן, האָבן צוגעזען, ווי אַלטע און יונגע האָבן אָנגעפאַנגען צו פאַר־שפּרייטן געדאַנקען און מיינונגען, וואָס ניט מיר און ניט אונזערע עלטערן האָבן ווען געהערט וועגן זיי. מיר האָבן געזען: זיי גייען אין שלעכטן וועג, און, פאַרפירט פון די נייע שטרעמונגען, ווילן זיי צעשטערן אַלץ, וואָס מיר האָבן בקבלה (להרוס הקבלות); זיי פאַרדרייען דעם פּשט פון דער תורה, אַלץ ווערט ביי זיי אַ משל; מעשה בראשית, די געשיכטע וועגן קין און הבל, יע־דער פּסוק אין דער תורה ווערט ביי זיי אַן אַלעגאָריע, אַן אויסגעטראַכטע זאַך [3]. מיר האָבן געהערט פונם איבערזעצערס [4] מויל אַליין, ווי אַזוי ער האָט מגלה געווען פאַר אַלעמען דאָס, וואָס דער רב ז"ל (דער רמב"ם) האָט

---

1 זיינע מוסר ספרים „שערי תשובה" און „ספר היראה" זיינען געווען זייער באַליבט; מ'האָט זיי פיל מאָל געדרוקט הן אין העברעיש הן אין יידישער איבער־זעצונג (די ערשטע יידישע איבערזעצונג פון „ספר היראה" איז שוין ערשינען אין 1546).

2 דער ערשטער, פילאָזאָפישער טייל פון „משנה תורה".

3 „ולמשול משלים בדברי התורות, להפך למשל ולהבל, מעשה בראשית ותולדות קין והבל, ובשאר כתובים הכתובים בתורה.

1 געמיינט שמואל אבן תיבון".

געהאַלטן פאַר גייטיק צו באַהאַלטן — ווי ער האָט אָפּן פאַר אַלעמען ער־קלערט, אַז אַלע ספּורים, וואָס ווערן געבראַכט אין דער תּורה, אַלע מצוות און געבאָטן — אַלץ איז נאָר אַ משל... איך האָב פיל מאָל געהערט, ווי זיי האָבן חוזק געמאַכט פון דברי חז"ל — און אַ שרעק איז מיך באַפאַלן בעת איך האָב דאָס אַלץ געהערט! איך האָב פיל מאָל געלאָזט זיך מיט זיי אין הייסע וויכּוחים, מיר פלעגן זיך אָפט שפּאַרן, אָבער צו פייגד־שאַפט און קריג איז עס ניט געקומען. דאָ איז אָבער אָנגעקומען די פינ־סטערע שעה, און אין אונזערע וויכּוחים האָבן זיך אַריינגעמישט די חכמים פון בדרש (בעזיע) מיט זייער גדלות און גאווה. זיי זיינען אַרויס־געטראָטן ווי אמתע שונאים, וואָס ווילן אונז פאַרטיליקן, מיר זאָלן מער קיין קיום ניט האָבן. זיי האָבן געוואָלט מיך מאַכן צו שאַנד און צו שפּאָט פאַר אַלעמען אין די אויגן און האָבן אויף מיר אויסגעטראַכט, אַז איך האָב געלעסטערט אין גאַנץ הייליקער מחנה, און אַז איך האָב געהאַט די העזה מבזה צו זיין דעם אָנדענק פון דעם גרויסן גאון, וואָס האָט פאַר־שפּרייט תּורה צווישן דעם פאָלק ישראל, דעם רבי משה בן הרב הדיין רבינו מיימון ז"ל. דאָס האָבן זיי אַלץ געטאָן, בכדי אונז צו מאַכן לעכער־לעך פאַר דער גאַנצער וועלט, און אַלע קהילות זאָלן זיך אָפּווענדן פון אונז. אַז מיר (ד"ה שלמה און זיינע תּלמידים) האָבן געזען, אין וואָס פאַר אַ שווערער לאַגע מיר געפינען זיך, האָבן מיר באַשלאָסן זיך צו ווענדן צו די רבני צרפת, וואָס זיינען דאָך פון לאַנג אָן באַקאַנט אַלס אמתע מרביצי תּורה בישראל... אַז זיי האָבן באַקומען אונזער כּתב [1], האָט זיי אויך אָנגעכאַפּט אַ שרעק, און זיי האָבן אַוועקגעשיקט אַ שטראָף־בריוו צו אַט די דאָזיקע מענטשן און צו זייערע אָנהענגער. אויך האָבן זיי געשיקט אַ ספּעציעלן שליח, ער זאָל אויפן אָרט חוקר ודורש זיין, צי איז טאַקע אַזוי די לאַגע, ווי איך האָב זיי געשריבן. אין דער צייט האָבן זיי אויך באַקומען אַן עקזעמפּלאַר „מורה נבוכים". ווי זיי האָבן זיך מיטן ספר באַקאַנט, איז שרעקלעך געוואָרן זייער צאָרן, מחמת דעם חילול־השם, וואָס זיי האָבן דאָרט דערזען; האָבן זיי גלייך אָנגעגורט זייערע לענדן, און ווי איין מאַן זיינען זיי אַלע אַרויסגעטרעטן פאַר גאָט און פאַר זיין תּורה מיט קללות און חרמות, מיט שטרענגע באַפעלן און געשרייען, אַז אַלע אַרום און אויך איך צווישן זיי, זיינען נבהל ונשתּומם געוואָרן"[2].

---

[1] לויט דער מעלדונג פון דעם רמב"מס זון, האָט שלמה בן אברהם אין זיין בריוו צו די רבני צרפת באַזונדערס אונטערגעשטראָכן די ספקות, וואָס עס מוזן אַרויס־רופן דעם רמב"מס אָנשוויונגען וועגן עולם הבא און תּחית־המתים, ווי אויך זיינע ראַציאָ־נאַליסטישע ערקלערונגען מכּוח „טעמי המצוות" אינם דר׳טן טייל „מורה נבוכים".

[2] „גנזי נסתּרות", IV, 10—13.

מיר זעען אוים דעם בריוו, אז אנגעהויבן דעם קריג האבן די ,,חכמי בדרש", אויף וועלכע שלמה מהדר באקלאגט זיך, אז זיי האבן אויף אים בלבולים אויסגעטראכט. אז שלמהס באשולדיקונג איז ריכטיק, באשטעטיקן עטלעכע בריוו, וועלכע האלבערשטאם האט פארעפנטלעכט[1]. אין די דאזיקע בריוו ווערט באריכות דערציילט; ווי אייניקע פון די ,,חכמי בדרש", בכדי צו דיסקרעדיטירן שלמהס נאענטסטן מיטהעלפער, יונה גירונדי, האבן זיי אויסגעטראכט א שם רע אויף זיין גאנצער משפחה[2]. עס איז דערפאר קיין חידוש ניט, וואס טאקע דער באליידיקטער יונה גירונדי איז אוועקגעפארן אגיטירן קעגן די מיימוניסטן אויף שלמהס באפעל קיין פאריז, ווו עס האט געלעבט דער ראש פין די ,,רבני צרפת", יחיאל בן יוסף, וואס האט זיך קונה־שם געווען מיט זיין ארויסטרעטן אנטקעגן דעם משומד דאנין[3]. אט אזוי, דורך די שולד פון אייניקע צו היציקע מיימוניסטן, האט דער אויסגעבראכענער אידעען־קאמף, פונם אנפאנג אן גלייך אנגענומען א ריין־פערזענלעכן און פארביטערטן כאראקטער...

גאר אין גיכן האט שלמה מהדר באקומען א מאלאנטפולן מיטהעלפער אין דער פערזאן פונם דיכטער משולם בן שלמה ען־ווידאש דאפערא. דאפערא איז כלל ניט געווען פון די ,,מורדי אור"; ניט אומזיסט זאגט ער וועגן זיך: ,,עס ברענט אין מיין הארצן די יידישע אמונה — נאר איך פייניק מיך ניט מיט תעניתים" (מלהטת בלבי דת יהודית — ואם לא אחליש לבי בצומים). ער ליבט די נאטור, פארברענגט אויך גערן מיט חברים ביים שוימעדיקן וויין־בעכער, און באזינגט די נאטור און דעם וויין אין גאנץ שיינע פערזן[4]. זיין ראמאנטיש־פאעטישע נשמה איז אבער אזוי פרעמד די ראציאנאליסטישע וועלט־אנשויונג; א נאענטער פריינד

[1] זע די בריוו נומ' 9—12 („גנזי נסתרות", IV, 15 — 36; זע אויך שטיינשניידערס מיטטיילונג, דארטן ז' 70.

[2] דער פסול אין דער משפחה, וואס זיי האבן אויסגעטראכט, איז באשטאנען אין דעם, וואס זיי האבן א געווויסן גט געפסלט, און אויף דעם סמך האבן זיי ערקלערט פאר ניט געזעצלעך די שפעטערדיקע חתונה, און די דערנאך געבוירענע קינדער אנערקנט פאר ממזרים. די פאמיליע גירונדי איז געווען איינע פון די חשובסטע אין לאנד, און פון איר שטאמען א גאנצע צאל בארימטע רבנים און געלערנטע, צווישן זיי אויך דער רמב"ן. ניט אומזיסט שרייבט יונה גירונדי אונטער און זיין „שערי תשובה" בעת ער רעדט וועגן דער שווערער זינד פון רכילות: „ואמרו ז"ל כי המוציא שם רע בדברי פגם משפחה אין לו כפרה עולמית" (זע דארטן, דף 26, עמ' א, ווארשעווער אויסגאבע, 1848).

[3] באריכות וועגן דעם וויכוח זע: א. קישס ארבעט אין „מאנאטשריפט", 1874.

[4] זע זיין ליד „ביום סגריר, ביום רעם גשמים", אין „החוקר", II, 1,26.

פון משה בן נחמן [1], אַ הייסער אָנהענגער פון די מיסטיקער עזרא און עזריאל [2], האָט דער דיכטער משולם ניט געקענט בלייבן אַ זייטיקער צו־זעער פונם אויסגעבראָכענעם קאַמף. אין זיין געדיכט „יהגו מזימות" [3] טרעט ער שאַרף אַרויס קעגן די ראַציאָנאַליסטן, און לויבט שטאַרק שלמה מההר פאַר דעם מוט, מיט וועלכן ער באַשיצט אין קאַמף דעם „הייליקן בונד" (ברית קודש). אין זיין פּאָעמע „אנשי מינות" [4] גיסט ער אויס זיין גאַנצן צאָרן אויף אַלחריזין, ווייל יענער איז מיט זיין „מורה"־איבער־זעצונג „געוואָרן אַן אבן־נגף פאַר דעם פאַרדאָרבענעם דור" („נתן מוקש — אל דור עקש — לא יוכל על זאת גקיון"), און ער ווענדט זיך צו די רבני צרפת, זיי זאָלן „גיך זיך באַקליידן מיטן פּאַנצער" און „מיט צאָרן אַרויס־טרעטן אַנטקעגן די מענער פון בעזיע". און די רבני צרפת האָבן טאַקע גלייך „געהויבן דעם פּאַנצער". שלמה מההר האָט אין זיין בריוו טאַקע געשריבן דעם רייגעם אמת. זיי, די אָרטאָדאָקסישע און גאָטספאַרכטיקע רבנים, וואָס האָבן זייער גאַנץ לעבן פאַרבראַכט „באהלה של תורה", האָט טאַקע אָנגעכאַפּט אַ שרעק, בעת זיי האָבן זיך באַקענט מיט דעם „מורה נבוכים". זיי האָבן זיך גלייך געווענדט מיט אַן אויפרוף צו די קהילות פון פּראָוואַנס, ווו זיי טרעטן שאַרף אַרויס קעגן דעם רמב"ם, און סטראַ־שען מיט דעם האַרבסטן חרם, ווען עס וועט זיך ווער אונטערשטיין לייענען אַזוינע אַפּיקורסישע ספרים ווי דעם „מורה" און דעם „מדע" [5].

דאָס אַרויסטרעטן פון שלמה בן אַברהם און זיינע אָנהענגער קעגן דעם רמב"ם האָט אַרויסגערופן אַ געוואַלטיקע אויפרעגונג אין די אינ־טעליגענטע קרייזן פון די גרויסע פּראָוואַנסאַלע קהילות לונעל, בעזיע און נאַרבאָנע. דער רמב"ם איז דאָך ביי זיי געווען דער „אורים ותומים", דער איינציקער און דער אומפאַרגלייכלעכער. מיט גרוים צאָרן זיינען זיי אַרויס

---

[1] אין איינעם פון זיינע לידער ערקלערט דאָס פּאָעט:
„יש לי ידיד שעות...
אחד קראתיו הוא ידיד עולם לבד — בן נחמן מלכי אשר נסכתי".

[2] ווענן די דאָזיקע מיסטיקער שפּעטער. אין איינעם פון זיינע לידער זאָגט דער ריכטער:
„...לנו בנו נחמן למגדל עוז... עזרא ועזריאל...
הם כהני, המה יאירון מזבחי, הם כוכבי נשפי"...

[3] געדרוקט אין „דברי חכמים", 75—77, און אויך אין „מורה מקום המורה", 9—12.

[4] „דברי חכמים", 78; „מורה מקום המורה", 3.

[5] זע דעם רמב"נס בריוו צו די רבני צרפת („אגרות קנאות", 8) ווו ער שרייבט: „העתרתם בדברים הנשמעים למרחוק באמרכם על הגאון: יש לנו גדול ממנו שנעשה צדוקי... כל ארץ צרפת רבנים ושרים פנת שבטה, כולם הסכימו לנדות ולהחרים על כל איש אשר ידו הרים להגות בספר „מורה נבוכים" וספר „מדע".

קעגן די „נידערטרעכטיקע מענטשן״, וואָס קעמפן קעגן דעם רמב״מס דעות, און האָבן זיך געווענדט מיט אַן אויפרוף צו אַלע קהילות פון פּראָוואַנס, קאַטאַלאָניע און קאַסטיליע, זיי זאָלן זיך אָננעמען פאַר פאַרשוועכטן כבוד פונם גרויסן גאון און לערער, און אַריינוואַרפן אין חרם די עזותדיקע לעסטערער (ד״ה שלמה בן אַברהם און זיינע אָנהענגער). איינער פון דעם רמב״מס הייסע חסידים האָט אָנגעשריבן אַ זייער שאַרפן בריוו די רבני צרפת, און דער בריוו איז זייער כאַראַקטעריסטיש פאַר די ראַציאָנאַליסטישע אינטעליגענטע קרייזן: ער ווייזט גאַנץ בולט אָן, ווי אַזוי די דאָזיקע קרייזן פלעגן זיך פאַרהאַלטן צו די רבנים און למדנים, וואָס זיינען געווען בקי נאָר אין ים התלמוד און אומוויסנד אין חכמות חיצונות [1].

„איידער איר — ווענדט זיך דער אומבאַקאַנטער צו די פראַנצויזישע רבנים — זייט אַזוי שאַרף אַרויסגעטראָטן אַנטקעגן דעם גרויסן גאון און זיינע ספרים, זייט איר געווען מחויב קודם=כל זיך גוט, ווי עס געהער צו זיין, באַקענען מיט די דאָזיקע ווערק זיינע. איר אָבער האָט, ווי עס שיינט, קיינמאָל אַפילו אין די אויגן ניט געזען ניט דעם „מדע״, ניט דעם „מורה נבוכים״, און דאָך האָט איר אַרויסגעטראָגן אייער פסק און אייער אומגערעכטן משפּט. עס איז דאָך קלאָר, אַז איר, וואָס אַלע אייערע יאָרן האָט איר פאַרבראַכט נאָר אין די ד׳ אַמות פון תלמודישן פּילפּול — איר זייט גאָרניט אימשטאַנד משיג צו זיין פילאָזאָפישע פּראָבלעמען און פאַרשטיין מיט אייער מוח די ווונדערלעכע וועגן פון די וויסנשאַפטן. צו וואָס=זשע זייט איר אַרויסגעטראָטן פון אייער גדר און אונטערשטייט אייך אָננעמען באַשלוסן אין אַזוינע הויכע ענינים, וועלכע איר קענט גאָר ניט משיג זיין? און ווי קומט איר צו דער העזה אונז, וועלכע גייען אין אמתן וועג פון חכמה, ווי עס האָט אונז געלערנט אונזער רבי, רבנו משה בן מיימון — ערקלערן פאַר מינים און אַפּיקורסים? איר, וואָס אַלע מעשיות פון דער תורה, אַפילו אַלע אַגדות פון די מדרשים — נעמט איר אָן אין זייער ווערטלעכן באַגריף. אַפילו גאָט דעם באַשעפער שטעלט איר זיך פאָר אין געשטאַלט פון אַ בשר ודם, מיט אַלע אברים פון אַ מענטשן... צי זיינען דען נאָך דאָ צווישן אַלע אומות העולם מיט אַלע זייערע ווילדע נאַרישקייטן — אַזוינע געצנדינער ווי איר זייט? [2] און איר האָט נאָך די

---

1 דעם בריוו האָט ש. י. ראַפּאָפּאָרט פאַרעפנטלעכט אין „כרם חמד״, V, 9—13 דער פאַרפאַסער פונם בריוו איז געבליבן אומבאַקאַנט. די השערה, אַז דעם בריוו האָט געשריבן שמואל שפּורטא, האָט זיך באַוויזן אַלס ניט ריכטיק.

2 היש בהבלי הגויים מגשימים...

העזה, אונז, וואָס מיר באַשיצן די ריינקייט פון דער הייליקער תורה, צו באַשולדיקן אין אַפּיקורסות און ערקלערן, אַז מיר לייקענען גאָטס וואָרט? איך שווער ביי גאָט, אַז עס זיינען צווישן אונז ניטאָ קיין פאַרפירער, קיין פאַלשע נביאים, און קיין אַפּיקורסים, וואָס לייקענען אין גאָט. איר זייט אין טעות, איר האָט בלינד זיך פאַרלאָזן אויף ליגנערס און רכילותניקעס, און זיי האָבן אייך פאַרפירט. איר זייט אַרויס קעגן אונז מיט קללות און חרמות, איר האַלט זיך פאַר די גדולי הדור און אונז פאַר קליינינקע נישטיקע מענטשן. דאָס אַלץ וואָלטן מיר אייך נאָך מוחל געווען, נאָר איינס קענען און טאָרן מיר ניט פאַרשווייגן: איר האָט זיך אונטערשטאַ־גען צו ריידן מיט בימול און פאַראַכטונג קעגן אונזער שטאָלץ און קרוין, קעגן גרויסן גאון רבנו משה בן מיימון, וואָס זייט רב־אשי איז ניט גע־ווען אַזאַ גדול בתורה, קעגן אים, דעם אמתן וועגווייזער און מדריך..."

שלמה מהחר און זיינע חברים זיינען אָבער אויך ניט געבליבן אָן שטיצע. דער ערשטער איז געקומען זיי צו הילף דער רמב"ן (משה בן נחמן). יונה גרונדים אַ נאָענטער קרוב [1], האָט דער רמב"ן אויך זיך גע־פילט באַליידיקט פון דעם שם רע, וואָס די „חכמי בעזיע" האָבן מיט אַ כיוון אַרויסגעלאָזט קעגן דער פאַמיליע גרונדי. דאָס פילט זיך טאַקע אין דעם שאַרפן טאָן, מיט וועלכן דער רמב"ן טרעט אַרויס קעגן די „פאַלשע עדות" און „רכילותניקעס" פון בעזיע, וועלכע ער רופט אָן אַ „קאָמפּלאָט פון רשעים" (קשר רשעים) און „די פאַרפלוכטע באַנדע" (הכת הארורה) [2]. אין בריוו צו פּריוואַטע מענטשן, און אויך אין זיין אָפענעם בריוו צו די פּראָוואַנסאַלע קהילות „פון נאַרבאָנע ביז מאַרסעל", לאָדט ער איין די „רכילותניקעס" צום געזעלשאַפטלעכן געריכט, און אַלס בוררים לייגט ער פאָר אָדער די רבני צרפת אָדער מאיר אַבולפיה. און ווען די מיימוניסטן, און די „חכמי בעזיע" צווישן זיי, האָבן אָנגע־הויבן צו אַגיטירן מען זאָל אַריינלייגן אין חרם שלמהן פון מאָנפּעליע און זיינע תלמידים, האָט דער רמ"בן זיך געווענדט וועגן דעם מיט אַ בריוו צו די קהילות פון אַלע דריי שפּאַנישע מלוכות: נאַוואַרע, אַראַגאָניע און קאַסטיליע. ער וואָרנט זיי, אַז עס פאָרן אַרום „שליחים פון זינד, מיט פאַלשע כתבים פול מיט חנופה און שווינדל" [3]. זאָלן זיי זיך ניט לאָזן פאַרפירן דורך די רייד פון די דאָזיקע פאַלסיפיקאַטאָרן (פן תשמעו אל דברי הזייפים), וואָס פאַרשטעלן זיך פאַר רודפי שלום, און פאַקטיש זיינען

---

[1] דער רמב"ן און יונה גירונדי זיינען געווען שוועסטערקינדער.

[2] „גנזי נסתרות" IV, 1872, 1922.

[3] „ובידים כתבי חלקות, מגנבים הלבבות ומחניפים המחשבות".

זיי עם די אמתע מחרחרי ריב [1]. דערפאַר דאַרפן די קהילות זיין פאָרזיכטיק, ניט לאָזן זיך איינרייזן געבן זייער הסכמה אויפן חרם איידער זיי וועלן אויסהערן ביידע צדדים [2].

דער ערשטער, וואָס האָט זיך אָפּגערופן אויף דעם רמב"נס אויפרוף, איז געווען דער אונז שוין באַקאַנטער מאיר אַבולפיה, וועלכער האָט גלייך ווי נאָר דאָס מחלוקת האָט אויסגעבראָכן, צוגויפגעזאַמלט דעם גאַנצן פּאַק בריוו, וואָס איז ביי אים פאַרבליבן אוים יענער צייט, ווען ער האָט זיך געווענדט קיין מאַרסעל און צו די רבני צרפת, און האָט זיי אין פילע עקזעמפּלאַרן צעשיקט איבער די פּראָוואַנסאַלע קהילות [3]. דער בריוו, וועלכן אַבולפיה האָט געשריבן אַלס ענטפער אויף דעם רמב"נס אויפרוף, איז זייער אינטערעסאַנט, ווייל אין אים אַנטפּלעקן זיך אַמבולטסטן די אינעווייניקסטע מאָטיוון, וואָס האָבן גענייטיקט די אַנטימיימוניסטן אַרויסטרעטן אַנטקעגן זייערע קעגנער. מיט מרויער ווייזט אָן אַבולפיה אין זיין בריוו, אַז עס וואַקסט אַלץ מער די צאָל פון די, „וואָס האַקן אָפּ די זאַפטיקע צווייגן פון רעליגיעזע געזעצן" און פליסן זיך צו באַווייזן על־פּי שכל, אַז אין די אַלע ריטועלע פאָרשריפטן און מצוות נייטיקט זיך כלל ניט דער בורא־עולם. דער עיקר איז נאָר, זאָגן זיי, דער מענטש „זאָל באַגרייפן גאָט; פאַרשטיין די חכמה פון זיין שאַפן", וואָרעם דעם באַשעפער גופא אינטערעסירט לחלוטין ניט „צי איז דער גוף ריין צי טמא, צי איז ער זאַט, צי פּייניקט ער זיך מיט תעניתים". זיי בלאָנדזשען אויף קרומע וועגן, שטאָלץ ערקלערן זיי אַלס איינציקן זיכערן וועגווייזער — זייער שכל; פּוסט און וויסט מאַכן זיי די נשמות, וואָס שמאַכטן נאָך מצוות און מעשים טובים, זיי לעשן אוים דעם פלאַם פון די בענקענדיקע הערצער, זיי ווילן טויטן דעם גייסט, וואָס איז אומשטאַרבלעך (להמית נפשות אשר לא תמותינה) [4].

צווישן די מיימוניסטן און זייערע קעגנער האָט, ווי מיר זעען, אויף ס'ניי אויפגעלעבט דער אַלטער וויכוח, וואָס האָט צוריק מיט טויזנט יאָר צעטיילט אויף צוויי פיינדלעכע לאַגערן די חכמי המשנה און די גנאָסטיקער. דער הויפּט־פּרינציפּ פון די גנאָסטיקער איז געווען: „וידעת את ה'", דאָס וויסן, דאָס פאַרשטיין גופא; די חכמי המשנה האָבן אָבער געדרונגען, אַז „הכל לפי המעשה" — דעם מענטשנס מעשים זיינען דער עיקר. „ולא המדרש עיקר אלא המעשה", זאָגט ר' שמעון בן רבן גמליאל — ניט

1 הכת המתחזקת נפשות מצודדת והיא המורדת.

2 „אגרות קנאות" 5a, (לייפּציגער אויסגאַבע, 1859).

3 כתאב אל אסאייל, 10, 14.

4 „אגרות קנאות", 6b

דער „דרש", דאָס זוכן די אַלעגאָרישע רמזים אין דער תורה איז דער עיקר, נאָר די מעשה, דאָס מקיים זיין די מצוות און געבאָטן. „כל שמעשיו מרובין מחכמתו — זאָגט רבי חנינא בן דוסא — חכמתו מתקימת, וכל שחכמתו מרובה ממעשיו אין חכמתו מתקימת" (פרקי אבות, III, 10) — וועמעס מעשים טובים זיינען גרעסער פון זיין תורה, האָט זיין חכמה אַ קיום, וועמעס חכמה אָבער איז גרעסער פון זיינע מעשים, ביי דעם האָט זיין תורה קיין קיום ניט.

אַבולפיה איז גערן מספים, אַז ס'זיינען באמת זייער גרויס די פאַרדינסטן פון רבנו משה בן מיימון; ער רופט אים „איש אלהים", וואָס האָט אַלעמען געעפנט די אויגן מיט זיין „משנה תורה"; דערפאַר אָבער פירעט ער אַמשאַרפסטן אַרויס קעגן דעם רמב"מס „מורה נבוכים". „בלאָט נאָך בלאַט — שרייבט אַבולפיה — האָב איך פלייסיק שטודירט דעם דאָזיקן ספר און איך האָב מיך איבערצייגט, אַז ער וויל מאַקע באַפעסטיקן די וואָרצלען פון דער אמונה, נאָר מאַקע דערביי שניידט ער איר אָפּ אַלע אירע צווייגן; ער פרוווט טאַקע אויסבעסערן אַלע שפּאַלטן און לעכער — נאָר צעשטערט דערביי אַלע צוימען. טויט און לעבן צוזאַמען באַהאַלט אין זיינע בלעטער דאָס דאָזיקע בוך" [1]. אַבולפיה רעדט דערפאַר מיט גרויס רעספּעקט וועגן שלמה אויס מאָנפעליע, ווייל יענער האָט געהאַט דעם מוט אָפן אַרויסטרעטן, און אָן מורא אָנווייזן אויף דער געפאַר, וואָס האַלט, לויט זיין מיינונג, אין איין וואַקסן.

דערווייל האָט זיך דאָס מחלוקת אַלץ מער צעפלאַקערט, און ערטערווייז איז דאָס געקומען צו זייער שאַרפע צוזאַמענשטויסן און אַפילו צו האַנטגעשלעגן אויך. עס איז אָבער קיין שום ספק ניט, אַז אין דעם דאָזיקן פאַרשטאַרקטן קאַמף האָט געשפּילט אַ געוויסע ראָלע אויסער ריין אידעאָלאָגישע מאָטיוון אויך געזעלשאַפטלעכע און סאָציאַל-עקאָנאָמישע סיכסוכים. מיר האָבן שוין פריער אָנגעוויזן, ווי אַזוי די „חכמי בדרש" האָבן אין דעם אויסגעבראָכענעם מחלוקת אַריינגעבראַכט ריין-פּערזענלעכע מאָטיוון און געפּרוּווט דיסקרעדיטירן דורך אַ פאַלשער באַשולדיקונג די פאַמיליע גרונדי, צו וועלכער עס האָבן געהערט שלמה מההרם תלמיד, יונה, און

---

[1] דאָרטן: „וארה והנה יונקתו מחזקת שרשי הדת ומסעפת פארותיה, מחזקת בדקי יסודותיה והורסת גדרותיה, רוממות אל בגרונה ומות וחיים בלשונה". ס'איז אינטערעסאַנט וואָס די זעלבע מיינונג וועגן דעם רמב"מס „מורה" האָט אויך אַרויסגעזאָגט אַן אַראַבישער געלערנטער פון יענער צייט. אַבדאַללאַטיף דערציילט אין זיין זעלבסטביאָגראַפיע: „איך האָב דאָס דאָזיקע בוך (דעם „מורה") געלייענט און געפונען, אַז דאָס איז אַ שעדלעך בוך, ווייל עס איז מער מסוגל צו צעשטערן די זעלבע גרונדיסודות פון דער אמונה, וועלכע עס וויל באַפעסטיקן" (זע „ליטעראַטורבלאַט ד. אָריענט", 1846, 355).

דער רמב״ן. פיל וויכטיקער איז אין דער הינזיכט דעם רמב״נס אַ בריוו, וואָס געפינט זיך, לײַדער, בלויז אין אויסצוגן [1], אין דעם אויבנדערמאָנטן פּעקל בריוו, וואָס האַלבערשטאַם האָט פאַרעפנטלעכט. אין דעם דאָזיקן בריוו ווערט מיט גרויס גרימצאָרן גערעדט וועגן די הויף־יידן פון סאַראַגאָסע בחיי און שלמה בני אַלקאָנסטאַנטיני. בחיי איז געווען לײַב־מעדיקער ביים אַראַגאָנישן מלך .יעקב דעם ערשטן און אויך זיין סעקרעטאַר און האָלמעטשער ביי די אונטערהאַנדלונגען מיט די אַראַבער בשעת די מלחמות, וואָס דער קיניג יעקב האָט געפירט קעגן מאַראָקאָ און וואַלענסיע. בחיי און זיין ברודער שלמה זיינען געווען גרויסע חשובים ביים קיניגלעכן הויף און פאַרנומען וויכטיקע פינאַנסיעלע פּאָסטנס. דורך אַ קיניגלעכן דעקרעט איז שלמה אַלקאָסטאַנטיני באַשטימט געוואָרן פאַר נשיא און הויפּט־ריכטער איבער אַלע יידישע קהילות פון אַראַגאָניע. ווי עס שיינט, האָבן די ברידער אַלקאָסטאַנטיני געפירט זייער „שררות” ביד רמה און אויסגענוצט זייער חשיבות ביים קיניגלעכן הויף אויף זייער אייגננוציקן אופן. עס איז דערגאַנגען אויף אַזוי וויט, אַז די אַראַגאָנישע קהילות האָבן געהאַלטן פאַר נייטיק זיך באַקלאָגן פאַרן קיניג אויף זייערע „נשיאים” און „דיינים”, און אויך דער רמב״ן גופא איז פאַרזענלעך אַרויסגעטראָטן פאַרן קיניג מיט זייער האַרבע טענות, קעגן די „בני שחץ” (אויסוורפן) און „בעלי עברות מכוערות”, ווי ער רופט די בני אַלקאָסטאַנטיני אין דעם באַטרעפנדן בריוו. מיט גרויס כעס און פאַרדרוס רעדט ער וועגן די דאָזיקע „הויף־יידן”, וואָס וואַרפן פון זיך אָפּ אַלע מצוות פון דער תורה, זיי דאַווענען ניט, זיי בענטשן ניט, זיינען ניט נזהר אין זייער וויין און מאכלים, היטן ניט אָפּ שבת און פירן זיך ווי אמתע מוסלמענער (כי ישמעאלים הם). „ווי איז דאָס געהערט געוואָרן — רופט אויס דער רמב״ן — אַז אַן עם־הארץ גמור און אַ בור זאָל גאָר זיין אַ „רב ושליט, נשיא ונדיב”, וואָס געוועלטיקט איבער דעם ציבור!..”

מיר וועלן ווייטער זען, אַז אין דעם לאַגער פון די מיימוניסטן און ראַציאָנאַליסטן זיינען גאַנץ רייך געווען פאַרטראָטן די הויף־יידן און יידישע באַנקירן און פינאַנסיסטן, וואָס זיינען לויט זייערע הנהגות און לעבנסשטייגער געווען „אמתע מוסלמענער” און האָבן געהאַט גרויס חשק זיך צו באַפרייען פון דעם פאַר זיי לעסטיקן עול פון מצוות מעשיות. עס איז דערפאַר קיין חידוש ניט, וואָס אין דעם פאַרשטאַרקטן קאַמף קעגן

---

[1] זע קאַבאַק „ישורון”, ב׳ VIII, 120—124. דער ערשטער וואָס האָט אָנגעוויזן אויף דעם ריכטיקן באַדייט פון דעם דאָזיקן בריוו איז: פּר. יצחק בער, „דביר” II, 1924, 316—17.

שלמה מהחר און זיינע אַנהענגער נעמען אַ גאַנץ אַקטיוון אָנטייל די
גאָר וואָס דערמאָנטע בני אַלקאַסטאַנטיני.

אַלקאַסטאַנטיני האָט צוזאַמען מיט נאָך צען מיטגלידער פון דער
קהילה אַריינגעוואָרפן אין חרם שלמה מהחר און זיינע מיטהעלפער, און
גלייך נאָכדעם (יולי 1232) זיך געווענדט מיט אַן אויפרוף צו אַלע אַראַ=
גאָנער קהילות „אויפשטיין באַשיצן משהן (בן מיימון) און זיין הייליקע
תורה", זיך אָננעמען פאַר דעם גרויסן מאַן, „וואָס האָט אונז אַרויסגע=
צויגן אויס דעם זומפּ פון ווילדקייט און אָבערגלויבן". זיי לייגן דערפאַר
פאָר, אַז אויך אַנדערע קהילות זאָלן געבן זייער הסכמה און אַריינלייגן
אין חרם „די דאָזיקע דריי פרידנשטערער און פאַרדאַרבער" (שלשה חרשי
משחית והם מסיתים את העם ומדיחים)[1].

אויף דעם אויפרוף האָבן זיך גלייך אָפּגערופן פיר אַראַגאָנער
קהילות[2]. אויך זיי האָבן מסכים געווען, אַז מען דאַרף מחרים זיין אָט די
„קליינע פוקסעלעך", די „דריי פושעי ישראל", דעם „נידערטרעכטיקן"
שלמה און זיינע תלמידים, וואָס האָבן זיך ערלויבט צו לעסטערן דעם
„מאור הגולה רבי משה בן מיימון".

דערמאָלט, אינמיטן ברען פון דער מלחמה, איז נאָך אַמאָל אַרויס=
געטראָטן דער רמב"ן. אַ מענטש מיט אַן איידעלן כאַראַקטער, האָט ער
אַוועקגעלייגט אַלע זייטיקע פניות, פאַרגעסן אין די פערזענלעכע באַליידי=
קונגען און געפּרווט זוכן אַ פּשרה=וועג, ווי שלום צו מאַכן צווישן די צוויי
פיינדלעכע צדדים. לויט זיין וועלט=באַנעם האָט דער רמב"ן געמוזט זיין
אַן אַנטשיידענער קעגנער פון די ראַציאָנאַליסטן, וואָס זיינען געגאַנגען
אינעם רמב"מס שיטה. מיט גרויס דרך=ארץ האָט ער זיך פאַרהאַלטן צום
רמב"ם, דעם פאַרפאַסער פונעם „משנה תורה", ווי צו איינעם פון די
גרעסטע גאונים אויף דעם תלמודישן געביט; אָבער די פילאָזאָפישע
אידעען=וועלט פונעם „מורה" איז אים געווען פרעמד און פיינדלעך. אַ
מענטש מיט אַ פאַרחלומטער התלהבותדיקער נשמה, איז דער רמב"ן, ווי
מיר וועלן שפּעטער זען, געווען איינער פון די באַגרינדער פון דער מיסטי=
שער לערע, דער „תורה שבלב", וואָס האָט געזען אין דעם פילאָזאָפישן
ראַציאָנאַליזם איר פאַרביטערטן שונא... בכדי צו שטילן דעם קאַמף האָט
דער רמב"ן זיך געווענדט מיט אַ לאַנגן בריוו צו די רבני צרפת[3].
געלאַסן, רויק, גאָר פול מיט זעלבסטבאַוווּסטזיין, ווייזט ער אָן די פרומע

---

1 דאָרטן, 5.

2 הועסקא (ושקה), מאָנצאָן (מנתשון) לערידאַ (לארדה), און קאַלאַטאַיוד (קלעה).

3 דאָרטן, 8—10.

פראַנצויזישע רבנים, ווי שטאַרק זיי האָבן געפעלט, בעת זיי האָבן באַשולדיקט אין אַפּיקורסות אַזאַ מאור הגולה, ווי דעם רמב"ם. מיט זייער פאַרבאָט צו שטודירן דעם רמב"מס ווערק און מיט זייער אַסרן דעם לימוד פון פילאָזאָפיע, װעלן זיי גאָרניט פועלן, זיי וועלן נאָר נאָך מער פאַרשטאַרקן דעם מחלוקת, וואָרעם צו גרויס איז דער אַווטאָריטעט פונם רמב"ם, און צו פאַרשיידן זיינען די קולטורעלע צושטאַנדן, אין וועלכע עס לעבן די יידן אין שפּאַניע און אין פראַנקרייך. דער רמב"ן ווייזט דערביי אָן, וואָס פאַר אַ בכבודיקן אָרט עס פאַרנעמען ביי די שפּאַנישע יידן די „חכמות חיצונית" און די גריכישע פילאָזאָפיע; מיט זייער חרם וועט מען זיך דערפאַר אין די ספרדישע קהילות כלל ניט רעכענען און ער וועט ניט דורכגעפירט ווערן אין לעבן. „מיט פרידן און מיט ליבע דאַרפט איר, רועי ישראל, פּאַשען אייער טשערעדע". „מען קען ניט — שטרייכט אונטער דער רמב"ן — צווינגען, אַז אַלע יידן זאָלן זיין לויטער חסידים און פרושים".

דער רמב"ן רעדט מיט גרויס כבוד וועגן שלמה אויס מאָנפּעליע, מיט וועלכן ער האָט אַפילו געפירט אַ בריוולעכן פאַרקער [1], דאָך ווייזט ער אָן, אַז ער קען ניט באַשליסן, ווער פון די קעגנער ס'איז גערעכט; ער בעט נאָר די רבני צרפת, זיי זאָלן זיך אַריינלייגן אין שלום און פּרווון שטילן דעם מחלוקת. ער לייגט דערביי פאָר, די רבני צרפת זאָלן פּרווון מאַכן אַזאַ מין פּשרה: אַראָפּנעמען דעם פאַרבאָט פונם רמב"מס „מדע", דערפאַר אָבער באַשטעטיקן דעם באַשלוס, אַז עס זאָל זיין פאַרווערט צו פּאָפּולאַריזירן און צו פאַרשפּרייטן צווישןברייטן עולם דעם „מורה נבוכים".

די דאָזיקע פּשרה האָט אָבער קיינעם פון די צדדים ניט געקענט באַפרידיקן. דעם רמב"נס בריוו האָט נאָר אין איין פּרט געהאַט אַ געוויסע ווירקונג: די רבני צרפת זיינען אינגאַנצן אָפּגעשטאַנען און מער קיין אָנטייל ניט גענומען אין דעם מחלוקת. סוף־כל־סוף האָבן זיי פאַר „זייערע" קהילות, ד"ה פאַר די פראַנצויזישע יידן, געקענט זיין גאַנץ רויק: יענע האָבן דעם „מורה" אין די אויגן ניט געזען און די פּראָבלעמען, וואָס ווערן דאָרט אַזוי שאַרף געשטעלט, האָבן זיי כלל ניט אינטערעסירט.

אין דער פּראָווינץ אָבער האָט זיך אין דער צייט דער קאַמף אַלץ מער צעברענט. די מיימוניסטן האָבן אַוועקגעשיקט דעם אַלטן דוד קמחי קיין שפּאַניע, ער זאָל דאָרט אַגיטירן פאַר זיי אין די אָנגעזעענסטע קהילות.

[1] זע „לעטערבאָדע", 1877, 1.

„זיי, די מיימוניסטן — קלאָגט זיך שלמה מההר אין זיין פריער ציטירטן בריוו — האָבן געשיקט אַ ספּעציעלן שליח, ער זאָל נאָך מער פאַרגרעסערן די מחלוקת און אויפהייבן אייערע קהילות קעגן אונז; זיי פאַרשפּרייטן צווישן אייך פאַלשע קלאַנגען וועגן מיר, און טראַכטן אויס אויף אונז, אַז מיר האָבן פוגע בכבוד געווען אין דעם אָנדענק פונם רמב״ם. גאָט איז מיין עדות, אַז איך האָב זיך קיין מאָל ניט ערלויבט אָנ־צורירן מיט אַ שלעכט וואָרט דעם כבוד פון דעם גרויסן גאון און זיין תורה, וואָרעם הויכגעשעצט און טייער זיינען ביי מיר זיינע רייד, און איך דערמאָן תמיד מיט גרויס יראת־הכבוד זיינע פּסקים און באַשלוסן. און עס איז ביי מיר זייער צו גלויבן, אַז דער מענטש מיט דער לאַנגער באָרד (דוד קמחי) וועט ביי אייך נאָכטאָן דאָס אייגענע, וואָס ס׳האָבן זיך ער־לויבט ביי אונז זיינע חברה־לייט: זיי האָבן געפעלשט מיין אויפרוף צו די רבני צרפת און האָבן אויסגעטראַכט אויף מיר, אַז איך האָב פאָרגעלייגט, מען זאָל אַריינלייגן אין חרם דעם רמב״מס אַלע אָנהענגער״.

קמחים אַגיטאַציע־רייזע האָט אָבער געהאַט אַ גאַנץ קנאַפּן ערפאָלג. אין פילע קהילות האָט מען אים גאַנץ קאַלט אויפגענומען, ווייל די רבני צרפת זיינען אין זייער אויפרוף זייער שאַרף אַרויסגעטראָטן אַנטקעגן דעם רד״ק פאַר זיין ראַציאָנאַליסטישן פּירוש אויף „מעשה בראשית״ און „מעשה מרכבה״[1]. אין דער שטאָט בורגאָס האָט מען אים אַזוי פיינד־לעך באַגעגנט, אַז ער האָט געמוזט פון דאָרטן גלייך אָפּפאָרן. איינער פון די אָנגעזעענע פאַרשטייער פון דער דאָזיקער קהילה, יוסף בן טודרוס הלוי, איז גלייך נאָך דעם אַרויסגעטראָטן מיט אַ ספּעציעלן אויפרוף צו די קהילות פון פּראָוואַנס. דער דאָזיקער אויפרוף איז באַזונדערס אינ־טערעסאַנט, ווייל זיין פאַרפאַסער האָט ניט געהערט צו איינער פון די קעמפנדיקע פּאַרטייען[2]. יוסף בן טודרוס איז אַ זייטיקער עדות, וואָס האָט צוגעזען מן הצד דעם היסטאָרישן קאַמף, דערפאַר באַקומען זיינע ווערטער אַ באַזונדערן ווערט.

„זייער טרויעריקע זאַכן קומען איצט פאָר אין גאַנצן הייליקער מחנה — קלאָגט זיך יוסף הלוי — די עלטערן צעלייגן דאָס פייער, און די קינדער וואַרפן אונטער שטאָף צום ברענען, און אַלץ גרעסער ווערט דער פלאַם, וואָס כאַפּט אַרום די יסודות פון דעם אַלטן גלויבן, און צעשטערט ווערן זיינע פעסטע מויערן. עס זיינען געקומען מענטשן, וואָס צעברעכן די צוימען פון דער הייליקער תורה; יעדער קומט מיט זיינע

---

1 זע פריער, 3.

2 זע „גנזי נסתרות״, IV, 6, דער בריוו איז געדרוקט, דאָרטן, III, 149—175.

אײנפֿאַלן, מיט נייע המצאות, און אַלע טראַכטן נאָר װעגן דעם, װאָס גיכער אָפּװאַרפֿן אַלע פֿאַרבאָטן, זיך לױז מאַכן פֿון אַלע באַגרענעצונגען. אַלע װערטער פֿון דער תּורה, אַלץ, װאָס מיר האָבן בקבלה פֿון אונזערע אָבות — װערט בײַ זײ אַ בלױזער משל און אַלעגאָריע, די ניסים און מופֿתים, װאָס װערן געבראַכט אין דער תּורה, װערן בײַ זײ צו שפּאָט און געלעכטער, זײ מאַכן פֿון טאָג — נאַכט און פֿון פֿינסטערניש — ליכט. זײ לאַכן אין שפּאָטן פֿון די רײד פֿון אונזערע חכמים און האָבן נאָך די העזה זיך שטיצן דערבײַ אויף אַ גרויסן אויטאָריטעט; זײ ערקלערן זיך אַלס תּלמידים און נאָכפֿאָלגער פֿון אײנעם פֿון אונזערע גרעסטע גאונים, װאָס זײַן גלײַכן איז ניט געװען זײַט רבינא ורב אשי; רבנו משה בן מיימון, דעם מאור הגולה, מאַכן זײ פֿאַר זײער שירעם, זײ זײנען זיך אַלץ סומך אויף זײַן נאָמען. זײ װילן ניט פֿאַרשטײן, אַז אונזער גרויסער לערער האָט געשאַפֿן זײַן „מורה נבוכים" נאָר פֿאַר די יחידי סגולה, פֿאַר די, װאָס זײנען צרײַנגעדרונגען אין אַלע סודות פֿון דער גריכישער פֿילאָזאָפֿיע. אָט פֿאַר די איז דער „מורה" געװאָרן דער פֿעסטער אָנהאַלט, דער אמתער װעגװײַזער, װאָס האָט זײ געלערנט, װי אַזױ פֿעסט האַלטן די אײביקע אמתן פֿון אונזער תּורה אַנטקעגן די טיפֿענישן פֿונם פֿילאָזאָפֿישן געדאַנק — און דערבײַ ניט געשטרױכלט װערן, ניט אַראָפּבלאָנדזשען פֿונם ריכטיקן װעג. נאָר אַפֿילו פֿאַר די אויסדערװײלטע האָט דער גרויסער גאון געגעבן בלויז אָנצוהערענישן, ניט מער װי רמזים, און טאַקע דערבײַ שטאַרק געװאָרנט, מען זאָל זײַן ספֿר ניט געבן אין די הענט פֿון אַזעלכע, װאָס זײנען ניט ראוי דערצו. מען האָט אָבער דעם רבינס רצון ניט דערפֿילט. עס זײנען געקומען מענטשן מיט גאַנץ קנאַפּן װיסן און האָבן דעם רמב"מס פֿילאָזאָפֿיש בוך געגעבן אין די הענט פֿונם „ערב־רב", פֿון פּשוטע עם־הארצים. זײ האָבן פֿאַרשפּרײט תּיבונס איבערזעצונג און אַפֿילו די איבערזעצונג פֿון אַלחריזי, װאָס האָט אָפּט פֿאַרדאָרבן דעם מחברס געדאַנק [1] און אים אַרײַנגעלײגט אין זײַן מויל װערטער, װאָס ער האָט זײ קײן מאָל ניט געזאָגט (בשגותו טעמי המחבר, לאשר לא צוה ולא דבר). יעדער גראָבער יונג האַלט זיך פֿאַר אַ מבין אין דעם טיפֿן װערק פֿון רבנו משה בן מיימון, יעדער טאַפּט מיט זײַנע מגושמדיקע

[1] אין דער ליטעראַטור פֿון יענער צײַט קאָן מען אָפֿט באַגעגענען פֿײַנדלעכע אָנפֿאַלן אויף אלחריזיס „מורה"־איבערזעצונג. דעם רמב"מס זון, אברהם, שטרײַכט אונטער אין זײַן „מלחמת השם": „כשהעתיק ר' יהודה אלחריזי... היתה העתקתו משובשת ומקולקלת". דער באַקאַנטער יידישער געלערנטער פֿונם 13טן יאָרהונדערט שם טוב פלקירא קלאָגט זיך אויך אין זײַן אָפֿענעם בריוו װעגן דעם מחלוקת קעגן רמב"ם: „אבל ההעתקה השנית (אלחריזיס) היה רבים טעיותיה והישר שבה לא ימלט מעקשות".

הענט, יעדער נאַר, אַ ליידיגע גאָרנישט, האַלט זיך פאַר אַ גאַנצן פילאָזאָף, קריטיקירט אַלץ, וואָס אויפן הימל און אויף דער ערד. זיי ווייסן פון אַלץ, וואָס גאָט מיינט און טראַכט, אַלע סודות זיינען פאַר זיי אַנטפּלעקט, ניטאָ קיין „הייליקע זאַכן" — אַלץ איז איינפאַך און וואָכעדיק; דאַווגען, תפילין לייגן האַלטן זיי פאַר נאַרישקייטן און לאַכן אָפּ דערפון [1]. און ווען דער רמב"ם האָט זיין ספר אַ נאָמען געגעבן „מורה נבוכים" — דער וועגווייזער פאַר די בלאָנדזשענדיקע, איז ער אָבער איצט געוואָרן דער „נבוכת המורים" — די פאַרבלאָנדזשעניש פון די ווידערשפּעניקע.

עס איז כאַראַקטעריסטיש, וואָס יוסף בן טודרוס טיילט איין די ראַציאָנאַליסטן פון זיין צייט אין צוויי גרופּן: 1) כת החנפים, די גרופּע פון צבועקעס, וואָס פאַרשוועכן די הייליקע ווערטער פון דער תורה און דעקן צו זייערע נידעריקע תאוות מיט דעם מאַנטל פון וויסנשאַפט, און די עבירות, וואָס זיי פלעגן פריער טאָן בצנעה קיינער זאָל ניט זען, טוען זיי איצט בפרהסיה. 2) כת העשירים, די רייכע, וואָס זיינען פעט געוואָרן פונם שוויס פון די אָרעמע און ווילן זיך אָנטאָן אַלע תענוגים פון דער וועלט, זיינען זיי זייער צופרידן, וואָס מען קען אויף אַ ראַציאָנאַליסטישן אופן זיך באַפרייען פון רעליגיעזע מצוות און געבאָטן [2].

„נייִן — ערקלערט יוסף הלוי — די ווערטן פון דער אמונה ווערן ניט געוויגן אויף די וואָגשאָלן פונם קאַלטן שכל, די תורה ווערט אָן דערביי איר גאַנצן דופט און ריח, און איר קומט אויף אַזאַ אופן צו זייער פאַלשע הנחות" [4]. און ער וואָרנט די פאָרשטייער פון די פּראָווינציאַלע קהילות, זיי זאָלן וואָס גיכער אָננעמען מיטלען קעגן דער וואַקסנדיקער געפאַר. „טרייסט אייך ניט דערמיט, וואָס אייער לאַנד איז נאָך דערווייל אַן אכסניה של תורה, איר זייט בקי אין אַלע פאַרבאָרגענע ווינקעלעך פון חכמת היהדות, און אָפן זיינען פאַר אייך אַלע וועגן פון גאָטס געזעצן — געדענקט דעם קומענדיקן טאָג. הנה ימים באים, עס וועלן קומען טעג, ווען איר וועט שוין ניט זיין צווישן די לעבעדיקע, און קומען וועלן אייערע קינדער, און זייערע הערצער וועלן זיין דורכגעפרעסן דורכן גיפט פון אָט דעם נייעם מין אפּיקורסות, וואָס איז פיל געפערלעכער פון יענער, וועלכע

---

[1] דאָרטן, 165: „בשומם הספר הזה למרמס לכל כסיל הוזה, וכל עצב נפוץ נובזה, ויצא העגל הזה, כי גם ערב רב ואת האספסוף כל אחד בעיניו פילוסוף... שתו בשמים פיהם ובארץ תהלך לשונם להמלך עם נפשם בידיעת קונם... לנהג בדברים של קודש מנהג חולין ופטורין מן התפלה ומן התפילין, ומורידין בקודש ולא מעלין...

[2] דאָרטן, 163—4.

[3] דאָרטן, 172. וועגן די ראָלע פון די רייכע הויף-ייִדן אינם לאַגער פון די מיימוניסטן, וועט נאָך זיין די רייד אינם פערטן טייל.

[4] דאָרטן, 160.

האָט געבראַכט די צעשפּאַלטונג פון די קָרָאים, וואָרעם זיי, די קראים (קאַראַימען), לייקענען אָפּ נאָר אַ טייל פון אונזער לערע און דעם אַנדערן טייל נעמען זיי אָן, יענע אָבער וואַרפן אָפּ אַלץ און ווילן גאָרניט אָנערקענען..." [1].

דוד קמחי האָט, ניט קוקנדיק אויף זיין קנאַפּן ערפאָלג, דאָך דעם מוט ניט פאַרלאָרן. דער הויפּט-ציל פון זיין אַגיטאַציע-רייזע איז געווען די גרויסע קהילה אין טאָלעדאָ. ער איז געווען זיכער, אַז באַם עס וועט אים געלינגען צו באַקומען פון דער דאָזיקער גרעסטער יידישער קהילה אַ הסכמה אויף מחרים צו זיין שלמהן אוים מאָנפּעליע, וועט דאָס זיין אַ גרויס געווינס פאַר זיין פּאַרטיי. ניט ווייט פון טאָלעדאָ איז אָבער דער אַלטער קמחי פאַרשלאָפט געוואָרן, און געמוזט זיך אָפּשטעלן אין דער שטאָט אַווילאַ. האָט ער פון דאָרטן אַוועקגעשיקט אַ בריוו צום ראש פון דער טאָלעדאָר קהילה, צום געבילדעטן אַרצט יהודה בן יוסף אבן אַלפאַכאַר. דער קראַנקער קמחי האָט אָבער אויך דאָס מאָל געהאַט אַ טעות אין חשבון. ער איז געווען זיכער, אַז אַלפאַכאַר וועט זיין מיט אים אין איין דעה, צום סוף איז יענער אַרויסגעטראָטן אַלס זיין אַנטשיידענער קעגנער. דער בריוולעכער וויכּוח [2], וואָס ס'איז פאָרגעקומען צווישן קמחין און אַלפאַכאַרן, באַווייזט אַמבעסטן, ווי אייגנזיניק ס'איז די מיינונג, אַז די אַנטימיימוניסטן זיינען געווען לויטער „נאַרישע עמי ארצים" מיט מגושמדיקע באַגריפן פון פּשוטע געצנדינער. אַלפאַכאַר איז ניט נאָר געווען אַ גרויסער בקי אין דער תּלמודישער ליטעראַטור, ער איז אויך געשטאַנען אויף דער העכסטער בילדונגס-שטופע פון יענער צייט; דערצו איז ער נאָך געבענטשט געווען מיט אַ שאַרפן אַנאַליטישן שכל, וואָס ער האָט אים געגעבן די מעגלעכקייט אויפצודעקן די אַלע שוואַכע זייטן פון דעם רמב"מס פילאָזאָפישן סיסטעם, ניט קוקנדיק דערויף, וואָס אַלפאַכאַר האָט זייער הויך געשעצט דעם רמב"ם אַלס שטאַרקן דענקער און ערשטקלאַסיקן תלמוד-פאָרשער.

שוין אין זיין ערשטן ענטפער אויף קמחים בריוו ערקלערט אַלפאַכאַר באַשטימט, אַז ער איז מסכּים מיט שלמה אוים מאָנפּעליע. „די

[1] דאָרטן, 156.

[2] די ערשטע פיר בריוו פון דעם אינטערעסאַנטן בריוו-וועקסל זיינען אָפּגעדרוקט אין דעם „אגרות קנאות" ניט נאָך דעם ריכטיקן כראָנאָלאָגישן סדר. אַלס תשובה אויף קמחים ערשטן בריוו, וועלכער פאַנגט זיך אָן מיט די ווערטער „הנה אנכי יצאתי", האָט אַלפאַכאַר געשריבן זיין ענטפער וואָס פאַנגט אָן: „מי כהחכם" (אין „אגרות קנאות" געדרוקט אויפן פערטן אָרט), און אויף קמחים צווייטן בריוו „יהודה, אתה יודוך", האָט אַלפאַכאַר געענטפערט מיטן בריוו „יגער ד' בך השטן", וועלכער איז געדרוקט אויפן צווייטן פּלאַץ.

בעטסט מיך — שרײַבט ער קמחין — איך זאָל פּועלן בײַ די פאָרשטייער פון אונזער קהילה, זיי זאָלן געבן זייער הסכּם אויפן חרם, מיט וועלכן איר זייט אַרויסגעטראָטן קעגן דעם גאָטספאָרכטיקן שלמהן און זײַנע טרײַע תּלמידים. גאָט זאָל מיך היטן איך זאָל אַזוינס טאָן קעגן דעם דאָזיקן גערעכטן מענטשן, וואָס איז ווערט דעם גרעסטן שבח דערפאַר, ווײַל ער מיט זײַנע תּלמידים האָבן געהאַט דעם מוט אָפן אַרויסטרעטן פון גאָטס נאָמען וועגן קעגן די, וואָס זײַנען עובר אויף די געזעצן פון דער תּורה און צעשטערן די יסודות פון דער אמונה". „וואָס ס'איז שייך — איז אַלפּאַכאַר מוסיף צום סוף — צו דײַן שאלה וועגן מײַן מיינונג איבער דעם רמב"מס „מורה", איז גלייכער זיך צו האַלטן אין דעם אַלטן ווערטל: „מלה בסלע ושתיקא בתרי" — ריידן איז זילבער און שווײַגן איז גאָלד".

אַלפּאַכאַר האָט אָבער דאָך ניט אויסגעהאַלטן. ער האָט סוף=כּל=סוף פאַרגעסן אין דעם אַלטן גלייכווערטל און אין איינעם פון זײַנע שפּעטערדיקע בריוו צו קמחין זאָגט ער אַרויס גאַנץ אָפן, אַז לויט זײַן פעסטער איבערצײַגונג שטעקט אין דעם רמב"מס ראַציאָנאַליזם אַ גרויסע געפאַר, בפרט בײַ די ווײַטערדיקע הנחות, וואָס עס ציען אויס אים דעם בעל „מורה גבוכימס" מיטלמעסיקע און פלאַכע נאָכפאָלגער. אין אַ זאַפטיקן שאַרפן סטיל פלייסט זיך אַלפּאַכאַר צו באַווײַזן, אַז דעם רמב"מס גרונדטעות באַשטייט אין דעם, וואָס ער וויל מאַכן אַ פּשרה צווישן צוויי וועלטאַנשויונגען, וועלכע האָבן צווישן זיך קיין שום שייכות ניט און זײַנען לויט זייער תּוך נאָך סותר איינער דעם אַנדערן. „ער, דער רמב"ם, וויל אַלץ צונויפפאָרן די תּורה מיט דער גריכישער פילאָזאָפיע, ער פלייסט זיך צו באַווײַזן, אַז זיי זײַנען פון איין גוף און זײַנען איינס צום אַנדערן ענלעך, ווי צוויי צווילינג=שעפעלעך — אומזיסט אָבער די גאַנצע מי, עס קען צווישן זיי קיין שלום ניט ווערן; צו פאַרשיידן זײַנען זיי ביידע און קיינמאָל וועלן זיי קיין צווילינג=שוועסטער ניט ווערן. אַ טיפער אָפּגרונט טיילט זיי פונאַנדער, דאָס זײַנען פאַרשיידענע צוויי וועלטן, און יעדער פון זיי טענהט, ווי די ווײַבער אויף שלמה המלכס משפּט: נאָר מײַן זון איז לעבעדיק און דײַנער איז טויט! מען קען ניט און מ'דאַרף ניט ריידן וועגן שלום דאָרטן, ווו — אָין שלום! און ער, דער רמב"ם, קוקט ניט אויף גאָרניט, ער וויל אַלץ שלום מאַכן צווישן די יסודות פון אונזער אמונה מיט די הנחות פון דער גריכישער פילאָזאָפיע. ער האָט דאָך אַליין מודה געווען דאָרט, ווו ער רעדט וועגן „קדמות העולם"[1], אַז ווען ער זאָל בײַ אַריסטון געפינען איבערצײַגנדיקע לאָגישע ראיות, אַז די מאַטעריע איז

[1] זע דעם ערשטן באַנד, ז' 204.

ניט ניי באַשאַפן, נאָר זי עקסיסטירט פון אייביק אָן — וואָלט ער שוין געוווסט, ווי אַזוי אויסצופייטשן די באַטרעפנדיקע פסוקים אין חומש „בראשית״, בכדי זיי זאָלן ניט סותר זיין אַריסטוס הנחה 1.

„ביי משה בן מיימון — זאָגט ווייטער אַלפאַכאַר — איז די העכסטע אַוטאָריטעט דער סילאָגיזם, די שכלדיקע המצאות פון דער גריכישער פילאָזאָפיע; ער פאַרגעסט אָבער, אַז די ריין לאָגישע באַווייזן, אויף וועלכע די פילאָזאָפן זיינען זיך סומך, זיינען ניט פריי פון דעם פסולת, וואָס טראָגט אין גריכיש דעם נאָמען „סאָפיסטיק״, וועלכע באַשטייט אויס קונצנמאַכעריי, אויס בלענדעניש מיט שאַרפזיניקע שפּיצלעך און איינפאַלן, וואָס פירן נאָר אַראָפּ פונם וועג און ברענגען צו גאַנץ פאַלשע סברות.

„אמת, שרייבט ווייטער אַלפאַכאַר, מיר זיינען אַלע מחויב זיך צו פאַרהאַלטן מיט גרויס יראת הכבוד צום אָנדענק פון רבנו משה בן מיימון, צום אומפאַרגלייכלעכן פאַרפאַסער פונם „משנה תורה״, וואָס ס׳איז זיין גלייכן ניטאָ. איך ווייס זייער גוט, אַז נאָר אַ שטאַרקער און שאַרפער דענקער האָט געקענט באַשאַפן אַזאַ ווערק, ווי דעם „מורה נבוכים״, איך ווייס אָבער אויך, וואָס פאַר אַ געפאַר עס שטעקט אין דעם דאָזיקן בוך; אַ פרעמד פייער האָט ער אָנגעצונדן אויף גאָטס מזבח, פיינדלעכע געדאַנקען ברענגט ער אַריין אין תורת משה. און נאָך גרעסער ווערט די געפאַר דורך די, וואָס רופן זיך דעם רמב״מס תלמידים און ריידן אין זיין נאָמען. עס וואַקסט אַלץ די צאָל פון די כלומרשט געבילדעטע און האַלב־געבילדעטע, וואָס ערקלערן זיך אַלס מיימונס אָנהענגער און אויפן סמך פון דעם „מורה״ און די פאַלשע הנחות, וואָס זיי מאַכן אויס זייער ווערטער, וועלכע זיי האָבן קנאַפּ פאַרשטאַנען, וואַרפן זיי אָפּ גאָטס וואָרט. דער „מורה״ איז געוואָרן דער פאַנצער און שוצמאַנטל פאַר אַלע אָפּטריניקע און כופרים. שטיצנדיק זיך אויפן „מורה״, לייקענען זיי אָפּ אַלע ניסים און מופתים אין דער תורה, אַלץ איז ביי זיי בלויז אַ משל און אַלעגאָריע; די ווי גאָלד און פערל טייערע פסוקים און באַלערונגען, האָבן זיי צו די גריכן פאַרקויפט („וכל מקראיה היקרים והפנינים מכרו לבני היונים״), אָנגעטאָן זיי אין פרעמדע ניט פאַסנדע קליידער״...

אַלפאַכאַר ווייס זייער גוט, אַז צווישן די מיימוניסטן זיינען אויך פאַראַן מענטשן פון ברייטן אַלזייטיקן וויסן („שידעתי שיש בהם אנשים חכמים וידועים״), און טאַקע צו זיי ווענדט ער זיך מיט דער שאלה: „זייט

1 „אגרות קנאות״, 1: „ועוד שיש בו לענין הקדמות שאלו נמצא עליה מופת ברור לאריסטו בחוק ההגיון משפטו, היה יכול להוציא מקרא מעשה בראשית מידי פשוטו״.

ווען ערשיינט עס די תורה פון מצרים * ניט פון ציון, און גאָטס וואָרט קומט מער ניט אויס ירושלים?... ביי אײַך איז דער „מורה" אַ נייע תורה געוואָרן, איר ערקלערט: אָט דאָס איז די לערע, וואָס משה ** האָט אונז געבאָטן! העכער פון די נביאים ווילט איר אים (דעם רמב"ם) שטעלן. ווייסט זשע, אַז גאָט איז ניט מיט אײַך. באַטראַכט אײַך, כּל־זמן עס איז נאָך ניט צו שפּעט. טוט אָפּ פון אײַערע געצעלטן די פרעמדע געטער און מאַכט ריין אײַערע הערצער... געדענקט, אַז איר צעוואָרפט מיט אײַערע אייגענע הענט אײַער שטיצע, און אַליין צעשטערט איר די יסודות פון אײַער אמונה — און אָט וועלן קומען טעג פון נסיון, שרעקלעכע פינסטערע טעג! אײַערע אייגענע קינדער וועלן זיך אָפּקערן פון אײַך, וועלן זייער גלויבן פאַרבייטן, די אַלטע לערע צוליב די נייע פאַרגעסן [1] און איר, וואָס אויפן סמך פונם „מורה" טוט איר פאַרפירן די קינדער פונם פאָלק, און ברענגט אַריין אַפּטרינניקייט אין דער הייליקער מחנה — איר וועט דאַן וועלן אומקערן צוריק, נאָר עס וועט שוין זיין צו שפּעט, צום פעסטן לאַנד וועט איר וועלן צורודערן, נאָר די ווידערשפּעניקסטע כוואַליעס (המים הזדונים) וועלן אײַך פאַרפּלייצן, און אַרום וועט איר הערן נאָר דאָס קאַלטע געלעכטער פון גלייכגילטיקע און דאָס שטאָלצע געשפּאָט פון די פרעמד געוואָרענע...

דער גאַנצער בריוו פון אַלפּאַכאַרן איז דורכגעדרונגען מיט דער פעסטער איבערצייגונג, אַז דער פאָלקס־גלויבן מיט די פון זייט דורות לאַנג פעסטגעשטעלטע מנהגים און מסורה (טראַדיציע) איז אַ פעסטער בינדונגס־מיטל פאַר דעם נאַציאָנאַלן קיבוץ. דער ראַציאָנאַליסטישער פּרינציפּ אָבער, וואָס ערקלערט אַלס העכסטן און איינציקן בר־סמכא (אויטאָריטעט) דעם מענטשלעכן שכל, דעם שטאָלצן געדאַנק פון דעם אָפּגעזונדערטן יחיד, פון דער אינטעליגענטער און גייסטיק הויך־אַנטוויקלטער פערזענלעכקייט — צעשטערט נאָך אַלפּאַכאַרס מיינונג דעם דאָזיקן פאַרבאַנד און די נאַציאָנאַלע איינהייט, די גאַנצקייט פונם קיבוץ ווערט דורך דעם געבראַכט אין געפאַר.

די אַלע פּאָלעמישע בריוו, וואָס די קעגנער האָבן געשיקט איינער דעם אַנדערן, זיינען געשריבן אין גערייםטער פּראָזע [2], באַפּוצט מיט

* אַן אָנצוהערעניש אויף דעם רמב"מס וואוינאָרט.

** משה בן מיימון.

[1] „ונפשם ישאו להמיר דתם ואותם עון אשמה ישיאו, ושכל אשר יצאו ללמוד ישן מפני חדש יוציאו".

[2] דער מנהג שרייבן בריוו אין גערייםטער פּראָזע איז אויך געווען שטאַרק אָנגענומען ביי די אַראַבער.

אָריענטאַלישע מליצות און צוגעווירצט מיט מוסיוון סטיל. נאָר חוץ פּאָלעמישע פּאַמפלעטן האָבן די קעגנער אין ברען פון דער מלחמה אויס־געניצט אויך אַ מער צוגעשפּיצט געווער — די בייסנדיקע עפּיגראַמע. אַממייסטן האָבן זיך דערמיט באַנוצט די מיימוניסטן. אייניקע צענדליקע עפּיגראַמען פון יענער צייט (בערך 80) זיינען דערגאַנגען צו אונז[1], און מיר וועלן באַקאַנען אונזערע לעזער מיט אייניקע פון זיי אין מעגלעכסט ווערטלעכער איבערזעצונג.

דער אויבנדערמאָנטער דיכטער משולם דאַפּעראַ ווענדט זיך צום רמב"מס „מורה" מיט פאָלגנדיקער עפּיגראַם:

„שווייג, דו מורה נבוכים! פאַרשלים דיינע לעפצן! ניט געהערט זיינען ווען געוואָרן אַזעלכע רייד! עס זינדיקן אַלע, וואָס מיינען — אַ משל איז דאָס וואָרט פון דער תורה, און אַ חלום בלויז די אָפּנבאַרונג פונם נביא" („מורה מקום המורה", 16).

די דאָזיקע עפּיגראַם האָט שטאַרק אויפגעבראַכט די מיימוניסטן און פון אַלע זייטן האָבן זיך אַ שאָט געטאָן עפּיגראַמען קעגן דעם פאַנאַטישן דיכטער. מיר ברענגען בלויז אייניקע פון זיי:

I. זיי, די ווידערשפּעניקע, וואָגן דעם מורה דעם קאַמף צו ער־קלערן! דעם טרעגער פון ליכט טוען זיי פלוכן און שענדן. דעם דופּטנ־דיקן ווייַרויך ווילן זיי אַלס גיפט פאַרשרייען![2].

II. באַטראַכט גוט דעם מורה, זיין ווערט לערנט שעצן, דאַן ערשט וועט איר באַגרייפן — זיין געצעלט שפּאַרט אין די הימלישע הייכן. דער ווענווייזער פאַר פאַרשטענדיקע, טוט ער די ווידערשפּעניקע מיט זיין שטאַל

1 שטיינשניידער האָט אַ באַדייטנדן טייל פון די דאָזיקע עפּיגראַמען צונויפגעזאַמלט אין זיין „מורה מקום המורה" („קובץ על יד", I, 1—32, II, 1—6); זע אויך „צייטשריפט „פ. העבר. ביבליאָגראַפיע", VI, 93—94, ווו עס ווערט געבראַכט אַ פאָלעמיש געדיכט פון די מיימוניסטן, וואָס ס'האָט אַפילו זוכה געווען אריינגענומען צו ווערן אַלס פּזמון אין דעם ראָמאַנישן מחזור. דער שרייבער פון די דאָזיקע צייל האָט אין אַן אַלטן מאַנוס־קריפּט (זע ווייטער) געפונען נאָך אייניקע ביז איצט ניט פאַרעפנטלעכטע עפּיגראַמען.

2 די דאָזיקע עפּיגראַמע, צוזאַמען מיט דריי אַנדערע ביז איצט נאָך אומבאַ־קאַנטע, האָבן מיר געפונען אין אַ מאַנוסקריפּט פון דער ערשטער פירקאָוויטש־קאָלעקציע (נומ' 479), געשריבן אין יאָר 1331 דורך דעם סופר חביב בן אליקם:

מרי במורה יאמרו מורים — המר ימירון מור במי מרים

יתמרמרו וימררו מרים — מאור ויורים בו וממאירים.

צעשמעטערן. ווער עס האָט נאָך פאַרשטאַנד, דער זעט און באַגרייפט: צווישן אַלע ספרי הגאונים איז ניטאָ זיין גלייכן![1].

III. נעם אָן, מורה נבוכים, מיין גרוס און די באַגריסונג פון אַלע, וואָס לעכצן נאָך וויסן. דאָס פרעכע מויל פון נאַרישקייט טו גיכער פאַרשליסן. דער מאַן פון פאַרשטאַנד וויים צו שעצן די פערל פון „מורה נבוכים", און דו, סורר ומורה! טרעט אָפּ, וואַג ניט צו אים זיך דערנענטערן![2]

IV. דו נאַר! מיט אַ צוים פון אַ פערד פאַרשליס דאָס מויל פון דיין טיפּשות. די שיך טו אוים, די מנוול! און האָט ניט קיין העזה דאָ צו שטעלן דיין פוס. דו ביסט ניט אימשטאַנד צו באַגרייפן, אין וואָס אַ משל באַשטייט, ווי קענסטו אונטערשיידן, וואָס הייסט אַ חלום און וואָס אַפּנבאַרונג[3].

V. (דער „מורה נבוכים" רעדט וועגן זיך אַליין):

„איך בין די ברענענדיקע שלאַנג, וואָס משה דאָט אין דער הויך אויפגעהויבן צו היילן די אַלע געביסענע. איך מאַך ליכטיק די אויגן, און אומשטאַרבלעכקייט שענק איך די מענטשן — אָט דערפאַר איז מיין נאָמען: „מורה נבוכים"[4].

אַן אַנדערער דיכטער, יעקב בן עזרא גבאי, ערקלערט מיט שטאָלץ: „די בעסטע לערע איז דער „מורה נבוכים" — ניט אָבער פאַר די פאַרשטאָפּטע הערצער און טומפּיקע מוחות; ניט פאַרשטיין וועלן זיי אים ביז משיח וועט קומען. זאָלן די פאַרדאָרבענע זיך דערווייטערן פון אים — בלויז געדעכטע און פאַרשטענדיקע וויסן, ווי אים צו שעצן"[5].

---

1 דאָרטן:

ראו מורה ובינו מעלתו — ותראו בשחקים בית נכאתו.
שמו מורה למורים יסמכוהו — ומורה הוא בממרים גאותו.
ואם תתבוננו, תדעו בביאור — בספרי הגאונים אין כמותו.

מיר ברענגען דאָ די ווייטערדיקע פערזן, וואָס זיינען דאָרט פאַרשריבן אַלס שבח פאַרן „מורה נבוכים":

אומר אמת לפני כל איש ידיד חסון — מורה נבוכים זה חיים ולא אסון
על כן בעת קוראי בו סר כאב לבי מני וגם נהפך אבלי לרוב ששון.

2 „מורה מקום המורה", 17.

3 פתי! במתג סוס עדי סכלך בלום, של נעליך, עול, ואל תקרב הלום!
משל להבין אין לך שכל ואיך תוכל הבין אם במראה או חלום! (דאָרטן, 18).

4 אני שרף תלאוני עלי נס ידי משה להחיות בו נשכים
להשכיל בו ויהיל אחרי מות הכי יקרא שמי מרה נבוכים (דאָרטן, 2).

5 הורות נבוכים חֵן ולקח טוב — אך לא לעֲרלֵי לב ולַקָשים.
הם לא יבינום עד ימות גואל — כנאמר הָשַע והַשמן לֵב.
סורר ומורת סור ואל תקרב — צדיק ומורה סור ותשים לב.

טאַקע דעמאָלסט איז געווים אויך פאַרפאַסט געוואָרן דאָס געדיכט, (וואָס מיר האָבן געפונען אין אַן אַלטן כתב־יד), ווו עס ווערט מיט התפעלות דערציילט, אַז ווען דער רמב״ם איז געשטאָרבן און זיין נשמה האָט זיך אין די הימלען דערהויבן — האָט גאָט אַליין צו די מלאכים אויסגערופן: „זעט! אָט קומט דער טרייער פאַרוואַלטער פון מיין הויז, געבענטשט איז דאָס פאָלק, וואָס האָט דערצו זוכה געווען!” און פון אַלע עקן וועלט, פון מזרח און פון מערב, קליין און גרויס — אַלע, אַלע האָבן געטאָן וויינען און קלאָגן אויף דעם געוואַלטיקן שאָדן[1].

עס איז קיין ספק ניט, אַז די מיימוניסטן, וואָס צווישן זיי זיינען געווען מענטשן פון זייער הויכער געזעלשאַפטלעכער שטעלונג, האָבן אַרויסגעוויזן פיל מער אַקטיוויטעט ווי זייערע קעגנער. די לאַגע פון שלמה אויס מאָנפעליע און זיינע אָנהענגער איז דערפאַר געוואָרן אַ גאַנץ קריטישע. די רבני צרפת זיינען געוואָרן זייטיקע צוזעער; אויף זיי קוקנדיק זיינען אויך אַנדערע אָפגעשטאַנען. שלמה מהחר האָט דערזען, אַז ער בלייבט אָן שטיצע, און די קעגנער און שונאים שטורמען אים פון אַלע זייטן מיטן שרעקלעכן געווער — דעם חרם... דעמאָלט, אין דער נויט, האָט שלמה אָפגעטאָן אַ פאַרברעכן, וואָס האָט זיין נאָמען באַדעקט מיט שאַנד פאַר אַלע קומענדיקע דורות.

שוין גלייך נאָך זיין בלוטיקן אָפרעכענען זיך מיט די אומגליקלעכע אַלביגענזער, האָט דער פאַנאַטישער פויפסט אינאָקענטיוס דער דריטער געוואָרפן אַ חשד אויף דעם גרויסן אַריסטו, און אין זיינע ספרים האָט ער דערזען דעם מקור פון אַפיקורסות און פריידענקעריי. נאָך אינם יאָר 1209 האָט דער פאַריזער אוניווערסיטעט פאַרבאָטן אַלס אַפיקורסיש־„אַריסטאָטעלישע” אַ גאַנצע צאָל ביכער, צווישן זיי דאָס אינם מיטלאַלטער זייער באַקאַנטע פילאָזאָפיש ווערק „De causis“, און אויך דער חיבור פון דעם „אַלבאַנצאַבראַן“, ד״ה דער „Fons vitae“ פון שלמה גבירול. אויפן באַפעל פון אינאָקענטיוס דעם דריטן איז פאַרבאָטן געוואָרן צו שטודירן אַריסטוס פיזיק און מעטאַפיזיק. אויפן באַפעל פונם פויפסט גריגאָרי דער נייטער (אינם יאָר 1231) איז אויך אַרויפגעלייגט געוואָרן אַן איסור אויף אַריסטוס נאַטורוויסנשאַפטלעכע ווערק, כל־זמן אַ שטרענגע צענזור וועט דאָרט ניט אויסמעקן אַלע פאַרדעכטיקע שטעלן. אין צוויי יאָר אַרום,

[1] יום שעלה רוח משה — בן רב מיימון אל היכלו
ויראהו יוצר רוחות — נתן קולו לבני חילו:
שורו, עבדי, נאמן ביתי — אשרי העם שככה לו...
ובני מזרח ובני מערב — כל יחד איש על דגלו
ובמר נפש בכו כולם — גם כל נגיד נשא קולו...

אויפן באַפעל פון דעם זעלבן פויפסט, איז די אינקוויזיציע, וואָס איז באַשאַפן געוואָרן בכדי אויסצוראָטן די לעצטע רעשטן פון אַלביגענזישער אַפיקורסות — פון אַ צייטווייליקן געוואָרן אַ באַשטענדיקער געריכטס־אינסטיטוט. איין אָפטיילונג פון דעם דאָזיקן אינסטיטוט האָט זיך געפונען אין מאָנפעליע, אין דעם דאָרטיקן דאָמיניקאַנער־קלויסטער. אָט צו די דאָזיקע פאַרביסענע קעמפער קעגן אַפיקורסות און פרייען געדאַנק האָט זיך געווענדט שלמה מההר און געבעטן אים בייצושטיין אין זיין קאַמף מיט די מיימוניסטן. לײדער ווייסן מיר פון שלמהס ריזיקאַלישן שריט נאָר אויס די צו אים זייער פיינדלעכע קוועלן — אויס די מעלדונגען פון זיינע קעגנער, די מיימוניסטן. לויט די דאָזיקע, אין דעם פרט ניט גאַנץ זיכערע קוועלן[1], איז שלמה מיט זיינע אָנהענגער געקומען צו די פראַנציסקאַנער און דאָמיניקאַנער, אַנידערגעלייגט פאַר זיי דעם רמב"מס „מדע" און „מורה נבוכים" און זיי אַזוי געזאָגט: „איר זוכט אַלץ און נישטערט ביי אייך נאָך אַפיקורסות, איר פאַרטיליקט אייערע אַפטרייניקע (אתם מבערים את המינים שלכם); ווייסט־זשע, אַז אויך ביי אונז זיינען פאַראַן אַפיקורסישע ביכער, די ספרים פון משה אויס מצרים, דער „מדע" און דער „מורה"; דאָס זיינען זייער געפערלעכע ביכער — פאַרטיליקט אויך זיי".

די דאָמיניקאַנער, ווי מיר האָבן פריער אָנגעוויזן, האָבן, לויט דעם רצון פונם פויפסט, גראָד דעמאָלסט געפירט אַ מלחמה קעגן די אויס אַראַביש איבערזעצטע ביכער, אויף וועלכע עס איז געלעגן אַ חשד פון אַריסטאָטעלישן ראַציאָנאַליזם. גראָד דעמאָלט, אין די דרייסיקער יאָרן פונם 13טן יאָרהונדערט, האָבן דעם רמב"מס אידעען אָנגעהויבן אַריינצודרינגען אויך אין דער קריסטלעכער וועלט, און ביים הויף פונם פויפסט געפערלעכסטן שונא, פרידריך דעם צווייטן, האָט דעמאָלסט אַ גרופע געלערנטע איבערזעצט דעם „מורה" אויף לאַטיין. עס איז דערפאַר קיין חידוש ניט, וואָס די דאָמיניקאַנער האָבן זיך זייער דערפרייט צו באַקומען די געלעגנהייט זיך נוקם זיין אינם רמב"מס אַפיקורסישע ספרים. די אָרטיקע אינקוויזיציע האָט גלייך באַשטימט, מען זאָל פאַרברענען דעם רמב"מס צוויי ווערק. מען איז געגאַנגען פון הויז צו הויז, קאָנפיסקירט אַלע עקזעמפלאַרן „מדע" און „מורה נבוכים" און זיי אַלע פאַרברענט אויפן שייטערהויפן. שלמהס מיטקעמפער, יונה גרונדי, האָט מיטגעהאָלפן, אַז אויך אין פּאַריז האָט מען אויפן עפנטלעכן פלאַץ פאַרברענט

1 דער אויפרוף פון די ברידער אבן חסדאי צו די קהילות אין קאַסטיליע און אַראַגאָניע („גנזי נסתרות", III, 177) און קמחים דריטער בריוו צו אַלפאַכאַרן („אגרות קנאות", 4).

פילע עקזעמפּלאַרן פון מיימונס פילאָזאָפיש ווערק, און אַ פאָלקס־מסורה דערציילט, אַז דעם שייטערהויפן האָט מען אָנגעצונדן מיט אַ ליכט, וואָס ס'איז גענומען געוואָרן פונם אַלטאַר אין דער באַריממטער נאָטרדאַם־קירך[1].

דאָס עפנטלעכע פאַרברענען דעם רמב"מס ספרים האָט געמאַכט אַ געוואַלטיקן רושם. דער יונגער שמואל בן אַברהם ספּורטה האָט זיך געווענדעט מיט אַ גאַנץ לאַנגן בריוו[2] צו די רבני צרפת און זיי געבעטן, זיי זאָלן זיך אָננעמען פאַר די פאַרשוועכטע ספרים פונם גרויסן גאון, און זיי, מיט זייער גרויסן אויטאָריטעט, זאָלן עפנטלעך ערקלערן, אַז דעם רמב"מס גערודפטע ווערק זיינען ריין פון וועלכע ס'איז אַפּיקורסות. אַן אומבאַקאַנטער דיכטער האָט באַוויינט די אין פייער אומגעבראַכטע ביכער אין אַ שיין קלאָג־ליד:

וי נאַריש זיינען די, וואָס מיינען: מען קען מיט פייער
פאַרטיליקן ווערטער ווי גינגאָלד טייער.
זיי זיינען דאָך אַליין ברענענדיק פייער,
ווי קענען דען זיי אין פלאַמען אונטערגיין?
זייט וויסן איר, וואָס האָט גורם געווען
און מיטגעהאָלפן די שרעקלעכע טאַט זאָל געשען:
ווי דער נביא פון תשבי זיינען זיי אין פלאַמען געשמיגן,
אויף פליגל פון שרפים אין די הימלען געפלויגן[3].

בלויז צוויי מענטשן האָבן געהאַט דעם מוט זיך אָנצונעמען פאַר שלמהן אוים מאָנפּעליע נאָך דער מסירה. דאָס זיינען: יהודה אַלפאַכאַר און יוסף בן טודרוס הלוי. „דאָס האָט איר — שרייבט יהודה אַלפאַכאַר צו דוד קמחי — מיט אייערע רדיפות אים געבראַכט דערצו. מען טאָר ניט ברענגען קיין מענטשן ביז צו דער לעצטער גרענעץ פון יאוש. איצט באַקומט איר געצאָלט פאַר אייערע מעשים"[4] „אמת — שרייבט יוסף הלוי — איבערגעבן אונזערע אוצרות אין די הענט פון אונזערע שונאים, דאָס איז אַ גרויס פאַרברעכן, נאָר אין דעם זייט איר אַליין שולדיק, וואָס איר האָט אים אַזוי גערודפט. איר האָט אים אין חרם אַריינגעוואָרפן, איר

[1] זע דעם בריוו פון הלל אוים וועראָנאַ אין „טעם זקנים", 71: „ולא דים בתהערה בלבד אמנם עוד האש אשר בה שרפום העבירוהו מן הנר הגדול שהיה דולק בבית הכומריא הגדולה של פריש לפני המזבח".

[2] „גנזי נסתרות", IV, 36—67.

[3] „מורה מקום המורה", 15. עס איז פאַראַן אַ מסורה, אַז דאָס ליד האָט פאַרפאַסט דעם רמב"מס זון אברהם.

[4] „אגרות קנאות", 4.

האָט אים געיאָגט און פאַראומערט דאָס לעבן, אויף קיין אויגנבליק אים קיין רו ניט געגעבן... נאָר וואָס ס׳איז געשען איז געשען; זעט, מאַכט כאָטש איצט אַ סוף צום מחלוקת, דערווייטערט ניט דעם אָרעמען שלמהן מיט בייזע הענט״ („ואל תתנו לבעלי המחלוקת לדחות את הדל בשתי ידים״ [1].

נאָר צו שטאַרק איז שוין געווען דער פלאַם פון מחלוקת, מען זאָל אים קענען שטילן מיט רויִקע רייד. מיר האָבן דאָך פריער געזען, אַז לויט קמחים מיטטיילונג איז שלמהס מסירה געווענדט ניט נאָר קעגן אַפּיקורסי־שע ביכער, נאָר אויך קעגן אַ פּ י ק ו ר ס י ם גופא. לויט קמחים דערציי־לונג האָט שלמה דערקלערט די דאָמיניקאַנער: „זייט וויסן, אַז אין אונזער קהילה האָבן זיך שטאַרק געמערט די צאָל אַפּיקורסים, וואָס לייקענען אין גאָט, זיי האָט פאַרפירט די לערע פון משה בן מיימון אויס מצרים, וועל־כער האָט געשריבן אַפּיקורסישע ביכער״ [2].

די אינקוויזיציע האָט אָנגעהויבן צו נישטערן נאָך יידישע פרייַדענ־קער. עס איז קיין ספק ניט, אַז אַ סך מיימוניסטן זיינען דעמאָלט געשטאַ־נען אין גרויס געפאַר. מען דאַרף דאָך ניט פאַרגעסן, אַז טאַקע אין יענער צייט, אונטער דער ממשלה פון „דעם הייליקן״ לודוויק האָט דער אינקווי־זיטאָר פון פראַנקרייך, ראָבער (Robert) אין משך פון זעקס יאָר (1234–39) פאַרמשפּט צו פאַרברענען אויפן שייטערהויפן 222 מענטשן, וואָס האָבן געהאַט די העזה צו האָבן אייגענע „מיינונגען״.

די מיימוניסטן אָבער, צווישן וועלכע עס זיינען געווען מענטשן, וואָס האָבן פאַרנומען זייער חשובע געזעלשאַפטלעכע פּאָסטנס, איז געלונגען צו דערווייזן, אַז די באַשולדיקונג איז אַן אומבאַגרינדעטע מסירה, און די מוסרים זיינען דאַן איבערגעגעבן געוואָרן דעם געריכט אַלס פאַלשע עדות־זאָגער [3]. דער שטרענגער מיטלאַלטערלעכער געריכט האָט געפּסקנט, דער תליון זאָל זיי די צינגער אויסשניידן. און דער האַס צווישן די קעגנער איז געווען אַזוי שטאַרק, אַז די פאַרבלוטיקטע קרבנות האָבן נאָך אונטער דעם תליונס הענט געמוזט צוהערן דעם שפּאָט און געלעכטער פון דער פיינדלעכער פּאַרטיי. איינער פון די מיימוניסטן (העכסט וואַרשיינלעך

1 „גנזי נסתרות״, III, 171 174.

2 „ויאמר להם: ראו כי בני עמנו רובם מינים וכופרים, כי נפתו לדברי רבנו משה ממצרים אשר כתב ספרי מינות״.

3 ס׳איז אַ סברה, אַז אין דעם איבערגעבן די מוסרים אין די הענט פון געריכט, האָט דעם גרעסטן אָנטייל גענומען דער אויבנדערמאָנטער בחייה אַלקאָנסטאַנטיני, וועלכער איז געווען זייער אָנגעזען ביים הויף פונם אַראַגאָנישן מלך יעקב דער ערשטער, אונטער וועמעס שליטה עס האָט זיך דאַן געפונען די שטאָט מאָנפּעליע.

דער טאַלאַנטפולער איבערזעצער פון „בן המלך והנזיר", אַברהם אבן חסדאי) האָט אַרויסגעלאָזן פאָלגנדיקע עפּיגראַם:

די פינסטערע פירער האָבן באַשלאָסן
דעם „מורה", דעם לערער פון ליכט, אויסצוראָטן.
האָט גאָט זיין צאָרן אויף זיי אויסגעגאָסן,
ס'האָט אַ בראָך נאָך אַ בראָך זיי געטראָפן.
קעגן די הימלען האָבן זיי זייערע מיילער דערהויבן,
איצט טרעט מען זייערע צינגער אין שטויבן [1].

העכסט וואַרשיינלעך איז צווישן די פאַרמשפּטע געווען אויך דער ראש פון די אַנטימיימוניסטן, שלמה בן אַברהם אויס מאָנפּעליע [2], וואָרעם פון דעם מאָמענט אָן ווערט ער אינגאַנצן אַנטשוויגן. נאָך דעם, ווי די רעדלפירער פון איין פּאַרטיי זיינען פאַרמשפּט געוואָרן, האָט זיך דאָס מחלוקת אויף אַ שטיקל צייט געשטילט. אין אייניקע יאָר אַרום איז אין פּאַריז פאָרגעקומען דער באַרימטער וויכוח וועגן תלמוד, און אויף דעם זעלבן פּלאַץ, ווו מען האָט ערשט ניט לאַנג געברענט דעם רמב"מס ווערק, האָט מען איצט געברענט גאַנצע וואָגנס געפּאַקט מיט מסכתות פון תלמוד. פילע האָבן אין דעם געזען אַן עונש דערפאַר, וואָס מען האָט צוליב מחלוקת איבערגעגעבן אין די הענט פון קאַטוילישע גייסטלעכע ספרים פון אַ גרויסן גאון, מען זאָל זיי דן זיין לשרפה. איינער פון שלמה בן אַברהמס ענערגישסטע מיטהעלפער, יונה גרונדי, האָט מחזיר בתשובה געווען; ער האָט אויף זיך אַרויפגעלייגט אַ גרויסע שטראָף פאַר די שווערע זינד, וואָס ער איז באַגאַנגען קעגן דעם גדול בישראל רבי משה בן מיימון [3], און האָט אויך דערנאָך אָנגעשריבן אַ ספּעציעל מוסר־ספר וועגן דעם גרויסן ווערט פון תשובה טאָן („ספר שערי תשובה") [4].

---

[1] דער עפּיגראַם ווערט געבראַכט אין דעם אויפרויף פון אברהם יהודה אבן חסדאי („גנזי נסתרות" III, 19) און אין „מלחמות השם" פון אברהם בן הרמב"ם.

[2] אַ סמך דערויף געפינען מיר אויך אין דעם, וואָס אייניקע מיטלעלטערלעכע תלמידי חכמים דערמאָנען זיין נאָמען מיט דער הוספה „הקדוש".

[3] באַריכות וועגן דעם דערציילט גרונדיס תלמיד, הלל אויס וועראָנע, אין זיין אויבנדערמאָנטן בריוו.

[4] כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם בעל־תשובה יונה גירונדי זיינען פאָלגנדיקע שורות אין זיין „ספר שערי התשובה": „ויש עון אשר לא תנקה הנפש ממנו ובלתי טהורה ואינה רצויה עד אשר המות יפריד בינה ובין הגוף אשר חטאה בו, כמו שיש חולי, שלא ינקה הגוף ממנו כל הימים, והוא עון חלול השם". (ז' 39, צים. נאָך דער וואַרשעווער אויסגאַבע 1848). גירונדי האָט זיך באַזונדערס קונה שם געווען מיט זיין צוויט מוסר בוך „ספר היראה", וואָס איז אויך איבערזעצט געוואָרן אויף יידיש.

אויף לאַנג איז אָבער דאָס מחלוקת ניט געשטילט געוואָרן; עס האָט געמוזט אויף ס׳ניי זיך צעפלאַקערן, געמוזט דערפאַר, ווייל דאָס איז ניט געווען געווענדט אין דעם בייזן ווילן פון די אָדער יענע „מורדי אור״— עס האָבן דאָ גורם געווען שטאַרקערע, טיפערע סיבות. דאָס מחלוקת האָט געשעפט יניקה פון דעם לעבן גופא, פון טיפע פסיכאָלאָגישע און אויך רייִן געזעלשאַפטלעכע וואָרצלען. קעגן דעם אַריסטאָטעלישן קאַלטן ראַציאָנאַליזם, קעגן דעם שטאָלצן „שלטון השכל״ איז אויפגעשטאַנען די „תורה שבלב״, דער מיסטישער פּאַטאָס און פייערדיקע התלהבות. מיימוני האָט אַרויסגעשטעלט זיין עפּאָכעמאַכנדיקן דעוויז: פרייהייט פונם מענטשלעכן געדאַנק! און די בעלי הקבלה זיינען אַרויסגעטראָטן מיט זייער דעוויז וועגן דער וועלט־באַפרייענדיקער ראָלע פון דער מענטשלעכער פּערזענלעכקייט...

און דאָס מחלוקת האָט זיך געצויגן לאַנגע־לאַנגע דורות, עס דויערט נאָך פּאַקטיש ביז היינטיקן טאָג... נאָר איידער מיר וועלן איבערגיין צו די ווייטערדיקע עטאַפּן פון דעם היסטאָרישן קאַמף, מוזן מיר זיך פריִער נאָך באַקענען מיט איין וויכטיקן יידישן קולטורעלן צענטער, ווו גראָד דעמאָלסט, ווען דער קאַמף אַרום מיימונס שיטה האָט צום ערשטן אויסגעבראָכן — האָבן דעם רמב״מס אידעען אָנגעהויבן זיך צו דערוואַרבן אַלץ מער אָנהענגער און דער „מורה״ איז געוואָרן דער אמתער „וועגווייזער״ און מדריך פון דער יידישער אינטעליגענץ. דער דאָזיקער צענטער האָט זיך געפונען אונטער דעם טיף־בלויען הימל פון דעם שיינעם לאַנד איטאַליע, ווו עס האָבן זיך דעמאָלסט אָנגעהויבן באַווייזן די ערשטע אָנזאָגער פון דער נייער תקופה — די תקופה פון אויפלעבונג, פון רענעסאַנס.



ד ר י ט ע ר ט י י ל

# דער יידישער קיבוץ אין איטאַליע

(פונם צענטן יאָרהונדערט ביז דער התחלה פון דער רענעסאַנס־תּקופה)

# ערשטער קאַפּיטל.

די ראָלע פֿון איטאַליע אַלס קולטור־פֿאַרמיטלערין. — די אגדה וועגן פֿיר זקנים. — שבתי דונולו און זיין ווערק. — דער קאַטוילישער הייליקער ניל און די קריסטלעכע גייסטלעכע. — דער נידעריקער קולטורעלער מצב אין יענער צייט. — דער „יוסיפון" און זיינע וואַריאַנטן. — די אלכּסנדר־ראָמאַנען אין דער וועלט־ליטעראַטור. — די ליטעראַרישע באַדייטונג פֿונם יוסיפֿון.

אין איטאַליע, אין דעם געבורטסלאַנד פֿון דער היינטיק־אייראָפּעישער מלוכה מיט אירע פּאָליטישע פֿאָרמען, האָט זיך פֿריער ווי אין אַלע איבעריקע אייראָפּעישע לענדער אַנטוויקלט דער פֿאַבריקמעסיק־קאַפּיטאַליסטישער סדר. אַדאַנק דער גינסטיקער געאָגראַפֿישער לאַגע און די נאָך ניט אינגאַנצן אָפּגעשטאָרבענע טראַדיציעס פֿון דער אַלטער רוימישער תּקופֿה, האָט אין די איטאַליענישע שטעט שוין אינם טיפֿן מיטלאַלטער געבליט דער גרויס־האַנדל, און זייערע האַפֿנס האָבן באַזאָרגט גאַנץ אייראָפּע מיט די טייערסטע סחורות, וואָס פֿלעגן קומען פֿון די מזרח־לענדער. איטאַליע האָט אָבער געשפּילט אַ סרסור־ראָלע ניט נאָר בנוגע צו סחורות פֿאַרן מאַטעריעלן געברויך, נאָר אויך אויפֿן געביט פֿון ליטעראַטור און וויסנשאַפֿט. דאָס איז געווען דער זאַמלפּונקט, וווּ עס פֿלעגן זיך צוזאַמענשטויסן די פֿאַרשיידנאַרטיקסטע קולטורן, צווישן זיי אויך די אַראַבישע און ביזאַנטישע [1].

אָט אין דער פֿאַרמיטלער־אויפֿגאַבע האָבן אויך יידן, ווי מיר וועלן ווייטער זען, געשפּילט אין איטאַליע ניט קיין קליינע ראָלע; זיי האָבן פֿיל מיטגעהאָלפֿן, אַז די לענדער פֿון מערב־אייראָפּע זאָלן זיך באַקאָנען מיט די אוצרות פֿון דער גריכיש־רוימישער קולטור, וועלכע זיינען דאַן געלעגן באַגראָבן אין די האַלב־פֿאַרפֿוילטע און גאַנץ פֿאַרגעסענע כּתב־ידן. די

---

[1] מען דאַרף דערביי נעמען אין באַטראַכט, אַז סיציליע איז אַ לאַנגע צייט געווען ביי די אַראַבער אין די הענט, און די שטעט פֿון אַפּוליע און קאַלאַבריע זיינען אין משך פֿונם ניינטן און צענטן יאָרהונדערט איבערגעגאַנגען פֿון די גריכן צו די אַראַבער, און דערנאָך ווידער צו די גריכן.

איטאַליענישע יידן האָבן אויך געשפּילט אַ זייער אָנגעזעענע פאַרמיטלער=ראָלע בנוגע צו ספּעציעל יידישן וויסן צווישן בבל, ארץ=ישראל, צפון=אַפריקע און מערב=אייראָפּע. עס עקסיסטירט אַן אַלטע לעגענדע וועגן פיר תּלמידי=חכמים אויס בבל, וואָס מען האָט זיי אויפן וועג גענומען געפאַנגען, און זיי האָט מען עס צו פאַרדאַנקען, וואָס דער צענטער פונם יידישן קולטור=לעבן האָט משנה מקום געווען, און פון פאָדער=אַזיע זיך איבערגעטראָגן קיין צפון=אַפריקע און מערב=אייראָפּע [1]. אין דער לעגענדע איז כאַראַקטעריסטיש פאָלגנדיקער פּרט: די פיר זקנים האָט מען גענומען געפאַנגען, בעת זיי זיינען אַרויסגעפאָרן אויפן שיף פון דער איטאַליענישער שטאָט באַרי.

ווען מיר זאָלן אַפילו אָננעמען די מעשה מיטן געפאַנגען נעמען די פיר זקנים בלויז אַלס לעגענדע, איז דאָך אָבער אויסער ספק, אַז די אויס פאָדער=אַזיע קיין אייראָפּע איבערגעוואַנדערטע תּלמידי=חכמים, ווי אויך זייער קולטור=טרעגערישע ראָלע, זיינען אַ רעאַלער היסטאָרישער פאַקט. מער ניט, ס'איז מעגלעך, אַז אין דער דאָזיקער לעגענדע, ווי דער שטייגער איז אין פאָלקס=לעגענדעס, ווערט אַ לענגערער בהדרגהדיקער פּראָצעס קאָנצענטרירט אין אַ באַשטימטן מאָמענט און ווערט געשילדערט אַלס באַוווסטזיניקער ווילנס=אַקט פון אַ יחיד, פון דער אָדער יענער פּערזאָן. אָבער אויך אין דער מעשה מיט די פיר זקנים ווערט אונטערגעשטראָכן די פאַרמיטלער=ראָלע פון די איטאַליענישע שטעט. אַדאַנק דעם „ספר היוחסין" פונם איטאַליענער אַחימעץ [2] ווייסן מיר איצט גאַנץ באַשטימט, אַז נאָך מיט הונדערט יאָר פריער איידער די פיר זקנים אויס בבל האָבן, לויט דער לעגענדע, באַזוכט די איטאַליענישע שטאָט באַרי, איז אין די זעכציקער יאָרן פונם 9טן יאָרהונדערט אַ געלערנטער פון באַגדאַד, אבו אַהרן [3], געקומען קיין איטאַליע, און אַדאַנק זיין טעטיקייט האָבן די קהילות פון די אַלטע דרום=איטאַליענישע שטעט, אָריאַ און באַרי, אָנגעפאַנגען צו שפּילן אַ ראָלע פון קולטורעלע צענטערס, און געוואָרן אַכסניות של תּורה פאַר דעם איטאַליענישן יידנטום. עס איז דערפאַר קיין וווּנדער ניט, וואָס דער ערשטער יידישער געלערנטער אין אייראָפּע, וועמעס נאָמען ס'איז דערגאַנגען צו אונז, איז אַ געבאָרענער פון אָריאַ, דאָס איז דער אַרצט שבתי בן אַברהם דונולו.

---

1 צום ערשטן ווערט די לעגענדע געבראַכט אין דעם ראב"דס „ספר הקבלה".

2 פאַרעפנטלעכט דורך א. נייבויער אין „סדר החכמים וקורות הימים", II, 110—132.

3 וועגן דער קולטורעלער ראָלע פון דער פאַמיליע קלונימוס, וועלכע האָט פיל צו פאַרדאַנקען דעם געלערנטן אבו אהרן, זע אויבן ז' 10—11.

אוים דער פֿאָררעדע צו דונולוס הויפּטווערק „חכמוני“ [1] ווייסן מיר, אַז ער איז געבאָרן אין יאָר 913 אין דער שטאָט אורם (אָריאָ) ביי אָטראַנטאָ. ווען דונולו איז אַלט געווען 12 יאָר זיינען די אַראַבער, וואָס האָבן דעמאָלט געוועלטיקט איבער סיציליע, באַפֿאַלן די שטאָט אָריאָ, גענומען געפֿאַנגען פֿילע איינוווינער, צווישן זיי אויך דעם קליינעם דונולו. די שכנישע קהילות האָבן אָבער שפּעטער געהאַלטן פֿון דער מצווה „פּדיון שבויים“, האָט מען טאַקע דונולון באַלד אויסגעלייזט. זייער באַגאַבט און וויסנסבאַגיריק, האָט דונולו נאָך פֿיל מאַטערנישן, דאָך באַוויזן גרינגלעך צו שטודירן מעדיצין, אַסטראָנאָמיע און אַסטראָלאָגיע; און זיין שם איז געווען אַזוי גרויס, אַז דער שני-למלך פֿון דעם ביזאַנטישן קיסר האָט אים געמאַכט פֿאַר זיין הויז-אַרצט. דונולוס דערציילונג וועגן די מאַטערנישן, וואָס אים איז אויסגעקומען אין זיינע יונגע יאָרן אויסצושטיין בכדי צו שטילן זיין דורשט נאָך וויסן — האָט בלי-ספק אַ באַדייטנדיקן קולטור-היסטאָרישן ווערט, און ס'איז כדאי באַקענען מיט איר אונזערע לעזער:

„עס איז ביי מיר, — דערציילט ער אין דער פֿאָררעדע צו זיין „חכמוני“ — געווען זייער גרויס דער חשק זיך צו באַקענען מיט מעדיצין און אַסטראָנאָמיע. צו דעם צוועק האָב איך קאָפּירט אַ סך אַלטע העברעישע כתב-ידן, איך האָב אָבער אין גאַנצן לאַנד ניט געפֿונען אַזאַ וויסנדיקן מענטשן, וואָס זאָל זיי קענען פֿאַרשטיין און זיי מיר ווי געהעריק ערקלערן. צווישן די יידישע געלערנטע האָבן זיך אַפֿילו געפֿונען אַזעלכע, וואָס זיינען געווען אַזוי אומוויסנד, אַז זיי האָבן מיך פֿאַרזיכערט, אַז די אַלע יידישע ספֿרים, וואָס באַהאַנדלען אַזעלכע חכמות, ווי אַסטראָנאָמיע און אַסטראָלאָגיע, האָבן קיין שום ממשות ניט, ווייל די אמת וויסנשאַפֿטלעכע ווערק אויף דעם געביט האָבן געשריבן די חכמי אומות העולם, און יענע זיינען בכלל ניט מסכים מיט די דעות, וואָס ווערן אַרויסגעזאָגט אין די יידישע ספֿרים. איך האָב דאַן באַשלאָסן זיך באַקענען און גרינדלעך אויספֿאָרשן די וויסנשאַפֿט פֿון די גריכן און די ישמעאלים, און אויך די חכמת בבל און הודו. איך האָב ניט גערוט ביז איך האָב אָפּגעקאָפּירט פֿיל ווערק אין זייער אָריגינאַל-שפּראַך מיט די געהעריקע פּירושים, און האָב זיי אַלע דורכגעשטודירט. דאַן האָב איך מיך איבערצייגט, אַז אַלץ, וואָס זיי שרייבן בנוגע צו אַסטראָנאָמיע און אַסטראָלאָגיע, שטימט פֿולקום מיט די

1 די פֿאָררעדע צו „חכמוני“ האָט צום ערשטן פֿאַרעפֿנטלעכט א. נייגער אין זיין „מלא חפנים“ (29—32), איבערגעדרוקט אין „כּרם חמד“, VIII. דאָס גאַנצע ווערק האָט פֿאַרעפֿנטלעכט ד. קאַסטעלי אין 1880.

דעות פון אונזערע חכמים...[1] בכדי זיך נאָך מער צו פאַרפולקומען אין די דאָזיקע וויסנשאַפטן, בין איך געפאָרן פון לאַנד צו לאַנד, איבעראַל געזוכט געלערנטע אַסטראָנאָמען, ביי וועלכע איך זאָל קענען ווייטער לערנען די דאָזיקע חכמה. מיר איז געלונגען זיך צו באַקאַנען מיט אַ גע־לערנטן, אַעכום אויס בבל, מיטן נאָמען בגדש, קיינער האָט זיך ניט גע־קענט גלייכן מיט זיינע אומגעוויינלעך גרויסע קענטעגישן אין אַסטראָ־נאָמיע און אַסטראָלאָגיע, מיט זיינע חידושמדיקע מאַטעמאַטישע חשבונות... אַז איך האָב מיך איבערצייגט אין דעם גרויסן וויסן פון דעם דאָזיקן גע־לערנטן, האָב איך ביי אים פאַר גרויס געלט געפועלט, ער זאָל פאַר מיר אַנטפּלעקן די אומבאַקאַנטע אייגנשאַפטן פון די שטערן און מזלות, זייערע פאַרבאָרגענע וועגן און סודותדיקע כוחות, וואָס אַנטשטייען און געוועל־טיקן ביים צונויפקומען פון פאַרשיידענע מזלות אין אַ באַשטימטן מאָ־מענט... אָט מיט די אַלע פון מיר אָנגעזאַמלטע קענטעגישן האָב איך באַ־שלאָסן צו באַקאַנען אין אַ ספּעציעל ווערק, מיט דעם נאָמען „חכמוני"[2].

דונולוס ווערק איז אייגעטיילט אין צוויי טיילן. דער ערשטער, קיר־צערער, טייל באַהאַנדלט דאָס פילאָזאָפיש־טעאָלאָגישע פּראָבלעם וועגן גאָטס „כבוד"[3], ד"ה דעם באַשעפערס אויסשטראַלונג אין אירע אַנט־פּלעקונגען. גאַנץ באַריכות אַנטוויקלט דערביי דונולו דעם שוין אין אַלטער־טום זייער פּאָפּולערן געדאַנק, אַז דער מענטשלעכער קערפּער איז אַ טריי שפּיגל־בילד פון דעם וועלט־געביי.

דער מענטש — זאָגט דונולו — און די וועלט זיינען זייער ענלעך איינער צום אַנדערן. דעם מענטשנס קאָפּ — איז ווי דער הימל, דער שאַרבן — איז גלייך צום הימל־געוועלב, די צוויי אויגן — צי דער זון און דער לבנה אאַז"וו[4].

„דערפאַר טאַקע — פירט אויס דונולו — ווער ס'הרגעט אַ מענטשן, איז גלייך ווי ער וואָלט אַ גאַנצע וועלט חרוב געמאַכט".

דער צווייטער טייל פון דונולוס ווערק איז אַ פּירוש אויף „ספר יצירה". דאָס אינטערעסאַנטסטע אינם דאָזיקן פּירוש איז דונולוס אויפטו: פּרוּוון באַווייזן עקספּערימענטעל, ד"ה מיט ראיות אויס דער נאַטור־וויסנשאַפט, די ריכטיקייט פון די טעאָלאָגיש־קאָסמאָלאָגישע אידעען, וואָס ווערן אַרויסגעזאָגט אין „ספר יצירה". ווייל די נאַטורוויסנשאַפטן זיינען

---

[1] „ומצאתים שוים בכל דבר חכמת הכוכבים והמזלות עם ספרי ישראל כלם שוה ונכונה".

[2] „חכמוני", 4—5; זע אויך: „מלא חפנים" 29; „כּרם חמד", VIII, 97—100.

[3] זע אויבן, ז' 99.

[4] דאָרטן, 19—25.

אָבער אין יענער צייט, בפרט אין קריסטלעכן אייראָפּע, נאָך געגאַנגען ממש אין די קינדערשיכלעך, איז גאַנץ נאַטירלעך, וואָס דונולוס עקספּערימענטן זייגען זייער קינדיש און האָבן בלויז אַ היסטאָרישן אינטערעס. בכדי, למשל, צו באַווייזן די ריכטיקייט פון דעם אין „ספר יצירה" אַרויסגעשטעלטן כלל, אַז פייער שטאַמט פון וואַסער, לייגט דונולו אָט וואָס פאָר [1]: אין אַ ליכטיקן זומערטאָג שטעלן קעגן דער זון אַ דורכזיכטיקע גלעזערנע כלי אָנגעפילט מיט וואַסער, און אַז מען האַלט אין אַ געוויסער דערווייטערונג פון דער כלי, אין דער ריכטונג פון די זונען־שטראַלן אַ שטיקל היפּקע אָדער אַ שפּענדל פאַרפוילט האָלץ — צינדט זיך עס באַלד אָן. „מיר זעען — פייער קומט פון וואַסער". דער „ספר יצירה" לערנט אויך, אַז דורכן כוח פון פייער קאָן מען אויסן וואַסער באַשאַפן דעם יסוד פון ערד. יעדער באַזונדער, פאַרזיכערט דונולו, קען זיך אין דעם לייכט איבערצייגן: „זאָל ער נעמען אַ קופּערנע כלי, זי אָנפילן מיט טייך־וואַסער, קאָכן אויפן פייער, און יעדעס מאָל, ווען דאָס וואַסער זידט אויס, פאַרגיסן מיט פרישן וואַסער, טוט מען אַזוי אַ גאַנץ לאַנגע צייט, און מען צעשניידט דערנאָך אויף צווייען די כלי, קען מען זיך איבערצייגן, ווי ס'האָט זיך אינעווייניק אָנגעזאַמלט אַ גאַנץ דיקע שיכט ערד. ווער עס וויל אָבער ניט פאַרן קיין פיל צייט דערויף, דעם גיט דונולו אַזאַ עצה: זאָל ער ביי אַ קאָפּלער אָפּקויפן אַן אַלט־אָפּגענוצטן קופּערנעם קרוג, וואָס הייסט אויפן גריכישן לשון מוליאר (miliarum), אין וועלכן די דינער ביי די שררות און פירשטן קאָכן שטענדיק וואַסער בכדי צו האָבן גרייט הייס וואַסער צומישן צום שטאַרקן וויין, בעת זייער האַר פאַדערט טרינקען. צעשניידט מען אויף צווייען אַזאַ אַלטע כלי, אין וועלכער מען האָט געזאָטן וואַסער אַ סך יאָרן, וועט מען גלייך דערזען, אַז אינעווייניק האָט זיך געבילדעט אַ דיקע שיכט פעסטע שטיין־האַרטע ערד. „מיר זעען דאָן באַשיינפּערלעך — ערקלערט דונולו — ווי דורכן כוח פון פייער עס בילדן זיך אויס פון וואַסער ערד, זאַמד און שטיין"[2].

אָט אויף אַזאַ נאַיוון אופן פּרוּווט אונזער געלערנטער פונם 10טן יאָרהונדערט עקספּערימענטעל באַווייזן די ריכטיקייט פון וויסנשאַפטלעכע הנחות. אין דער זעלבער צייט ברענגט ער אויך אין זיין בוך גאַנץ לאַנגע טאַבעלן מיט פאַנטאַסטישע „צירופי אותיות". זייער וויכטיקייט, זייער גרויסן באַדייט האַלט ער אפילו ניט פאַר נייטיק צו באַווייזן — אין זייער מיסטישער קראַפט האָט דעמאָלסט קיינער ניט געצווייפלט. אַלע האָבן

---

1 דאָרטן, 28.

2 דאָרטן, 29.

אויך דעמאָלסט געגלויבט אין דעם גרויסן וויסנשאַפטלעכן ווערט פון אַסטראָלאָגיע, און דונולו באַשרייבט מאַקע אין זיין בוך גאַנץ פּינקטלעך, וואָסער צייט און ביי וועלכע צושטאַנדן יעדער שטערן באַזונדער האָט אַ שליטה איבער דעם מענטשנס מזל [1].

בכדי ריכטיק אָפּצושאַצן דעם באַדייט פון דעם דאָזיקן יידישן געלערנטן, מוז מען דערביי געדענקען, אַז ווי אומבאַדייטנד ס'זיינען נאָך דעמאָלסט געווען די וויסנשאַפטלעכע קענטענישן ביי די איטאַליענישע יידן, דאָך זיינען זיי קולטורעל געשטאַנען באַדייטנד העכער פון דער אַרומיקער קריסטלעכער באַפעלקערונג. אינטערעסאַנט איז אין דער הינזיכט די מעשה, וואָס ווערט דערציילט אין דער לעבנסבאַשרייבונג [2] פון דונולוס בן-דור, דעם „הייליקן" אַבאַט ניל דעם יינגערן (געבוירן בערך 910). דונולו, וואָס איז מיט דעם דאָזיקן קריסטלעכן „קדוש" געווען נוט באַקאַנט נאָך פון קינדערווייז אָן, האָט זיך דערוווּסט, אַז זיין יוגנט-פריינד איז זייער קראַנק. ער האָט באַזוכט דעם קראַנקן, און אַלס זייער געניטער אַרצט [3], האָט דונולו פעסטגעשטעלט, אַז דאָס גאַנצע שלאַפקייט נעמט זיך פון לאַנגן פייניקן זיך און שטענדיקע תעניתים. ער האָט אים פאָרגעלייגט פאַרשיידענע היילמיטלען, נאָר דער גאָטספאָרכטיקער נזיר האָט זיך אַנטשיידן אָפּגעזאָגט פון דונולוס הילף. „וויבאַלד — האָט ער דונולון ערקלערט — איך וועל מיך באַנוצן מיט דיינע היילמיטלען, וועט דאָס דיר דאָך געבן די געלעגנהייט זיך צו באַרימען, אַז אַ ייד האָט מיך אויסגעהיילט, און דאָס קען דאָך מאַכן אַ זייער פיינלעכן רושם אויף די גאָטספאָרכטיקע קריסטן" [4].

---

[1] דאָרטן, 71 און ח.

[2] די מעשה ווערט געבראַכט אין צווייטן באַנד פון גידעמאַנס „התורה והחיים".

[3] דונולו האָט אויך פאַרפאַסט אַ ספּעציעל מעדיציניש ווערק אין העברעיש, „ספר היקר"; פראַגמענטן פון דעם בוך האָט פאַרעפנטלעכט שטיינשניידער (1867).

[4] ווי גרויס ס'איז דעמאָלסט געווען די עם-הארצות אַפילו צווישן די פאַרטרעטער פונם איינציקן געבילדעטן קלאַס פון דער קריסטלעכער באַפעלקערונג — צווישן די גייסטלעכע, קאָן מען זיך משער זיין אויס פאָלגנדיקן פאַקט: נאָך אינמיטן פונם עלפטן יאָרהונדערט האָט מען אויפן צוזאַמענפאָר פון די העכסטע גייסטלעכע אין רוים אָנגענומען אַ החלטה, אַז עס וואָלט געווען זייער געוואונטשן, יעדער גייסטלעכער זאָל ווייניקסטנס באַזיצן די עלעמענטאַרסטע ידיעות פון שול-בילדונג און האָבן אַ העלכן ס'איז באַגריף וועגן דעם טעקסט פון דער הייליקער שריפט. אַפילו צווישן די פויפּסטן פון יענער צייט איז געווען אַזאַ אומוויסנדער מענטש ווי בענעדיקט דער צענטער (1058—69), וואָס איז ניט געווען אימשטאַנד צו פאַרשטיין אַ העלכן ס'איז פסוק אין תהילים (זע דרעזדנער, „קולטור אונד זיטען, געשיכטע דער איטאַלענישען גייסטליכקייט אים X אונד XI יאַהרהונדערט", 178 (מיר ציטירן לויט פאָגעלשטיין א. ריגער, „געשיכטע ד. יודען אין ראָם", I, 351).

,,חכמוני״ איז אויס יענער צייט דאָס איינציקע יידישע בוך אין איטאַליע, וועגן וועלכן מיר ווייסן גאַנץ באַשטימט ווער זיין מחבר איז געווען און ווו ער האָט געלעבט. עס זיינען אַפילו אין יענער צייט אין איטאַליע געשאַפן געוואָרן אויך אַנדערע יידישע ווערק און אייניקע פון זיי זיינען געווען זייער באַליבט ביים יידישן לעזער, גאָר אַלע זיינען זיי אָן אַ יחוס-בריוו, מען ווייס ניט ווער זייערע באַשעפער זיינען געווען, און נאָר לויט געוויסע סימנים קען מען זיך משער זיין, אַז זייער געבורטסאָרט איז איטאַליע.

בערך אין דער צייט[1], ווען דונולו האָט זיין ,,חכמוני״ געשריבן, איז אין איטאַליע ערשינען אַ בוך, וואָס ס׳האָט געהאַט אַ גוואַלטיקן ער-פאָלג ביי די שפּעטערדיקע דורות. עס איז געוואָרן אייגנס פון די פּאָפּו-לערסטע פאָלקסביכער, מען האָט עס איבערגעזעצט אויף פיל שפּראַכן, און זייט דער דרוק-וואַרשטאַט עקסיסטירט, האָט עס אויסגעהאַלטן פיל אויסגאַבן. און דאָך שוועבט אַ גרויסער סוד אַרום דעם באַליבטן בוך. אומבאַקאַנט איז ניט נאָר דער נאָמען פונם פאַרפאַסער — מען ווייסט אַפילו ניט אויף זיכער דעם ריכטיקן נאָמען פונם ווערק גופא, כאָטש אַלעמען איז עס באַקאַנט אונטערן נאָמען ,,יוסיפון״[2]. און נאָר איין פּרט קען מען רעכענען פאַר זיכער: דער מחבר פונם בוך איז געווען אויס איטאַליע[3], און ער האָט זיך אַ שטיקל צייט אויפגעהאַלטן אין רוים[4].

אַן אויסגעצייכנטער סטיליסט, אַ גוטער קענער פון לאַטייניש און גריכישע קוועלן, האָט זיך דער פאַרפאַסער געשטעלט די ברייטע אויפ-גאַבע: געבן די געשיכטע פונם יידישן פאָלק פאַר דער גאַנצער תקופה פון גלות בבל ביז חורבן בית שני אין צוזאַמענהאַנג מיט דער אַלגעמיינער וועלט-געשיכטע. דער פאַרפאַסער האָט עס פאַר נייטיק אונטערצו-

1 אויב נישט נאָך פריער, ווייל ד. כוואָלסאָנס השערה („קובץ על יד", VII; „שריד ופליט", 5), אַז דער „יוסיפון" איז געשריבן געוואָרן נאָך אין סוף IX יאָרהונדערט, איז גאַנץ וואָרשיינלעך.

2 ס׳איז אַ סברה, אַז אין דער התחלה האָט דאָס ווערק געהייסן „דברי ירושלים"; דערויף זאָגט עדות דער שלוס-זאַץ אין דער ערשטער אויסגאַבע: עד הנה קץ דברי ירושלים.

3 זע: צונץ, „גאָטעסדינסטליכע פאָרטרעגע", 2טע אויסגאַבע 158 — 9; פאָגעלשטיין אונד ריגער, I, 192 — 3.

4 דאָרטן. לויט דער השערה פונם פראַנצויזישן היסטאָריקער באַסנאַזש (Basnage, Histoire des Juives, VII, 89) איז די באַקאַנטע קריינונג-באַשרייבונג אינם יוסיפון (קאַפּ׳ 77) אַ טרייע שילדערונג פון אַ מענטשן, וואָס האָט אַליין צוגעזען, ווי ס׳איז צו-געגאַנגען דער סדר פון דעם קיסר אָטטאָנס קריינונג אין רוים (962). די דאָזיקע באַשרייבונג פעלט אָבער אינגאַנצן אין דער עלטערער מאַנטוער אויסגאַבע. עס איז צו גלויבן, אַז דער גאַנצער קאַפּיטל איז ערשט אַ שפּעטערדיקע הוספה.

שטרייכן, אַז אַ היסטאָריקער דאַרף קודם־כל זיך באַנוצן אויסשליסלעך מיט גאַנץ זיכערע און באַגלויבטע קוועלן, מען זאָל זיך קענען אויף זיינע ווערטער פאַרלאָזן (ולכן ראוי לכל איש אשר יחבר ספרים להעיד בהם על ספורים לכתוב דברי אמת ולבלתי המצא בדבריו משגה). „דער אמת — זאָגט ער אויף אַן אַנדער אָרט — איז וויכטיקער פון אַלץ, ער איז דער יסוד פון דער וועלט” (קאַפּיטל 3). עס איז אָבער אין יענער צייט ניט אַזוי לייכט געווען דעם היסטאָרישן אמת אַרויסבאַקומען. דעמאָלסט, אין טיפן מיטלאַלטער, האָט די געשיכטע אַלס וויסנשאַפט נאָך ניט עקסיסטירט, און די פאַנטאַסטישע אַגדות, אַלע מעגלעכע פאָלקס־לעגענדעס, האָט מען געהאַלטן פאַר שטרענג היסטאָרישע געשעענישן. אין דער הינזיכט איז דער „יוסיפון” אַ טיפּישער פּראָדוקט פון זיין צייט, און עס דאַרף כלל ניט ווונדערן, וואָס זיין מחבר גופא איז גאַנץ אָפט עובר, אָן זיין אייגענעם ווילן, קעגן דעם „יסוד פון דער וועלט”, ווען וועלכן ער רעדט מיט אַזאַ התהלבות. דער „יוסיפון” הייבט אָן פון אדם הראשונס צייטן, און עס איז גאַנץ באַגרייפלעך פאַר אַ מיטלאַלטערלעכן פאַרפאַסער, וואָס ער פלייסט זיך די אָנפאַנגס־געשיכטע פון די קדמונישע פעלקער ברענגען אין איינקלאַנג מיט דעם, וואָס ווערט דערציילט אין די ערשטע קאַפּיטלעך פון חומש בראשית. דערפאַר אָבער ווייזט ער דערביי אַרוים אַזוינע געאָגראַפישע קענטעניש, וואָס ברענגען ממש אין שטוינען בעת מען נעמט אין באַטראַכט, אַז מען האָט דאָך צו טאָן מיט אַ מענטשן פונם 10טן יאָרהונדערט. דער מחבר גייט גלייך איבער צו דער לעגענדאַרער תקופה פונם אַלטן רוים, און די אַלטע רוימישע לעגענדעס שמעלצט ער צונויף מיט אייגענע, ריין יידישע: ישוס, אייניקל, צפו בן אליפז, מאַכט די רוימער ציטערן פאַר זיין גבורה, און ראָמול, דער געוואַלטיקער רוימישער גבור, רינגלט אַרום רוים מיט אַ פעסטער מויער אוים פחד פאַר דוד המלך און זיינע גבורים [1].

אין דער געשיכטע פון בבל פלעכט דער פאַרפאַסער גאַנץ קונציק אַריין די מעשה מיט דניאל און זרובבל, דערנאָך ווערט באַשריבן כורש און זיין מלחמה מיט די סקיטן, די מלכי פרס און זייערע מלחמות. דעם גרעסטן העלד, וואָס דער אַלטערטום האָט פאַרמאָגט, אַלכסנדר מוקדון און זיינע גרויסע מעשים, גיט אָפּ דער פאַרפאַסער אַ ספּעציעלן טייל אין זיין ווערק [2].

---

[1] יוסיפון, קאַפּ׳ 2 און 3.

[2] אין דער קאָנסטאַנטינאָפּאָלער אויסגאַבע (1510), וואָס לו׳ט איר טעקסט־וואַריאַנט זיינען איבערגעדרוקט אַלע שפּעטערדיקע אויסגאַבעס, הן העברעישע, הן יידישע, איז דער „יוסיפון” איינגעטיילט אין זעקס טיילן.

אַט דאָס אין דעם „יוסיפון“ אײַנגעשלאָסענע „אַלכּסנדר=בוך“ האָט אַ באַדײַטנדיקן קולטור=ליטעראַרישן אינטערעס, ווײַל עס איז ענג פאַרבונדן מיט די אין דער וועלט=ליטעראַטור אַזוי גוט באַקאַנטע „אַלכּסנדר=ראָמאַנען“, וואָס דערציילן ווונדערלעכע מעשיות וועגן די גרויסע גבורות פון דעם באַרימטן מוקדונער גבור. דער „יוסיפון“=פאַרפאַסער גופא ווײַזט אָן, אַז זײַן באַשרײַבונג וועגן אַלכּסנדר מוקדונס לעבן און זײַנע געוואַלטיקע נצחונות האָט ער גענומען אויס אַן אַלטן אַלכּסנדר=בוך, וואָס ס׳האָבן בשעתם פאַרפאַסט די „חרטומי מצרים“ [1].

דאָס אַלכּסנדר=בוך אין דעם „יוסיפון“ איז טאַקע אַן איבערגעאַרבעטע איבערזעצונג פון דעם עלטסטן אַלכּסנדר=ראָמאַן, וואָס אַן אַלטע אַגדה פאַרבינדט אים מיטן נאָמען פון אַריסטוס תּלמיד קאַליסטען, וועלכער האָט באַגלייט אַלכּסנדרן אין זײַנע מלחמות. אין דער אמתן איז דער דאָזיקער ראָמאַן באַשאַפן געוואָרן באַדײַטנד שפּעטער — בערך אינם אָנפאַנג פונם דריטן יאָרהונדערט לויט קריסטלעכער צײַטרעכענונג. שוין אינם תּלמוד (בבלי און ירושלמי) און אין די מדרשים ווערן געבראַכט פאַרשיידענע עפּיזאָדן אויס דעם דאָזיקן ראָמאַן, צונויפגעקניפּט מיט פיל פּרטים און דעטאַלן, וואָס זײַנען גענומען פון אַנדערע קוועלן [2]. אַלכּסנדר מוקדונס ערשײַנונג אין דער פעסטונג פון ציון און אין דער עזרה פונם בית=המקדש האָט געמאַכט אַ געוואַלטיקן רושם אויף דער פאָלקס=פאַנטאַזיע, און מיט דער צײַט האָט זיך געבילדעט אַ גאַנצער קראַנץ ספּעציעל ייִדישע פאָלקס=לעגענדעס וועגן דעם ווונדערלעכן גבור, וואָס האָט אַ האַלבע וועלט אײַנגענומען. די לעגענדעס, געשאַפן אין אַ פרעמדער סביבה, האָבן זיך אינגאַנצן אָפּגעריסן פונם היסטאָרישן באָדן, פון דעם גריכישן לעבנס=שטייגער און דער גריכישער מיטאָלאָגיע. אַט דער ייִדיש=מזרחישער נוסח פונם „אַלכּסנדר=ראָמאַן“ איז דערגאַנגען צו אונדז אין אייניקע מאַנוסקריפּטן [3]. אָבער אויך דער מצריש=גריכישער ראָמאַן, וואָס

[1] „יוסיפון“, אָנפאַנג קאַפּ׳ 6: „אך האב איך עש גפונדן אין דאש בוך פון דיא גבֿורתי פון אלכּסנדרוס, דאש גמאכט האבן די צובירר פון מצרים אונ׳ אירי חכמים“ (מיר ציטירן לויט דער אַמסטערדאַמער ייִדישער אויסגאַבע, 1781).

[2] זע וועגן דעם: Оршанскій. Талмудическия сказания об Александре (Сборник статей, 1867); Гаркави, там же; idem, Неизданная версия etc., 7—8.

[3] איין כּתב=יד (ניט פולשטענדיק), וואָס שטאַמט פון פאָדער=אַזיע, געפינט זיך אין לענינגראַד אין דער ביבליאָטעק פון „חברה מפיצי השׂכּלה“ (הרכּבי=קאָלעקציע). דעם זעלבן נוסח האָט פאַרעפנטלעכט לויט אָקספאָרדער מאַנוסקריפּט י. לעווי אין זאַמלבוך „תּהלה למשה“, 63—142, און הרכּבי האָט וועגן דעם זײַן אויבן ציטירטע אַרבעט געשריבן (Неизданная версия, 1892)

טראָגט פאַלש קאַליסטענס נאָמען [1], איז געווען זייער פּאָפּולער ביי די יידן אינם מיטלאַלטער. דעם גריכישן טעקסט פון דעם דאָזיקן ראָמאַן האָט אינם צענטן יאָרהונדערט געבראַכט מיט זיך אויס קאָנסטאַנטינאָפּאָל קיין איטאַליע אַן אָנגעזעענער קאַטוילישער גייסטלעכער לעאָ, און ער גופא האָט אים איבערגעאַרבעט אין לאַטיין אונטער דעם נאָמען „היסטאָריאַ דע פּרעליס" (Historia de prelis). אָט די דאָזיקע לאַטיינישע ווערסיע האָט עס געדינט אַלס מוסטער פאַר די פילע אַלכסנדר־ראָמאַנען, וואָס זיינען באַלד דערשינען אין דעם רוב אייראָפּעישע ליטעראַטורן. עס איז קיין ספק ניט, אַז אויך אין דער אַלכסנדר־ערציילונג, וואָס געפינט זיך אין אונזער „יוסיפון", איז אויסגענוצט די זעלבע קוועלע, אָבער, ווי עס שיינט, ניט דער לאַטיינישער טעקסט, נייערט די אַ ר אַ ב י ש ע איבערזעצונג, וועלכע איז געווען זייער פּאָפּולער ביי די יידן, און איז אַפילו אייניקע מאָל איבערזעצט געוואָרן אין העברעיש [2]. איינער פון די איבערזעצער איז געווען דער אונז שוין באַקאַנטער איבערזעצער פונם „מורה נבוכים", שמואל אבן תיבון [8]. ווי עס שיינט, איז די אַלכסנדר־ערציילונג ערשט שפּעטער אַריינגעשטעלט געוואָרן אינם „יוסיפון" דורך איינעם פון זיינע איבערשרייבער און איבעראַרבעטער, ווייל דער פאַרפאַסער פונם „יוסיפון" איז דאָך געווען אַ בן־דור פון דעם פּרעסוויטער לעאָ, און עס איז שווער צו גלויבן, אַז שוין דעמאָלט זאָל האָבן עקסיסטירט אַן אַראַבישע איבערזעצונג פון זיין לאַטיינישן „היסטאָריאַ דע פּרעלים" [4].

אויף אַלכסנדרס יורשים שטעלט זיך דער „יוסיפון" גאַנץ ווייניק אָפּ, און גייט גלייך ווידער איבער צו דער יידישער געשיכטע, ספּעציעל צו דער מלחמה, וואָס די חשמונאים האָבן געפירט מיט אַנטיכוסן. דאָ האָט דער פאַרפאַסער אַלס הויפּט־קוועלע אויסגענוצט די ספרי חשמונאים פון „כתובים אחרונים" (אַפּוקריפן); די ווייטערדיקע קאַפּיטלען (פון 27 ביז 55) ווו עס ווערט באַהאַנדלט דער משך צייט פון שמעון חשמונאים טויט ביז דעם איבערבויען פון בית־המקדש דורך הורדוסן — זיינען צע־

---

1 דער ראָמאַן איז באַקאַנט אונטערן נאָמען „פּסיידאָ־קאַליסטען".

2 אַ העברעישע איבערזעצונג דירעקט פונם לאַטיינישן טעקסט „היסטאָריאַ דע פּרעליס" האָט ערשט אינם XIV יאָרהונדערט פאַרענדיקט דער פאַרפאַסער פונם באַקאַנטן בוך „שש כנפים", עמנואל פון טאַראַסקאָן.

8 די איבערזעצונג געפינט זיך אין כתב־יד אין לאָנדאָן. אַן אַנדער איבערזעצונג האָט לויט אַ פּאַריזער כתב־יד פאַרעפנטלעכט י. לעווי אין „קובץ על יד" II, 1886.

4 די פולשטענדיקע ביבליאָגראַפיע וועגן דער „אלכסנדר־ליטעראַטור", זע שטיינשניידער: „העבר. איבערזעצ.", 894—904, און „צור אַלעקסאַנדער־זאַגע", „העבר. ביבל.", IX, 44—53, 13—19.

נויפגעשטעלט נאָך יוסף פלאַוויוס „קדמוניות היהודים". בײַ די לעצטע 42 קאַפּיטלעך, וואָס פאַרענדיקן זיך מיט חורבן בית-שני, האָט דער פאַרפאַסער הויפּטזעכלעך זיך באַנוצט מיט פלאַוויוס צווייט ווערק „מלחמות היהודים", אָבער ניט אין גריכישן אָריגינאַל, נאָר אין דער לאַטײַנישער איבעראַרבעטונג, וואָס איז באַקאַנט אונטער דעם נאָמען „העגעזיפּוס" (Hegesippus) [1]. אט דער לעצטער טייל פון דער העברעישן ווערק האָט ווי עס שיינט געטראָגן בײַם פאַרפאַסער אַ באַזונדערן נאָמען „יוסיפון", אָדער „ספר בן גוריון". ווייל אין דעם לאַטײַנישן „העזעפּוס" ווערט דערמאָנט בלויז יוסף בן גוריון (Josephum Gorione gentium), דער פרעפעקט פון ירושלים בשעת דער מלחמה, האָט דער העברעישער פאַרפאַסער על-פּי טעות אים צונויפגעמישט מיט דעם באַרימטן געשיכטע-שרייבער יוסף בן מתתיהו, וועלכער איז בשעת מלחמה געווען דער הויפּט-פירער אין גליל [2].

אָט דער דאָזיקער טעות, דאָס צונויפמאַכן פון צוויי גאַנץ פאַרשיידענע פערזאָנען, האָט אָנגעמאַכט זייער אַ גרויסן פּלאָנטער, און ער האָט אויך גורם געווען, וואָס די פאָרשער האָבן באַקומען אַ גאַנץ פאַלשן באַגריף וועגן דעם טאַלענטפולן פאַרפאַסער פונם „יוסיפון". דער באַקאַנטער קריסטלעכער געלערנטער פראַנץ דעליטש, בעת ער שטעלט זיך אָפּ אין זיין ווערק „צור געשיכטע דער יידישע פּאָעזיע" אויפן „יוסיפון", לויבט ער אַפילו די ליטעראַרישע באַגאַבונג פונם אומבאַקאַנטן פאַרפאַסער, אַטעסטירט אים אָבער דערבײַ אַלס „חוצפּהדיקן ליגנער" און „נידערטרעכטיקן רמאַי", וואָס האָט געהאַט די העזה די אויגן צו פאַרבלענדן און זיך אויסגעבן פאַר דעם באַרימטן „גריכיש-יידישן געשיכטע-שרייבער" [3]. די דאָזיקע זידלערייען האָט דער „בעל היוסיפון" כלל ניט פאַרדינט; און דאָס נעמט זיך אַלץ דערפון, וואָס הן דעליטש הן צונץ זיינען געווען באַקאַנט בלויז מיט דעם געוויינלעכן יוסיפון-טעקסט, וועלכן תם אבן יחיא האָט

1 שטאַמט פונם נאָמען „יוזעפוס".

2 ס'איז כאַראַקטעריסטיש, וואָס אין סוף פון איין אַלטן „יוסיפון"-מאַנוסקריפּט געפינט זיך אַ צושריפט פונם אָפּשרייבער: „ויוסף בן גוריון הכהן אביו מתיא שמו וכינויו גוריון, הוא יוסף בן מתיא הכהן עשה ספרים הרבה" (זע אַ. נייבויער: „סדר החכמים וקורות הימים", I, 190—191). אויף אַזאַ אופן האָט מען פון צוויי פאַרשיידענע יוספס געמאַכט איין פערזאָן.

3 דאָרטן, 37: Der räthselhafte Fabulant... der seiner Autorschaft die Nebel- und Schellenkoppe überzogen hat, und sich mit urbergreiflicher Dreistigkeit und lügnerischer Frivolität zum Doppelgänger des grichisch-jüdischen Geschichtsschreibers, Joseph ben Matatja, macht; זע אויך צונץ: „גאָטעסד. פאָרטרעגע".

אָפּגעדרוקט אינם יאָר 1510 אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, און זיי האָבן אים ניט פאַרגליכן מיטן עלטערן נוסח לויט וועלכן ס'איז אָפּגעדרוקט די „אַנטואַנער אויסגאַבע"[1]. דעם פאַרפאַסער פון „יוסיפון" איז פּאַקטיש אַפילו אויף דער מחשבה ניט געקומען צו נאַרן דעם לעזער, אויסגעבן זיין ווערק פאַר אַ קדמונ'יש ספר, וואָס דער באַרימטער געשיכטע-שרייבער האָט עס באַשאַפן. ניט ער איז שולדיק אין דעם, וואָס אין דער גאַנצער העברעי-שער מיטלאַלטערלעכער ליטעראַטור איז שווער צו געפינען אַ צווייט בוך מיט אַזאַ ביטער מזל, ווי דער „יוסיפון", וואָס אַזוי פיל אָפּשרייבער און קאָמפּילאַטאָרן האָבן איבער אים געבאַלעבאַטעוועט ווי איבער אַן אייגן ווערק, און יעדער פון זיי האָט איבערגעמאַכט, אַריינגעשטעלט אייגענע סברות און פרעמדע ציטאַטן נאָך זיין גוסט גאָר[2]. שוין אין דער מיט פונם 12טן יאָרהונדערט האָט אַ געניטער קאָמפּילאַטאָר, ירחמיאל בן שלמה[3], אַריינגעשטעלט אין זיין „יוסיפון"-אָפּשריפט אַ סך עפּיזאָדן אויס דעם „גרויסן יוסיפון" (גושיפוש מאַגור), ד"ה אויס יוסף פלאַוויוס „מלחמות היהודים". אָט אַזוי איז ביי די שפּעטערדיקע אָפּשרייבערס און קאָמפּילאַטאָרן אייַנגערעדט געוואָרן, אַז אונדזער ווערק — דאָס איז דער „קליינער יוסיפון", וועלכע ס'האָט געשריבן ספּעציעל פאַר יידן דער אייגע-נער פאַרפאַסער פונם „גרויסן יוסיפון", „יוסף בן גוריון", וועלכער „הייסט ביי די יוונים יוסיפוס, און ביי די רוימער גוסיפוס"[4]. אין הסכם מיט דעם, האָבן די שפּעטערדיקע אָפּשרייבערס און קאָמפּילאַטאָרס

---

1 דער „יוסיפון" איז דערגאַנגען צו אונז אין צוויי נוסחאות. די ערשטע, עלטערע האָט פאַרעפנטלעכט דער באַקאַנטער דרוקער אברהם כונת (קאָנאַט) אין מאַנטואַ, 1477—80. די דאָזיקע אויסגאַבע איז אַ גרויסע ביבליאָגראַפישע זעלטנהייט; ס'האָט זי אָבער איבערגעדרוקט וואָרט אין וואָרט דער אָריענטאַליסט דוד גינצבורג (1896—1913). דער צווייטער באַדייטנד גרעסערער וואַריאַנט איז געדרוקט אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל אין 1510 און, ווי ס'איז שוין פריער אָנגעוויזן, פיל מאָל איבערגעדרוקט געוואָרן.

2 דער ערשטער, וואָס האָט מיט זיין קריטישן חוש באַמערקט, אַז דער יוסיפון-טעקסט איז מיט דער צייט שטאַרק פאַרגרייזט און פאַרענדערט געוואָרן — איז געווען דער באַרימטער פאָרשער עזריה מן האדומים (זע זיין „מאור עינים", 114—118, 124—5, ווילנער אויסגאַבע, 1865).

3 מער באריכות וועגן ירחמיאל בן שלמה (קורץ ירחמיאלי) און זיינע קאָמפּי-לאַציעס, זע: א. נייבויער: „סדר החכמים", I, 70—174; „מאָנאַטסשריפט", 1887, 505—508; The Jewish Quarterly R., 1899, 364—84, ווו עס זיינען פאַרעפנטלעכט ירחמיאלים שירים. ירחמיאלי גופא דערציילט, ווי אַזוי ער האָט „איבערגעמאַכט" דעם יוסיפון: „ואני ירחמיאל בן שלמה ליקטתי דברים מספר בן גוריון ומספרי סופרים אחרים אשר כתבו מעשה אבותינו ואגרתי אותם במגלה אחת".

4 יוסף... והוּא יוסיפון... הנקרא יוסיפּוס בּיוני, גוסיפוס בּרומי.

אַרייַנגעשטעלט אין טעקסט אַזוינע באַמערקונגען און ערקלערונגען [1], וואָס האָבן נאָך מער פאַרשטאַרקט ביי די קומענדיקע דורות די פאַלשע מיינונג, אַז דער „יוסיפון“ איז זייער אַן אַלטער ספר, וואָס ס'האָט פאַרפאַסט יוסף בן גוריון אין דער תקופה פונם חורבן בית שני.

עס איז אויפגעהיט געוואָרן אַ זייער אינטערעסאַנטע מיטטיילונג, וואָס גיט אונז אַ קלאָרן באַגריף וועגן די פילע נוסחאות און גרויסע שינויים, וואָס זייַנען געמאַכט געוואָרן אינם „יוסיפון“-טעקסט; דאָס איז די פאָררעדע, וואָס אַ געלערנטער פון 14טן יאָרהונדערט, יהודה ליאון בן משה משקוני, האָט געשריבן צו דעם „יוסיפון“-עקזעמפּלאַר, וועלכן ער האָט אייגנהענטיק קאָפּירט [2]. די פאָררעדע האָט אַ באַדייטנדיקן קולטור-היסטאָרישן ווערט, ווייל מיר באַקומען אויס איר אַ גאַנץ בולט בילד וועגן די גלגולים, וואָס ס'האָבן געהאַט אויסצושטיין אינם מיטלאַלטער און אין נאָך פריערדיקע צייטן באַזונדערס באַליבטע און פּאָפּולערע ווערק. משקוני דערציילט, אַז ער האָט געהאַט פאַר זיך ניט ווייניקער ווי פינף פאַרשיידענע יוסיפון-נוסחאות. איינע פון זיי האָט געשריבן דער בעל „ספר הקבלה“ — אַברהם אבן דוד (דער ראב"ד); אַ צווייטע — דער באַרימטער שמואל הנגיד. די צוויי נוסחאות און נאָך אַנדערע צוויי, דערציילט משקוני, זייַנען ניט געווען אייַנגעטיילט ניט אין ספרים ניט אין קאַפּיטלען. די דאָזיקע נוסחאות, איז זיך משער משקוני, זייַנע געווען „ניט קיין פולשטענדיקע“, ווייל „אַ סך מעשיות און פרטים, וואָס זייַנען געווען אין איינער, האָבן געפעלט אין דער אַנדערער“ [3]. נאָר דער פינפטער נוסח איז געווען, ווי משקוני פאַרזיכערט, „אַם פולשטענדיקסטן“. און אָט דער דאָזיקער וואַריאַנט, איז מוסיף משקוני, „איז פונם אָנהייב ביזן סוף געשריבן אין פעריזאָן פונם מחבר גופא, פון יוסף בן גוריון“, ד"ה: די גאַנצע דערציילונג ווערט געפירט אינם נאָמען פון יוסף בן גוריון [4]. אָט דערפאַר טאַקע

---

1 צ"ב אין קאַפּיטל 55: „און דר יוסף בן גוריון הכהן זאגט אין זיין בוך: עז ווערן פיל זאַכען די מיר העטן צושרייבן פון די גרויסי קלוגקייט דיא דא איז געוועזן בייא דש גאטש פאָלק... אָבר דיא זעלביגי קלוגהייט האבן מיר גשריבן צו די רומיים, דען עש איז איין בוך דז דאָ ניטיג האָט דיזי באַצייגנוס; אָבר דיזוש בוך דש מיר גשריבן האָבן צו דיא קינדר ישראל דאש בדאַרף ניט צו דו בצייגנס" (מיר ציטירן לויט מנחם מאַנס איבערזעצונג, אמשטרדאם, 1781).

2 די פאָררעדע איז פאַרעפנטלעכט אין „אוצר טוב", 1878, 17—23.

3 דאָרטן, 23.

4 דאָרטן, 21.

האט משקוני גערעכנט דעם דאזיקן וואריאנט פאר דעם מער ריכטיקן, און פון אים האט ער אפגעשריבן זיין קאפיע. דער דאזיקער וואריאנט איז שוין יא געווען איינגעטיילט אין ספרים, און משקוני האט נאך יעדן פון די זעקס ספרים איינגעטיילט אין קאפיטלען.

עס איז קיין שום ספק ניט, אז טאקע דעם דורך משקוני איבערגעשריבענעם נוסח האט באנוצט תם אבן יחייא, בעת ער האט אין קאנסטאנטינאפאל פארעפנטלעכט דעם „יוסיפון" אין 1510; ער האט אפילו דערביי אויסגענוצט א באדייטנדיקן טייל פון משקונים פארערדע, און זי פשוט איבערגעדרוקט אין זיין הקדמה צום „יוסיפון". און ווען מען נעמט און מען פארגלייכט א בלאט נאך א בלאט אט די אויסגאבע פון 1510 מיט דער עלטערער, מאנטואנער, וואס זי איז אפגעדרוקט געווארן בערך אין 1480, לויט א קירצערן, „ניט קיין פולשטענדיקן" וואריאנט, ווי ס'הייסט ביי משקונין — דעמאלט ווערט ערשט גאנץ קלאר, ווי ווייניק דער פארפאסער פונם „יוסיפון" האט פארדינט, מען זאל אים רעכענען פאר א שווינדלער און פאלסיפיקאטאר. דער קירצערער וואריאנט נאך וועלכן די מאנטואנער אויסגאבע איז געדרוקט, איז אויך א באדייטנד עלטערער, און ער איז בלי-ספק אויך פיל נענטער צום אורשפרינגלעכן פארלארן געגאנגענעם „יוסיפון"-טעקסט, ווי דער שפעטערער קאנסטאנטינאפאלער. און בעת אין דער מאנטואנער אויסגאבע ווערט קיין איין מאל ניט דערמאנט „יוסף בן גוריון" אין ערשטער פערזאן, דערמאנט די קאנסטאנטינאפאלער אויסגאבע דעם לעזער יעדעס מאל, אז דאס ווערק האט געשריבן דער זעלבער יוסף בן גוריון, וואס האט אויך פארפאסט דעם „גרויסן יוסיפון" „פאר די רוימער וועגן". דאס זיינען אבער אלץ שפעטערדיקע הוספות, דאס איז א מין „פירוש" צום טעקסט, וועלכן ס'האבן מוסיף געווען די אפשרייבערס און קאמפילאטארן. אט, למשל, אין דער מאנטואנער אויסגאבע (ז. 50), וואו עס ווערט דערציילט וועגן דעם מלך כורש, איז דער פארפאסער מוסיף: „די איבעריקע זיינע מעשים זיינען באשריבן אין די כראניקעס פון די מלכי פרס ומדי און פון די מלכים פון רוים". אבער אין דער קאנסטאנטינאפאלער אויסגאבע איז נאך די ווערטער „פון די מלכי פרס ומדי" אריינגעשטעלט פאר די שלוס-ווערטער „און פון די מלכים פון רוים" פאלגנדיקער זאץ: „און אין מיין ספר, וואס איך, יוסף הכהן בן גוריון, האב געשריבן פאר די רוימער, און עס א נאמען געגעבן „יוסיפוס". און איך בין עס דער יוסף בן גוריון, וואס טיטוס און אספסיינוס האבן מיך פארטריבן פון ירושלים". ווייטער אין מאנטואנער אויסגאבע גייט דער „יוסיפון" גלייך איבער אן שום הפסקות פון דעם מלך הורקנוס בן שמעון החשמונאי צו דער געשיכטע

פון אַלכסנדר מוקדון [1]. אין דעם וואַריאַנט אָבער, וועלכן תם אבן יחייא האָט געדרוקט אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, ווערט נאָך דער מעשה מיט הורקנוס געמאַכט אַ הפסקה מיט פאָלגנדיקן שלוס־זאַץ: „דאַ מיט האָט איין ענד דער ערשטע בוך פון יוסף דער זון גוריון הכהן". דערנאָך הייבט זיך אָן דער צווייטער ספר מיטן אַלכסנדר־ראָמאַן, נאָר אין דער התחלה גייט פאָלגנדיקער אַריינפאָר: „כה אמר: אַזוי שפּרעכט יוסף דער זון גוריון צו דעם דער דאָ זיכט (זעהט) זייני ביכער... אַזו האָב איך מיר פאָרגנומען אום איין וויניג צו פר צילן פון זיין גבאָרט" אאַז"וו. אין דער מאַנטואַנער אויסגאַבע (ז. 204) ווערן נאָך דער ערציילונג וועגן דעם טויט פון דער קיניגין אַלכסנדרה געבראַכט די אויבן ציטירטע ווערטער, אַז אַ געשיכטע־שרייבער דאַרף ברענגען לויטער ריכטיקע און באַגלויבטע ידיעות; דערנאָך גייט דער פאַרפאַסער, גלייך אָן שום הפסקה, איבער צו די געשעענישן אין רוים. אין קאָנסטאַנטינאָפּאָלער אויסגאַבע פאַרענדיקט זיך מיט אַלכסנדרהס טויט דער פערטער ספר, און דער פינפטער הייבט זיך ווידער אָן מיט דער מעלדונג: „כה אמר, אַזוי האָט געזאָגט יוסף הכהן, דער זון פון גוריון הכהן, וואָס דערציילט וועגן די געשעענישן פון ישראל און וועגן זיינע ליידן, ס'זאָל זיין אַ מוסר פאַר די, וואָס וועלן קומען נאָך אים, זאָלן זיי לייענען זיינע ספרים און אוים זיי אַרויסזען גאָטס גענאָדן". דאָס אייגענע חזרט זיך איבער אין פילע אַנדערע ערטער, וואו אין מאַנטואַנער אויסגאַבע (ז' 218, 222, 223) ווערט יוסף בן גוריונס נאָמען אַפילו ניט דערמאָנט, און אין קאָנסטאַנטינאָפּאָלער אויסגאַבע ווערט אין די באַטרעפנדיקע שטעלן אָנגעוויזן: „און ס'האָט געזאָגט יוסף הכהן", אָדער „און ס'האָט געזאָגט יוסף בן גוריון". אין סוף פונם פינפטן ספר און אין אָנפאַנג פונם זעקסטן רעדט אין דער קאָנסטאַנטינאָפּאָלער אויסגאַבע יוסף בן גוריון אין זיין אייגענעם נאָמען: „איך יוסף בן גוריון הכהן, וואָס ווערט אויך גערופן יוסיפוס, האָב דאָס אַלץ באַשריבן אין מיין בוך, וועלכן איך האָב פאַרפאַסט אין דער צייט פון יוליוס קיסר"; אין מאַנטואַנער אויסגאַבע פעלט אָבער דער גאַנצער זאַץ, און יוסף בן גוריונס נאָמען ווערט דאָרט אַפילו ניט דערמאָנט. אינם לעצטן טייל פונם ווערק, וואו עס ווערט באַשריבן די באַלאַגערונג פון ירושלים, ווערט אין דער מאַנטואַנער אויסגאַבע אומעטום דערמאָנט יוסף בן גוריון אין דריטער פערזאָן, אין דער קאָנסטאַנטינאָפּאָלער אָבער — אין ערשטער: איך יוסף בן גוריון [2].

---

1 דאָרטן, ז' 64—5: „הוא הורקנוס אשר מָל את אדום ויביאם בברית ויאסרם בכבלי מילה. פיליפוס אבי אלכסנדר מלך על מוקדון" אאַז"וו.

2 זע ביילאַגע נומ' 5. ווייל דאָס אייגענע מזל ווי דער „יוסיפון" האָבן אויך געהאַט אייניקע אַנדערע באַרימטע דענקמעלער פון אונזער אַלטער ליטעראַטור, גיבן מיר

בעת מען פאַרגלייכט דיביידע וואַריאַנטן, איז זיך אָגב ניט שווער צו איבערצייגן, וויפיל ס'האָט אויך געליטן דער ריין ליטעראַרישער ווערט פונם „יוסיפון", זיין סטיל און שילדערונגס־קראַפט, אָט דורך די אַלע הוספות און „אויסבעסערונגען" פון די אָפשרייבערס און קאָמפּילאַטאָרן. די פּלאַסטיש־שיינע קורצע באַשרייבונג אין דעם עלטערן און דערפאַר ווייניקער פאַראומרייניקטן וואַריאַנט (מאַנטואַנער אויסגאַבע, 428) ווי מען נעמט אַראָפּ די קייטן פון דעם געפאַנגענעם יוספן, אָדער די שטאַרקע, פול מיט דראַמאַטישער עקספּרעסיע, שלום־סצענעס, ווו עס ווערט דערציילט וועגן דעם העלדישן טויט פון אליעזרן צוזאַמען מיט נאָך עטלעכע טויזנט יידישע קריגער — ווערן אין דעם שפּעטערדיקן וואַריאַנט פאַרוואַסערט און צעשווומען דורך די פילע הוספות און „פּירושים" פון די ניט געבעטענע „אויסבעסערס". אין מאַנטואַנער אויסגאַבע מאַכט אַ שטאַרקן רושם דער טיפער ליריזם פון יוספס תפילה אין דער הייל (ז. 414) און דער אין טרויער געטרענקטער פּאַטאָס פון זיין קלאָג־ליד, בעת ער זעט צו די שרעקלעכע מעשים, וואָס קומען פאָר אין דער באַלאַגערטער הייליקער שטאָט. אין דעם שפּעטערדיקן וואַריאַנט ליידן אָבער די צוויי שיינע בלומען פון רעליגיעזער ליריק זייער פיל דורך די וואַסערדיקע מליצות פון די שפּעטערדיקע אינטערפּאָלאַטאָרס.

און דאָך, ניט קוקנדיק דערויף, וואָס דער אורשפּרינגלעכער טעקסט איז אַזוי אומברחמנותדיק אַנטשטעלט און פאַרדאָרבן דורך זייטיקע הענט, טראָגט דער „יוסיפון" אַפילו אין זיין איצטיקער געשטאַלט גאַנץ בולט דעם שטעמפּל פון אַ באַדייטנדיקן ליטעראַרישן טאַלענט. זיין פאַרפאַסער איז געווען אַן אמתער מייסטער, וואָס האָט געוווסט דעם גרויסן סוד, ווי עס ווערן אויס ווערטער באַשאַפן לעבעדיקע פילפאַרביקע בילדער. דער „יוסיפון" האָט ליב צו שילדערן שטאַרקע טראַגישע געפילן, דעם געוואַלטיקן אויסברוך פון ברענענדיקע תאוות, דעם שיכרות פון קאַמף און נצחון, די טיפע אָפּגרונטן פון ליידן און וויי. און ביי אים איז דאָס וועלן ענג פאַרבונדן מיטן קאָנען. דער „יוסיפון" דערציילט ניט, נאָר ער מאָלט אין זאַפטיקע פאַרבן, ווי אַזוי דער יונגער הורקנוס, דער זון פון שמעון החשמונאי, באַלאַגערט די שטאָט, ווו עס האָט זיך פאַרשפּאַרט דער מערדער פון זיין פאָטער, און ווו עס זיצן דאָרט אין געפענגעניש זיין מוטער און שוועסטער. די צוויי פרויען ווערן אַרויסגעשטעלט אויף די מויערן פון דער שטאָט און מען פייניקט זיי שרעקלעך פאַר דעם זון אין די אויגן, און

אין דער ביילאַגע עטלעכע פּאַראַלעלע טעקסטן פון ביידע עלטסטע „יוסיפון"־אויסגאַבן, דער לעזער זאָל באַקומען אַ באַגריף, ווי אַזוי איין און דערזעלבער ספר פלעגט ביסלעכווייז באַקומען אַן אַנדער פּנים, אַן אַנדער נוסח.

דער מערדער ערקלערט אים דערבײַ, אַז באַם ער וועט ניט אָפּטרעטן מיט זײַן חייל פון דער שטאָט, וועט ער זײַן מוטער און שוועסטער אומברענגען. נאָר די שטאָלצע מוטער, די פרוי פונם חשמונאי, גיט קוקנדיק אויף די גרויסע יסורים, שרײַט אַראָפּ פון דעם שטאָט-מויער צו איר זון, אין וועלכן עס ראַנגלען זיך אַנטקעגנגעזעצטע געפילן: „געדענק, מײַן זון! ניט רחמנות באַווײַזן ביסטו אַהער געקומען, נאָר געמען נקמה! ניט וועגן אונז דאַרף זײַן איצט דײַן טראַכטן, נאָר ווי זיך נוקם זײַן אין דעם פאַלשן שונא, דעם מערדער פון דײַן פאָטער!" און דער פאַרפאַסער צווינגט דעם לעזער דורכצולעבן דאָס טיפע דראַמע פון דעם יונגן חשמונאי, אין וועלכן עס קעמפן געוואַלטיק די אַנטקעגנגעזעצטע געפילן: דער דורשט פון נקמה פאַר דעם פאַרגאָסענעם בלוט פון זײַן פאָטער, און די ליבע צו מוטער און שוועסטער[1].

דעם רוימישן קריגספירער איז געלונגען זיך דורכברעכן דורך די מויערן פון ירושלים אַדאַנק דעם פאַרביטערטן קאַמף, וואָס עס האָבן דעמאָלסט געפירט צווישן זיך די צוויי פײַנדלעכע חשמונאים-ברידער. די רוימישע קריגער, פאַרשיכורט פון בלוט, זײַנען אַרײַן אין בית-המקדש בעת עס איז פאָרגעקומען די גאָטעסדינסט, און די כוהנים זײַנען געווען באַשעפטיקט מיט די קרבנות, און דער „יוסיפון" גיט אונז אַן אימהדיק בילד ווי אַזוי די קריגער טרעטן אַלץ ווײַטער, און הרגענען איין כוהן נאָכן צווייטן, און די גאָטעסדינסט גייט זיך אַלץ איר געוויינלעכן גאַנג. קיין איין כוהן האָט קיין ציטער ניט געטאָן קעגן די בלאַנקע שווערדן און שפּיזן פון דעם שרעקלעכן פײַנד. רויק „ווי אין מאָל פון פרידן" (כאשר ילך איש בעמק השלום) האָבן די גאָטעסדינער געשפּאַנט איבער די נאָך צאַפּלדיקע קערפּערם פון זייערע ברידער, און געטאָן זייער זאַך. איז אײַנער אַניוערגעפאַלן פונם שונאס האַנט, האָט גלײַך אַן אַנדערער יענעמס אָרט פאַרנומען בײַם מזבח. „מיר דאַרפן שטאַרבן אויף אונדזער וואַך" האָבן זיי געזאָגט[2].

אַזוינע דראַמאַטישע סצענעס מיט שילדערונגען פון העלדישן טויט=קאַמף זײַנען דאָ זייער פיל אינם „יוסיפון". למשל, דער טראַגישער טויט פונם קנאי שמעון און זײַן גאַנצער משפּחה[3], דאָס אומקומען פון דעם כוהן אַמיתי און זײַנע דריי זין[4], אָדער די פּלאַסטישע באַשרײַבונג פון דעם שרעקלעכן געראַנגל אינם ענגן פאָרהויף פונם בית-המקדש צווישן די

[1] מאַנטואַנער אויסגאַבע, 169; אין קאָנסטאַנטינאָפּאָלער, קאַפּ' 27.

[2] אין מאַנטואַנער אויסגאַבע, 221; אין קאָנסטאַנטינאָפּאָלער, קאַפּ' 39.

[3] דאָרטן, סוף קאַפּ' 64.

[4] דאָרטן, קאַפּ' 89; אין מאַנטואַנער אויסגאַבע ז' 491 – 492.

רוימישע און יידישע קריגער. די רוימער, פאַרשיכּורט פון נצחון, די יידן פאַרביטערט פון האַס און יאוש. „אָפּגעשניטן איז געווען דער אַרויסגאַנג, ענג צונויפגעפּרעסט איז געווען איין קעמפער צום צווייטן, פעסט אַרומגעגומען האָבן זיך די פיינד אין זייער לעצטן קאַמף; פאַרוואונדעטע, דערשטאָכענע, נאָך לעבעדיקע און זיך ראַנגלענדיקע, אַלע זיינען זיי געפאַלן איינער איבער דעם אַנדערן אין איין פאַרבלוטיקטן קנויל; און אין איין געוואַלדיקן געפילדער האָבן זיך צונויפגעגאָסן אַלע קולות, אַלע געשרייען, די זיפצן און כאָרכלען פון די גוססדיקע, דאָס נצחון-געוואַלדעווען פון די זיגער, דאָס קלינגען פון די שווערדן, דאָס קלאַפּן פון די פּאַנצערס און דאָס העכצן און סקריפּען פון מענטשלעכע ביינער און שאַרבנס אונטער דער שאַרף פון די שווערדן און העק"[1].

די באַקאַנטע מעשה אויס דעם תּלמוד וועגן דער רייכער יידישער פרוי מרים, וואָס האָט אויס שרעקלעכן הונגער אין דער באַלאַגערטער שטאָט ירושלים איר אייגן קינד געשאָכטן, ווערט אינם „יוסיפון" באַשריבן אין באַזונדערס שאַרפע פאַרבן. דער לעזער טאַפּט ממש אָן דעם פינסטערן שרעק, וואָס כאַפּט אַרום די שטיין-האַרטע קנאים, בעת זיי קומען צו לויפן פון גאַס דערשמעקנדיק דעם ריח פון געבראָטן פלייש; און די אומגליקלעכע מוטער, האַלב משוגע פון צער, הייבט אָן פאַר זיי אויסצולויבן דעם געשמאַקן געבראָטנס פון דעם אייגן קינדס „פיסלעך און הענטלעך"[2]. מיט אייניקע קורצע שטריכן קריצט איין דער פאַרפאַסער אינם זכּרון פונם לעזער דאָס בילד פון יוסף הכּהנס אַלטער 85יאָריקער מוטער, וועלכע דערוויסט זיך, אַז איר זון איז געפאַלן פאַרוואונדעט פונם פיינדס אַ שטיין, און ער געפינט זיך אין טויטלעכער סכּנה. מיט צעלאָזטע, ווי שניי-ווייסע האָר, לויפט זי אַרום, די אַלטע, איבער דעם מויער פון שטאָט און יאָמערט: „יוסף, מיין זון! דו ליכט פון מיינע אויגן!"[8] אויך דער מאָדערנער לעזער לייענט מיט געשפּאַנטן אינטערעס די מייסטערהאַפט געשילדערטע סצענע צווישן דעם גרויזאַמען, קראַנקהאַפט-פאַרדעכטיקן הורדוסן און זיין זון אַנטיפּאַטער. דורך קונציקע אינטריגעס איז דעם פאַלשן אַנטיפּאַטער געלונגען פאַרדעכטיק מאַכן זיינע עלטערע צוויי ברידער אין די אויגן פונם פאָטער. יענער האָט זייביידן אומגעבראַכט, און אַנטיפּאַטער בלייבט דער איינציקער יורש פונם פאָטערס קיניג-קרוין. דער חשד-פולער הורדוס האָט זיך אָבער דערוווסט פון אַנטיפּאַטערס פאַרבאָר-

1 דאָרטן, קאַפּ' 91; אין מאַנטואַנער אויסגאַבע, ז' 504 — 5.

2 דאָרטן, קאַפּ' 93; אין מאַנטואַנער אויסגאַבע 519—23.

8 דאָרטן, קאַפּ' 90; אין מאַנטואַנער אויסגאַבע, 494.

גענע פלענער, ער איז אים חושד, אַז ער וויל וואָס גיכער פאַרנעמען דעם קיניג=שטול, און ער רופט אים צו זיך אַרויס אויס רוים, ווו אַנטיפּאַטער האָט זיך דעמאָלט אויפגעהאַלטן. יענער האָט געמוזט גלייך קומען אויפן פאָטערס באַפעל, און דער שפּרענגער פאָטער באַגעגנט אים מיט אַ ביי=זער באַשולדיקונגס=רעדע. אַנטיפּאַטער זעט — אַלץ איז פאַרלאָרן, אַלע זיינע פאַרבאָרגענע פלענער זיינען אַנטפּלויזט; און מיטן מוט פון יאוש פרווּט דער פוקסיש=קלוגער אינטריגאַן זיך ריינוואַשן פון שולד פאַר די אויגן פון זיין גרויזאַמען פאָטער. ער ווייסט — זיין קאָפּ ליגט אויף דער וואָגשאָל; דאָס גיט זיינע ווערטער, זיין גאַנצן האַלטן זיך אַ באַזונדערן פּאַטאָס, אַז אומגעוויינלעכע איבערצייגונגס=קראַפט, און דער לעזער ווערט מיטגעריסן, און ער הערט צו אַנטיפּאַטערס פאַרטיידיקונגס=רעדע מיט דראַמאַטישער שפּאַנונג. „פאָטער מיינער — רופט אויס אַנטיפּאַטער אין דער מיט פון זיין רעדע — זע, דו האָסט מיך גערופן און איך בין גלייך געקומען, אָט שטיי איך פאַר דיר... דריי עדות ברענג איך פאַר דיר, עדות, וואָס ווייסן ניט פון שוחד, מען קען זיי די אויגן ניט פאַרבלענדן און ניט אונטערקויפן מיט געצאָלט; זאָלן זיי עדות זאָגן פאַר גאָט און פאַר דיר. דער הימל, די ערד און דער ים — דאָס זיינען מיינע עדות, און זיי וועלן דאָך ניט רחמנות האָבן אויף דעם, וואָס האָט געטראַכט זיין אייגענעם פאָטערס בלוט צו פאַרגיסן. אָט בין איך געפאָרן צו דיר — פאַרוואָס האָבן אויפן וועג די הימלען קיין דונער אויף מיר ניט געשליידערט און אויס זייערע טיפענישן מיט אַ בליץ מיך ניט צעשמעטערט, אויב איך בין ווירקלעך שולדיק קעגן דיר? איך בין דעם ים איבערגעפאָרן, און ער האָט מיך ניט אַיינגעשלונגען ווי יונהן, ווען יענער האָט פאַר גאָטס באַפעל געוואָלט אַנטלויפן; איך בין איבער דער ערד געגאַנגען, פאַרוואָס האָט זיך די ערד אונטער מיינע פיס ניט צעשפּאָלטן און מיך ניט אַיינגעשלונגען ווי דתן ואבירם, וואָס זיינען אויפגעשטאַנען קעגן דעם, וועלכער איז פאַרן גאַנצן פאָלק געווען אַ דערבאַרעמדיקער פאָטער און היטער... נאָר אויב מיין גורל איז שוין באַשלאָסן, בעט איך נאָר איינס ביי דיר, מיין פאָטער: גיב מיך ניט איבער אין פרעמדע הענט, — גיב מיר דעם טויט דורך דיין אייגענער פאָטערלעכער האַנט; עפן דאַן מיין האַרץ, שנייד אויף אַלע זיינע פאַרבאָרגענע קעמערלעך, און איבערצייג זיך אַליין, צי האָט ווען מיין האַרץ שלעכטס קעגן דיר געשפּונען. זאָג ניט: ווי קאָן איך הייבן מיין האַנט אויף מיין אייגענעם זון, אויף מיין אייגן בלוט און פלייש? צי קען דען זיין דיין בלוט און פלייש דער, וואָס האָט געהאַט אין זינען אויפהויבן קעגן דיר זיין מערדערישע האַנט?..״[1].

---

1 דאָרטן, קאַפּ׳ 60; אין מאַנטואַנער אויסגאַבע, ז׳ 343.

ניט מיט ווייניקער מייסטערשאַפט איז דורכגעפירט די העכסט דראַמאַטישע סצענע, ווי דער לעצטער רעשט פון דעם יידישן חייל, בראש מיט יוסף בן גוריון האָבן זיך באַהאַלטן אין אַ הייל, וועלכע די רוי־מישע קריגער האָבן באַלד אַרומגערינגלט. די יידישע קריגער האָבן באַשלאָסן בעסער צו שטאַרבן פון אייגענער האַנט איידער פונם שונאס האַנט. דער קאַלטבלוטיקער און איבערגעשפּיצטער יוסף איז דערויף מסכּים, עס געלינגט אים אָבער דורך קונציקער דיאַלעקטיק און שפּיציקע אייַנפאַלן צו בלייבן דער לעצטער, און אויף אַזאַ אופן ראַטעווען זיין לעבן[1].

און ווי אַ שיינער שלום־אַקאָרד קלינגט אינם סוף פונם „יוסיפון" דאָס קלאָג־ליד פון יוסף בן גוריון אויף די חורבות פון ירושלים: „אַך, ווי פאַרלאָזן איז איצט די שטאָלצע קיניגלעכע שטאָט! דורך פים פון אומ־ריינע ווערסטו איצט געטראָטן, דו, וואָס הייליקע שאַרן האָבן זיך באַשיצט, די הימלען האָבן געקעמפט פאַר דיר, די פלאַנעטן זיינען פון זייערע שטעגן אַרויסגעטראָטן אום דיר צו הילף צו קומען און דיינע פיינד צע־שמעטערן. איצט ליגסטו אין שטויב און חורבן, אַ בית־עולם פאַר מתים ביסטו געוואָרן... וואַכט זשע אויף, איר אָבות, אַברהם, יצחק ויעקב! שטייט אויף און זעט — די גאַנצע ערד איז באַדעקט מיט די טויטע קערפּערס פון אייערע קינדער! שטייט אויף, משה ואהרן, ערוואַכט פון אייער שלאָף! זעט, אייער תורה איז פאַרברענט מיט די כּוהנים און לוויים צוזאַמען. שטייט אויף און זעט: מקוים זיינען געוואָרן אייערע נביאישע רייד: ווי וואַסער גיסט זיך בלוט אַרום ירושלים! ווײ איז אונז, די לעבן געבליבענע! וואָס מיר מוזן צוזען דעם שרעקלעכן חורבן! בעסער וואָלטן מיר אונזערע אויגן פאַרלאָרן, איידער צו זען ווי גאָטס הייליקטום ליגט אין שטויב און זיין היכל ברענט אין פייער! געפאַלן איז די קרוין פון אונזער קאָפּ, ווײ צו אונז פאַר אונזערע גרויסע זינד!.."[2].

עס איז קיין וואונדער ניט, וואָס דער „יוסיפון" איז באַלד געוואָרן אַזוי פּאָפּולער ניט נאָר אין איטאַליע, נאָר בכל תפוצות ישראל. שוין אינם עלפטן יאָרהונדערט האָט אַן אַראַבישער ייד זכריא בן סהיד אל

---

1 דאָרטן, קאַפּ' 71—72, מאַנטואַנער אויסגאַבע, ז' 406 — 415.

2 מאַנטואַנער אויסגאַבע, 532 — 3. אין דעם שפּעטערדיקן וואַריאַנט, וואָס אבן יחייא האָט אָפּגעדרוקט, פעלט דאָס דאָזיקע ליד. אויף זיין אָרט געפינט זיך דאָרט אַן אַנדער ליד אין גראַמען. נאָר הן דאָס ליד, הן די שלום־שורות נאָך אים זיינען בלי־ספק אַ שפּעטערדיקע הוספה פון איינעם פון די אָפּשרייבערס און אינטערפּאָלאַטאָר

יםיני אַל־ישׂראלי, איבערזעצט דעם „יוסיפון" אויף אַראַביש [1], און ווי נאָר די דרוק איז ערשינען, האָט מען דעם „יוסיפון" אויך איבערזעצט אויף פאַרשיידענע אייראָפּעישע שפּראַכן [2], און אים געדרוקט הן גאַנצערהייט הן אין פילע איבעראַרבעטונגען און פאַרקירצונגען.



1 געדרוקט אין 1872 אונטערן נאָמען „טאריקה יוסיפוס אל יהודי" אין ביירוט. פון אַראַביש איז דער „יוסיפון" אויך איבערזעצט געוואָרן אויף עטיאָפּישער שפּראַך.

2 אויף לאַטיין — דורך מאַנצער און ברייטהויפּט, אויף ענגליש — דורך מאַרווין, אויף יידיש — דורך מיכל אַדאַם און אַנדערע. אַלע איבערזעצונגען, חוץ דער לאַטייַנישער, זיינען געמאַכט געוואָרן פונם שפּעטערדיקן וואַריאַנט, וואָס איז געדרוקט געווען אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל.

# צווייטער קאַפּיטל.

די ערשטע פּייטנים אין איטאַליע. — דער פּייטן שפטיה, זיין זון אמיתי און שלמה הבבלי. — די מדרשים־ליטעראַטור. — תנא דבי אליהו. — דער זרובבל' און די האָפענונג אויף ביאת משיח. — די אגדה וועגן ארמילוס. — אחימעצס „ספר היוחסין" און זיין ליטעראַריש־היסטאָרישער ווערט.

אינם „יוסיפון", אין דעם אינטערעסאַנטן היסטאָרישן ווערק פון אַן אומבאַקאַנטן פאַרפאַסער, געפינען זיך, ווי מיר האָבן געזען, אויך אַזוינע בלעטער, וואָס געהערן צו אַ גאַנץ אַנדערער אַרט ליטעראַטור — צו רע־ליגיעזער פּאָעזיע. פילע פון די פּערזאָנען, וואָס ערשיינען פאַרן לעזער אינם „יוסיפון", ווענדן זיך אין געוויסע קריטישע מאָמענטן מיט זייער תפילה צו גאָט, אָדער גיסן אויס זייער פאַרביטערט האַרץ אין טרויעריקע קלאָג־לידער. דער געלערנטער דעלימש[1] האָט אָבער אַ טעות בעת ער מיינט, אַז די קינות און עלעגיעס, וואָס קומען פאָר אין „יוסיפון", זיינען די עלטסטע ביי די ייִדן אין איטאַליע. אַדאַנק דעם ניט לאַנג פאַרעפנטלעכטן „ספר יוחסין"[2] ווייסן מיר איצט גאַנץ זיכער, אַז נאָך אינם 9טן יאָרהונדערט האָט אין דער שוין אונז באַקאַנטער שטאָט אוריאַ געלעבט דער פּייטן שפטיה, וואָס איז ביז דער לעצטער צייט געווען כמעט ווי אַ לעגענדאַרע פּערזענלעכקייט, און קיינער פון די פאָרשער איז ניט געווען אימשטאַנד מיט־צוטיילן וועלכע ס'איז פּרטים פון זיין לעבן[3]. איצט ווייסן מיר באַשטימט, אַז ער איז געווען אַ תלמיד פון דעם אבו־אַהרן, דעם שוין אונז באַקאַנטן פאַרשפּרייטער פון ייִדישער קולטור אין דרום־איטאַליע. אבו־אַהרן, דערציילט דער „ספר יוחסין", האָט אַריינגעפירט שפטיהן אין אַלע סודות פון חכמת הנסתר. און שפטיה האָט געשמט ניט נאָר אַלס פּייטן, נייערט

---

1 „צור געשיכטע", ז' 40.

2 וועגן דעם דאָזיקן בוך — ווייטער

3 זע, צום ביישפּיל, צונץ „סינאַגאָגאַלע פּאָעזיע", 170.

אויך אַלס בעל־שם, וואָס קאָן באַווייזן וווּנדערלעכע ניסים[1]. זיין נאָמען איז געהייליקט געוואָרן און באַקרוינט מיט פילע פאַנטאַסטישע פאָלקס־לעגענדן; איינע פון די דאָזיקע אגדות פאַרבינדט זיין נאָמען מיט דעם גרויסן צורר היהודים, דער קיסר פון ביזאַנץ, וואַסיליאַ מוקדוני דער ערשטער. שפטיה דער „בעל הניסים" זאָל האָבן מיט דער הילף פון וווּנדערלעכע השבעות אויסגעהיילט דעם קיסרס איינציקע, גייסטיק־קראַנקע טאָכטער. דערפאַר, דערציילט ווייטער די לעגענדע, בעת מען האָט אַלע איבעריקע קהילות אין דער ביזאַנטישער מלוכה געצווּנגען צום שמד, האָט שפטיה אינם יאָר 868 באַקומען פונם קיסר אַלס באַלוינונג אַ געהתמעטן באַפרייונגס־בריוו, לויט וועלכן דער קהילה פון אוריאַ[2] ווערט געשענקט דאָס רעכט פריי און אומגעשטערט מקיים זיין אַלע מנהגים און געבאָטן פון דער יידישער אמונה[3].

אָט די שרעקלעכע גזירות פון דעם ביזאַנטישן קיסר וואַסיליאַ, דעם „אין בלוט איינגעטונקטן נידערטרעכטיקן מערדער", ווי עס רופט אים דער

---

1 זיינע ניסים פלעגט שפטיה באַווייזן מיט דער הילף פון דעם מיסטישן בוך „ספר מרכבה", וואָס איז, ווי מיר האָבן פריער שוין אָנגעוויזן, אויך באַקאַנט אונטער די נעמען: „היכל רבתי" און „פרקי דר' ישמעאל" (זע „ספר יוחסין" ביי נייבויערן, ז' 125): „בביתו ספר מרכבה היה שבו שמש כל ימי חייו ר' שפטיה".

2 די שטאָט אוריאַ, ווי גאַנץ דרום־איטאַליע, איז דעמאָלט געווען אונטער דער ממשלה פון דער ביזאַנטישער מלוכה.

3 „ספר יוחסין", 115 — 117; ד. קויפמאַן, „די כראָניק דעם אחימעץ אוריא", 14 — 16; וועגן דער זעלבער לעגענדע דערציילט אונז אויך דער עלטסטער יידישער פאַר־פאַסער, וואָס איז אונז באַקאַנט אויס די סלאַווישע לענדער, אברהם בן עזריאל אויס ביימען אין זיין פירוש אויף מחזור „ערוגת הבושם". דאָרט ווערט דערציילט וועגן דעם פייטן שפטיה: „והוא ר' שפטיה אשר הציל חמש קהלות מן השמד בארץ יון שנטרפה בת המלך והוא רפא אותה בשם; ובקודם לכן הכריח יותר ממאה קהלות לטעותן שהיו כותשין אותם בבית הבד, ועליהם מיוסד בסליחה „אני יום אירא" (ד. קויפמאַן, „מאָנאַטשריפט", 1882, ז' 421). אַ ענלעכע מעלדונג האָט ש"ד לוצאַטו געפונען אין אַ האַנטשריפטלעכער זאַמלונג פון סליחות (ז. „אגרות שד"ל", 1148). אין דער סליחות־זאַמלונג, וואָס איז געדרוקט אין אַמסטערדאַם אינם יאָר 1785, געפינט זיך פאַר דער סליחה „ישראל נושע בה'" (ז' 13a) פאָלגנדיקע ערקלערונג: „זה הפזמון וסליחה ט' אני יום אירא מצאתי שיסד אותם ר' שפטיה בגזירת פולו הרשע שגזר שמד בכל ארץ יון והכריח יותר מאלף קהלות לטעות ולא נשאר בכל ארץ יון רק ה' קהלות שהצילם ר' שפטיה על ידי שרפא בתו של אותו רשע שנטרפה דעתה ורפא אותה ע"י שם וביטל אותה גזירה שלא פשטה באותן ה' קהלות שבמלכות יון. וכך היו מכריחין את כל א' שהוא ממאן לטעותן היו מכניסין אותו לבית הבד ונותנין עץ עליו וכותשין זתים בבית הבד וזהו שיסד בסליחה חשוך השאר כתשם בבית הבד. ושמו חתום בפזמון הזה דהיינו: שעריך פחודים טובותיך יושעו הקשיבה, ר"ת שפטיה."

פאַרפאַסער פונם „ספר יוחסין" (איש עולה ומרמה בדמים), האָבן געפונען אַן אָפּקלאַנג אין שפטיהס האַרציקער סליחה „ישראל נושע בה'", וואָס ווערט ביז היינטיקן טאָג געלייענט אין אַלע קהילות אין די סליחות־טעג:

„נאָר אין גאָט געפינט זיין שטענדיקע הילף דאָס פאָלק ישראל, העלף זשע אונז אויך איצט, דו האַר אין די הימלען! דו ביסט דאָך דער גאָט פון גרוים מיטלייד און באַרעמהאַרציקייט. זע! ווי די אָרעמסטע בעט־לער קלאַפּן זיי אין דיינע טויערן, פאַרנעם זשע, דו דערהויבענער, זייער ביטער געבעט. נימאָ די צרה, וואָס זאָל זיי ניט שרעקן, פון אומציילינע שונאים געפּלאָגט און באַשפּאָט, פאַרלאָז זיי דאָך דו ניט, דו גאָט פון די אָבות. אין טאָג פון שטראָף און שרעקן באַשיץ זיי מיט דיין גענאָד, שיק זיי הילף און דערלייזונג אין זייער גרויסער נויט. באַפריי אונז אָפּן פאַר אַלע פעלקער אין די אויגן, זאָלן די רשעים ניט מער געוועלטיקן איבער אונז. צעשטער די מלכות פון שעיר [1], און זאָלן די דערלייזטע אויפשטייגן קיין ציון. דערהער זשע, אָ גאָט, זייער ווי־געשריי, זאָל זייער געבעט דיינע הימלען דערגרייכן! דו ביסט דאָך דער גאָט פון גרוים מיטלייד און באַרעמ־האַרציקייט!"

לויט דעם „ספר יוחסין" איז שפטיה געשטאָרבן אויפן זעקסטן טאָג נאָך דעם קיסר וואַסיליאָס טויט, ד"ה אינם דריטן סעפּטעמבער 886 [2]. זיין דיכטערישע באַגאַבונג האָט געירשנט זיין זון, דער באַקאַנטער פייטן אמיתּי. דער פאַרפאַסער פון „ספר יוחסין" דערציילט וועגן דעם דאָזיקן פייטן, אַז ער פלעגט פאַר זיינע פריינד און באַקאַנטע שרייבן אַלע אַרט לידער: אָדעס, פזמונים, חתונות־שירים אד"גל; איז געשטאָרבן אַן אָנגע־זעענער קהילה־מיטגליד, האָט אים אַמיתּי באַווײנט אין אַ קלאָג־ליד. פאַר די לידער פלעגט ער קיין שום געצאָלט ניט נעמען, וואָרעם ער איז געווען אַ פאַרמעגלעכער מענטש און האָט געהאַט אויסער דער שטאָט אַ גרויסן וויינגאָרטן. די אַלע געלעגנהייטס־לידער, וואָס אַמיתּי האָט פאַרפאַסט, זיינען פאַרלאָרן געגאַנגען, עס זיינען פאַרבליבן נאָר אייניקע זיינע רעלי־גיעזע פיוטים און מחזורים [8], און יעדער פרומער ייד צו חצות, ווי אויך

---

1 „שעיר" דאָס איז מלכות יוון. צוליב דער צענזור זיינען אין אַ סך סליחות, וואָס זיינען געדרוקט אין צאַרישן רוסלאַנד, די ווערטער: „כּלה שׂעיר" איבערגעמאַכט אין: „כּלה הרעה".

2 דער קיסר וואַסיליא איז געשטאָרבן דורך אַן אומגליקס־פאַל אויף דער יאַגד דעם 29סטן אויגוסט 886.

8 צונץ רעכנט אויס („ליטעראַטור־געשיכטע", 166—8, 286) בערך 20 אמיתּיס פיוטים און סליחות. עס איז אָבער קיין ספק ניט, אַז עס זיינען געווען צוויי פייטנים, וואָס האָבן געטראָגן דעם נאָמען אַמיתּי, און דער צווייטער האָט געלעבט מיט אַ צוויי

אום יום־כפור צו „נעילה", ווען די זון נייגט זיך צום אונטערגיין, לייענט מען אין אלע בתי־מדרשים און שולן מיט א הארציקן טרויעריקן ניגון די שיינע רירנדיקע סטראפן פון דעם אלטן פייטן אמיתי בן שפטיה:

„ד' ד', אל רחום וחנון! דו גאט פון לייטזעליקייט, פון אמת און גרויס גערעכטיקייט...

„דערמאן איך מיך, א גאט, קלאגט מיין הארץ אין מיר: יעדע שטאט, זע איך, הייבט שטאלץ אויף איר קאפ, זיצט גאנץ פעסט אויף איר גרונט, נאר גאטס הייליקע שטאט איז געווארן צו שאנד, טיף ווי דער אפגרונט איר שרעקלעכער בראך. און דאך טראכט אונזער הארץ נאר וועגן גאט, אונזער גאנצע האפענונג איז נאר אויף גאט! מיט דיין פיטיג באדעק אונז, דו מדת הרחמים! דערהויב צום אייביקן אונזער געבעט, בעט מיטלייד פאר דיין פאלק! זע, ווי צעווייטאגט זיינען אלע הערצער, און פול מיט יאוש יעדער געמיט! איך שטיץ מיין האפענונג אויף דיין געטלעך ווארט, איך האף און גלויב — ניט געשלאסן וועלן ווערן די טויערן פון רחמים פאר די שטראמען פון אונזערע טרערן. איך גיס דערפאר אויס פאר דיר מיין גאנץ הארץ, אנטבלויזט זיינען דאך אלע הערצער פאר דיר; ועסט אונז ניט פאר־לאזן אין זכות פון די אבות. דו, וואס פארנעמסט יעדן זיפץ און געוויין, אין דיין לאגל נעם אויף אויך אונזערע טרערן. ראטעווע אונז פון די אלע גרוי־זאמע גזירות, דו איינער ביסט דאך אונזער האפענונג און טרייסט!.."

שפטיה און זיין זון אמיתי האבן געשריבן אין א ריינער לייכט פאר־שטענדלעכער שפראך. ווי דער „יוסיפון" אזוי זיינען אויך זייערע פיוטים געשריבן אין א סטיל, וואס איז זייער נאענט צום ביבלישן. און אין זייערע ווערק געפינען זיך גאנץ ווייניק אויסדרוקן, וואס זיינען גענומען פון דער שפעטערדיקער, נאך־ביבלישער תקופה. זייערע בילדער און פארגלייכונגען זיינען קלאר און בולט. עס פילט זיך אין זיי דער לעבעדיקער אטעם פון דיכ־טערישער באגייסטערונג. זיי האבן אבער קיין אייגענע שול ניט באשאפן, און האבן געהאט זייער ווייניק נאכפאלגער אין איטאליע. באלד נאך זיי, אינם צענטן יארהונדערט, הייבט זיך אן אלץ מער צו פילן ביי די איטאל־יענישע פייטנים די השפעה פון אלעזר קליר. ער ווערט גערעכנט פאר א קדמון, פאר א הייליקן תנא, און זיינע זייער הארבע און שווער־וואגיקע פזמונים ווערן אנערקענט אלס העכסטער מוסטער, אלס קלאסישע מייס־

הונדערט יאר שפעטער, ווי עס איז זיך לייכט משער צו זיין אויס פאלגנדיקער סטראפע אין איינער פון זיינע תפילות:

„מדוע כל שכנים — מתוך חרביתיהם נִבְּנים — ואני הרי אלף וכמה שנים — בוכה על שני חרבנים". (ז' „אגרות שד"ל", 898).

טערווערק. וואס ווייניקער פארשטענדלעך זיי זיינען געווען, אלץ מער טיפקייט האט מען אין זיי געזוכט, און יעדער פייטן האט גערעכנט פאר א חוב נאכצומאכן קלירס פיוטים. מער פון אלע האט זיך געפלייסט אין דער היניזיכט דער באגאבטסטער פייטן פון יענער צייט, שלמה בן יהודה הבבלי. זיינע סליחות און פזמונים, ווי „אור ישע מאושרים", „אל נשא", „אחשבה לדעת" און פילע אנדערע, דערמאנען זייער שטארק מיט זייער הילצערנעם סטיל און אלטמאדיש׳ע אויסדרוקן דעם אלטן קלירס פיוטים. און דאך איז שלמה הבבלי געווען בלי־ספק א מענטש מיט דיכטערישער באגאבונג, און דורך דעם שטייפן לבוש פון דער הארבער, הילצערנער שפראך רייסט זיך דאך צייטנווייז דורך דער פלאם פון אמתער באגייסטערונג. מיר ברענגען דא אין אונזער איבערזעצונג איינע פון זיינע „שלמוניות", די באקאנטע סליחה „אב לרחם", וואס ווערט געלייענט ערב ראש־השנה:

„אב לרחם! דו גאט פון רחמים און גרוים לייטזעליקייט! דו האסט אונז דאך נים פארשעמט, אונז, קינדער פונם הייליקן בונד! אין גלות פארוואגלט — דאך ביסטו מיט אונז! פארגיב זשע אונזער זינד, אונזער שולד זיי אונז מוחל, גיב אונז דערלייזונג! וואש אונז ריין פונם בלוטיקן פלעק; פון אונזער שטערן מעק אפ דעם צייכן פון זינד, דערלויכט אונזערע הערצער מיטן שטראל פון פארצייונג, לאז הערן דיין באשלום: פארגעבן ווערט דעם לעצט געבליבענעם רעשט.

נגעטונקט זיינען מיר אין לאסטער פון זינד, ווי שרצים באדעקט מיט עקלהאפטן שמוץ — זאל דיין ריינער קוואל אונזער נשמה דערפרישן — דו ביסט דאך דער גאט פון ליבע און פארגעבונג!

„מיר זיינען פארווארפן פאר אונזערע לאסטער, ניטא די הייליקע וואסערן, וואס זאלן אונז וואשן ריין. פון דיין נאמען וועגן, א גרויסער גאט, פארגיב דעם פאלק זיין שווערע זינד.

„ניטא קיין גרענעץ צו דיין גענאד. דו האסט אלץ פארגעבן דיין וויי דערשפעניק פאלק, פארגיב אים אויך איצט זיינע גרויסע שולד.

„פארשפרייט איבער אונז דיין הייליקן מאנטל, דערוועק אונזערע הערצער צו נייעם לעבן, לערן אונז בלייבן געלייטערט און ריין, ניט משפט אונז שטרענג, דו גאט פון דערבארמען...

„פון אונזער טיפער דערנידערונג דערהויב אונז, א גאט! שטיל און באררויק אונזערע פאראומערטע הערצער, זאל נעמען א סוף מיט די טעג פון שאנד און בראך, זיי אונזער באשיצער, האב מיטלייד מיט אונז.

„א נישטיקער רעשט זייען מיר געבליבן; ווער אויסער דיר וועט האבן מיטלייד מיט אונז. אונזר איינציקע שוץ איז דיין לייטזעליקייט בלויז.

הער־זשע אונז, אָ גאָט! פאַרנעם אונז, אָ גאָט! פאַרגיב אונז און העלף!..

„פאַר דיר זיינען דאָך אָפן אַלע מענטשלעכע הערצער, ניטאָ פאַר דיר קיין פאַרבאָרגענע סודות. דו ווייסט, ווי אונזערע הערצער שמאַכטן אונטער דעם לאַסט פון זינד. זיינען מיר צו דיר געקומען בעטן טרייסט און הילף, צו דיר, דעם גאָט פון רחמים, פון גענאָד און ליטזעליקייט!..“

---

צוזאַמען מיט רעליגיעזער פּאָעזיע האָבן זיך דעמאָלט אויך באַוויזן אין איטאַליע שפּראָצונגען פון דער אייגנאַרטיקער דידאַקטיש־דערציילערישער מדרש־ליטעראַטור. דאָ מוזן מיר זיך קודם־כל אָפּשטעלן אויף אַן אינטערעסאַנט ווערק, וואָס איז פאַרבונדן מיטן נאָמען פון דעם באַליבטסטן העלד אין דער יידישער פאָלקס־לעגענדע — מיט אליהו הנביא. דאָס איז דער באַקאַנטער מדרש „תנא דבי אליהו רבא“[1]. איינגעהילט אין סוד איז דער נאָמען פון זיין פאַרפאַסער, דאָס אָרט פון זיין געבורט, און ניט אין גאַנצן פעסטגעשטעלט איז אויך די צייט, ווען ער האָט געלעבט. אין אַ פּאָר ערטער אינעם מדרש גופא, ווי צום ביישפּיל אינעם לעצטן, איין־און־דרייסיקסטן קאַפּיטל, ווערט אַפילו בפירוש אָנגעוויזן, אַז „עס זיינען פאַרגאַנגען 900 יאָר זינט חורבן בית שני“[2], ‚דאָך האָבן אייניקע פאָרשער, ווי, צום ביישפּיל, וו. מאַרקאָן [3], געפּרוווט דערווייזן, אַז דאָס זיינען שפּעטערדיקע הוספות און דער „אליהו רבא“ איז אַ קדמוניש ספר, וואָס איז געשריבן געוואָרן נאָך בימי חכמי התלמוד. דאָס רוב פאָרשער האַלטן זיך אָבער אין דער דעה, אַז דער מדרש איז געשריבן געוואָרן מיטן אין צענטן י״ה[4]. גאָר אַ טייל פון זיי, ווי ש. י. ראַפּאָפּאָרט, האָבן אַרויסגעזאָגט די השערה, אַז דער אומבאַקאַנטער פאַרפאַסער האָט געלעבט אין בבל; מיר זיינען אָבער מער נוטה צו גרעצס און נידעמאַנס מיינונג, אַז דער מדרש „אליהו רבא“ איז פאַרפאַסט געוואָרן אין איטאַליע און זיין פאַרפאַסער האָט געשטאַמט פון רוים, וואָס פלעגט אָפט אין דער העברעישער מיטלאַלטערלעכער ליטעראַטור אָנגערופן ווערן מיטן נאָמען בבל. עס איז אָבער זייער וואַרשיינלעך, אַז דער אומבאַקאַנטער פאַרפאַסער האָט דערביי אין געוויסער מאָס אויסגענוצט אַן עלטער ווערק, וואָס שטאַמט פון ארץ־ישראל. דער פאַרפאַסער האָט, ווי עס שיינט, פיל געוואַנדערט איבער דער

---

1 דער צווייטער טייל, אליהו זוטא, איז ווי עס שיינט פאַרפאַסט געוואָרן שפּעטער.

2 ומשנחרב הבית האחרון עד עכשיו הרי תשע מאות שנה.

3 „מספרותנו העתיקה“, 1910, 26—46. מאַרקאָנס באַווייזן זיינען ווייניק איבערציינגנדיק.

4 ז. צונץ, „גאָטעסדינסטליכע פאָרטרעגע“, 2טע אויפלאַגע; 119—124; פּאָגעלשט, אונד ריגער, ציט. ווו., 200—203.

וועלט [1], האָט באַזוכט די גרויסע יידישע קהילות אין בבל, געווען אויך אין אַלטן רוים, וועלכן ער רופט אָן „כּרך גדול שבעולם" (די גרויסע וועלט־שטאָט). זיינע וויסנשאַפטלעכע ידיעות זיינען געווען גאַנץ קנאַפּע און אין דער הינזיכט איז ער ניט געשטאַנען העכער פונם רוב תּלמידי חכמים אין איטאַליע. נאָר זיינע שטענדיקע רייזעס האָבן פאַרברייטערט זיין וועלט־אָנשויונג און אין זיינע מוסר־רייד פילט זיך דער מענטש מיטן ברייטן קוק, וואָס פאַרהאַלט זיך מיט טאָלעראַנץ צו פרעמדע רעליגיעזע אָנשויונגען. אמת, דער גאָטספאָרכטיקער פּאַרפּאַסער איז זיך מתרעם אויף די איטאַליענישע יידן פון יענער צייט דערפאַר, וואָס זיי נעמען גערן איבער די מנהגים פון די קריסטלעכע שכנים, עסן מיט זיי צוזאַמען ביי איין טיש און זיך אַפילו ציימנווייז משדך מיט זיי[2]. עס איז ניטאָ די אומה, וואָס זאָל ניט רודפן יידן, ווייזט אָן דער פאַרפאַסער, און דאָס איז אַלץ דערפאַר, וואָס „אברהם אבינו" האָט געשלאָסן אַ בונד מיט אַ געצנדינער — אַבימלך (קאַפּ' 7). „אַ ייד דאַרף זיין געהיט ער זאָל ניט עסן מיט קיין געצנדינער ביי איין טיש", וואָרנט דער „תּנא דבי אליהו". „עס איז קלאָר: ווער ס'עסט מיט אַ געצנדינער צוזאַמען ביי איין טיש, איז גלייך ווי ער דינט אַליין עבודה־זרה" [3]. און ווייטער דערציילט דער פאַרפאַסער אַ מעשה וועגן אַ בתולה אַ צדקת, וועלכע האָט זיך אַראָפּגעוואָרפן פונם דאַך און איז געהרגעט געוואָרן נאָר דערפאַר, וואָס איר פאָטער, דער עם־הארץ, האָט איר געוואָלט חתונה־מאַכן פאַר אַ גוי, מיט וועלכן ער האָט זיך געחברט און געגעסן און געטרונקען צוזאַמען [4]. און טאַקע דער זעלבער פאַרפאַסער, וואָס שטייט פעסט אויף דעם שטאַנדפּונקט, אַז יידן דאַרפן זיין אַ „עם לבדד ישכּון", אַ פאָלק, וואָס לעבט אָפּגעזונדערט פון אַנדערע אומות, — איז איבערצייגט, אַז יעדער מענטש איז אַ אָפּבילד פון גאָט, און ער באַווייזט דערביי אַזאַ ברייטע טאָלעראַנץ, צו וועלכער מען איז אין יענער פינסטערער צייט בכלל ניט געוויינט געווען. „הימל און ערד נעם איך פאַר עדות — ערקלערט מיט פאַטאָס דער פאַרפאַסער — סיי אַ ייד, סיי אַ געצנדינער, סיי אַ מאַן, סיי

---

1 פילע זיינע מעשיות הייבן זיך אָן מיט דער באַמערקונג: „פּעם אחת הייתי עובר ממקום למקום" (זע, צ"ב, קאַפּ' 14, 18, 20, 23 א"אַ).

2 מען דאַרף דאָ נעמען אין באַטראַכט, אַז אין יענער צייט האָבן פילע איטאַליענישע יידן זיך פאַרנומען מיט ערד־אַרבעט און מיט וויינגערטנער.

3 דאָרטן, קאַפּיטל 8, אין אָנפאַנג און צום סוף, 12 א"וו. אין אייניקע אויסגאַבן שטייט „עובדי כּוכבים", אין אַנדערע „כּשדים". מיר ציטירן לויט דער וואַרשעווער אויסגאַבע פונם יאָר 1880.

4 קאַפּ' 21: מעשה בבת אחת שהיה אביה חבר לעכו"ם וכו'.

אַ פרוי, סײַ אַ קנעכט, סײַ אַ דינסט — אויף יעדן פון זיי רוט דער רוח הקודש לויט זײַנע מעשים נאָך״[1]. אין אַן אַנדער קאַפּיטל לייענען מיר: „איך האָב צו אים אַזוי געזאָגט: מײַן זון! עס שטייט אין דער תורה געשריבן: לא תעשוק את רעך ולא תגזול, זאָלסט ניט באַרויבן דײַן נאָענטן; דײַן נאָענטער — דאָס איז דער בנעני, דער אַנדערשגלויביקער, ער דאַרף בײַ דיר זײַן ווי דײַן ברודער אַליין (רעך הרי הוא כאחיך). דערפון איז געדרונגען, אַז אָפּנאַרן אַ נכרי איז אַ גרויסע זינד[2]. דער גאָטספאַרכטיקער פּאַרפּאַסער האַלט גאָמירלעך זייער פיל פונם למוד התורה. ווען אַ מענטש — זאָגט ער — האָט אַפילו הונדערט זײַנע אייגענע הייזער, הונדערט ווייגערטנער און הונדערט פעלדער — דאַרף ער אַלץ איבערלאָזן און גיין אין בית־המדרש אַריין לערנען תורה. נאָר דאָס וויסן, וואָס דער מענטש האָט דערוואָרבן, טאָר ער ניט באַהאַלטן פאַר זיך — ער איז מחויב דאָס אַלץ אויסנוצן לטובת הכלל. „ווען אַ מענטש איז אַפילו קלוג ווי משה רבנו, פרום ווי אהרן הכהן, טאָר ער דאָך ניט זאָגן: „ווײַל איז מיר, גוט איז מיר, איך וועל מיר זיצן במנוחה בײַ זיך אין מײַן הויז. ניין — ער דאַרף גיין צום צבור און נעמען אָנטייל אין יעגעמס צער און לײַדן״ (קאַפּ׳ 20).

אָט דער דאָזיקער אַקטיווער ריין־געזעלשאַפטלעכער מאָטיוו, לאָזט זיך זייער שאַרף הערן אין דעם גאַנצן בוך. כאַראַקטעריסטיש איז פאָלגנדיקע שטעלע: „ווייסט איר פאַרוואָס אין די צײַטן פון די שופטים זײַנען אין דעם טאָל פון בנימין אומגעקומען גאַנצע 70 טויזנט נפשות? ווײַל די פירער פונם פאָלק זײַנען מחויב געווען פאַרקאַטשען איבער די קני די פאָלעס, אָנגורטן די לענדן מיט אײַזערנע שטריק און שפּאַנען איבער אַלע ייִדישע שטעט, איין טאָג אין לכיש, איין טאָג אין בית־אל, איין טאָג אין חברון, און אַזוי אין אַלע ייִדישע קהילות, און לערנען דאָרט דאָס פאָלק דרך־ארץ, ווי אַזוי צו הייליקן און צו דערגרויסן דעם נאָמען פון גאָט ברוך־הוא איבער אַלע וועלטן. זיי האָבן אָבער ניט אַזוי געטאָן. ווי נאָר זיי זײַנען אַרײַן אין לאַנד, האָט יעדער באַזונדער ראשו ורובו זיך אָפּגעגעבן מיט זײַן פעלד און ווײַנגאָרטן; אין זינען געהאַט נאָר זײַן רו און זײַן וווילטאָג, און גאָרניט געטראַכט וועגן טובת הכלל״ (קאַפּ׳ 11).

ווי הויך אין „תנא דבי אליהו״ ס׳ווערט ניט געשעצט דער לימוד התורה, ווערט דאָך דערבײַ אָנגעוויזן, אַז עס איז דאָ נאָך העכערס, און

---

[1] דאָרטן, אָנפאַנג קאַפּ׳ 9: „מעיד אני עלי את השמים ואת הארץ: בין ישראל בין עובד כוכבים, בין איש בין אשה, בין עבד בין שפחה, הכל לפי המעשה שהוא עושה כך רוח קודש שורה עליו״.

[2] קאַפּ׳ 15: „כתיב לא תעשוק את רעך... רעך הרי הוא כאחיך ואחיך הרי הוא כרעך הא למדת שגזל העכו״ם אסור כי גזל הוא״.

נאָך וויכטיקערס — דער מענטש גופא. א תלמיד האָט ביי אים געפרעגט. „רבי! צוויי זאַכן זיינען פאַראַן אויף דער וועלט, וואָס איך ליב זיי מיטן גאַנצן האַרצן פון מיין האַרצן: די תורה און דאָס פאָלק ישראל. איך ווייס אָבער נישט, ווער פון זיי איז בילכער?" האָב איך אים געענטפערט: „דער רוב רעכנט, אַז די תורה איז בילכער... אָבער איך זאָג דיר: ישראל איז וויכטיקער" [1].

דער „תנא דבי אליהו" האַלט אויך נישט פון סיגופים און פייניקן זיך, און רעכנט עס פאַר א „שלעכטן סימן", ווען איינער האַלט נישט פון עולם הזה און לעבנס-ווילמאָגן [2].

דאָס גאַנצע בוך איז געשריבן אין א האַרציקן סטיל; זיינע מוסר-רייד פאַרענדיקט דער פאַרפאַסער גאַנץ אָפט מיט א געבעט צום „פאָטער אין הימל" (אבינו שבשמים) [3]. און אונזער „פאָטער אין הימל" איז, לויט דער איבערצייגונג פונם פאַרפאַסער, לויטער חסד און לייטזעליקייט. „מיר דאַרפן — דערמאָנט ער שטענדיק — דאַנקען און לויבן דעם הקב"ה פאַר זיינע גרויסע גענאָדן". די סודות פון חכמת הנסתר אינטע-רעסירן אים דווקא גאַנץ ווייניק. ער קוקט אויף דער וועלט מיט גלויביקע, אָבער ניכטערע און קלאָרע אויגן; דערפאַר איז אויך זיין סטיל אַזוי פשוט און איינפאַך, אָן רמזים, אָן רעטענישן, אָן „צירופי אותיות" און גמטריאות.

גאָר אין אַן אַנדער נוסח איז געשריבן א צווייטער מדרש פון יענער צייט, וואָס זיין געבורטסאָרט איז געוויזן בלי-ספק איטאַליע. „ספר זרובבל" הייסט דער דאָזיקער קליינער מדרש, און געשריבן איז ער אינם סטיל פון דעם ביבלישן בוך „דניאל" [4]. זרובבל, א „חוטר מגזע ישי", דער שפּראָצלינג פון מלכות בית דוד, האָט געוואָלט זיך דערוויסן, וואָס עס וועט זיין „באחרית הימים", ווען וועט זיין דער „קץ", און משיח דער גואל וועט קומען. האָט אים א ווינט אויפגעהויבן, צווישן הימל און ערד אים געטראָגן, און געבראַכט אים אין „דער שטאָט פון בלוט", אינם זינ-

[1] דאָרטן, קאַפּיטל 14, ז' 267.

[2] דאָרטן, ז' 258 : „כל הקץ בחיים טובים בעולם הזה סימן רע לו".

[3] זע, למשל, ענדע קאַפּ' 19.

[4] דאָס ערשטע מאָל געדרוקט אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל אין יאָר 1519, איבערגע-דרוקט אין סוף פונם ספר „מלפיאל" אין יאָר 1819, און אויך אין יעלינעקס „בית המדרש", II.

דיקן רוים. איז ער געקומען אויפן מארק פון שאנד, און באגעגנט דארטן א מענטשן, וואס זיין אויסזען איז געווען עקלהאפט און נמאס. און אט דער נמאסער מענטש האט זרובבלען ערקלערט, אז דאס איז ער עס דער משיח פון מלכות בית־דוד, אויף וועלכן עס קוקט אזוי ארוים דאס צעזייטע פאלק ישראל. מיט שרעק און מיט שוידער האט זרובבל געקוקט אויף דעם שענדלעכן מענטשן, און פלוצלונג איז דער אומבאקאנטער פארענדערט געווארן: שיין און לייכטנדיק איז געווארן זיין פנים... און זרובבל האט אים דערקענט, דעם ליכטיקן גואל... ווארם אזוי איז דער ווילן פונם באשעפער פון אלע וועלטן, דעם גרויסן גאט פון ישראל, אז געקאוועט אין קייט; און אין שרעקלעכע יסורים זאל שמאכטן דער ליכטיקער גואל, דער דערלייזער פון דער וועלט, דארט אין „דער שטאט פון בלוט..." ביז די באשטימטע צייט וועט קומען, און דערמאנען וועט זיך גאט אין זיין פארוואגלט פאלק. אראפפאלן וועלן דעמאלט די קייטן פון דעם ליכטיקן גואל, און ערשיינען וועט ער אין זיין גאנצער פראכט און שיינקייט...

און פלוצלונג האט זיך פאר זרובבלען א נייע ערשיינונג אנטפלעקט, א זעקס־פליגלדיקער מלאך, מטטרון שר הפנים. גאטס שליח האט זיך באוויזן פאר אים און אויפגעדעקט פאר אים דעם גרויסן סוד: נאך אין די טעג פון נבוכדנאצר, גלייך נאכן חורבן בית ראשון, איז משיח געבארן געווארן, און דער פון גאט געשיקטער ווינט האט אים אין דער וועלטשטאט אין רוים פארטראגן, און דארט אים באהאלטן ביז עס וועט קומען דער גרויסער טאג פון דער ליכטיקער גאולה. אלץ ווייטער האט מטטרון פאר זרובבלס אויגן אויפגעוויקלט די געמלעכע מגילה פון טיפע קומענדיקע סודות, וואס ליגן באהאלטן אינם שוים פון „אחרית הימים". און מטטרון האט ווייטער דערציילט: דער נאמען פון דעם גואל, וואס דו זעסט איצט פאר דיר, איז מנחם בן עמיאל. נאך איידער עס וועט קומען די צייט, ווען משיח וועט דארפן נתגלה ווערן, וועט זיך באוויזן זיין פארגייער, משיח בן יוסף, וואס זיין נאמען וועט זיין נחמיה בן חושיאל. יענער וועט צונויפזאמלען דעם קיבוץ גליות קיין ירושלים און דארט וועט דאס גאנצע פאלק מקריב זיין קרבנות דריי חדשים נאכאנאנד. און מטטרון האט זרובבלען געוויזן א שטיינערנע פרויען־פיגור און האט אים געזאגט: „זיי וויסן, אז דורך דעם באהעפטן זיך פון דעם ס"מ מיט דער דאזיקער שטיינערנער פרוי, וועט געבוירן ווערן דער שרעקלעכער אומגעהויער, ארמילוס. פחדימדיק וועט זיין דער אויסזען פון דעם דאזיקן זון פון דעם שטן און דער שטיינערנער פרוי: אינגאנצן באוואקסן מיט רויטע האר, צוועלף איילן וועט האלטן זיין וווקס און ביז צו די קנעכלען וועלן דערגרייכן זיינע הענט;

גיפֿט און שרעק וועט פֿאַרשפּרייטן זיין בליק [1]. אַרמילוס וועט איינגעמען די גאַנצע וועלט, קיינער וועט ניט זיין אימשטאַנד אים זיך אַנטקעגנשטעלן; ער וועט הרגענען דעם משיח בן יוסף און ווידעראַמאָל צעשפּרייטן דאָס יידישע פֿאָלק איבער דער גאַנצער וועלט. און נאָכדעם ווי משיח בן יוסף וועט געהרגעט ווערן, וועט זיין שטעקן איבערגעגעבן ווערן אויף גאָטס באַפֿעל אין די הענט פֿון חפֿצי־בָה, די מוטער פֿון מנחם בן עמיאל (דער משיח בן דוד). דער דאָזיקער שטעקן איז דער וואונדער־שטעקן, וואָס איז געווען ביי משה ואהרן אין די הענט בעת זיי זיינען צו פּרעהן געגאַנגען, ס׳איז דער זעלבער שטעקן, וואָס איז געווען ביי דוד המלך אין די הענט, און שטאַמט נאָך פֿון אָדמען מיט שתן; אים האָט אליהו בן אליעזר באַהאַלטן אין אַ הייל, לעבן דער שטאָט רַקַת (טבריה) און פֿון דאָרטן האָט אים אַרויסבאַקומען דער משיח בן יוסף. אָט מיט דעם דאָזיקן וואונדער־שטעקן וועט אַרויסטרעטן חפֿצי־בה, די מוטער פֿון מנחם בן עמיאל; אַלע שטערן און מזלות וועלן מלחמה האַלטן פֿאַר איר, און זי וועט באַקומען צוויי שטאַרקע מלכים, די גרעסטע פֿיינד פֿון ציון. און ווען עס וועלן דערפֿילט ווערן ניין הונדערט און ניינציק יאָר זייט ירושלים איז חרוב געוואָרן (ד״ה אינם יאָר 1058), וועט די מוטיקע פֿרוי חפֿצי־בה איבערגעבן דעם מטה אַהרן אין די הענט פֿון איר זון מנחם. און עס וועט זיך באַווייזן דער ליכטיקער גואל אין דעם טאָל אַרבאל. אָנפֿאַנגס וועלן די פֿירער פֿונם פֿאָלק ישראל זיך פֿאַרהאַלטן צו אים מיט חשד, דעמאָלט וועט זיך דער גואל באַווייזן אין זיין גאַנצער פּראַכט און שיינקייט; אויף זיין רוף וועט ערשיינען אליהו הנביא, און אויפֿשטיין פֿון זיין קבר וועט דער משיח בן יוסף, נחמיה בן חושיאל. און אַלע דריי: דער ליכטיקער גואל מיט זיינע צוויי שלוחים, וועלן אַריינטרעטן אין די טויערן פֿון דער הייליקער שטאָט ירושלים. און פֿון די טיפֿעניש פֿונם ים וועלן אויפֿשטיין אַלע קדושים, וואָס זיינען אומגעקומען אויף קדוש־השם. ציטערן וועט די ערד און וואַקלען וועלן אירע גרונטן, און באַקרוינט מיט פֿרייד וועלן פֿון אַלע עקן פֿון דער וועלט זיך צונויפֿקומען די אויסגעלייזטע קינדער פֿונם פֿאָלק ישראל. מיטן בלאָז פֿון

---

1 די לעגענדע וועגן אַרמילוס, דעם זון פֿונם שטן און די שטיינערנע פֿרוי, געפֿינט זיך אויך אין איניקע אַנדערע מדרשים, ווי „תפֿלות ר׳ שמעון בן יוחאי״ („בית המדרש״, IV, 124), „אותיות המשיח״ (דאָרטן, II, 60) אין „מדרש ויושע״. אין דעם „מדרש אותיות המשיח״ ווערט דערביי אָנגעוויזן, אַז אַרמילוס, דאָס איז דער, וואָס „די אומות העולם רופֿן אים אַנטיקריסטוס״. דאָס באַווייזט, אַז די דאָזיקע לעגענדע איז איבערגעגאַנגען צו די יידישע מדרשים אויס קריסטלעכע קוועלן. וועגן דעם צוזאַמענהאַנג פֿון דער אַרמילוס־לעגענדע מיט דער אַלטער אַגדה, אַז דער דיכטער ווירגילי האָט געמאַכט אַ וואונדער־שיינע פֿרויען־סטאַטוע, זע ביי גידעמאַן, „התורה והחיים״, II, ביילאַגע IV.

זיין אָמעם וועט משיח בן דוד דערהרגענען דעם אויסוואורף פון רשעות — דעם ארמילוס; ווידער ווי אַמאָל וועט זיך האָם בית־המקדש דערהויבן איבער אַלע פינף שפיצן פון ציון, און דאָס פאָלק ישראל וועט אויף אייביקע צייטן ירשענען זיין לאַנד..."

* * *

דאָס „ספר זרובבל" דערציילט וועגן דעם, וואָס עס וועט געשען — „באחרית הימים". בערך אין איין צייט מיט אים איז אין דעם זעלבן איטאַליע פאַרפאַסט געוואָרן אַ בוך, וואָס דערציילט נאָר וועגן דעם, וואָס ס'איז שוין פריער געשען אין די פאַרגאַנגענע דורות. דאָס איז די אָפּט פון אונז ציטירטע כראָניק „ספר יוחסין". בלויז איין איינציקע אָפּשריפט איז צו אונז דערגאַנגען פון דעם דאָזיקן אינטערעסאַנטן בוך. מען האָט זי געפונען אין שפּאַניע אין דער קאַטעדראַל־ביבליאָטעק פון טאָלעדאָ, און נייבויער האָט זי אָפּגעדרוקט אינב סוף פונם 19טן יאָרהונדערט [1].

דער פאַרפאַסער ווייזט אָן גאַנץ גענוי אין סוף פון זיין ווערק ניט נאָר זיין נאָמען, נאָר אויך די שטאָט און דאָס יאָר, ווען ער האָט זיין כראָניק פאַרפאַסט. „איך אחימעץ בר' פלטיאל בר' שמואל — מעלדעט דער פאַרפאַסער — האָב אין מיין ווין־שטאָט אוריאָ (אוירי קריית חנייתי) אינם יאָר פיר טויזנט אַכטהונדערט און פערצן לבריאת עולם (1054) צונויפגעזאַמלט מיין ספר יוחסין" (אספתי זה ספר יהוס') [2]. אחימעץ בן פלטיאל, ווי מיר זעען, האָט כלל ניט בדעה געהאַט אָנצושרייבן אַ היסטאָריש ווערק, ער האָט בלויז געוואָלט שרייבן „דעם ספר פון זיין יחוס". אַן אוראייניקל פון די פייטנים שפטיה און אמיתי, האָט אחימעץ בן פלטיאל זיך געשטעלט די באַשיידענע אויפגאַבע אויפשצושרייבן די כראָניק פון זיין אייגענער פאַמיליע פאַרן משך פון די לעצטע צוויי הונדערט יאָר (פון מיטן 11טן ביזן מיטן 9טן יאָרהונדערט; פאַרצייכענען לזכרון אַלץ, וואָס איז אים באַקאַנט אויס דעם לעבן פון זיינע זיידעס און עלטער־זיידעס. נאָר אַגב אורחא, באַשרייבנדיק די געשיכטע פון זיין משפחה, וואָס האָט געגעבן אייניקע באַדייטנדיקע פערזענלעכקייטן, באַרירט דער פאַרפאַסער אויך פילע אינטערעסאַנטע היסטאָרישע געשעענישן און באַקענט אונז

---

[1] אין „ספר חכמים וקורות הימים", ב' II, 111—132.

[2] אחימעץ בן פלטיאל איז געבאָרן געוואָרן אינם יאָר 1017. זיין ווערק האָט ער אָנגעשריבן ווען ער איז אַלט געווען 37 יאָר. ווי עס שיינט, איז אים באַקאַנט געווען דער מדרש „ספר זרובבל", ווייל אין סוף פון זיין „ספר יוחסין", ווו ער זאָגט אַרויס דעם ווונטש, אַז נאָך ביים לעבן פון זיינע צוויי קינדער זאָל משיח קומען, ווערט אונטערגעשטראָכן: „ויצמח גואל הוא מנחם בן עמיאל ונחמיה בן חושיאל".

מיט כאַראַקטעריסטישע פּרטים אויס דעם קולטורעלן לעבנסשטייגער פון די יידן אין איטאַליע און אַמאָליקע צייטן, אין יענער אַלטער תקופה, וואָס איז אָפּגעטיילט פון אונז מיט גאַנצע טויזנט יאָר.

אויף דעם געשיכטלעכן ווערט פון אַחימעצס כראָניק האָבן מיר שוין מערערע מאָל אָנגעוויזן; איצט וועלן מיר זי באַטראַכטן אויסשליסלעך אַלס אינטערעסאַנטן קולטור־ליטעראַרישן דענקמאָל אויס דעם טיפן מיטלאַל־טער. עס איז בכלל נים קיין צופאַל, וואָס אין „ספר יוחסין״ ווערן אַזוי אָפּט דערמאָנט די מלחמות, וואָס די אַראַבער האָבן געפירט אין אַפּאָליע און קאַלאַבריע. די אַראַבישע השפּעה איז אין יענער צייט געווען זייער גרויס אין דרום־איטאַליע, און זי פילט זיך אויך אין דעם גאַנצן נוסח פון אַחו־מעצס כראָניק. דער „ספר יוחסין״ איז געשריבן אין סטיל פון די אַראַבישע מאַקאַמען. א ן דער גערייםטער פּראָזע זיינען (אמת, בלויז אין זעלטענע פאַלן) איינגעפלאָכטן געריימטע לידער, ווי צום ביישפּיל, חננאלס געבעט: „אל אדון על כל העולם״ (ז׳ 121) אָדער די קינה „אתן צדק לאלי״ צום אָנדענק פון דעם אַסטראָנאָם און מיניסטער פּלטיאל (ז׳ 130). אויך אין פילע אויסדרוקן פילט זיך די השפּעה פון דער אַראַבישער שפּראַך[1]. נאָר אַחימעצס סטיל דערגרייכט נאָך לאַנג נישט צו דער מייסטערשאַפט, וועלכע ס׳האָבן אַרויסגעוויזן די שפּעטערדיקע יידישע מאַקאַמען־דיכטער, אַלחריזי, זבּרה און אַנדערע. אַחימעצס אויסדרוקן זיינען נאָך ערטערווייז אומבאַ־האָלפן, עס באַמערקט זיך אויך ניט זעלטן, ווי קנאַפּ די גראַמאַטישע ידיעות זיינען נאָך דעמאָלט געווען ביי די איטאַליענישע יידן. דאָך איז אַחימעצס שפּראַך געגוגנד רייך און ער באַווייזט אַ גרויסע בקיאות אין דער ביבלישער און נאָך־ביבלישער ליטעראַטור.

ווי דער פאַרפאַסער פונם „יוסיפון״, אַזוי מאַכט אויך אַחימעץ בן פּלטיאל קיין שום אונטערשייד ניט צווישן שטרענג פעסטגעשטעלטע היסטאָ־רישע פאַקטן און פּשוטע פאָלקס־אַגדות. די פאַנטאַסטישע לעגענדעס דער־וועקן ניט אין אונזער פאַרפאַסער דעם מינדסטן חשד, און ער גיט זיי איבער ווי וואָרע געשיכטלעכע געשעענישן. נאָר טאַקע די דאָזיקע לע־גענדעס און ווונדערלעכע מעשיות, וואָס ווערן דערציילט מיט אַזאַ נאַיווער פשטות, זיינען זייער אינטערעסאַנט, ווייל עס שפּיגלט זיך אין זיי אָפּ־בולטסטן אָפּ דער קולטורעלער מצב פון יענער צייט.

דאָס רוב לעגענדעס, וואָס ווערן געבראַכט אין „ספר יוחסין״, זיינען פאַרבונדן מיט די נעמען פון אַבו אַהרן און דעם פייטן שפטיה. ביי

[1] זע חענן דעם ד. קויפמאַן: „די כראָניק דעם אַחימעץ פ. אוריאָ״, 39.

ר׳ אליעזר אוים וואָרמס ווערט דערציילט [1], אַז אַבו אַהרנס פֿאָטער איז געווען ,,שמואל דער נשיא אין בבל״. אין ,,ספֿר יוחסין״ אָבער פֿיגורירט אַבו אַהרן אַלס זון פֿון אַ רייכן מילגער אין באַגדאַד. און עס ווערט דאָרט דערציילט, ווי דער פֿאָטער האָט אַמאָל געלאָזן זיין זון אַכטונג געבן בײַ דער מיל. האָט זיך אָבער דער יונגער אַבו אַהרן פֿאַרטיפֿט אין זיינע למודים און אין דער צייט האָט אַ לייב פֿאַרצוקט דעם אייזל, וואָס האָט געבראַכט אין באַוועגונג די מיל־שטיינער. דער יונגער בעל־קבלה האָט לאַנג ניט געטראַכט און מיט השבעות און שמות געצוווּנגען דעם לייב גיין אין געשפּאַן אויפֿן אָרט פֿונם פֿאַרצוקטן אייזל. גראָד קומט אָן דער פֿאָ־טער און ער זעט מיט שטוינען און שרעק, ווי דער מלך פֿון די חיות אַרבעט געבעד מיט אַ געבויגענעם רוקן ווי אַ פּשוטער אייזל. דער מילגער פֿון באַגדאַד האָט אין דעם דערזען אַ שטיקל מרידה קעגן דעם סדר העולם: כּ׳טייטש, נעמען אַ מלך, וואָס איז באַשאַפֿן צו געוועלטיקן, ער זאָל גאָר גיין אין געשפּאַן און שווער אַרבעטן ווי אַ לאַסט־חיה. האָט דער פֿאָטער גוזר געווען אויף זיין זון, ער זאָל אַלס עונש פֿאַר זיין חוצפּה נע־ונד זיין גאַנצע דריי יאָר, ,,ואז שוב לארצך״ און ערשט דערנאָך צוריק אַהיים קו־מען. דער יונגער אַהרן איז אַוועק קיין יפֿו און דאָרט זיך געזעצט אויף אַ שיף, וואָס האָט געהאַלטן ביים אָפּפֿאָרן. אויפֿן אָרט פֿון געצאָלט האָט אַהרן געגעבן דעם קאַפּיטאַן פֿון דעם שיף אַ הבטחה, אַז זיין שיף וועט אָפּפֿאָרן בשלום און עס וועט אים קיין אומגליק ניט טרעפֿן אויפֿן וועג. מיטן שיף איז אַהרן אָנגעקומען צו דער איטאַליענישער האַפֿן־שטאָט—גאַעטאַ— און הייבט דאָרט גלייך אָן באַווייזן ניסים.

עס איז גראָד געווען ערב־שבת, האָט זיך אַבו אַהרן אָפּגעשטעלט בײַ אַ ייִדן אויף שבת. ער האָט אָבער באַלד באַמערקט, אַז דער ייִד איז ניט קוקנדיק אויפֿן הייליקן טאָג, אין גרויסער מרה־שחורה. יענער האָט אים ערקלערט, אַז אים האָט אַן אומגליק געטראָפֿן: זיין יינגעלע, אַ בן־יחיד, איז פֿאַרפֿאַלן געוואָרן. גלייך נאָך הבדלה לייגט אַבו אַהרן פֿאָר דעם ייִדן, ער זאָל מיט אים גיין אויף דעם וועג, אויף וועלכן עס פֿלעגט שטענדיק גיין שפּאַצירן זיין יינגעלע. דער דאָזיקער וועג האָט זיי פֿאַרפֿירט גלייך צו אַ הייזל, וווּ עס האָט געוווינט אַן אַלטע מכשפֿה. די אַלטע האָט אין דער התחלה געלייקנט שטיין און ביין; אַבו אַהרן האָט זיך אָבער ניט געלאָזט נאַרן. לעבן דעם הייזל איז געשטאַנען אַן אייזל, צוגעבונדן מיט אַ שטריק. אַבו אַהרן האָט גלייך פֿאַרשטאַנען, אַז דאָס איז געבעד דאָס פֿאַרלאָרענע יינגעלע, וועלכן די מכשפֿה האָט פֿאַרכּישופֿט, בכדי צו אַרבעטן מיט אים

1 זע אויבן, ז׳ 88.

עבודת פרך. אבי אהרן האט ניט געמאכט קיין לאנגע טענות: ער האט אפגעגומען ביי דער מכשפה דעם אייזל, מיט השבעות צעשטערט דעם כישוף, און דער גליקלעכער פאטער האט פאר זיך זיין בן־יחיד דערזען[1]. ניט קיין קלענערן נס האט אבי אהרן באוויזן אין דער שטאט ביגיבונטו. די ארטיקע קהילה האט אים מיט גרוים כבוד מקבל־פנים געווען און שבת אים איינגעלאדן אין שול הערן א יונגן חזן, וואס האט זייער געשמט מיט זיין ווונדערבאר־שיינער שטים. ווי נאר דער חזן האט אנגעהויבן דאוו־נען, האט אבי אהרן גלייך באמערקט, אז דאס דאוונט ניט קיין לעבע־דיקער מענטש, נאר א בר־מינן, וואס גייט שוין פון לאנג אום אין עולם התועה. ער האט גלייך אפגעשטעלט דעם חזן (עס שטייט דאך בפירוש: לא המתים יהללו יה), געמאכט א חקירה ודרישה, און דער חזן האט טאקע מודה געווען, אז דאס איז אלץ אמת און מיט געוויין האט ער וועגן זיין בימערן מזל דערציילט: אין איטאליע האט אמאל געלעבט א רייכער גאטס־פארכטיקער ייד מיטן נאמען אחימעץ. ער פלעגט אפט עולה־רגל זיין קיין ירושלים און דארט צעטיילן גרויסע נדבות. דארט האט ער עס באגעגנט דעם יונגנמאן מיט זיין ווונדערבארער שטים. האט ער ביי יענעמס מוטער געבעטן, זי זאל ערלויבן איר זון מיטפארן מיט אים אויף א שטיקל צייט קיין איטאליע. און אחימעץ האט ביי זיינע אייגענע קינדער געשווארן, אז ער וועט איר אומקערן איר זון געזונט און שטארק. די מוטער האט איינ־געווויליקט און דער יונגער חזן איז מיט אחימעצן אפגעפארן קיין איטאליע. גלייך נאך זייער קומען האט אחימעץ געמאכט א גרויסע סעודה, איינגע־לאדן פיל חשובע געסט און אויך דעם ראש־ישיבה מיט זיינע תלמידים. אויף דער סעודה האט דער יונגער חזן אלעמען ממש אנטציקט מיט זיין זינגען. די שמחה איז געווען זייער גרוים, זי האט אבער פלוצלונג פאר־שטערט א חשובער זקן, וואס איז אויך געווען איינגעלאדן צו דער סעודה. ער האט צוגעהערט דעם חזנס זינגען און פלוצלונג זיך שטארק צעוויינט. געוויינט האט ער דערפאר, ווייל ער האט גלייך זיך דערוווסט אז דארט אין דער פמליא של מעלה איז ארוים א גזר, אז דער יונגער חזן מוז באלד שטארבן. ווי אחימעץ האט דאס דערהערט, איז ער שטארק פארציטערט געווארן. „איך האב דאך ביי מיינע קינדער פאר זיין מוטער געשווארן, איך קאן דאך אויף מיין שבועה ניט עובר זיין!" בכדי אחימעצן ארויסהעלפן אין זיין נויט, האט מען אויף פארמעט א הייליקן שם אנגעשריבן, דעם יונגנ־מאן העכער פון עלנבויגן דאס פלייש איינגעשניטן און אהין די קמיעה אריינגעלייגט. אפגעטראטן איז דאן דער מלאך־המות, ער האט זיין שליטה איבער דעם יונגנמאן אנגעווארן. יענעמס גזר איז שוין טאקע געווען בא־

---

[1] דארטן, ז' 112—113.

שלאָסן, אויסגעמעקט איז ער געוואָרן פונם ספר־החיים — און דאָך ניט קיין טויטער... ער האָט זיך צו זיין מאַמען אומגעקערט, און געבלאָנדזשעט האָט ער פון דעמאָלט אָן איבער דער וועלט, אַ מת צווישן לעבעדיקע, גע־וואַנדערט אָן רו, ניט געקאָנט ניט לעבן ניט שטאַרבן. איצט, ווען זיין סוד איז נתגלה געוואָרן, בעט ער מען זאָל מאַכן אַ סוף צו זיין אייביקן וואַנדערן און געבן מנוחה זיין גוף און זיין נשמה. האָט מען אַ ווייסן לייל‎עך געצוי־מען; דעם יונגמאַן אויף אים אַנידערגעלייגט, דער רב האָט די האַנט אויפ־געשניטן, די קמיעה מיטן שם אַרויסגענומען — און גלייך איז אויף שטויב און אַש דער טויטער קערפּער צעפאַלן.

אַ גרויסער בעל־שם איז אויך געווען אַבו אַהרנס תּלמיד — דער פּייטן שפטיה. מיט דער הילף פון „שמות" און צירופי אותיות פלעגט ער זיך באַנוצן מיטן סוד פון „קפיצת הדרך", און אין איין מינוט פלעגט ער דורכמאַכן דעם גרעסטן מהלך וועג. ער האָט אויך, ווי ס'איז שוין פריער אָנגעוויזן, מיט השבעות אַרויסגעטריבן דעם „דבוק" פון דעם קיסר וואַסי־ליאָס בת־יחידה [1]. „אַמאָל, דערציילט דער „ספר יוחסין", איז שפטיה ביי־נאַכט פאַרבייגעגאַנגען אַ הויז פון זיינעם אַ באַקאַנטן און ער האָט דער־הערט אַ קינדערש געוויין. ער האָט זיך אומגעקוקט און דערזען ביים הויז צוויי ווייבער שטייען. „שוועסטער — זאָגט איינע דער אַנדערער — נעם דאָס קינד, מיר וועלן זיך ביידע דערמיט אָנזעטיקן". שפטיה האָט גלייך פאַרשטאַנען, אַז ער האָט דאָ צו טאָן מיט מכשפות, האָט ער ביי זיי אָפּגע־נומען דאָס קינד, געבראַכט עס אַהיים און ער און זיין פרוי האָבן טאַקע דערקענט, אַז ס'איז זייער שכנס קינד. און ביים שכן אין שטוב איז אַ יללה, אַ קלאָג. מען האָט אין דער פרי ביים אויפשטיין געפונען דאָס קינד טויט אין דער וויג. באַלד קומט שפטיה אַריין צו זיין שכן און אַז ער ווערט גע־וואָר, אַז מען האָט שוין דאָס קינד מקבר געווען, פרעגט ער פאַרחידושט: „איך פאַרשטיי ניט, וועמען איר האָט דאָ מקבר געווען — אייער קינד לעבט דאָך?" איז מען אויפן בית־עלמין געגאַנגען, דאָס פרישע קבר אויפ־געגראָבן — איז דאָרט אויפן אָרט פון אַ קינד אַ בעזעם געלעגן. גלייך פונם בית־עלמין האָט שפטיה זיינע שכנים צו זיך אַהיים געפירט און זיי האָבן מיט גרויס שמחה זייער קינד דערזען פריש און געזונט" [2].

ניסים האָבן באַוויזן מיט דער הילף פון דעם שם המפורש אויך שפטיהס ברודער חננאל און זיינע אוראייניקלעך שבתי און פּאַפּוליאָן. אַמ די צוויי יונגעלייט האָבן זיך אויפגעזעצט אויף אַ שיף און ערקלערט דעם קאַפּיטאַן, אַז זיי ווייסן דעם סוד פון „קפיצת הדרך" און אין איין נאַכט

---

[1] דאָרטן, ז' 115—117.

[2] דאָרטן, 122.

ווען דאָס שיף דערגרייכן די ברעגעס פון אפריקע. זיי האָבן אויף פאַרמעט א שם איינגעקריצט און ביים שיף אין וואסער געוואָרפן. ווי א פייל אויסן בויגן האָט זיך דאָס שיף געלאָזט איבערן וואסער. עס האָט אָבער א גרויס אומגליק פאַסירט. די יונגע בעלי־מופתים האָבן שטרענג אָנגעזאָגט, די מאַטראָסן זאָלן זיי ניט לאָזן איינשלאָפן אויף קיין איין מינוט. האָבן אָבער מעשה־שטן די מאַטראָסן ניט אויפגעפּאַסט, שבתי מיט זיין ברודער זיינען איינגעדרעמלט, און דאָס שיף האָט זיך דאן געלאָזט לויפן מיט אזא אימפּעט, אז ס׳האָט אַלע מענטשן פונם באָרט אינם ים אַראָפּגעשליידערט. דאָס שיף האָט זיך אַליין ווייטער איבער די כוואַליעס געטראָגן, ביז עס האָט זיך אין שאַרפע שטיינער אָנגעשלאָגן און זיך אויף צווייען צעשפּאָלטן[1].

מיר געפינען אָבער אין „ספר יוחסין" ניט נאָר לעגענדעס, נאָר אויך רעאַלע שילדערונגען, וואָס האָבן א געוויסן קולטור־היסטאָרישן אינטערעס, צום ביישפּיל די לאַנגע ערציילונג וועגן דער גלענצנדער קאַריערע, וואָס ס׳האָט געמאַכט אַדאַנק זיינע אַסטראָנאָמישע קענטעניסן דער שטערנזעער פּלטיאל ביים הויף פונם באַרימטן אַלמעוז, דעם באַצווינגער פון מצרים [2]. טיפּיש זיינען אויך איניקע ז׳שאַנר־בילדער אינם „ספר יוחסין". איינס פון זיי באַקענט אונז מיט א פריילעכן לץ, א פּייטן פונם 9טן יאָרהונדערט, סילאָנו אויס ווענוזא (ביגוסי).

קיין ווענוזא איז אַמאָל געקומען א זייער אָנגעזעענער תלמיד־חכם פון ארץ־ישראל. דער ירושלמי האָט שטאַרק אויסגענומען ביי דער אָרטיקער קהילה און מען האָט אים געבעטן ער זאָל דאָרט בלייבן פאַר א בעל־דרשן. דער תלמיד־חכם פלעגט יעדן שבת האַלטן א דרשה. אָנהייבן פלעגט ער יעדעס מאָל פון א מדרש, און אויף דעם סמך פונם מדרש־טעקסט פלעגט ער בויען זיין דרשה. ריידן פלעגט ער אויפן העברעיש־אַראַמעישן דיאַלעקט און ווייל דאָס רוב צוהערער האָט דעם דיאַלעקט ניט פאַרשטאַנען, איז דערביי געשטאַנען א מתורגמן—דער אָרטיקער פּייטן סילאָנו, און ער פלעגט יעדן זאַץ פונם בעל־דרשן גלייך ערקלערן אויף דער אומגאַנגס־שפּראַך. איינמאָל, אין א מאַרק־טאָג, זיינען קיין ווענוזא אָנגעפאָרן א סך דאָרפס־לייט און עס איז צפעם פאָרגעקומען א סיכסוך צווישן זיי און דער אָרטיקער באַפעלקערונג. דער סיכסוך איז טאַקע באַלד איבערגעגאַנגען אין א געשלעגע, אין וועלכן עס האָבן זיך אויך באַטייליקט די ווייבער מיט זייער כלי־זיין: קאָטשערעס, בעזימער וכדומה. א גאַנצע וואָך האָט די שטאָט געקאָכט וועגן דער מעשה, מענער און ווייבער האָבן געהאַלטן אין איין דערציילן וועגן דעם געשלעג. סילאָנו, דער מתורגמן, וואָס איז געווען א גרוי־

1 דאָרטן, ז׳ 113—114.

2 דאָרטן, ז׳ 125—130.

סער ליו, האָט פריטאָג גענומען שטילערהייט דעם ירושלמים פּאַרמעטענעם מדרש; ער האָט זייער גוט געוווסט, וואָסער שטעלע דער בעל־דרשן וועט מאָרגן אויסנוצן פאַר זיין דרשה, האָט ער טאַקע דאָרטן אויסגעקראַצט עטלעכע שורות און אויף דעם ליידיקן אָרט באַשריבן בדרך שיר דאָס גאַנצע געשלעג מיט אַלע פרטים, ניט פאַרגעסן אַפילו אין די ווייבער מיט זייער כלי־זיין. שבת, דער בעל־דרשן עפנט זיין מדרש, לייענט אין דער הויך דעם טעקסט, דער מתורגמן סילאַנו שטייט דערביי און איבערזעצט ערנסט, געלאַסן וואָרט ביי וואָרט, און די קהילה שטייט פאַרגאַפט און שטוינט אויף גאָטס וווּנדער: אין דעם ירושלמים מדרש איז באַשריבן מיט אַלע פּינטעלעך דאָס געשלעג, וואָס ס'איז אָקאָרשט פאָרגעקומען אין זייער אייגענער שטאָט. דעם בעל־דרשן איז אויך געווען שטאַרק קשה די מעשה — עס שטייט אָבער פאָרט אין מדרש... ער האָט זיך אָבער באַלד אָנגעשטויסן, אַז דאָס דאַרף זיין סילאַנוס אַן איינפאַל. דעם עולם האָט דאָס שטאַרק פאַרדראָסן און קהל האָט באַשלאָסן אַרויסטרייבן סילאַנון פון דער שטאָט. מי יודע ווי לאַנג סילאַנו וואָלט נעבעך געמוזט אָפּריכטן גלות, ווען עס זאָל זיך אויף אים ניט געווען דערבאַרעמען דער זעלבער גאָטספאָרכטיקער אַחימעץ, וועגן וועמען עס איז שוין פריער דערציילט געוואָרן. אויפן וועג פון ירושלים האָט זיך אַחימעץ אָפּגעשטעלט אין ווענוזאַ אין די עשׂרת ימי תשובה. די קהילה האָט געבעטן דעם חשובן אורח ער זאָל דאַווענען פאַרן עמוד. עס איז נאָך אין יענער צייט אין איטאַליע ניט געווען קיין פעסטגעשטעלטער סדר פון סליחות זאָגן, און יעדער חזן האָט געקאָנט פאָרלייענען די פּיוטים און סליחות, וואָס געפעלן אים אַמבעסטן. ניט זעלטן איז דער חזן גופא אויך געווען אַ פּייטן, פלעגט ער דאַן לייענען פאַרן עולם זיינע אייגענע פּיוטים. אַחימעץ האָט מיט אַ האַרציקן ניגון פאָרגעלייענט אַ וווּנדער־שיינע סליחה, וואָס זי האָט דעם עולם שטאַרק גערירט און ביי אַ סך אַרויסגערופן טרערן. נאָכן דאַווענען האָבן פילע זיך געוואָלט דערוויסן ביי אַחימעצן, וועמעס איז די דאָזיקע ליבע סליחה, וואָס האָט אַלעמען אַזוי גערירט. „דאָס איז דאָך די סליחה פון אַייער בן־עיר, סילאַנו, וואָס איז נעבעך איצט נע־ונד", האָט אַחימעץ געענטפערט. קהל האָט זיך פאַרשעמט און סילאַנו האָט באַלד באַקומען די מעלדונג, אַז ער מעג צוריקקומען קיין ווענוזאַ (דאָרטן, ז' 3–14–115).



# דריטער קאַפּיטל.

די קנאַפּע וויסנשאַפטלעכע ידיעות ביי די איטאַליענישע יידן אינם עלפטן יאָרהונדערט. — נתן בר יחיאל און זיין „ערוך“. — די איַיפקלערער־ראָלע פון אַברהם אבן עזרא און שלמה פרחון אין איטאַליע. — די קולטורעלע באַדייטונג פון די קרייצצוגן. — די קריסטלעך־אייראָפּעישע און די אָריענטאַלישע וועלט. — די וויסנשאַפטלעכע צענטרען אין דרום־איטאַליע און די ראָלע פון די יידישע געלערנטע. — דער קיסר פרידריך דער צווייטער אַלס פריידענקער און זיין פריינדשאַפט מיט יידישע תלמידי חכמים. — יעקב אַנאַטאָלי און זיין „מלמד התלמידים“. — אַנאַטאָלי אַלס מיימוניסט. אַנאַטאָלים גייסטיקער אַריסטאָקראַטיזם.

מיר האָבן שוין פריער אָנגעוויזן, אַז די אַלטע איטאַליענישע שטעט זיינען געווען די ערשטע צענטערס פון יידישער קולטור אין אייראָפּע. דאָרט זיינען געשריבן געוואָרן די ערשטע בלעטער פון דער אייראָפּעישער יידישער ליטעראַטור, און נאָך איידער די שפּאַנישע און פראַנצויזישע יידן זיינען אַרויסגעטראָטן אויפן געביט פון קולטורעלן שאַפן, זיינען שוין אין איטאַליע געווען אַזוינע טאַלאַנטפולע דיכטער, ווי שפטיה און אמיתי, און גלענצנדע סטיליסטן, ווי דער פאַרפאַסער פונם „יוסיפון“. אַפילו זיין צוועלפטן יאָרהונדערט האָט דער שפּאַנישער גראַמאַטיקער שלמה פרחון, קומענדיק קיין איטאַליע, מודה געווען, אַז בנוגע דער העברעישער פּראָזע, זיינען די יידן „אוים אדום“ [1] פיל גרעסערע מייסטערס, ווי זייערע ברידער אין אַראַבישן שפּאַניע. „איך בעט זייער — שרייבט פרחון צום סוף פון זיין „מערכת הערוך“ — ווען מיינע לעזער וועלן ביי מיר געפינען ניט פּאַסיקע און אומגעלונגענע אויסדריקן, זאָלן זיי מיך דן זיין לכף זכות. ביי אונז אין לאַנד (אין שפּאַניע) איז מען דאָך ניט אַזוי געאיבט אין דער העברעישער שפּראַך, ווייל אין אַלע מוסלמענישע לענדער געוועלטיקט דאָך איין און די זעלבע שפּראַך, און וווהין אונזערע שפּאַנישע יידן קומען, פאַרשטייט מען זייער לשון און זיי קאָנען זיך לייכט צונויפריידן מיט זייערע

1 דאָס הייסט אויס דעם קריסטלעכן אייראָפּע, ספּעציעל: איטאַליע.

אָרטיקע ברידער. אַנדערש איז אָבער אין די קריסטלעכע לענדער: אין יעדער מדינה רעדט מען אַן אַנדער לשון, און ווען אַ ייד קומט פון איין מדינה אין אַ צווייטער, פאַרשטייט מען שוין ניט זיין שפּראַך, און ער קאָן זיך מיט זיינע אָרטיקע ברידער אַנדערש ניט צונויפרעדן, ווי מיט דער הילף פון לשון=קודש, און אַדאַנק דעם זיינען זיי געוויינט צו דענקען און צו ריידן העברעיש".

מיר האָבן שוין אין פריִקן בוך געזען, אַז די יסודות פון יידישער קולטור און תּלמודישן וויסן האָבן אויך די יידן פון די ריין=פּראָווינצן באַקומען אויס איטאַליע[1]. שוין אינם ניינטן יאָרהונדערט האָבן די אַלטע שטעט פון דרום=איטאַליע, אוריאָ, באַרי און אָטראַנטאַ, געשמט מיט זייערע ישיבות, און עס איז דעמאָלט געווען גאַנץ פּאָפּולער דער שפּרוך: „כי מבאַרי תצא תורה ודבר ד' מאָטרנטו" — „באַרי איז די אַכסניה של תורה און גאָטס וואָרט ווערט געלערנט אין אָטראַנטאָ". נאָר דער „תורה", וואָס האָט געשטאַמט פון די איטאַליענישע שטעט, האָט געפעלט איין זאַך — דער שטעמפּל פון אָריגינאַליטעט, דער לעבעדיקער אָטעם פון שעפערישער באַגייסטערונג. די איטאַליענישע געלערנטע האָבן געפעלט אי די ברייטע בילדונג און פילזייטיק וויסן פון זייערע שפּאַנישע ברידער, אי די תמימותדיקע אָריגינאַליטעט פון די פראַנצויזישע תּלמידי=חכמים. אַ לענגערע צייט האָבן זיך די איטאַליענישע תּלמידי=חכמים ניט דערהויבן איבער דער מדרגה פון פּשוטע פאַרמיטלער. די תּלמודישע ידיעות, וואָס זיי האָבן באַקומען אויס אַזיע, האָבן זיי ניט באַפרוכפּערט מיט נייע געדאַנקען, ניט באַרייכערט מיט נייע שעפערישע כּוחות. דאָס תּלמודישע פאָרשן האָט זיך ביי זיי געפירט אויפן אַלטן שניט, ווי עס איז איינגעפירט געוואָרן אין די ישיבות פון סורא און פומבדיתא. זוכן נייע דרכים האָט זיי געפעלט דער מוט. די העברעישע שפּראַך=פאָרשונג און די ביבלעקזעגעטיק זיינען נאָך ביי זיי געגאַנגען אין די קינדער=שיכלעך, ווי עס איז לייכט צו באַמערקן ניט נאָר ביי די פּייטנים פון שלמה הבבלים שניט, נאָר אַפילו ביי די פאַרפאַסער פונם „יוסיפון" און דעם „ספר היוחסין"

ערשט אויף דער שוועל פונם צוועלפטן יאָרהונדערט האָט דאָס איטאַליענישע יידנטום געשאַפן צום ערשטן מאָל אַ וויסנשאַפטלעך ווערק, וואָס טראָגט נאָך אַפילו ניט דעם שטעמפּל פון אָריגינעלן שעפערישן געדאַנק, דאָך איז עס בלי=ספק אַ וויכטיקער דענקמאָל פון יידישער מיטלאַלטערלעכער קולטור. דאָס איז דער גרויסער תּלמוד=לעקסיקאָן „ערוך",

---

[1] דאָרטן, ז' 10 — 11.

װעלכן עס האָט פאַרענדיקט נתן בר יחיאל [1] אױס רױם אינם יאָר 1101.
דער „ערוך" איז ניט נאָר אַן עטימאָלאָגישער לעקסיקאָן, װו עס װערט געגעבן דעם פשט פון יעדן װאָרט, נאָר אין געװיסן זין אױך אַ ר ע אַ ל־לעקסיקאָן, װו עס װערן באַשריבן און דערקלערט די באַדײַטונג פון אַלע דערמאָנטע זאַכן און ענינים. די באַשרײַבונג פון פאַרשײדענע מנהגים און אױך דעם פשט פון אַ סך װערטער האָט ר' נתן על־פּי רוב איבערגענומען בײַ די אַלטע גאונים פון בבל [2]. אַ טײל װערק, װעלכע דער בעל „הערוך" ציטירט, זײַנען מיט דער צײַט פאַרלאָרן געגאַנגען און מיר װײסן איצט װעגן זײ נאָר אַדאַנק ר' נתן בר יחיאל. דורכדעם באַקומט דער „הערוך" אױך אַ גרױסן ביבליאָגראַפישן װערט. ער איז דער אײנציקער מקור פאַר פילע פסקים און החלטות פון די גאונים, און פאַר אַ סך אַלטע מעקכומן פון װיכטיקע, פאַרלאָרן געגאַנגענע מדרשים [8]. דער „ערוך" איז, אמת, בלױז אַ קאָמפּילאַטיװ װערק, צונױפגעזאַמלט מיט גרױס פלײס פון פרעמדע קװעלן, און דער מחבר גופא װײזט דערױף אָן אין זײַן שיר, װאָס פאַר דער הקדמה, בעת ער דאַנקט „דעם שם־יתברך, װאָס האָט מײַן שכל דערלױכטן, מיך געפירט אױפן גוטן ריכטיקן װעג, איך זאָל אין סדר פאַר־שרײַבן אַלץ, װאָס איך האָב געזען, געהערט און געלערנט" [4]. דאָס אַלײן פאַרקלענערט אָבער ניט דעם גרױסן װערט פון ר' נתנס װערק, װאָס איז געװאָרן אײנער פון די װיכטיקסטע װעגװײזער אױפן תלמוד־געביט, און די באַדײַטנדסטע גרונדלאַגע פאַר אַלע שפּעטערדיקע לעקסיקאָגראַפן. ר' נתן האָט געלעבט אין דער איבערגאַנגס־תקופה, װען די זון פונם ידישן בבל האָט זיך גענײגט צום אונטערגײן, די דאָרטיקע ישיבות האָבן אױפגעהערט צו שפּילן די ראָלע פון די װיכטקסטע צענטערס פאַר חכמת היהדות, און די העגעמאָניע פון ידישער קולטור איז איבערגעגאַנגען צו די אײראָ־פּעישע לענדער. אָט אין דער זעלבער צײַט האָט דער איטאַליענער ר' נתן מיט זײַן גרױסן פלײס צונױפגעזאַמלט גאַנצע אוצרות פון דער װיסנשאַפט־לעכער און קולטורעלער ירושה, װאָס דער ידישער מזרח האָט געשאַפן דורותװײַז. און פיל פון דער דאָזיקער ירושה איז טאַקע געראַטעװעט געװאָרן

1 נתן בר יחיאל האָט כל ימיו (1035—1106) געלעבט אין רױם. זײַן פאָטער איז געװען אַ פּײטן און האָט געשריבן פיל פּיוטים. ר' נתנס לערער איז געװען משה הדרשן אױס נאַרבאָנע.

2 ר' נתן האָט אַ שטיקל צײַט געלערנט בײַ ר' האי גאונס אַ תלמיד, ר' מצליח, און יענער האָט עס אים באַקאַנט מיט דער ליטעראַטור פון די גאונים־אױס בבל.

8 זע װעגן דעם מ. שטײנשנײַדער, „מאָנאַטסשריפט", 1898, 121–122.

4 שיָעֲצני (השי"ת) והשכילי בדרך הטובה והישרה
מה ששמעתי וראיתי וסברתי בערך ושמָרָה.

פאַר די קומענדיקע דורות נאָר אַדאַנק דעם פלייסיקן, עניוותדיקן זאַמלער, ר׳ נתן בר יחיאל. עס איז דערפאַר קיין חידוש ניט, וואָס שוין אין דער ערשטער העלפט פונם צוועלפטן יאָרהונדערט איז דער „ערוך" געווען שטאַרק חשוב ניט נאָר אין איטאַליע, נאָר אויך אין פראַנקרייך ביי די „בעלי תוספות" און ביבל־ערקלערער פון רש"ים חדר[1].

אין דער זעלבער צייט האָט זיך אין איטאַליע ווידעראַמאָל, ווי איינם גיינטן יאָרהונדערט אַבו אַהרן אויס בבל, באַוויזן אַ געלערנטער אויס דער פרעמד, אָבער שוין ניט פון מזרח, נאָר פון מערב, וועלכער האָט מיט זיין אויפקלערונגס־טעטיקייט זייער פיל מיטגעהאָלפן דער ווייטערדיקער קולטורעלער אַנטוויקלונג פונם איטאַליענישן יידנטום. דער דאָזיקער געלערנטער איז געווען דער באַרימטער אַברהם אבן עזרא, וואָס איז געקומען קיין איטאַליע בערך אין 1140. ניט אין אַלע איטאַליענישע קהילות האָט מען דעם שפּאַנישן געלערנטן באַגעגנט מיט אַזאַ הדרת כבוד, ווי ער האָט פאַרדינט. עס איז דערגאַנגען צו אונז אבן עזראס אַ פּאַמפלעט, „נדוד אסור אני", אין וועלכן ער רעדט מיט ביטערן צאָרן וועגן דער קהילה אין מאַלערנאָ, ביי וועלכער עפּעס אַ האַלבוויסנדער „למדן", וואָס איז געקומען פון ביזאַנץ (יוון) איז געווען פיל חשובער אויפגענומען, ווי ער, דער וועלטבאַרימטער געלערנטער. „אין אדום (איטאַליע) — קלאָגט זיך אבן עזרא—פאַרשעמט מען נאָך זייער ווייניק צו שעצן די געלערנטע, וואָס קומען צו זיי פון אַראַבישע לענדער; קומט אָבער אַ קליין מענטשעלע אויס דער ביזאַנץ (יון) ווערט מען שטאַרק פאַר אים נתפעל און ער קריכט אַלעמען אויף די קעפּ"[2]. נאָר ניט אין אַלע שטעט האָט מען אים אַזוי קאַלט אויפגענומען, און אבן עזרא האָט זיך טאַקע אויפגעהאַלטן אין איטאַליע אַ גאַנץ לאַנגע צייט. ער האָט באַזוכט לוקאַ, מאַנטוע, רוים און אַנדערע שטעט. יונגע און אַלטע פלעגן זיך פאַרזאַמלען אַרום דעם פילוויסנדן און פילגערייזטן שפּאַנישן געלערנטן. ער האָט דער ערשטער באַקאַנט די איטאַליענישע יידן מיט די יסודות פון דער וויסנשאַפטלעכער שפּראַך־פאָרשונג. אַפילו אין דעם גרויסן לעקסיקאָגראַפישן ווערק „אבן

---

[1] דער „ערוך" איז דאָס ערשטע מאָל געווען געדרוקט אין יאָר 1477. די בעסטע וויסנשאַפטלעכע אויסגאַבע איז די, וואָס ס׳איז ערשינען אונטער דער רעדאַקציע פון א. קאָהוט, וועלכער האָט אויסגענוצט ניט נאָר די עלטערע אויסגאַבעס, נאָר אויך זיבן כתב־ידן. די אויסגאַבע איז ערשינען אין 8 בענד, 1878 — 92. מער באַריכות וועגן נתן בר יחיאל: שי"ר, ב׳ I, א, 127, ב, 143 — 160; „דור דור ודורשיו", IV 272 — 4; קאָהוט, פאָררעדע און הוספות צום „ערוך"; פאָגעלשטיין אונד ריעגער, ב׳ I, 357 — 66.

[2] באדום אֵיין הָדָר — לכל חכם הָדָר — באדמת בן קדר
אלו בא חָגָב — יָוָני בם שֶׁגב — ורכב עַל כָּל גַבּ...

בוחן", וואָס מנחם בן שלמה אויס רוים האָט פאַרענדיקט אין 1143 [1], שטיצט זיך דער פאַרפאַסער נאָך אַלץ אויף די פאַרעלטערטע און אַלס פאַלש באַוויזענע אָנשויונגען פון מנחם בן סרוק. דער „אבן בוחן" האָט שוין אָבער פאַרשפּעטיקט. גראָד דעמאָלט איז דער אבן עזרא געקומען קיין איטאַליע, האָט דאָרט איבערזעצט אויף העברעיש דאָס עפּאָכע־מאַכנדיקע גראַמאַטישע ווערק פון חיוג, דאַן אויך אַן אייגן גראַמאַטיש ווערק פאַרפאַסט „מאזנים", וואו ער גיט אים אָנפאַנג אַן אַלגעמיינעם געשיכטלעכן איבערבליק, ווי אַזוי ס'האָט זיך אַנטוויקלט די וויסנשאַפטלעכע שפּראַכפאָרשונג ביי יידן. ער האָט אויך זיך געפלייסט צו דערוועקן ביי די איטאַליענישע יידן דעם אינטערעס צו פּאָעזיע און קונסט, און ווייל אויפן געביט פון רעליגיעזער פּאָעזיע האָט אין יענער צייט, ווי מיר האָבן שוין פריער אָנגעוויזן, געגאָלטן אַלס גרעסטער אויטאָריטעט אלעזר קליר מיט זיינע האַרבע פּיוטים, איז אבן עזרא אַרויסגעטראָטן אַנטקעגן דעם אַלטן פּייטן מיט אַ זייער שאַרפער קריטיק, וואו ער ווייזט אָן, אַז קליר האָט געהאַט אַ גאַנץ קנאַפּן באַגריף וועגן דעם גייסט און די אינעווייניקסטע געזעצן פון דער העברעישער שפּראַך, און דערפאַר זיינען די פאָרמען און דער סטיל פון זיינע פּיוטים אַזוי אַלטפרענקיש און טעמפּ [2].

אבן עזראס אויפקלערונגס־אַרבעט האָט פאָרגעזעצט זיין תלמיד, שלמה בן אַברהם פרחון אויס אַראַגאָניע, וועלכער האָט אַ משך צייט געלעבט אין סאַלערנאָ. אויך ער האָט זיך געשטעלט די אויפגאַבע צו באַקענען די איטאַליענישע יידן מיט די יידישע פילאָלאָגישע פאָרשער, וואָס האָבן געשריבן אויף אַראַביש, און צו דעם צוועק האָט ער פאַרפאַסט זיין לעקסיקאָן „מחברת הערוך", וועלכן ער האָט פאַרענדיקט אין סאַלערנאָ אין 1160.

גראָד אין דער צייט האָבן אויך די אויסערע צושטאַנדן פיל מיטגעהאָלפן, אַז ביי די איטאַליענישע יידן זאָל זיך פאַרשטאַרקן דער אינטערעס צו וועלטלעכער בילדונג און אַלגעמיינעם וויסן. מיר האָבן שוין פריער אָנגעוויזן, אַז דער קולטורעלער מצב פון די איטאַליענישע יידן איז אין דער התחלה ניט באַזונדערס הויך געווען, דאָך זיינען זיי — פיל העכער געשטאַנען פון דער אַרומיקער סביבה. די קרייצצוגן האָבן אָבער געמאַכט אַ גאַנצע איבערקערעניש אין דעם מאַטעריעלן און אויך קולטורעלן לעבן

[1] מער באריכות וועגן דעם איטאַליענישן געלערנטן מנחם בן שלמה און וועגן זיין פילאָלאָגיש ווערק, זע: שטיינשניידער אין „העבר. ביבליאָטעק", XVII, 38 — 41, 131 — 4; וו. באַכער אין „גרעץ־יובעלשריפט", 94 — 115.

[2] זע אבן עזראס פירוש אויף קוהלת, קאַפּ' 5, פּ' 1.

פון דער שטאָטישער באַפעלקערונג אין איטאַליע. די אַלטע רוימישע קולטור האָט באַטירלעך צומטיפסטן געלאָזט וואָרצלען אין איר געבורטסלאַנד — איטאַליע; און אַפילו די חשבות און פּאַרווילדקייט פונם טיפן מיטלאַלטער זיינען ניט געווען אימשטאַנד צו פאַרטיליקן די לעצטע רעשטן פון דער דאָזיקע קולטור. די איטאַליענישע שטעט זיינען קיינמאָל ניט געקומען צו אַזאַ חורבן, ווי די שטעט אין די איבעריקע קריסטלעכע לענדער. אַדאַנק זייער מעטיקן האַנדל מיט ביזאַנץ און די אַראַבישע לענדער, איז זייער מאַטעריעלער צושטאַנד געשטאַנען אויף אַ הויכער מדרגה, און אַפילו אין דער צייט, ווען דער פעאָדאַליזם האָט צומשטאַרקסטן געוועלטיקט, האָט דאָך די אָרטיקע שטאָטישע באַפעלקערונג ניט פאַרלאָרן איר זעלבשטענדיקייט און געלעבט לויט איר אַווטאָנאָמישן סדר. אַדאַנק די קרייצצוגן זיינען די איטאַליענישע שטעט געקומען נאָך אין אַ מער בליענדן צושטאַנד. די איטאַליענישע האַפן-שטעט זיינען עס געווען דער זאַמלפונקט פאַר אַלע רימער, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין די קרייצצוגן, און טאַקע די אייגענע האַפן-שטעט זיינען עס געווען די וויכטיקסטע אַרטעריעס, דורך וועלכע עס זיינען אין די קריסטלעכע לענדער געפלאָסן די בלענדנדיקע רייכטימער פונם מוסלמענישן מזרח. זיי זיינען אָבער געווען ניט בלויז די קאַנאַלן, דורך וועלכע עס זיינען געפלאָסן די גאָלדענע אוצרות, נאָר אויך דער טויער, דורך וועלכן עס האָט זיך אין דער שטיקנדיקער פינסטערער נאַכט פונם מיטלאַלטערלעכן אייראָפּע אַריינגעריסן פרישע לופט און שטראַלן פון ליכט. „אוים אַזיע — שרייבט דער באַוווסטער פראַנצויזישער געשיכטע-שרייבער מישלע — אוים דעם לאַנד, וואָס די קריסטלעכע אייראָפּעער האָבן בדעה געהאַט צו פאַרטיליקן, האָט אָנגעפאַנגען צו שיינען דאָס וואונדערבאַרע ליכט, וועמעס געבענטשטע שטראַלן האָבן דורכגעריסן דאָס פינסטערניש, אין וועלכן אייראָפּע איז געווען איינגעהילט. אַ גאַנצע וועלט פון רייכטום און אויסטערלישער שיינקייט, אַ וואונדערבאַרע וועלט, וואָס דאָס מיטלאַלטערלעכע ווילדקייט און עם-הארצות האָט געוואָלט באַשפּייען מיט זיין האַס — האָט זיך נצחונדיק אַ לאָז געטאָן צו די מערב-לענדער, ביינעקומען איר באַצווינגער און שונא, אים פאַרפירט און געבלענדט מיט אירע רייכטימער, מיט איר שטייגער לעבן, מיט אירע פאַרשיכור'נדיקע תענוגים: אַלע זיינען געבלענדט, אַלע זיינען פאַרליבט אין דער דאָזיקער נייער וואונדערבאַרער וועלט. יעדער וויל נאָר דאָס, וואָס שטאַמט אוים אַזיע. און זי איז אַ גרויסער וותרן, זי קומט אונז אַנטקעגן מיט פולע הענט. די טייערסטע געוועבן, טיכער, שטיקערייען און טעפּיכן, וייך, פילפאַרביק, מיט וואונדערבאַרן חן און האַרמאָנישער שיינקייט, אַלע מיני כלי-זין אוים דעם בעסטן געהאַרטעוועטן שטאָל, געפאַסט אין גאָלד,

העלפאַנדביין און די שענסטע שטיינער—אַלץ, אַלץ האָט געזאָגט עדות ווי אָפּגעשטאַנען מיר זיינען. דאָס איז אָבער נאָך אַלץ ווייניק. אָט די „פאַר־שאָלטענע׳׳ לענדער, וווּ עס וווינען אומגלויביקע „געצנדינער״, און ווו דער „סמך־מעם׳׳ אַליין זיצט זיך ברייטלעך אויף זיין שטול — זיינען ממש געבענטשט פונעם הימל. דאָרט שענקט די נאַטור אירע בעסטע מתנות, דאָרט שפּראָצן און קוועלן די רייכסטע זאַפטן פונעם לעבן. דאָרט וואַקסט דאָס חשובסטע פון אַלע פלאַנצן — דער קאַפע, און דאָס שענסטע פון אַלע חיות — דאָס אַראַבישע פערד. דאָרט איז דאָס וווּנדערלאַנד פון די אומגעהייערע אוצרות: זיידנס, צוקער, די בעסטע אומפאַרגלייכלעכע נאַר־קאָטיק־געוויקסן און קרייטעכער, וואָס שטאַרקן די הערצער, ברענגען אונז טרייסט און היילונג פאַר אונזער קערפּער...״ 1.

און דאָס אַלץ איז געגאַנגען קיין אייראָפּע דורך די איטאַליענישע האַנדלשטעט. דאָס האָט פיל פאַרשטאַרקט דעם האַנדל און דעם געלט־מסחר, און אין די איטאַליענישע שטעט האָט זיך געבילדעט אַ שטאַרקער און רייכער האַנדלס־שטאַנה, וואָס האָט זיך געפילט בכוח בייצוקומען די מאַכט פון דעם פעאָדאַלן אַדל־שטאַנד, און ביסלעכווייז ווערן דאָס רוב איטאַליענישע שטעט פרייע זעלבשטענדיקע רעפּובליקן.

צווישן דער אַזוי שטאַרק געוואָרענער רייכער שטאָטישער באַפעל־קערונג, האָבן יידן געשפּילט אַ גאַנץ אָנגעזעענע ראָלע. ווי אין דער פראָ־וואַנס אין יענער צייט, אַזוי אויך אין איטאַליע האָט די אַרומיקע באַפעל־קערונג זיך פאַרהאַלטן גאַנץ פריינדלעך צו יידן. די יידישע באַפעלקערונג איז נישט געווען אַזוי געדריקט ווי אין די אַנדערע קריסטלעכע לענדער, זי האָט געלעבט גאַנץ פריי, און אַזאַ באַדייטנדיקע קהילה, ווי די רוימישע, איז אַפילו געווען באַפרייט פון אַלע ספּעציעלע שטייערן. בפרט מיט דעם שטאַרקן אויפבליען פון געלט־ווירטשאַפט, וואָס די קרייצצוגן האָבן אַרויס־גערופן, האָט זיך אָנגעהויבן די גליקלעכסטע צייט פאַר דעם יידישן האַנדלס־שטאַנד אין איטאַליע. וואָס פילזייטיקער און רייכער דאָס עקאָנאָ־מישע לעבן איז געוואָרן אין די אינדוסטריעלע איטאַליענישע שטעט, וואָס מער ס׳האָבן זיך פאַרגרעסערט די באַדערפענישן, אַלץ מער איז געוואַקסן די באַדייטונג פון קרעדיט־אַנשטאַלטן. ווייל אָבער די קריסטלעכע אמונה פאַרבאָט צו לייען געלט אויף פּראָצענט און האַלט אַזאַ באַשעפטיקונג פאַר אַ פאַרברעכן, איז קיין חידוש נישט, וואָס די קרעדיט־אונטערנעמונ־גען זיינען געווען כמעט אויסשליסלעך ביי די יידן אין די הענט. די שטאָ־טישע פאַרוואַלטונגען און אַפילו די מלוכה גופא פלעגן זייערע בענק אָפּ־

La sorciere (די מכשפה), ערשטער טייל, קאַפּ׳ VIII.

געבן יידן אויף אַרענדע, און אויף אַזאַ אופן זיינען די יידן אין יענער צייט געוואָרן די מאָנאָפּאָליסטן פון קרעדיט-אונטערנעמונגען, די ערשטע גרינדער פון גרויסע באַנק-געשעפטן אין קריסטלעכן אייראָפּע.

צוזאַמען מיט דער מאַטעריעלער קולטור וואַקסט אָבער אויך די גייסטיקע. די נאָענטע באַרירונג מיט דער אייגנאַרטיקער מזרח-קולטור, די נייע פאָרמען פונם געזעלשאַפטלעכן לעבן, וואָס האָבן פאַרשאַפט די סאָציאַלע סתירות — דאָס אַלץ האָט אַרויסגערופן נייע שטרעבונגען און פאָדערונגען. אמת, דער געדאַנק פונם אָנגעשראָקענעם מיטלאַלטערלעכן מענטשן איז נאָך ניט געווען בכוח זיך באַפרייען פון דעם געדיכטן סכאָלאַסטישן שפּין-געוועב, אין וועלכן ער איז געווען פאַרפּלאָנטערט; נאָר דער שלאָף איז שוין געווען געשטערט, אומרויִק איז געוואָרן די דערשראָקענע נשמה, און בלאָנדזשענדיק האָט זי דאָך אָנגעפאַנגען זוכן אַן אויסוועג, ווי זיך צו באַפרייען, ווי לויז צו ווערן פון די אַלע ספיקות, וואָס רויבן די רו. עס האָבן זיך באַוויזן די ערשטע שפּראָצן פון קאָמוניסטישן אַפּיקורסות, וועלכער איז קודם-כל אַרויסגעטראָטן קעגן דעם שטאַרקסטן טרעגער פון מאַכט און רייכטום — קעגן דעם רוימישן פּויפּסט. שוין אין דער מיט פון 12טן יאָרהונדערט איז אַ גייסטלעכער אַרנאָלד אוים ברעסציאַ, דעם באַרימטן דענקער אַבעלאַרס אַ תלמיד, אַרויסגעטרעטן אין רוים מיט פייערדיקע פּריידיקן קעגן דער פּויפּסטלעכער מאַכט. ער האָט גע-טענהט, אַז דער פּויפּסט איז ניט קיין אמתער גאָטס דינער, ווייל ער לעבט ניט אַזוי ווי קריסטוס און זיינע תלמידים האָבן געבאָטן. דער פּויפּסט יאָגט זיך נאָך וועלטלעכער מאַכט, וויל איבער אַלעמען הערשן און האַלט שטאַרק פון עולם הזה, בעת דאָס עוואַנגעליום לערנט, אַז מען דאַרף זיין אַ קבצן, אָפּגעזונדערט פון דער וועלט, ניט באַפעלן און רעגירן, נאָר זיין קליין און נידעריק, ווי עס פּאַסט פאַר אַן אמתן עובד, גאָטס דינער. אָט די אומצופרידנקייט מיט דער פּויפּסטלעכער מאַכט אַלס הויפּט-סיבה פון סאָציאַלער אומגערעכטיקייט האָט אַרויסגערופן אַ גרויסע צאָל אַפּיקורסישע סעקטעס, ווי קאַטאַרן, וואַלדענזער וכדומה. און אָט די אַלע דעמאָקראַטיש-געשטימטע סעקטעס האָבן אַרויסגעוויזן אַ באַזונדערן אינטערעס צום „אַלטן טעסטאַמענט", ד"ה צו דער העברעישער ביבל, טאַקע דערפאַר, וואָס אין איר הערשט אַ דעמאָקראַטישער גייסט און עס פילט זיך אין איר אַ שאַרפער פּראָטעסט קעגן די מעכטיקע און רייכע[1]. אַדאַנק דעם זיינען פילע אָנגעזעענע פאָרשטייער פון די דאָזיקע סעקטעס געווען אין נאָ-

[1] ס'איז אינטערעסאַנט, וואָס אָט די ריין אַגיטאַטאָרישע ראָל פון דער ביבל האָט שפּעטער באַזונדערס אונטערגעשטראָכן דער רעליגיעזער רעפאָרמאַטאָר לוטער, וועל-

ענטע און פריינדלעכע באַציונגען צו יידן, און פלעגן אפילו ניט זעלטן איבערנעמען ביי זיי געוויסע מנהגים און געבאָטן[1].

די נאָענטע באַציונגען צו די קריסטלעכע אַפּיקורסישע סעקטעס האָבן אויך אין דער יידישער סביבה געוועקט דעם פרייען גערדאַנק. אמת, די דאָזיקע פריינדשאַפט האָט פאַר די יידן געהאַט אויך זייער טרויעריקע פאָלגן. דער פויפסט איננאָקענטי דער דריטער, דער מאַן מיטן אייזערנעם ווילן און שטיינערנעם האַרץ, נאָכדעם ווי אים איז געלונגען צו דערשטיקן אין בלוט די אַלביגענזער באַוועגונג, האָט ער גלייך גענומען זיך אָפּרעכענען מיט די אים פאַרהאַסטע יידן. עס איז שווער צו זאָגן, צי האָט ער ווירקלעך געגלויבט, אַז די יידן האָבן געווירקט אויף די אַפּיקורסישע אַלביגענזער, אָדער ס'איז געווען בלויז אַ טאַקטישער שריט פון זיין זייט, בכדי מבזה צו מאַכן די סעקטאַנטן אין די אויגן פון דער קריסטלעכער באַפעלקערונג — יערנפאַלס האָט ער זיך געפלייסט אַרויסצושטעלן די אַלביגענזער אַלס אָנהענגער און תלמידים פון די יידישע רבנים. און איננאָקענטי איז געווען דער ערשטער פויפסט, וואָס רודפן יידן איז ביי אים געווען אַ פּלאַנמעסיק דורכגעפירטע סיסטעם. אים האָבן עס יידן צו פאַרדאַנקען, וואָס אויפן פערטן צוזאַמענפאָר פון די גייסטלעכע אין רוים (1215) איז צווישן אַנדערע באַגרענצונגען אויך אָנגענומען געוואָרן, אַז יידן דאַרפן טראָגן אַ ספּעציעלן צייכן אויף זייערע קליידער. פון איננאָקענטיס רדיפות האָבן טאַקע שטאַרק געליטן די יידן אין אַנדערע קריסטלעכע לענדער. איבער די איטאַליענישע יידן אָבער האָט איננאָקענטי קיין שליטה ניט געהאַט. עס איז אַן אינטערעסאַנטער פאַקט, אַז די אַלמעכטיקסטע פויפסטן, פאַר וועלכע מלכים און קיסרים האָבן געציטערט, זיינען אַליין געווען מאַכטלאָז אין זייער אייגן לאַנד; דווקא דאָרט האָבן זיי געהאַט אַ גאַנץ קנאַפּע דעה, און עס פלעגט ניט זעלטן פאַסירן, אַז דער אייגענער פויפסט, וואָס ס'איז אים גאַנץ לייכט געווען אַראָפּצוואַרפן מעכטיקע מלכים פון זייערע שטולן, האָט אַליין געמוזט מיט גרויס חרפה אַנטלויפן פון זיין אייגענער קרוינשטאָט אויס פחד פאַרן צאָרן פונם אויפגערייצטן המון[2].

---

כער איז פּאָליטיש געווען זייער קאָנסערוואַטיוו; אין זיין פּאַמפלעט „ווידער די רויבערישען אונד מערדערישען בויערן" ווייזט לוטער אָן: „Es hilft auch den Bauern nicht, dass sie fürgeben, Genesis 1 und 2 sein alle Dinge frei und gemein geschafen, und dass wir alle gleich sind. Denn in neuen Testament hält und gilt Moses nicht; sondern da steht unser Meister Jesus Christus und wirft uns mit leib und gut unter den Kaiser und das weltliche Recht.

1 מען דערציילט למשל וועגן די „אביונים פון ליאָן" (Pauvres de Lyon), אַז זיי פלעגן האַלטן שבת, מל זיין די קינדער אאַז״וו.

2 זע: Giesbrecht, Deutsche Kaiserzeit, III, p. 550; Vogelstein u. Rieger, op. c, I, 227; Em. Gebhardt, L'Italie mistique, cap. 1.

אין דער זעלבער צייט, ווען אין איטאַליע האָבן זיך געגרינדעט די גרויסע גייסטלעכע אָרדנס פון פראַנציסקאַנער און דאָמיניקאַנער, וועלכע האָבן געפירט אַ האַרטנעקיקן קאַמף קעגן דעם פרייען קריטישן געדאַנק, זיינען דאָרט אויך געלייגט געוואָרן די גרונטשטיינער פון גייע אוניווערסיטעטן, ווו עס האָבן אויפגעבליט אַלע צווייגן פון וויסנשאַפט. האָס איז געשען הויפטזעכלעך אין דרום=איטאַליע, ווו די קריסטלעכע, מער אַנטוויקלטע באַפעלקערונג איז געקומען אין נאָענטער באַרירונג מיט די סאַראַצינען און זייער אייגנאַרטיקער קולטור. אין דעם אויפבליען פון וויסנשאַפטן אין די איטאַליענישע אוניווערסיטעטן האָבן יידן גענומען אַ גאַנץ באַדייטנדיקן אָנטייל. שוין אין דער ערשטער העלפט פונם 13טן יאָרהונדערט איז מעדיצין געווען די באַליבטסטע באַשעפטיקונג ביי די יידישע געלערנטע אין איטאַליע, און טאַקע די יידישע מעדיציניער האָט מען עס צו פאַרדאַנקען דעם גרויסן שם, וואָס ס'האָבן זיך דערוואָרבן די מעדיצינישע שולן פון נעאַפּאָל, בפרט פון סאַלערנאָ, וווהין עס פלעגן זיך צונויפקומען וויסנבאַגיריקע סטודענטן פון גאַנץ מערב=אייראָפּע. דאָרט, אין דרום=איטאַליע, ווו עס זיינען געקומען אין נאָענטער באַרירונג די פאַרשיידנסטע קולטורן, איז פריער ווי ערגעץ אַנדערש אין קריסטלעכן אייראָפּע געבאָרן געוואָרן דער שטאָלצער מוט פון פרייען דענקען. „אין די מדינות פון דרום=איטאַליע, בפרט אין סיציליע — ווייזט אָן מיט רעכט פר. אַל. לאַנגע אין זיין אויסגעצייכנט ווערק „געשיכטע דעם מאַטעריאַליזמוס“ — גראָד דאָרט, ווו ביי איצטיקער צייט געוועלטיקט דער בלינדער אָבערגלויבן און ווילדער פאַנאַטיזם, איז דעמאָלט געווען דער געבורטסאָרט פון די פרייע דענקער, די וויג פון טאָלעראַנץ און הומאַניזם“. און די יידן האָבן דערביי געשפילט אַ גאַנץ באַדייטנדיקע ראָלע. זיי זיינען עס געווען די פלייסיקע וועקער, די אומערמידלעכע פּאָפּולאַריזאַטאָרס פונם פילאָזאָפישן געדאַנק. אָט די קולטורעל=אויפקלערערישע ראָלע האָט גלייך געהעריק אָפּגעשאַצט דער באַרימטער קיסר פרידריך דער צווייטער (1194—1250), וואָס איז אַליין געווען בקי אין נאַטורוויסנשאַפטן. אָט דער וואונדערבאַרער מענטש [1], „דער ערשטער אייראָפּעער“, לויט ניטשעס אויסדרוק [2], אין וועלכן עס האָבן זיך אַזוי מאָדנע צונויפגעפלאָכטן אין איין קנויל ליכטיקע און טונקעלע פעדעם — האָט מיט אַלע מעגלעכקייטן געשטיצט יידישע געלערנטע און זיך געפלייסט זיי צוציען צום אוניווערסי=

1 מער באַריכות וועגן פרידריך דעם צווייטן: Höfler, Kaiser Friedrich II; Em. Gebhardt, op. c. cap. 4.

2 Jenseits von Gut und Böse, 1899, 131—2.

טעט, וואָס ער האָט געגרינדעט אין נעאַפּאָל [1]. דער דאָזיקער פּילזייטיק געבילדעטער קיסר האָט מיט רעכט געשמט אַלס גרויסער אַפּיקורס און געפערלעכסטער שונא פון דער פויפּסטלעכער מאַכט. עס ווערט אַפילו דערציילט, ווי דער דאָזיקער פריידענקער האָט אַמאָל מיט אַ שפּאָטישן שמייכל דערמאָנט „די דריי רמאים״ (De tribus ympostoribus) : משה רבנו, קריסטוס און מוחמד. עס איז דערפאַר קיין חידוש ניט, וואָס ביי זיין, מיט אָריענטאַלישן לוקסוס באַפּוצטן הויף, האָט זיך געבילדעט אַ וויסנשאַפטלעכער צענטער, וו עס פלעגן זיך פריינדלעך צוזאַמענקומען פאַרטרעטער פון פאַרשיידענע אמונות [2]. צווישן די אַראַבישע [3] און קריסטלעכע געלערנטע האָבן געשפּילט אַ חשובע ראָלע די יידישע געלערנטע איבערזעצער, וואָס האָבן אויפן באַפעל פונם פילאָזאָפיש-געבילדעטן קיסר איבערזעצט אַ־אַביש-פילאָזאָפישע ווערק אויף לאַטיין און העברעיש. ביי פרידריכס הויף האָט זיך אויפגעהאַלטן דער יידישער געלערנטער אַסטראָנאָם יהודה ב״ר שלמה הכהן בן מַתקה אויס טאָלעדאָ (געבאָרן אין יאָר 1215) [4], מיט וועלכן פריידריך האָט געפירט אַ וויסנשאַפטלעכע קאָרעספּאָנדענץ נאָך איידער ער האָט זיך מיט אים פערזענלעך באַקאַנט [5]. דאָרט האָט אויך אַ לענגערע צייט פאַרבראַכט דער באַוווסטער יעקב בן אַבא מארי אַנאַטאָלי (דער ערשטער אַריסטאָטעליקער אין איטאַליע), מיט וועלכן דער קיסר פריידריך פלעגט פירן לאַנגע שמועסן וועגן דעם רמב״מס

---

[1] פרידריך איז געווען ניט נאָר דייטש-רוימישער קיסר, נאָר אויך מלך פון נעאַפּאָל און סיציליע.

[2] דאָס האָט אויך געפונען אַן אָפּקלאַנג אין דער נאָוועלן-ליטעראַטור פון יענער צייט. אין דער גרופּע מעשיות און דערציילונגען, וואָס זיינען געשאַפן געוואָרן אין דער סביבה פון פרידריכס הויף, און זיינען דערנאָך אַריין אין דער באַקאַנטער נאָוועלן-זאַמלונג ,,Novelino‘‘, געפינט זיך (נאָוועלע 61) די אַדאַנק לעסינגן אַזוי באַוווסטע מעשה מיט די דריי רינגען, וואָס דער יידישער סוחר דערציילט דעם סולטאַן סאַלאַדין.

[3] לויט אייניקע, אמת ניט גאַנץ זיכערע קוועלן, האָבן אין פרידריכס הויף זיך אויפגעהאַלטן אַ שטיק צייט ביידע זין פונם באַרימטן אַראַבישן דענקער אבן-רשד.

[4] אבן מַתקה האָט פאַרפאַסט אויף אַראַביש אַ ענציקלאָפּעדיש ווערק און אַליין עס איבערזעצט אויף העברעיש אונטערן נאָמען „מדרש החכמה״ (צוויי מאַנוסקריפּטן פון דעם ווערק געפינען זיך אין דער באָדלעאַנע). אין דער קריסטלעכער ליטעראַטור איז דאָס דאָזיקע ווערק באַקאַנט אונטערן נאָמען ,,Jnquisitio sapientiae‘‘. אין ש. זאַקס קאַטאַלאָג פון באַראָן גינצבורגס מאַנוסקריפּטן-קאָלעקציע איז פאַרצייכנט (אונטער נומ׳ 234) פאָלגנדיק ווערק: „סוד הגלגלים עפ״י ר׳ יהודה בר׳ שלמה הכהן בן מתקה״. דער מקובל ישעיה בן יוסף (זע אויבן, ז׳ 87), וואָס האָט געלעבט אין 13טן י״ה ציטירט אבן מתקהס ווערק „ספר השמים״.

[5] זע: „אוצר נחמד״, II, 234.

פילאָזאָפיע, און האָט אַפילו אַליין פאָרגעלייגט זיינע אייגענע ערקלערונגען צו אייניקע האַרבע שטעלן אין ,,מורה נבוכים"[1].

יעקב אַנאַטאָלי פאַרנעמט אַ בכבודיקן אָרט אין דער געשיכטע פון יידישער קולטור אין איטאַליע. אַן איבערצייגטער ראַציאָנאַליסט און הייסער אָנהענגער פון דעם רמב"מס אידעען, האָט ער מיט גרויס ענערגיע פאַר זיי דורכגעטראָטן אַ פרייען וועג אין איטאַליע, געמאַכט זיי פּאָפּולער אין די יידישע אינטעליגענטע קרייזן, וואָס האָבן ביז אים בכלל געהאַט אַ גאַנץ קנאַפּן באַגריף וועגן דעם רמב"ם און זיין באַדייטונג. געבאָרן אין דער פּראָוואַנס אין דער שטאָט נאַרבאָנע [2], האָט אים זיין שווער, דער באַוווּסטער ,,מורה נבוכים"-איבערזעצער, שמואל אבן תיבון, באַקאַנט מיט דעם רמב"מס פילאָזאָפיע, און זי איז פאַר אים געוואָרן דער עמוד האש, דער ליכטיקער שטערן, וואָס האָט אים געפירט זיין גאַנצן לעבנס-וועג. ,,דער ,,מורה נבוכים" — רופט אַנאַטאָלי אויס מיט התפעלות [3] — מאַכט בלינדע זעענדיק, אויך מיינע אויגן האָט ער פון בלינדקייט באַפרייט". מיט גרויס צאָרן רעדט ער וועגן דעם רמב"מס קעגנער; ער איז זיכער, אַז זייער קאַמף קעגן דעם גרויסן גאון באַווייזט בלויז זייער שלעכטי-

---

1 זע אַנאַטאָלי, „מלמד התלמידים", 53b: „ואדונינו הנפירד פידריקו נתן טעם לדבר החכם וכו׳". אין דעם זעלבן ווערק, אין „פרשה פרה", וו עס ווערט גערעדט וועגן דער „פרה אדומה", ווייזט אַנאַטאָלי נאָך אַמאָל אָן: „עפר ואפר כמותר הפרה הזאת, ו א ד ו נ נ ו פ ד ר י ך ה מ ל ך נתן טעם למה פרה ולאפר". דער דאָזיקער אָנווייז אויף דעם מלך פרידריך פעלט אין דער געדרוקטער אויסגאַבע „מלמד התלמידים" (בל׳ 89), ער איז אָבער פאַראַן אין דעם האַנטשריפטלעכן „מלמד התלמידים", וואָס געפינט זיך אין דער פירקאָוויץ-זאַמלונג נומ׳ 48, בל׳ 49. זע אויך שטיינשניידער „העבר. ביבליאָטעק", VII, 62 — 65 און XX, 24, וו עס ווערט דערציילט, ווי דער קיסר פרידריך פלעגט אויך פירן וויסנשאַפטלעכע שמועסן מיט דעם דיכטער אלחריזי: „שאל הקיסר פרדליך לבן חריזי על ענין פרה".

2 עס איז ניט פעסטגעשטעלט ניט דאָס יאָר פון אַנאַטאָלים געבורט, ניט דאָס יאָר פון זיין טויט. אין איין קוועלע (Journal as atque, XIV, 34) איז אָנגעוויזן, אַז אַנאַטאָלי האָט געלעבט בערך 1194—1256. מיר פאַרהאַלטן זיך אָבער צו די דאָזיקע דאַטן מיט אַ געוויסן חשד. אַנאַטאָלי גופא ווייזט אָן („מלמד התלמידים", ז׳ 186), אַז בעת ער האָט דאָס דאָזיקע ווערק געשריבן, איז ער אַלט געווען 55 יאָר. אין דעם פריער ציטירטן האַנטשריפטלעכן עקזעמפּלאַר „מלמד התלמידים", מיט וועלכן מיר האָבן זיך באַנוצט, געפינט זיך אָבער אין סוף פון פרשה „אשה כי תזריע" פאָלגנדיקע באַמערקונג: „ח׳ בחדש אב שנת ה׳ כ"ו ליצירה". קומט הייסט עס אויס, אַז אַנאַטאָלי האָט נאָך געלעבט אינם יאָר 1266.

3 זע די פאָררעדע צו „מלמד התלמידים".

קייט און טיפשות, און זיי וואָלטן אָנגעפאַלן אַפילו אויף דוד המלך אַליין, וואָלט ער נאָר געלעבט אין זייער דור[1].

דער שם פונם יונגן געלערנטן איז דערגאַנגען ביז צו פרידריך דעם צווייטן, און ער האָט אים איינגעלאַדן צו זיך קיין נעאַפּאָל[2]. דאָרט, ביים הויף פונם אויפגעקלערטן קיסר, האָט אַנאַטאָלי זיך באַפריינדעט מיט דעם קריסטלעכן געלערנטן מיכאל סקאָטוס, וועלכן ער דערמאָנט גאַנץ אָפט מיט גרויס דאַנקבאַרקייט[3]. דער דאָזיקער געלערנטער האָט פיל מיטגעהאָלפן אַנאַטאָלין אין זיין זייער פרוכטבאַרער וויסנשאַפטלעכער אונטערנעמונג: באַקאָנען דעם אייראָפּעישן מערב מיט די וויסנשאַפטלעכע אוצרות, וואָס די אַראַבער האָבן אָנגעזאַמלט. נאָכדעם, ווי ער האָט איבערזעצט אייניקע אַסטראָנאָמישע ווערק[4], האָט ער, דער ערשטער צווישן די אייראָפּעישע געלערנטע, גענומען איבערזעצן די פילאָזאָפישע ווערק פון דעם באַדייטנדסטן אַראַבישן אַריסטאָטעליקער אבן־רשד, און דערמיט הייבט זיך פאַקטיש אָן אַ נייע תקופה אין דער געשיכטע־אַנטוויקלונג פון אַריסטוס אידעען אין קריסטלעכן אייראָפּע[5].

---

1 „מלמד התלמידים״, בל׳ 52.

2 צום סוף פון זיין איבערזעצונג פון אבן־רשדס פירוש אויף אַריסטו, דערציילט אַנאַטאָלי, אַז ער באַקומט פענסיע פון דעם קיסר, „וועלכער האָט זייער ליב וויסנשאַפט און די, וואָס באַשעפטיקן זיך מיט איר״ (בעזר העוזר לכל נעזר, אשר נתן בלב אדוננו האינפיראדור פרידריך אוהב החכמה ודורשיה לזון אותי ילכלכל אותי לשבעה יגדל השם חסדו אתו וכו׳ (זע מונק, Melanges, 335; „צייטשריפט פ. העבר. ביבל.״ XII, 127).

8 אַנאַטאָלי ווייזט אָן אין דער פאָררעדע צו „מלמד התלמידים״: „אשר שמעתי מפי החכם הגדול מיכאל שמו הוא אשר התחברתי עמו״. אין „מלמד התלמידים״ גופא ציטירט ער זיין קריסטלעכן חבר 17 מאָל: 2b; 5b; 9b; 38a; 45b; 47a; 48a; 53b; דאָרטן: 54b; 83a; 122b; 136b 154b; 170a; 170b; 177b.

4 אַנאַטאָלי האָט איבערזעצט אויס אַראַביש: 1) חבור הגדול הנקרא אַלמַגֶסטי; 2) קוציר אַלמגסט; 3) יסודות התכונה.

5 אַנאַטאָלי האָט איבערזעצט פאָלגנדיקע פינף אַרבעטן פון אבן רשד: „המבוא״, „המאמרות״, „המופת״, „ההלצה״ און „ההקש״. אַ פאַרמעטענער מאַנוסקריפּט פון דער דאָזיקער איבערזעצונג געפינט זיך אין דער ערשטער קאָלעקציע פירקאָוויטש, נומ׳ 380—384. אויס דער פאָררעדע קאָן מען זיך משער זיין, אַז די דאָזיקע איבערזעצונג האָט אַנאַטאָלי אָנגעפאַנגען נאָך אין דער פּראָוואַנס לויט דער בקשה פון זיינע פריינד אין נאַרבאָנע און בעזיע. מיר ברענגען דאָ אייניקע אינטערעסאַנטע פרטים אויס דער דאָזיקער פאָררעדע לויט דעם דערמאָנטן מאַנוסקריפּט: ...מפני שראיתי שרבו ההוללים הרעים המתפארים עלינו בדרך המחלוקה והנצוח, קנאתי בהם אני יעקב ברבי אבא מארי ברבי שמשון אַנטולי ז״ל ותתעוררה תשוקתי להעתיק החכמה הזאת כפי אשר תשיג ידי. ואמת כי נתתי אל לבי להקל מעלי תחלה עבודת ספרי התכונה הכבדה בהעתקתה

אָט די אַלע איבערזעצונגען האָט אַנאַטאָלי פאַרענדיקט בערך אינם יאָר 1235; זיין וויכטיגסטע וויסנשאַפטלעכע אַרבעט איז ענג פאַרבונדן מיט דעם רמב"מס פילאָזאָפישן שאַפן. דער רמב"ם איז דאָך אין זיינע אויגן געווען דער גרעסטער אַווטאָריטעט, דער רבי און וועגווייזער. אַלס טרייער תלמיד פון זיין שווער, שמואל אבן תיבון, האָט ער אויפן ברייטסטן אופן זיך באַנוצט מיט דער ראַציאָנאַליסטיש-אַלעגאָרישער מעטאָדע. ניט גאָר ניסים, וואָס ווערן געבראַכט אין דער ביבל, נאָר אויך אַלע ערציילונגען, מעשיות און משלים — אין אַלץ האָט דער ראַציאָנאַליסט אַנאַטאָלי געזען בלויז פילאָזאָפישע אַלעגאָריעס און אָנצוהערענישן. נאָך אין זיין היים, אין דער פּראָוואַנס, האָט אַנאַטאָלי געפּרוווט פאַרשפּרייטן זיינע געדאַנקען צווישן דעם ברייטן עולם. יעדן שבת און יום-טוב פלעגט ער אין די שולן האַלטן דרשות, אין וועלכע ער פלעגט אויף דעם ראַציאָנאַליסטיש-אַלעגאָרישן אופן ערקלערן דעם פּירוש פונם ביבל-טעקסט. דאָס האָט אָבער אַרויסגערופן אַ גרויסע אומצופרידנקייט אין דעם אָרטאָדאָקסישן טייל פון דער קהילה. דאָס אייגענע האָט זיך אויך איבערגעחזרט, ווען ער האָט זיך געפּרוווט אַרויסטרעטן מיט זיינע פּרעדיקן אין איטאַליע. אַנאַטאָלי האָט סוף-כל-סוף איינגעזען, אַז די בית-מדרש-בימה איז ניט קיין פּאַסיקער אָרט צו פּראָפּאַגאַנדירן זיינע פריידענקערישע אָנשויונגען; ער האָט דערפאַר באַשלאָסן צו פאַרשפּרייטן זיין רבינס אידעען ניט מיט דעם מויל, נאָר מיט דער פען. צוזאַמען מיט זיין קריסטלעכן חבר, מיכאל סקאָטוס, האָט ער איבערזעצט אויף לאַטיין דעם „מורה נבוכים" [1], און די געדאַנקען, וואָס ער פלעגט פריער אַרויסזאָגן בעל-פה פון דער בימה-אַראָפּ, האָט ער צונויפגעזאַמלט אין אַ גאַנץ בוך „מלמד התלמידים", וועלכן ער האָט איינגעטיילט אין 48 קאַפּיטלען לויט די סדרות פון דער תורה [2]. דאָס דאָזיקע ווערק איז בלי-ספק אַן אינטערעסאַנ-

---

למודה לפי שהיא צריכה לספרים רבים ולהתבוננות רב, אכן הציקתני רוח אחי ורעי אלופי ומיודעי המשכילים אשר בעיר נרבונא ובדרש אשר מלאם לבם לקרבה אל המלאכה הזאת, ולאהבתם אטה שכמי לשאת משא על משאי... ואם ידעתי כי לא יאות לאיש כמוני להרוס ולעלות אל הר ההעתקה כי רב חדרך ממני ורבים המכשולים לפני מחסרון ידיעתי בלשון הערב ומקוצר הבנתי, אמרתי אולי במעט הדבש אשר ימצא בספרי והעתקתי יאורו עיני המעיינים בהם...

1 ווי פילע ווייזן אָן, איז די איבערזעצונג געמאַכט געוואָרן אויפן באַפעל פון פרידריך דעם II (זע שטיינשניידער, „העבר. ביבל.", VI, 31; VI, 62—66).

2 ווען אַנאַטאָלי האָט פאַרענדיקט זיין ווערק, איז ער אַלט געווען 55 יאָר (זע „מלמד התלמידים" 186b: בן חמשים וחמש כמוני היום). דער „מלמד התלמידים" איז צום ערשטן מאָל געדרוקט אין 1866 דורכן פאַרלאַג „מקיצי נרדמים".

טער קולטור=דענקמאָל, אין וועלכן ס'שפּיגלען זיך אַמבולטסטן אָפּ אַלע מעלות און אויך אַלע חסרונות פון דעם שטרענגן מיימונישן ראַציאָ=נאַליזם. אָט טאַקע דערפאַר לוינט עס זיך אָפּצושטעלן מער באַריכות אויף אַנאַטאָלים „מלמד התלמידים".

שוין אין דער הקדמה ערקלערט אַנאַטאָלי, אַז די וויכטיקסטע פון אַלע חכמות איז דאָס מעטאַפיזישע דענקען, דאָס פאַרטיפן זיך אין דער „מעשה מרכבה". „וכל החכמות מכונות אליו" — און אַלע אַנדערע וויסנ=שאַפטן זיינען בלויז הילפסמיטלען צו דער דאָזיקער וויכטיקער חכמה. אָבער „די הויות דאביי ורבא", ד"ה דער תלמודישע לימוד, איז ניט אַזוי וויכטיק, מען קאָן זיך באַגייגן בלויז מיט משניות און מיט איינעם פון די פוסקים. „ליידער — איז דערביי אַנאַטאָלי מוסיף — ביי אונזערע היינטיקע רבנים (חכמינו דורשי הגמרא) איז דאָס וויכטיקסטע — זיך באַשעפטיקן מיט סוגיות התלמוד, שטעלן האַרבע שאלות און זוכן אויף זיי תירוצים, אָבער אין פילאָזאָפיע, אין „חכמת האלהות" האָבן זיי אַ גאַנץ קנאַפּע ידיעה, און האַלטן עס ניט נאָר פאַר אַ נעבן=זאַך, נאָר טאַקע פאַר אַ זייער שעדלעכע און געפערלעכע".

מיט זיין ווערק — ערקלערט אַנאַטאָלי — באַצוועקט ער ווייזן דעם ריכטיקן וועג, ווי אַזוי צו דערגרייכן דעם אמתן פשט פונם ביבל=טעקסט. ער וויל „אַראָפּנעמען די אייבערשטע שאָלעכץ, בכדי אויפצודעקן די אונ=טער איר פאַרבאָרגענע פערל", און אַנטפּלעקן פאַר אַלעמען דאָס וואָרט פון דער תורה אין זיין גאַנצער פּראַכט און שיינקייט[1]. „יעדע מעשה, וואָס ווערט דערציילט אין דער תורה, ליגט אין איר אַ באַזונדערער מיין: אָדער זי לערנט אונז ווי זיך נוהג צו זיין אין עניני המדינה, אָדער איר ציל איז צו שטאַרקן אין אונז די אמונה"[2]. עס איז קלאָר — ווייזט ווייטער אָן דער פאַרפאַסער — אַז אַלע מעשיות אין דער תורה זיינען בלויז משלים, אַלעגאָריעס. די תורה איז געשריבן אין אַזאַ סטיל, בכדי זי זאָל פאַרשטענדלעך זיין פאַר כל ישראל. אָבער אין יעדער פשוטער מעשה שטעקט נאָך אַ טיפער פאַרבאָרגענער מיין, וועלכן ס'פאַרשטייען בלויז די יחידי סגולה (דאָרטן 44). „דער המון איז ניט אימשטאַנד צו פאַרשטיין דעם אמתן מיין פון די אַלע געשעענישן, וואָס ווערן באַשריבן אין דער תורה, זיי נעמען דאָס אַלץ אָן פשוט, ווי עס ווערט דערציילט, אָבער די פילאָזאָפיש=געבילדעטע, זיי פאַרשטייען דעם פאַרבאָרגענעם סוד" (דאָרטן,

1 „מלמד התלמידים", 8a.

2 דאָרטן 31a: „כל ספור שבא בתורה בא אם לתועלת הנהגת המדינה או לתועלת קיום אמונה".

58). דאָס — שטרייכט אַנאַטאָלי אונטער — איז אָבער ניט בלויז בנוגע צום טעקסט פון דער תורה. „ווי דער רמב"ם האָט שוין אָנגעוויזן [1], האָט אַפילו אין דעם ספר „משלי" יעדער פסוק אַ דאָפּלטן זין: אַ פּשוטן, פאַר־שטענדלעך פאַר אַלעמען, און אַ צווייטן, אַ פאַרבאַהאַלטענעם [2]. דאָס אייגענע, איז מוסיף אַנאַטאָלי, זעען מיר אויך ביי אונזערע נביאים און חכמים: יעדער אויסשפּרוך זייערער האָט אַ דאָפּלטן פּשט: איינעם פאַר אַלעמען, וואָס פאַרשטייען נאָר דעם פּירוש המלות, און אַ צווייטן, אַ טיפן, וואָס נאָר יחידים קאָנען אים משיג זיין [3]. און זייער אַ סך טיפע סודות— שטרייכט אונטער דער פאַרפאַסער פון „מלמד התלמידים" — זיינען גע־ווען פאַרבאָרגן אין די ספרי הקודש און אין דעם תלמוד, וועגן וועלכע דער רוב אונזערע תלמידי חכמים האָבן אַפילו ניט אָנגעהייבן וויסן (נעלם מרוב חכמי תורתנו), ביז ס'האָט זיך באַוויזן דער מאור הגולה, רבינו משה בן מיימון, און ער האָט אַנטפּלעקט דאָס טוף פאַרבאָרגענע. אמת, ער האָט אין זיין „מורה נבוכים" ניט אַלע סודות אויפגעדעקט; ער האָט אונז אָבער אַלעמען די אויגן געעפנט, האָט אונז געלערנט, ווי אַזוי מען קאָן דערגייין דאָס, וואָס ס'איז פאַר אונז, בלינדע, פריער געבליבן פאַרהוילן. און זייט וויסן, אַז אַלץ, וואָס איך אַנטפּלעק דאָ פאַר אייך אין דעם דאָזיקן ספר — דאָס האָב איך אַלץ אים, אונזער גרויסן וועגווייזער צו דאַנקען, דאָס גייען מיר עם אין זיין דרך און פאָלגן זיינע געבאָטן [4].

בכדי צו געבן דעם לעזער אַ באַגריף וועגן אַנאַטאָלים פילאָזאָפיש־אַלעגאָרישע מעטאָדע, לויט וועלכער ער פלעגט דערקלערן דעם טעקסט פון דער ביבל, איז גאַנץ גענוג צו ברענגען פאָלגנדיקע אייניקע ביישפּילן: נחם תיבה מיט אירע דריי אָפּטיילונגען, דאָס איז, לויט אַנאַטאָלים פּירוש, מער ניט ווי אַ משל צו די דריי חכמות־אָפּטיילונגען: מעטאַפיזיק, פיזיק און מאַטעמאַטיק [5]. די מעשה מיטן ברענענדיקן סנה איז אַ רמז אויף דעם נידעריקן חומר, וואָס „ווערט פאַרברענט אינם פייער פון צעשטערונג" (החומר השפל... הבוער באש הכליון) [6]. אונטער דעם גן־עדן האָבן, נאָך אַנאַטאָלים מיינונג, אונזערע חכמים פאַרשטאַנען דעם זאַמלפּונקט פון

---

[1] „מורה נבוכים", I, קאַפּ' 17; III, קאַפּ' 8.

[2] „מלמד התלמידים", 56b, 124b.

[3] דאָרטן, 116b.

[4] דאָרטן, 119b, 122a.

[5] דאָרטן, 12a.

[6] דאָרטן, 45b.

אַלע חכמות[1]; די מנורה מיט אירע זיבן רערן זיינען אַ רמז אויף די זיבן פּלאַנעטן[2]; אונטער דעם כּנעני, וואָס ווערט אַזוי אָפט דערמאָנט אין דער תורה, מיינט מען דעם יצר־הרע[8]; די אשה זונה, וועגן וועלכער עס דערציילט דער נביא הושע — דאָס איז דער שפּלער חומר[4]; „דאָס קליינע שוועסטערל״ (אחות לנו קטנה), וואָס ווערט דערמאָנט אין שיר השירים — דאָס איז דער „שכל הנקנה״, די הויכע שטופע פון פאַרשטאַנד, וואָס דער מענטש דערוואָרבט זיך דורך פילאָזאָפיש פאָרשן און דענקען אאַז״וו אאַז״וו.

דער לעזער דאַרף אָבער דערביי ניט פאַרגעסן דאָס, וואָס מיר האָבן אָנגעוויזן אין פאָריקן בוך, אַז די אַלעגאָרישע מעטאָדע ביים דערקלערן דעם ביבלישן טעקסט איז דעמאָלסט שטאַרק געווען אָנגענומען אויך ביי די קריסטלעכע טעאָלאָגן; מער ניט ביי יענע האָבן די משלים און אַלעגאָריעס געטראָגן ניט קיין ראַציאָנאַליסטישן כאַראַקטער, ווי ביי דעם מיימוניסט אַנאַטאָלי, נאָר אַ סכאָלאַסטיש־טעאָלאָגישן. די קריסטלעכע טעאָלאָגן פון יענער צייט האָבן ניט נאָר געזען אין אסתר המלכּה אַ רמז אויף „גאָטס־מוטער״, אין יצחקן — גאָט דעם פאָטער, אין יעקבן — דעם גואל (ישו הנוצרי), אין קינען — דאָס יידנטום און אין הבלן — דאָס קריסטנטום; אַפילו די דיכטער פונם הייַדנישן אַלטערטום, ווי ווירגילי, אָווידי וכדומה, האָבן ביי זיי אָנגענומען אַ קריסטלעכן לבוש, און זייערע ווערק האָבן דורך אַלעגאָרישע פּירושים באַקומען אַ גאַנץ קריסטלעך־טעאָלאָגישן כאַראַקטער. אַפילו די נאַטור מיט איר שפּרודלדיקן לעבן איז ביי זיי מגולגל געוואָרן אין אַ טיפער אַלעגאָריע, אין וועלכער עס זיינען באַהאַלטן גאַנצע אוצרות פון מוסר און דרך־ארץ. עס זיינען דעמאָלסט, אין דער בלי־תקופה פון סכאָלאַסטיק, ערשינען פאַרשיידענע ווערק אונטער מאָדנע נעמען, ווי „בעסטיאַרי״, „לאַפּידאַרי״ וכדומה, אין וועלכע עס ווערט שטאַרק געחקירעט, וואָס פאַר אַ מין, וואָס פאַר אַ רמז עס שטעקט אין יעדן אבן דומם, אין יעדן פאַשעפעניש באַזונדער... יעדע זאַך, יעדע לעבעדיק באַשעפעניש איז בלויז אַ סימבאָל, אַ משל; „עס מוז אונז עפּעס לאָזן הערן״...

ביי אַנאַטאָלין האָט דאָס אַלץ געטראָגן אַ ריין ראַציאָנאַליסטישן כאַראַקטער, אַלץ איז ביי אים בלויז אַ לבוש פאַרן פילאָזאָפישן געדאַנק, פאַרן שכלדיקן באַווייז. און אַדאַנק זיין אויסגעהאַלטענעם ראַציאָנאַליזם

---

1 דאָרטן, 142a.

2 דאָרטן, 134b.

8 דאָרטן, 134a: „וכבר בארנו שכנעני שם ליצר הרע״.

4 דאָרט, 115a.

איז אַנאַטאָלי אַ שאַרפער קעגנער פון יעדן פינסטערן אָבערגלויבן און פון פאַנטאַסטישע באָבע־מעשׂיות. אין יענער צייט, ווען די גאַנצע מיטלאַלטערלעכע פילאָסאָפיע איז געווען פיל און פול מיט כל המיני מחבלים, אָנגשיקענישן און ניט־גוטע, האָט דער פּראָפעסאָר פון דעם „מלמד התלמידים" געהאַט דעם מוט אָפן ערקלערן, אַז ער גלויבט ניט: ניט אין מכשפים, ניט אין שדים, ניט אין ווידערשפּעניקע מלאכים, וואָס זיינען מגולגל געוואָרן אין רוחות. אַנאַטאָלי איז פעסט איבערצייגט, אַז דעם דאָזיקן „נאַרישן אָבערגלויבן" האָבן יידן איבערגענומען ביי די אַנדערע פעלקער. לויט זיין מיינונג, איז דאָס אַ גרויסער טעות, ווען מען מיינט, אַז אין תנ"ך און אין דער גמרא ווערט דאָך אויך דערציילט וועגן שדים און רוחות — דאָס פאַרשטייט מען עם פשוט ניט דעם ריכטיקן פשט. פאַר אַנאַטאָלין איז קלאָר, אַז ווען עס ווערט דאָרט גערעדט וועגן שטן און סמאל, איז דאָס דאָך בלויז אַ משל צום מענטשנס יצר־הרע, וואָס פירט אים אַראָפּ פונם ריכטיקן וועג [1]. אַנאַטאָלי דערמאָנט אויך יעדעס מאָל זיינע לעזער, ווי הויך זיי דאַרפן שעצן די וועלטלעכע וויסנשאַפטן, און אין יענער פינסטערער צייט פון ווילדן פאַנאַטיזם און בלוטיקער שנאה האָט אַנאַטאָלי געפּלייסט זיך איינצופלאַנצן אין די הערצער פון זיינע לעזער דאָס באַוווסטזיין, אַז אַלע פעלקער זיינען גלייך, און אַלע מענטשן זיינען ברידער. ער שטרייכט אונטער, אַז העכער פון אַלץ דאַרף מען שעצן די מענטשלעכע פּערזענלעכקייט, ניט רעכענענדיק זיך דערביי, צו וועלכער אומה אָדער וועלכער אמונה די פּערזענלעכקייט געהערט. „אַלע מענטשן — לערנט אַנאַטאָלי — זיינען געשאַפן לויט גאָטס בילד, און עס איז לעכערלעך צו מיינען, אַז נאָר יידן האָבן אַ געטלעכע נשמה, און אַנדערע פעלקער ניט: מיר דאַרפן ניט נאָכטאָן די אַנדערע פעלקער, וואָס ערקלערן, אַז יידן האָבן ניט קיין נשמה; דאָס זאָגן זיי אויס אומוויסן און נאַרישער גאווה. יעדער פון די אומות העולם, חזרט אַנאַטאָלי איבער, וואָס פאַרנעמט זיך מיט די לימודים, וועלכע פּאַסן פאַר אים, דער איז פיל חשובער פון דעם בן־ישראל, וואָס פאַרנעמט זיך ניט מיט דעם, וואָס ס'איז פּאַסיק פאַר אים" [2].

נאָר טאַקע דערביי אַנטפּלעקט זיך אויך גאַנץ בולט די שאָטן־זייט פון אַנאַטאָלים וועלט־אָנשויונג. זיין פרייער קריטישער געדאַנק דערהויבט

---

1 דאָרטן, 182b, 183b, 184a.

2 דאָרטן, 25b: „אמנם בצלם אלהים זה השתוו כל האומות, לא שנאמר כי אין נפש רק לישראל כמו שאומרים הגויים הסכלים כי אין נפש לישראל, כי זה רק גאותם וסכלותם. אבל בדרך האמת כלם בעלי צלם... ואחד מן האומות שהוא עוסק בתלמוד הראוי לו גדול מאחר מבני עמנו שאינו עוסק בראוי לו".

זיך שטעלן איבער די מיטלאַלטערלעכע גרענעצן און צוימען, אָבער — ער שאַפט דערביי גלייך ניע. ער לערנט שעצן די מענטשלעכע פּערזענלעכקייט, ניט רעכענענדיק זיך מיט נאַציאָנאַלע און רעליגיעזע מחיצות, אָבער — בלויז די געבילדעטע פּערזענלעכקייט, וואָס קאָן פילאָזאָפיש דענקען. אַנאַטאָלים ראַציאָנאַליזם איז דורכגעדרונגען מיטן גייסטיקן אַריסטאָקראַטיזם, מיטן ביטול צום המון, צו די ברייטע מאַסן, די „נאַרישע עמי־הארצים". דעם רמב"מס אַ הייסער חסיד, האָט אַנאַטאָלי פיינט צו ריידן האַלבע ווערטער, ער שטעלט יעדע פראַגע שאַרף און בולט. ער האָט דעם מוט אָפן אונטערצושטרייכן דעם אַנטידעמאָקראַטישן כאַראַקטער פון מיימונישן ראַציאָנאַליזם, און אַדאַנק דעם באַקומט זיין „מלמד התלמידים" אַ באַזונדערן היסטאָריש־ליטעראַרישן אינטערעס.

„דריי כוחות — זאָגט אַנאַטאָלי — געוועלטיקן אין דעם מענטשן: די קראַפט פון וואַקסן, די קראַפט פון לעבן און באַוועגונג און דער כוח פון וואָרט און געדאַנק [1]. דעם ערשטן כוח באַזיצט דער מענטש צוזאַמען מיט אַלע געוויקסן און פלאַנצן, דעם צווייטן — בשותּפות מיט אַלע חיות, דעם דריטן אָבער — צוזאַמען מיט די מלאכים. און לויט די דריי כוחות ווערן די מענטשן איינגעטיילט אין דריי כּיתות: די ערשטע כּיתה באַזאָרגט אַלץ, וואָס ס'איז נייטיק פאַרן ערשטן כוח, ד"ה פאַרן נאָרמאַלן וואַקסן און גדייען: שפּייז, געטראַנקען, הלבשה וכדומה. די כּיתה איז די גרעסטע אין כּמות, צו איר געהערן קודם־כּל די ערדאַרבעטער, דאַן סוחרים, בעלי־מלאכות און אויך פאַרטרעטער פון אַזאַ פּראַקטישער חכמה ווי מעדיצין. די דאָזיקע כּיתה איז אַוודאַי אַ זייער נוציקע און נייטיקע, נאָר ניט זי איז מסוגל צו שפּילן אַ פירנדיקע ראָלע אינם געזעלשאַפטלעכן לעבן אַלס מאָראַלישער דעריציער, בפרט נאָך אַלס לערער און מדריכים אויפן געביט פון פילאָזאָפיע און וויסנשאַפט. ניט אין דער כּיתה אַנטפּלעקט זיך דעם מענטשנס גרויסקייט, וואָרעם זי באַזאָרגט דאָך בלויז די זעלבע באַדערפעניש, וואָס פשוטע געוויקסן און פלאַנצן (כּי הצמח נמצא במדרגתו). די צווייטע כּיתה, אַ קלענערע אין צאָל, זי באַזאָרגט אַלע געזעלשאַפטלעכע הצטרכותן, גיט אַכטונג אויף אָרדענונג און פירט דעם גאַנצן סדר פון דער מלוכה. די דאָזיקע כּיתה שטייט געוויס העכער פון דער ערשטער, נאָר אויך אין איר דערגרייכט נאָך דער מענטש ניט זיין העכסטע מדרגה. מיר ווייסן דאָך, אַז געוויסע מינים חיות, ווי מאַלפּעס וכדומה, און אַפילו פשוטע אינזעקטן פירן אויך אַ געזעלשאַפטלעך לעבן און ווייזן דערביי

---

[2] דאָרטן, 143b: „כי האדם התחברו בו שלשה כחות: כח המגדל, וכח החיים וכח המדבר".

אַרום פיל חכמה און גענױטקייט. בלױז די דריטע כּיתּה, די קלענסטע אין צאָל, איז די טרעגערין פון דעם מענטשנס העכסטער שלמות — די קראַפט פונם וואָרט און געדאַנק. דאָס זיינען די דענקער און פילאָזאָפן, וואָס אַנטפּלעקן די טיפסטע סודות און אַנטדעקן דעם וועג פון אמת. זיי זיינען די חשובסטע פון אַלע מענטשן, די קרױן פונם מענטשלעכן געשלעכט. און פונקט ווי בײַ אַ פרוכטבױם באַצוועקן אַלע זיינע טיילן, די וואָרצלען, די זאַפטן, די בלעטער, איין באַשטימטן ציל: צייטיקן די פרוכט, אַזױ באַצוועקן ביידע ערשטע כּיתּות מיט זייער גאַנצער עקסיסטענץ איין באַשטימטן ציל — שאַפן די מעגלעכקייט, די דריטע גרופּע, די קלענסטע אין צאָל און וויכטיקסטע לױט איר איכות און ווערט, זאָל קאָנען בליען און געדייען. אָבער אויך אין דער דריטער אויסדערוויילטער כּיתּה זיינען ניט אַלע גלייך. ווער ס'דרינגט אַמטיפסטן אַריין אין די פילאָזאָפישע אמתן, דער שטייט דורך דעם העכער פון אַלע זיינע חברים, און די גאַנצע דריטע כּיתּה דאַרף געהאָרכן אים, דעם אויסדערוויילטן; די צווייטע כּיתּה דאַרף דערפילן דעם ווילן פון דער דריטער, און די ערשטע — פון דער צווייטער. נאָר אויף אַזאַ דרך, פאַרזיכערט אַנאַטאָלי, קאָן דער מענטש דערגרייכן צו דער העכסטער ״שטאַפּל פון שלמות״[1].

אָט אין דעם טאַקע — שטרייכט אַנאַטאָלי אונטער — באַשטייט דער גרױסער טעות פון די, וואָס טענהן, אַז אַלע מענטשן זיינען גלייך און מיינען: איך בין גלייך ווי יעדער אַנדערער. דאָס איז אַ גרױסע נאַרישקייט [2]. אַנאַטאָלי איז פּעסט איבערצייגט, אַז ניט אַלע מענטשן טראָגן דעם „צלם אלהים״, דעם געטלעכן שטעמפּל, נאָר בלױז דער פילאָזאָפיש־דענקענדיקער מענטש, דער מאַן פון וויסנשאַפטלעכער בילדונג. „עס שטייט בײַם נביא געשריבן — זאָגט אַנאַטאָלי — „און פול וועט ווערן די ערד מיט וויסן און גאָט וועט פאַרשפּרייטן זיין גייסט איבער יעדער באַשעפעניש״ (וישפוך רוחו על כל בשר). „על כל בשר״ — פאַרטייטשט אַנאַטאָלי — דאָס מיינט מען „יעדער לעבעדיק באַשעפעניש״, ד״ה יעדער באַשעפעניש מיט אַ פאַרשטאַנדיק האַרץ. „וואָרעם עס איז דאָך לעכערלעך צו מיינען — איז מוסיף אַנאַטאָלי — אַז גאָט גיסט אויס זיין גייסט אויך איבער די פאַרגרעבטע נאַראָנים. לאָז אונז גאָט היטן גלויבן אין אַזאַ נאַרישקייט, וואָס איז ליידער היינטיקע צייטן (אונטערגעשטראָכן פון אונז. י. צ.) געוואָרן זייער פּאָפּולער און אָנגענומען בײַם

1 דאָרטן: „ובזה ישלם מין האדם לא זולת זה״.

2 דאָרטן, 144: „וזה דבר יכשלו בו רבים כי יאמרו: כלנו בני איש אחד נחנו, או יאמרו: ישר אנכי כפלוני ופלוני, וזו סכלות גמורה״.

עולם. דער המון איז אפילו איבערצייגט, אז אט אין דער נארישקייט גלויבן די פרימסטע און בעסטע פון אונזער דור; זיי מיינען, אז דערמיט גרויסן זיי און אכפערן גאטס נאמען; אין דער אמתן אבער לעסטערן זיי איס דערמיט" [1]. ביי אנאפאלין איז קיין שום ספק ניט, אז דעם דאזיקן גרויסן טעות האבן יידן איבערגענומען ביי די אומות העולם.

אט דער „גרויסער טעות", דער גלויבן, אז גאטס שכינה רוט איבער אלע באשעפענישן, און אז אלע מענטשן זיינען גלייך, איז ווירקלעך געווען שטארק פארשפרייט צווישן די קאמוניסטישע סעקטעס, וואס האבן זיך דעמאלסט באוויזן אין איטאליע. דערמיט ערקלערט זיך די שנאה, מיט וועלכער אנאטאלי רעדט וועגן די דאזיקע סעקטעס, וואס זייערע אנהענגער הייסן ביי אים „די נידערטרעכטיקע אפיקורסים" [2].

„מען דארף — ווארנט אנאטאלי — זיך האלטן וואס ווייטער פון די דאזיקע שעדלעכע אומרויקע מענטשן (להרחיק חבר האנשים המתפרצים כנגד הטובים), וואס פארפירן מיט זייערע שקרים אומשולדיקע מענטשן. די רעדלפירער פון די דאזיקע ווידערשפעניקע חברות ריידן אין דער התחלה ווייכע דיבורים: לאמיר לעבן בשלום, פירן א ריין מאראליש לעבן, דאס גאנצע געלט וועט גיין אויף צדקה-קאסעס צו שטיצן אלע נויט-באדערפטיקע; כים אחד יהיה לכולנו — איין קאסע וועט זיין פאר אונז אלעמען. דאס זאגן זיי אבער נאר לפנים; זייער פארבארגענער ציל איז אויפצורייצן קעגן די ארנטלעכע פירער... און בלוט צו פארגיסן..." [3].

אט אזוי אנטפלעקט מיט אמאל דער ראציאנאליסט און פריידענקער זיין סאציאלן מהות, זיין בלינדן פחד פארן אומצופרידענעם „המון"...



---

1 דארטן, 150a: „לא שישפוך רוחו על הסכלים, חלילה וחלילה מהאמין זה הסכלות שיצא בזמנינו עד שהחסידים שבדורנו לפי דעת ההמוני יאמרו זה והם מתכונים להגדיל כבוד השם בזה, והאומר זה בוזה השם הנכבד והנורא".

2 דארטן, 115a: „הרעים הכופרים הנקראים פטריני".

3 דארטן, 142b: „אבל הכונה הצפונה בלבם להתפרץ כנגד הטובים המוכיחים עד שימצאו טענה מלכת אל החכמים.. וימצאו בזה מקום לפתות הטובים ולשפוך דם חייהם האמתיים".

# פערטער קאַפּיטל.

אַנאַטאָלים שול. — משה אויס סאַלערנאָ און די לאַטיינישע איבערזעצונג פון „מורה נבוכים". — די יידישע געלערנטע און זייער באַדייטונג פאַר דער איטאַליענישער קולטור אינם מיטלאַלטער. — די קולטורעלע ראָלע פון דער רוימישער קהילה; די צוויי ברידער צדקיהו בן אַברהם און בנימין בן אַברהם. — בנימינס סאַטירע „משא גיא חזיון"; יחיאל בן יקותיאל און זיין מוסר־ספר „מעלות המדות". — די מעצענאַטן און די כּתבֿ־יד־איבערשרייבערס. — די השפּעה פון דעם רמבּ"מס „מורה נבוכים"; דער ראַציאָנאַליסט זרחיה חֵן און זיין ליטעראַריש שאַפן. דער וויכּוח צווישן צוויי מיימוניסטן.— הלל אויס וועראָנע אַלס פערזענלעכקייטן; זיין פילאָזאָפיש־עטיש ווערק.

אַנאַטאָלי האָט געשאַפן אין איטאַליע אַ גאַנצע שול. ער האָט דערוועקט אין די יידישע אינטעליגענטע קרייזן דעם אינטערעס צו פילאָזאָפישע פּראָבלעמען. אַנאַטאָלים באַליבטסטער דענקער, דער רמבּ"ם, איז געוואָרן שטאַרק פּאָפּולער אין די דאָזיקע קרייזן, זיין „מורה" האָבן אַלע שטודירט, מען האָט געלייענט וועגן אים ספּעציעלע פאָרלעזונגען און געשריבן אויף אים פּרושים.

אַלס דעם „מורה נבוכימס" אַ מפרש באַגעגענען מיר אין איטאַליע באַלד נאָך אַנאַטאָלים טויט אַן אינטערעסאַנטע פיגור, דעם פילאָזאָפיש־געבילדעטן אַרצט משה בן שלמה אויס סאַלערנאָ. וועגן זיין לעבן ווייסן מיר בלויז, אַז ער איז געווען אַ תּלמיד פון דעם בעל „מלמד התּלמידימס" וואָס, וועלכער איז באַקאַנט אונטער דעם פאָטערס פאַמיליע־נאָמען אַנאַטאָליאַ, אויך אַנאַטאָליגאַ[1]. אַ גוטער קענער פון לאַטיין, האָט משה

[1] אין משה בן שלמהס פירוש אויף „מורה נבוכים" לייענען מיר גאַנץ אָפט: „ומורי ר' אַנטולי ז"ל" (I, קאַפּ' 30, בל' 13); „החכם ר' אַנטולי בר' יעקב ז"ל" (I, קאַפּ' 31, בל' 14); „וכבר שאלתי מזה החכם אַנטוליא יאמר לי" (I, קאַפּ' 21, בל' 7) אאַז"וו. דעם מחבר פונם „מלמד התּלמידים" אָבער, וועלכן ער ציטירט גאַנץ אָפט, רופט משה אויס סאַלערנאָ קיינמאָל ניט אָן מיטן נאָמען אַנאַטאָליא, נאָר ר' יעקב בן אבא מרי, אָדער פּשוט: ר' יעקב במאמרו „מלמד התּלמידים" (זע דאָרטן, I, 19, בל' 5; II, 26, בל' 170 אאַז"וו).

אויס סאַלערנאָ פלייסיק שטודירט ניט נאָר די פילאָזאָפישע ליטעראַטור, נאָר אויך די קריסטלעך־טעאָלאָגישע פון יענער צייט. און פונקט ווי אַנאַטאָלי, וואָס האָט ביי זיין וויסנשאַפטלעכער אַרבעט זיך באַנוצט מיט דער הילף פון דעם קריסטלעכן געלערנטן סקאָטוס, אַזוי האָט אויך משה בן שלמה געשטודירט דעם „מורה נבוכים" אין דער לאַטיינישער איבערזעצונג [1] צוזאַמען מיט דעם קריסטלעכן טעאָלאָג ניקאָלאַי אויס פאַלעא (Nicolaus de Palea) [2]. ער איז אויך געווען גוט באַקאַנט מיט פילע אַנדערע קריסטלעכע טעאָלאָגן, און ער דערמאָנט אין זיינע ווערק אייניקע מאָל דעם ביסקופ מאַצעאָ און עפּעס אַ גלח (שהוא רב שלהם) פיליפ אויס טאָסקאַנאָ.

משה אויס סאַלערנאָ איז געווען אַ הייסער אָנהענגער פון מיימוני, וועלכן ער רופט ניט אַנדערש ווי „אדוננו השלם הרב הגדול", און ער האָט אין משך פון אַ סך יאָרן געאַרבעט איבער אַ גרויסן פירוש צום „מורה" [3], וואָס איז טאַקע געבליבן ניט פאַרענדיקט [4]. ער איז פעסט איבערצייגט, אַז אין דער תורה זיינען באַהאַלטן אַ סך אַלעגאָריעס און רמזים אויף טיפע פילאָזאָפישע ענינים, און ווייזט דערביי אָן, אַז אויך די גריכישע פילאָזאָפן, ווי אַפלטון און אַנדערע, האָבן זיך אויך זייער אָפט באַנוצט מיט אַלעגאָריעס און רמזים [5]. גאַנץ אינם גייסט פונם רמב"מס שיטה ער־

[1] משה בן שלמה ציטירט גאַנץ אָפט אין זיין פירוש דעם „מורה" אין דער לאַטיינישער איבערזעצונג: „העתקת הנוצרי", „המעתיק הנוצרי".

[2] משה בן שלמה דערמאָנט אין זיין פירוש גאַנץ אָפט: „החכם הנוצרי שהתחברתי עמו", און אין איין שטעלע (II, 74, בל' 105) ווייזט ער אָן: „וזה פירש לי החכם הנוצרי פישרו דביריאה".

[3] שטיינשניידער רעכנט, אַז משה בן שלמה האָט געשריבן זיין פירוש אין די יאָרן 1240—50 (זע „העבר. ביבל.", XV, 86). מיר האַלטן אָבער די דאָזיקע דאַטע פאַר ניט ריכטיק. אין דעם פירוש ווערט דער בעל „מלמד התלמידים" שטענדיק דערמאָנט אַלס אַ געשטאָרבענער. העכסט וואַרשיינלעך האָט משה איבערגעאַרבעט זיין פירוש ערשט אין סוף פון די זעכציקער יאָרן.

[4] אין אַלע האַנטשריפטלעכע עקזעמפּלאַרן (דאָס ווערק איז געבליבן ניט גע־דרוקט) איז דער פירוש בלויז אויף די ערשטע צוויי חלקים פונם „מורה". מיר האָבן זיך באַנוצט מיט דער האַנטשריפט, וואָס געפינט זיך אין דער ערשטער קאָלעקציע פון פירקאָוויטש, נומ' 482. דער מאַנוסקריפט איז אַ גרויסער דיקער באַנד פון 181 בלעטער, פּאַפּיר געמישט מיט פּאַרמעט (די ערשטע בלעטער פעלן).

[5] זע זיין פירוש, I, קאַפּ' 16, בל' 3: „והכמי האומות מקדם היו מסתירים בדברים של זאת החכמה ר"ל חכמת הטבע בהתחלות כלומ' בראשי דברים וברמיזות ומדברים בהם ברמיזות ומשלים כאפלטון ומי שקדם לו".

קלערט משה בן שלמה פאַר פאַלש רבנו סעדיה גאונס מיינונג, אַז די מענטשן זיינען חשובער פון די מלאכי השרת [1].

זייער כאַראַקטעריסטיש פאַר די דעמאָלטיקע קולטורעלע צושטאַנדן אין איטאַליע איז דער פאַקט, וואָס אונזער יידישער געלערנטער האָט גע-האַט די מעגלעכקייט צו פירן מיט אָנגעזעענע קאַטוילישע גייסט-לעכע שאַרפע רעליגיעזע וויכוחים און דערביי אָפן און פריי קריטיקירן די דאָגמעס פון דער קריסטלעכער אמונה. שטייענדיק אויפן רמב"מס שטאַנד פונקט פאָלעמיזירט משה בן שלמה אין זיין פירוש צום „מורה" קעגן די יידישע רבנים, וואָס ערלויבן זיך צו שילדערן די גאָטהייט אין מענטשלעכע בילדער [2]. אָבער נאָך שאַרפער טרעט ער אַרויס אין זיינע פאָלעמישע ווערק „מאמר האמונה" און „טענות" [3] קעגן די הויפט-דאָגמען פון דער קריסטלעכער אמונה: וועגן דער דריי-איינקייט און דאָס ערשיינען פון דער גאָטהייט אין אַ מענטשלעכער געשטאַלט (אינקאַרנאַציע).

ביסלעכוויז, צו דער צווייטער העלפט פונם 13טן יאָרהונדערט, האָבן די יידישע געלערנטע אָנגעהויבן שפּילן אַ אָנגעזעענע קולטורעלע ראָלע אין איטאַליע [4]. דער הויף פונם אויפגעקלערטן מלך קאַרל אוים אַנזשוי (1288—1266) איז נעאַפּאָל איז געוואָרן דער זאַמלפּונקט פאַר יידישע געלערנטע אוים דער פּראָוואַנס, שפּאַניע און איטאַליע, וואָס האָבן פלייסיק איבערזעצט אַראַבישע פילאָזאָפישע און מעדיצינישע ווערק. מעדיצין איז

---

[1] דאָרטן, II, 11: „ובענין זה טעה אחד מגדולי ישראל שאמר כי בני אדם נכבדים ממלאכי אלהים". דעם רמב"מס מיינונג בנוגע צו דער פראַגע זע דעם ערשטן באַנד, ז' 209.

[2] זע פערלעס, אין „מאָנאַטסשריפט", 1875, 23.

[3] משה בן שלמהס ווערק „מאמר האמונה" איז מיט דער צייט פאַרלאָרן גע-גאַנגען, און עס איז בלויז באַקאַנט פון די ציטאַטן, וואָס ער גופא ברענגט אין זיין פירוש צום „מורה". אַ שריפטלעכער עקזעמפּלאַר פון זיינע „טענות" געפינט זיך אין דער ביבליאָטעק פונם ברעסלעווער סעמינאַר. מער באַריכות וועגן משהס שאַפן זע דעם אַרטיקל פון פערלעס וועגן דער לאַטיינישער „מורה"-איבערזעצונג („מאָנאַטסשריפט", 1875). זע אויך גידעמאַן, „התורה והחיים" II, און פאָגלשטיין אונד ריעגער I, 269—70.

[4] עס איז כאַראַקטעריסטיש, וואָס ערשט אינם 13טן יאָרהונדערט, צוזאַמען מיטן קולטורעלן אויפבליען פונם איטאַליענישן יידנטום, האָט זיך אין איטאַליע באַוויזן דער ערשטער באַדייטנדיקער פאָרשער אויך אויפן תלמודישן געביט, נעמלעך, ישעיה דוטראַני דער עלטערער, וואָס אַדאַנק זיין גרויסן וויסן און שאַרפן קריטישן שכל, איז ער געוואָרן איינער פון די אָנערקענטע אַוטאָריטעטן צווישן די גאוני התלמוד. מער באַריכות וועגן דעם דאָזיקן געלערנטן זע: גידעמאַן, II, אינדעקס; צונץ, „צור געשיכטע", אינדעקס; וויים, „דור דור ודורשיו", IV, 274—276; באַזונדערס די מאָנאָגראַפיע פון ה. גרוים, אין „צייטשריפט פ. העבר. ביבל.", XIII, 46—58, 87—92, 118—123.

געוואָרן די באַליבטסטע באַשעפטיקונג ביי די איטאַליענישע יידן [1]; אויך אויף אַנדערע וויסנשאַפטלעכע געביטן האָבן יידן געגומען אַ גאַנץ גרויסן אָנטייל. אַ סך וויסנבאַגיריקע יידישע יונגעלייט האָבן זיך געלאָזט אויס איטאַליע נאָך דער פּראָוואַנס און שפּאַניע, בכדי דאָרט אויס יידישע און אַראַבישע קוועלן זיך באַקענען מיט פילאָזאָפיע און נאַטורוויסנשאַפטן. צוריקקומענדיק אַהיים, האָבן זיי זיך געפליסט אויך די קריסטלעכע געלעשאַפט צו באַקענען מיט די וויסנשאַפטלעכע אוצרות פון דער אַראַבישער קולטור. מען קאָן צונויפשטעלן אַ גאַנצע וויסנשאַפטלעכע ביבליאָטעק פאַר מעדיצין, פילאָזאָפיע און אַסטראָנאָמיע בלויז אויס די ספרים, וואָס די איטאַליענישע יידן האָבן איבערזעצט אינם משך פונם 13טן יאָרהונדערט. דער באַדייטנדסטער אַראַבישער דענקער, אבן-רשד, איז ניט פאַרלאָרן געגאַנגען פאַר דעם קריסטלעכן אייראָפּע נאָר אַדאַנק די יידישע געלערנטע אין איטאַליע, וואָס האָבן אַזוי פלייסיק און זאָרגזאַם איבערגעזעצט זיינע ווערק [2].

בראש פון דעם איטאַליענישן יידנטום איז געשטאַנען די רייכע רוימישע קהילה. דער רייזנדער בנימין אויס טאָדעלאָ, וואָס האָט באַזוכט רוים נאָך אין די זיבעציקער יאָרן פונם 12טן יאָרהונדערט, רעדט מיט גרוים התפעלות וועגן דעם בליענדיקן צושטאַנד פון דער דאָרטיקער יידישער קהילה, וואָס איז דעמאָלט באַשטאַנען פון איבער 200 פאַמיליעס. אין הונדערט יאָר אַרום איז די לאַגע פון דער קהילה געוואָרן נאָך באַדייטיק גלענצנדער. צווישן די מיטגלידער פון דער קהילה האָבן זיך דעמאָלט געפונען פילע פאַרשטייער פון די רייכע פינאַנסיעלע ספערן און אויך פילע געלערנטע, מעדיקער, ליטעראַטן וכדומה. דאָרט האָט אין יענער צייט געלעבט דער באַוווסטער תלמודיסט צדקיה בן אברהם ענָוים [3], דער פאַרפאַסער פונם באַקאַנטן זאַמלבוך פאַר דינים און מנהגים „שבלי הלקט" [4]. מיט הונדערט יאָר צוריק האָט דער שפּאַניער אברהם בן עזרא דער ערשטער געהאַט דעם מוט פרווון קעמפן (אין זיין פירוש אויף קהלת) קעגן דעם אַוטאָריטעט פון דעם באַרימטן פייטן אלעזר קליר [5]; איצט, אינם

---

1 וועגן יידישע דאָקטוירים אין איטאַליע אינם 13טן יאָרהונדערט זע גידעמאַן, II, 128—133; פאָגעלשטיין אונד ריעגער, I, 276; Я. Эйгер, Еврейские врачи в Италии (Евр. Летопись, 1924, III, 8 — 23).

2 זע שטיינשניידער, „אוצר נחמד", II, 230, און „ספרות ישראל", 138.

3 ענָוים — אַן אַנגעזעענע און געבילדעטע פאַמיליע אין רוים.

4 אַ פולשטענדיקן, וויסנשאַפטלעך רעדאַקטירטן טעקסט פון דעם דאָזיקן ווערק האָט פאַרעפנטלעכט ש. בובער אין 1886.

5 זע פריער, ז' 222.

13טן יאָרהונדערט, האָט שוין אַ געבאָרענער איטאַליענער, צדקיה בן אַברהם, געהאַלטן פאַר מעגלעך אײַנצושליסן אין זיין ריטועלן זאַמלווערק „שבלי הלקט" אבן עזראס שאַרפע קריטיק, בכדי צו דערווייזן, אַז קלירס אַזוי שטאַרק אָנגענומענע פיוטים און יוצרות פאַסן כלל ניט פאַר תפילות און פאַרנעמען אומזיסט אַ בכבודיק אָרט אין מחזור, ווייל קיין בן אדם איז ניט אימשטאַנד צו פאַרשטיין זייער משונה האַרבע און ווילד פאַרגרייזטע שפּראַך [1].

אין איין צייט מיט דעם פאַרפאַסער פון „שבלי הלקט" האָבן אין רוים געלעבט אויך אַנדערע זייער אָנגעזעענע מיטגלידער פון דער זעלבער טאַלענטפולער פאַמיליע ענוים: צדקיהוס ברודער, דער דיכטער בנימין בן אַברהם און זייער קרוב יחיאל בן יקותיאל, דער פלייסיקער איבערזעצער אויס אַראַביש און דער פאַרפאַסער פונם בעסטן מוסר־ספר, וואָס ס'איז ערשינען אין איטאַליע, „מעלות המדות".

בנימין בן אַברהם איז איינע פון די אינטערעסאַנטסטע פערזענלעכקייטן פון דער דעמאָלטיקער קהילה אין רוים. אויסער איטאַליעניש איז ער אויך געווען אַ טיכטיקער קענער פון לאַטיין, גריכיש און אַראַביש; אַ גרויסער בקי אין תלמוד [2], האָט ער אויך, ווי עס איז צו זען אויס זיינע ווינשאַפטלעכע אַרבעטן, געהאַט ברייטע ידיעות אין פילאָלאָגיע, אַסטראָנאָמיע און מאַטעמאַטיק. זיין אמתער באַרוף איז אָבער געווען פּאָעזיע. פון זיינע פילע פיוטים און סליחות זיינען אָמבאַקאַנטסטן צוויי [3], וועלכע זיינען, ווי עס שיינט, פאַרפאַסט געוואָרן נאָך דעם באַוווסטן אַרויסטרעטן פון דעם משומד דאָנין, וואָס דורך זיין מסירה האָט מען עפנטלעך פאַרברענט די הונדערטער עקזעמפּלאַרן פונם תלמוד. פול מיט צער און צאָרן איז זיין סליחה „אל מי אנוסה לעזרה", אין וועלכער דער דיכטער ווענדט

---

[1] עס איז אינטערעסאַנט, אַז אָט די דאָזיקע קריטיק, וואָס פאַרנעמט גאַנצע פיר שפּאַלטן, פעלט אַפילו אין בובערס פולשטענדיקער אויסגאַבע, ניט קוקנדיק דערויף, וואָס בובער האָט אויסגענוצט עטלעכע אַלטע מאַנוסקריפטן פון „שבלי הלקט". ווי עס שיינט, האָט דאָס רוב אָפּשרייבערס, אויס גרויס רעספּעקט צום באַרימטן פּייטן, די קעגן אים געפירטע שאַרפע קריטיק פשוט אַרויסגעוואָרפן. בלויז אין אַן אַלטן פּאַרמעטענעם „שבלי הלקט"־מאַנוסקריפּט, וועלכער איז העכסט וואַרשיינלעך נאָך געשריבן ביים פאַרפאַסערס לעבן, און געפינט זיך איצט אין דער לענינגראַדער אָפּע־ביבליאָטעק, האָבן מיר געפונען די דאָזיקע קריטיק פולשטענדיק.

[2] אייניקע זיינע פּסקים ווערן אַפילו געבראַכט אין „שבלי הלקט", ווו דער פאַרפאַסער ווייזט אָפּט אָן ווי אויף אַן אויטאָריטעט „מיין ברודער בנימין".

[3] זיי זיינען אָפּגעדרוקט אין „קובץ על יד", IV (1888), 6—8, 15—17. וועגן זיינע איבעריקע פיוטים, זע: לאַנדסהוט, „עמודי העבודה", 51; צונץ, „ליטעראַטורגעשיכטע", 332.

זיך צו גאָט דעם באַשיצער: „צו וועמען לויפן נאָך הילף, ביי וועמען זוכן שטיצע, ווען דער נידערטרעכטיקער שונא טרעט אַרוים מיט זיין חוצפה און פאַרוואונדעט אַזוי שווער מיט זיין גיפטיקער מסירה און פאַלשע בלבולים!"[1] און ווען דער „נידערטרעכטיקער שונא" האָט מנצח געווען און אַדאַנק דער „גיפטיקער מסירה" האָט מען די הייליקע ספרים אויף די שייטערהויפנס געברענט, גיסט דער דיכטער אויס אין זיין קינה „אוחילה קירות לבי" זיין טיפן טרויער, וואָס „די פייערדיקע בלעטער, אונז פון גאָט געשענקטע, האָט געטרויבט דער פרעכער שונא[2], וואָס לעסטערט זיין באַשעפער".

דעם דיכטערס אמתע באַגאַבונג האָט זיך אָבער אַנטפּלעקט ניט אין זיינע רעליגיעזע לידער, נאָר אין זיין וועלטלעכער סאַטירע. מיר האָבן שוין פריער אָנגעוויזן, אין וואָסער בליענדיקן צושטאַנד די רוימישע קהילה האָט זיך דעמאָלט געפונען. די יידישע פינאַנץ־אַריסטאָקראַטיע האָט געשפּילט אַן אָנגעזעענע ראָלע אין דער אַלטער וועלט־שטאָט. די יידישע באַנקירן און גרויסע סוחרים פלעגן קומען אין נאָענטער באַריר[ו]נג מיט די גייסט־לעכע און וועלטלעכע פירשטן און שררות, און זיי פלעגן, ווי דער מנהג איז ביי יידן, זיך שטאַרק פלייסן פירן דעם אייגענעם שטאַט ווי יענע, שמאָלצירן מיט זייער ליבע צו פאַרשווענדערישן לוקסוס, בלענדן מיט גלאַנץ און רייכטום. צווישן די יידישע גבירים און באַנקירן זיינען אויך גע־ווען אַ סך אויפגעקומענע, פּאַרוועניס, וואָס דער בליינדער צופאַל האָט זיי מיט אַמאָל דערהויבן און זיי מילד באַשאָנקען מיט די רייכע שטראַלן פון גליק. אַט אַזוינע אויפגעקומענע האָבן מיט ביטול און נאַרישער גאווה געקוקט אויף אַלע די, וואָס זיינען עקאָנאָמיש געשטאַנען נידעריקער פון זיי, און האָבן באַזונדערס זיך געפלייסט אַרויסווייזן פאַר אַלעמען זייער גרוים רייכטום. די „גאָלדענע יוגנט", די קינדער פון די אַלע יידישע גבירים און מאַגנאַטן, האָבן מיט גרוים געריקייט געטרונקען אוים דעם רייכן בעכער פון לעבן. זיי זיינען געווען די געזעצגעבער פון דער מאָדע, זייערע קליידער, זייערע רייטוואָגנס האָבן געמוזט זיין די שענסטע און רייכסטע, זייערע סעודות, בעלער און באַלוסטיקונגען זיינען צוגעגאַנגען מיטן גרעסטן רעש און געפּילדער, בכדי אַלע זאָלן זען און גאַפן. אָט קעגן די דאָזיקע שאָטן־זייטן פון דעם לעבן אין דער רייכער רוימישער קהילה איז

1 גבה עול בליעל לעורר עלי קנאתו.
נחם ושאג ככפירים לטרוף טרף בחמתו,
דרך לשונו קשתו וחרבו הריק שפתו.

2 אש דת כתבתני בזרוע בהָנִיך.

אַרויסגעטראָטן אונזער דיכטער מיט זיין מייסטערהאַפטער סאַטירע „משא גיא חזיון"[1], איינע פון די שענסטע סאַטירעס, וואָס די העברעישע ליטעראַטור באַנוצט. די געלונגענסטע איבערזעצונג איז ניט אימשטאַנד איבערצוגעבן די איינגאַרטיקע סטיליסטישע שיינקייטן פון דעם דאָזיקן ווערק, ווו ביבלישע פראַזן און אויסדרוקן ווערן אויסגענוצט מיט דער ווונדערבאַרער מייסטערשאַפט, וואָס ס'האָט שפּעטער אַזוי באַרימט געמאַכט בנימינס נאָכפאָלגער, דעם גלענצנדן דיכטער עמנואל רומי.

„ניט קיין אמת, ניט קיין יושר גילטן היינט ביי אונז — קלאָגט זיך דער פאַרפאַסער — דאָס גלוסטן פון די אויגן איז דאָס איינציקע געזעץ, די קנאה און די תאווה רעגירן אומבאַגרענעצט. דאָס גיריקע אויג געוועלטיקט איבער די מענטשלעכע הערצער. אין כבוד און גדולה זיינען איצט בלויז די גאָלדענע קעלבער; די וואָס באַזיצן די טויזנטער, זיי און זייערע משרתים — זיי געוועלטיקן איצט איבער אַלץ און זייער מאַכט איז אומבאַגרענעצט. מיט חוצפה און געלעכטער ערקלערן זיי אָפן: „פאַרוואָס ניט זינדיקן, אַז די זינד איז זיס. רייך זיינען די גאָבן פונם לעבן — גענוסט ווער עס קאָן, שעפּט מיט פולע געריקע הענט!" אויפגעקומענע קליינע מענטשעלעך זיצן אויבנאָן און קוקן מיט שטאָלץ און פאַראַכטונג אויף מענער פון חכמה און וויסן — יענע זיינען דאָך אָרעם, האָבן ניט קיין ברויט. „אָט די געלערנטע — זאָגן זיי מיט שפּאָט — שטאָלצירן עס מיט זייער חכמה; מיר קאָנען זיי דאָך קויפן מיט זייער גאַנצער תורה פאַר אַ שטיקל ברויט, פאַר אַ בעכער וויין, וואָרעם ווער קאָן דען ווידערשטיין דעם קלאַנג פון גאָלד און זילבער? אַלץ קאָן מען מיט זיי קויפן, דעם רייכסטן לוקסוס און די שענסטע פרוי. געלט איז אַלץ! וואָס גאָלד צעשטערט — קאָן קיינער מער ניט אויפבויען, וואָס עס בויט אויף, איז ניט מער צו צעשטערן, און ניט צערייסן קאָן ווער די קייטן, וואָס זיינען דורך גאָלד געשאַפן[2]. גאָלד איז דאָך דער גרעסטער יחסן, קיינער קאָן זיך מיט אים ניט גלייכן, און קלוג איז דאָס אַלטע ווערטל: הכסף מטהר ממזרים".

1 צום ערשטן אָפּגעדרוקט אין ריוואַ דיטרענטאָ אין 1560: „ספר משא גיא חזיון, למנצח על שגיון, הבוטחים על רוב חילם וזהב כיסלם. פה ריווא דטרינטו שנת ש"ך לפ"ק". איבערגעדרוקט אין לעמבערג אין 1860. מיר האָבן באַנוצט ביידע אויסגאַבעס.

2 „ואם ישתררו בתורתם בדבריהם ובחידותם, הלא הודו... כי דבר התורה המעות קונות... ובשמלות בלות ומטולאות נקנה חכמות נפלאות, כל שכן בכסף וזהב נמצא כל אשר נאהב... הלא בכסף וברכושים בעדי עדיים ומלבושים תתפארנה הנשים ובפרוטה תניתנת האשה נקנת וכל משכיל יאהב פרק הזהב... והכסף את הכל יענה הן יהרוס ולא יבנה ובנינו אין להרוס ולמגר, וסגר ואין פותח ופתח ואין סוגר"...

„דער פּאַרוועני — זאָגט ווייטער דער פּאַרפאַסער — רעגירט איבער אונזער דור [1], די אויפגעקומענע זייַנען פאַר אַלעמען דער שפּיגל, אַלע טוען זיי נאָך, שטייען הכנעהדיק פאַר זיי בעת יענע ליגן אויסגע־שטרעקט אין זייערע פּאַלאַצן און שפּאָטן אָפּ פון די גערגעלטע און שמאָל־צירן מיט זייער מאַכט און רייכטום".

און דער סאַטיריקער שילדערט, ווי אַזוי די צופעליקע אויסדער־ווײלטע פונם בלינדן מזל שטאָלצירן איינער פאַר דעם אַנדערן, ווער מיט זיין רייכער הלבשה, ווער מיט זיינע פערד און קאַרעטעס, ווער מיט זיינע גימער אָדער רייך באַפּוצט געווער. „און ווײ צו דעם — רופט אויס דער סאַטיריקער — ווער עס פאַלט ניט כורעים פאַר זיי, און וויל ניט אָנער־קענען זייער גרויסקייט: זייער מאַכט איז דאָך גרויס אַדאַנק זייערע קניפּ־לעך (צרורות כספּיהם יתנו עידיהם). און אויך די שררות, די רעגירנדיקע מאַכט, האַלט מיט זיי, לאָזט זיי אומגעשטערט טאָן, וואָס זייער האַרץ טוט נאָר גלוסטן (וגם יד השרים והסגנים היתה במעל הזה).

אַן אינטערעסאַנט זשאַנר־בילד גיט אונז דער סאַטיריקער, בעת ער באַשרייבט, ווי אַזוי עס באַווייזט זיך אויפן שפּאַציר איינער פון דער „גאָלדענער יוגנט" אין זיין גאַנצן „פּאַראַד". דער סאַטיריקער גיט איבער די קלענסטע דעטאַלן פון דעם „שטשאָגאָלס" הלבשה, ניט פאַרגעסן אַפילו די פינגערלעך אויף די פינגער, די פּראָנזן, וואָס הענגען אַראָפּ פון דעם קונציק געשטיקטן הוט, וועלכער באַדעקט בלויז דעם האַלבן קאָפּ. ווי עס שיינט, איז דעמאָלט געווען די העכסטע מאָדע טראָגן לאַנגע האָר, וואָס פלעגן כוואַליעסווייז אַראָפּהענגען איבער די אַקסלען. און דער סאַטיריקער איראָניזירט איבער דעם „גערדיכטן וואַלד, וואָס קיין קאַם קען אים ניט צעקע־מען, און קיין שאַרפע שער קאָן אים ניט בייקומען". „איך זאָל ניט וויסן — באַמערקט סאַרקאַסטיש דער סאַטיריקער — ווי ליב זיי האָבן דעם כוס, און וואָס פאַר אַן אַרט לעבן זיי פירן, וואָלט איך געמיינט זיי זיינען בעלי־תשובות געוואָרן און אַלע האָבן זיך פאַר נזירים פאַרשריבן" [2]. ווייטער [3] גייט אַ בילד, וואָס דערמאָנט דעם סטיל פון די פאַנטאַסטישע „זעעגישן" אין דעם ספר דניאל: דעם פּאַרפאַסער האָט זיך אין חלום אַן אומגעהייער מוראדיקע ריזן־באַשעפעניש באַוויזן: דער קאָפּ פון גאָלד, די ריפּן פון זיל־בער, די שענקלען פון קופּער, די קנעכלעך פון אייזן און די פיאַטעס פון

---

1 אין אָריגינאַל אַן אומאיבערזעצבאַרער וואָרטשפּילי מודעת זאת בכל הארץ כי אלה תולדות הזמן: פרץ הוליד את רם.

2 אַ נזיר, ווי באַקאַנט, פלעגט ניט טרינקען קיין ווײַן און ניט שערן זיינע האָר.

3 „משא גיא חזיון", 6–10 (מיר ציטירן לויט דער ערשטער אויסגאַבע).

ליים, אייגגעטונקט אין שמוץ. „און מיט די דאָזיקע פיס פון דעם אומגע־הייער ווערן די אומגליקלעכע אָרעמע לייט געטראָטן ווי דער שטויב אין די גאַסן"[1].

און ווי ער באַטראַכט מיט שטויגען און שרעק דאָס ווילדע אומגע־הייער, אַנטפּלעקט זיך פאַר זיינע אויגן אַ ליכטיקער שליח פון די הייכע הימלען. ער ערקלערט אים דעם באַטייט פון דער שרעקלעכער געשטאַלט, וואָס שטייט פאַר אים, און ער טרייסט אים, אַז ניט תמיד וועט געוועלטיקן אָט דער אָפּגאָט מיט דעם גאָלדענעם קאָפּ און מיט די אייזערנע פיס; קומען וועט דער גרויסער טאָג פון שטראָף און משפּט. „גיי זשע — באַ־פעלט דער ליכטיקער שליח — זאַמל צונויף די גאַנצע קהילה: מענער און ווייבער, קינדער און אַלטע; דערציי זיי אַלץ, וואָס האָסט געזען און גע־הערט. זאָלן זיי וויסן, זאָל דאָס זיין לזכרון פאַר די קומענדיקע דורות, זאָלן זיי געדענקען, אַז גאָטס גערעכטער משפּט רעגירט די וועלט[2]. הויך רוף אויס אַלע זאָלן הערן: ווי צו די פאַרבלאָנדזשעטע נאַראָנים, וואָס וואַנדערן אויף די קרומע וועגן, אויף די וועגן פון פאַלשקייט און נידער־טרעכטיקייט, בכדי צו דערגרייכן רייכטום און גליק, און פאַרגעסן דערביי אין דעם טאָג פון גערעכטן משפּט, אין דעם טאָג פון שטראָף!" (ז' 13).

און דער פאַרפאַסער ווענדט זיך צו זיין דור, ער רופט אַלעמען צונויף, גרויס און קליין, „צו די ברעגן פונם טייך מיטן נאָמען ליבע" (אקבצם אל הנהר אהבה) און ער פּריידיקט פאַר זיי אין אַ ריין ביבליש־ סטיל וועגן גערעכטיקייט און יושר, וועגן דער נישטיקייט פון די קליינינקע תאוות, וואָס איבערפולן דאָס אַלטעגלעכע וואָכעדיקע לעבן, און וועגן דער שיינקייט פונם מענטשלעכן אידעאַל. און ער פאָדערט פון זיין דור „אַוועקוואַרפן די געצן פון גאָלד און פון זילבער" (וישליך אלילי כספו ואלילי זהבו), פאַרלאָזן דעם וועג פון גאווה און לאַסטער, ווייל ער פירט צו שאַנד און דערנידערונג. „עס איז פאַראַן אַן אַנדער וועג — רופט אויס דער דיכטער מיט פּאַטאָס — דער וועג פון מאָראַל און וויסן, און נאָר אויף אים קאָן מען געפינען געווינטשטע רו, די אמתע פרייד און דאָס שטאָלצע באַוווסטזיין פון איבעררוויניקער גייסטיקער פרייהייט[3].

---

[1] דאָרטן, 10a: „ואשר ראית רגלוהי מנחון די פרזל ומנהון די חסף — הם האביונים הדלים הרמוסים בנעלים כטיט חוצות".

[2] דאָרטן, 12a: „לך כנוס את כל היהודים, האנשים והנשים הטף והילדים, וקרא באזניהם את הקריאה הזאת, ואת דברי המחזות, למען ידעו וילמדו, דור אחרון בנים יולדו, יקומו יספרו לפניהם, את משפט אלהיהם".

[3] דאָרטן, 20b (אין דער צווייטער אויסגאַבע, 53).

דאָס טעמע פון זיין מוסר־פּריידיקן האָט דער דיכטער שפּעטער באַאַרבעט אין אַ ספּעציעלער דידאַקטישער דיכטונג „שערי עץ־חיים״. די דיכטונג באַשטייט אויס 63 פיר־צייליקע סטראָפן לויטן סדר פונעם א״ב, און יעדע סטראָפע פאַרענדיקט זיך מיטן וואָרט „חיים״. יעדע סטראָפע באַזונדער טראַקטירט וועגן איינער פון די מענטשלעכע גוטע מידות אָדער אַנטקעגנגעזעצטע שלעכטע [1].

בנימין בן אברהמס דידאַקטיש געדיכט האָט געדינט אַלס מוס־טער פאַר זיין ייִנגערן קרוב, יחיאל בן יקותיאל, דעם פאַרפאַסער פונעם פּריער דערמאָנטן מוסר־ספר „מעלות המדות״ [2]. אין פיר־און־צוואַנציק קאַפּיטלען פון זיין ווערק באַטראַכט דער פאַרפאַסער די הויפּט־מידות, וואָס לויט זיי דאַרף יעדער אָרנטלעכער און מאָראַליש ריינער מענטש זיך נוהג זיין אין לעבן. ווי זיין קרוב, דער פאַרפאַסער פון „גיא חזיון״, אַזוי אויך יחיאל בן יקותיאל קלאָגט זיך שטאַרק אויף זיין דור, וואָס ס׳הייסט ביי אים „אַ דור פון זינדיקע מענטשן מיט מעסער־שאַרפע ציין, וואָס אונ־טערדריקן דעם אָרעמאַן און טרעטן דעם אביון מיט די פיס; אַ דור אַ סורר ומורה, וואָס ווייסט ניט פון מאָראַל און גערעכטיקייט, פון מוסר און דרך־ארץ, נאָר גייט בלינד נאָך די גלוסטעגישן פונעם האַרץ״ [3].

זיין ווערק — ערקלערט דער פאַרפאַסער — האָט ער פאַרפאַסט הויפּטזעכלעך פאַר דער לערנענדיקער יוגנט [4]; זיי, די בחורים און תלמידים, וויל ער לערנען „יראת שמים און דרך־ארץ״.

און אונזער פאַרפאַסער באַזיצט ווירקלעך די דערצו נייטיקע פעיִקייטן. דאָס בוך איז געשריבן אין אַ קלאָרער לייכט פאַרשטענדלעכער שפּראַך, דער טאָן איז האַרציק און ווייך.

„קינדער מיינע״ דאָס איז ביים פאַרפאַסער דער געוויינלעכער אַריינ־פאָר, מיט וועלכן ער ווענדט זיך צו זיין אוידיטאָריע. „קינדער מיינע —

1 די דיכטונג איז געדרוקט אין פּראָג אין 1598, איבערגעדרוקט אין „קובץ על יד״, 1, 71—74.

2 זע ביילאַגע נומ׳ 6. יחיאל בן יקותיאל איז אויך דער פאַרפאַסער פונעם ריי־טועלן זאַמלבוך „תניא״ (הייסט אויך „מנהג אבות״). דאָס ווערק „מעלות המדות״ האָט דער פאַרפאַסער פאַרענדיקט אין 1287 (זע שטיינשניידער, 1277, Cat. Bodl).

3 „מעלות המדות״, פאָררעדע (מיר ציטירן נאָך דער זשאָלקווער אויסגאַבע פון 1806): „תרבות אנשים חטאים... דור חרבות שניו מאכלות מלתעותיו להכרית עניים מארץ ואביונים מאדם, דור תהפוכות, דור סורר ומורה... ורובם הולכים אחרי שרירות לבם ואינם חוששים לתקן נפשותם ולכוון דעתם אחרי החכמה והמוסר״.

4 דאָרטן: „כי עיקר כוונתי בחבור זה לצורך הבחורים והתלמידים״.

זאָגט ער אין אָנהייב פון זיין ווערק — קומט אַהער, איך וועל אייך לערנען ווי אין גאָטס וועג צו גיין. ניט אויס גדלות טו איך דאָס, ניט ווייל איך וויל דורך דעם מפורסם ווערן, אָדער מיין גרויס חכמה אַרויסווייזן. איך וויל אייך נאָר באַקאַנען דערמיט, וואָס אונזערע אָבות האָבן אונז געלערנט מיט זייערע קלוגע רייד, מיט זייער האַרציקן מוסר".

ווי דער „ספר חסידים", אַזוי זעט אויך דער פאַרפאַסער פונם „מעלות המדות" דעם גרונד־יסוד פון מענטשלעכער מאָראַל און עטיק אין דער ליבע צום באַשעפער און זיינע באַשעפענישן. „שנאה איז אַ טיפער גרויער און אַ גרויסער ווייטאָג", לערנט דאָס אַלטע קלוגע פאָלקס־בוך „כלילה ודמנה"[1]; אין דעם איז אויך איבערציייגט דער פרומער ר' יחיאל אויס רוים. „עס איז ניטאָ נאָך אַזאַ שלעכטס אין דער וועלט — לערנען מיר אין „מעלות המדות" — ווי שנאה צווישן מענטשן, אַלצאיינס צי איז די שנאה באַהאַלטן אין האַרצן פון חשובע מענטשן צי פון נידערטרעכ־טיקע"[2]. „ווער ס'האָט אמת ליב, דער קאָן ניט פיינט האָבן; מען טאָר ניט טראָגן קיין שנאה קעגן וועמען ס'איז, וואָרעם יעדער טראָגט דאָך דעם שטעמפל פונם באַשעפער; פריי און ברייט דאַרף זיך אויסגיסן די ליבע אויף אַלעמען, סיי אויף גוטע, סיי אויף שלעכטע. ס'שטייט געשריבן: „ואהבת לרעך כמוך"; און דער „תנא דבי אליהו" — באַמערקט דערביי יחיאל בן יקותיאל — פאַרטייטשט גאַנץ ריכטיק, אַז אונטער „רעך" פאַר־שטייט מען י ע ד ן מענטשן: „און דיין נאָענטער דאַרף זיין ווי דיין ברו־דער". מיען טאָר קיינעם ניט אָפּנאַרן, ניט קיין אייגענעם, ניט קיין פרעמדן, וואָרעם ווער עס טוט פאַלשקייט, ווער עס געוויינט זיך צו ליגן, דער פאַלט דערמיט אָפּ פון גאָט, דער לייקנט אין אים, ווייל — גאָט איז דאָך דער אמת אַליין[3]. דאָס יידישע פאָלק איז דערפאַר דאָס אויסדערוויילטע פאָלק, ווייל גאָט ברוך הוא האָט אים אויס גרויס ליבע מזכה געווען מיט דער מתנה פון רחמים[4]. עס שטייט אין דער תורה: „לא תקום ולא תטור", וואָרעם נקמה האָט געבאָרן די שרעקלעכע מידה: אַכזריות, און די דאָזיקע מידה פאַסט דאָך נאָר פאַר ווילדע חיות אין וואַלד"[5].

אַ סך ווערטלעך און דברי־מוסר פונם „מעלות המדות" דערמאָ־נען ניט ווייניק אָן דעם „ספר חסידים"; דאָך וואַרפט עס זיך גלייך אין

1 זע דעם ערשטן באַנד פון אונזער ווערק, ז' 282.
2 דאָרטן, 14a.
3 דאָרטן, 51b: „וכל מי שמרגל עצמו בשקר כאלו מכחיש בהקב"ה שהוא האמת".
4 דאָרטן, 54b.
5 דאָרטן, 56a.

די אויגן, אַז דער „מעלות המדות״ איז געבאָרן געוואָרן ניט אין דער שטיקנדיק פינסטערער תקופה פון די קרייצצוגן, נאָר אונטער דעם ליבלעד בלויען הימל פון איטאַליע; עס אָטעמט אַ לייכטערע לופט, עס שפּילן העלערע פאַרבן, און מען פילט דאָ ניט די שווערע בלייענע פליגל פון בלוטיקן שרעק. וואָס דריקן אַזוי שווער איבער די באַשעפער פונם „ספר חסידים״. די רוימישע קהילה האָט אין אַלגעמיין (איייניקע צופעליקע עקסצעסן אויסגענומען) געלעבט גאַנץ בשלום מיט דער אַרומיקער באַפעלקערונג, און דער פאַרפאַסער פון „מעלות המדות״ האַלט אַפילו פאַר נייטיק צו וואָרענען זיינע לעזער „ניט אַזוי אָפט פאַרברענגען די צייט אין די ווייִנשייִנקען, ניט עסן און טרינקען מיט די קריסטן צוזאַמען״ [1]. די יידישע רייכע קלאַסן אין רוים האָבן זייער געהאַלטן פון עולם הזה, מיט גרויס חשק געטרונקען אויס דעם באַרוישנדיקן בעכער פונם לעבן; וואָרנט דערפאַר דער „מעלות המדות״: „זייט חיסן, מייַנע קינדער, ס׳אַ גרויסע שאַנד פאַר אַ מענטשן צו זיין אַ זולל־וסובא, זיך נאָכגעבן דער תאווה פון זויפן און פרעסן; דאָס איז אַ מידה פון רשעים גמורים״ [2].

דער פאַרפאַסער פון „מעלות המדות״ האַלט אויך פאַר נייטיק זיך אָפּצושטעלן אויף די טונקעלע זייטן אין דעם סאָציאַלן לעבן פון דער רוימישער קהילה, קעגן וועלכע ס׳איז אַזוי שאַרף אַרויסגעטראָטן בנימין בן אַברהם אין זיין סאַטירע. „עס זיינען ניט ווייניק צווישן אונזערע גבירים" — קלאָגט זיך דער בעל „מעלות המדות״ — וואָס ווילן געוועלטיקן איבער דער קהילה נאָר אויפן סמך פון זייער געלט. זיי ווילן זיין גרעסער פון אַלע, זיי האַלטן זיך העכער און חשובער פון די קליגסטע און פייַנסטע בלויז דערפאַר, וואָס זיי זיינען רייך, אָבער זיי גופא זיינען פאַקטיש גאָרניט ווערט, ווייל זיי זיינען אָן חכמה, אָן תורה, אָן מעשים־טובים און אָן יראַת־שמים. אָט די גאַוודיקע, מגושמדיקע, אויפגעקומענע מענטשן מיינען, אַז נאָר געלד איז דער עיקר, נאָר רייכטום גיט דאָס רעכט צו ווערן אַ מנהיג הדור; אַלע אַנדערע מידות האָבן ביי זיי קיין ווערט אין די אויגן. ווער ס׳האָט געלט — דער פאַרמאָגט שוין אויך אי חכמה, אי יחוס, אי תורה, אי וויסן. פול מיט חוצפה און גאווה — האַלטן זיי זיך קליגער פון אַלע. וואָרן איך אייך, קינדער מיינע: זייט וויסן, אַז דער דאָזיקער וועג — איז דער וועג פון רשעים״ [3].

---

1 דאָרטן, 83a.

2 דאָרטן, 84a: „דעו בני כי גנאי הוא לאדם להיות זולל וסובא, גרגרן ורעבתן, מפני שהמדה הזאת אינה נמצאת אלא ברשעים גמורים״.

3 דאָרטן, 76—77.

דער פאַרפאַסער האָט אָבער אַן אויג ניט נאָר פאַר די נעגאַטיווע זייטן פונם געזעלשאַפטלעכן לעבן, און ניט אַלע גבירים זיינען ביי אים גלייך. ווי מיר וועלן ווייטער זען, זיינען אין דער דעמאָלטיקער רוימישער קהילה געווען זייער אָנגעזעענע געבילדעטע מעצענאַטן, וואָס פלעגן מיט דער ברייטער האַנט שטיצן די טרעגער פון וויסן און קונסט, און שטאַרק זיך אינטערעסירן מיט קולטור־אָנגעלעגנהייטן. די דאָזיקע יידישע מעצענאַטן האָבן אויך געשפּילט אַן אָנגעזעענע ראָלע אין דער קריסטלעכער געזעלשאַפט, און דאָס האָט ניט ווייניק מיטגעהאָלפן דער גינסטיקער לאַגע פון דער גאַנצער קהילה. אויך די ערשיינונג געפינט אַן אָפּקלאַנג אין דעם „מעלות המדות".

„זעט ווי גרויס איז די מאַכט פון רייכטום — ווייזט אַן יחיאל בן יקותיאל — אַלע קלאַפן אָן דער טיר פונם עושר, אַלע קומען אין זיין הויז, זוכן רו אונטער זיין דאַך. זיינען פאַראַן חכמים — זיינען זיי ביי די גבירים אין הויז; בעלי משנה, בעלי תלמוד, געלערנטע און ליטעראַטן — אַלע קומען זיי אַהין צו די גבירים, יעדער נויטבאַדערפטיקער — געפינט זיך אַלץ דאָרט"[1]

„רייכטום דערוואָרבן אויפן כשרן וועג — שרייבט אונטער דער „מעלות המדות" — דאָס איז אַ גרויסע מתנה; דאָס גיט דאָך די מעגלעכקייט טאָן גוטס, אַרויסווייזן מילדקייט „און דאָס איז דאָך די גרעסטע פרייד פונם האַרץ"[2]. חוץ לזה, איז דער פאַרפאַסער מיט תמימות מוסיף, איז דאָך געלט דאָס מעכטיקע מיטל, וואָס מיט זיין הילף קאָן מען זיך דערווערבן כבוד און אַכטונג ביי די שררות און דער רעגירנדיקער מאַכט"[3].

„מען האָט אַמאָל געפרעגט אַ גרויסן חכם: פאַרוואָס קלאַפן די תלמידי חכמים אין די טירן פון די רייכע, און די רייכע האַלטן ניט פאַר נייטיק באַזוכן די הייזער פון די געלערנטע? האָט דער חכם געענטפערט: דאָס באַווייזט, אַז די תלמידי חכמים פאַרשטייען ווי צו שעצן דעם ווערט פון רייכטום, די גבירים אָבער פאַרשטייען ניט ווי הויך מען דאַרף שעצן חכמה און וויסן"

„דערפאַר, קינדער מיינע,—איז מוסיף דער בעל „מעלות המדות"— ווייסט ווי צו שעצן די גבירים, וואָס שטאָלצירן ניט מיט זייער גאָלד, און וויסן און פאַרשטייען, אַז דאָס רייכטום איז זיי געגעבן געוואָרן ניט פון

1 דאָרטן, 76a

2 דאָרטן, 85a.

3 דאָרטן, 76b.

גאווה וועגן און צו געוועלטיקן איבער אַנדערע, נאָר בכדי האָבן די מענ־לעכקייט טאָן גוטס און פאַרשפּרייטן הילף״[1].

כאַראַקטעריסטיש איז נאָך איין דעטאַל אין דעם דאָזיקן מוסר־ספר. דער פּראָפעסער ציטירט ניט בלויז יידישע קוועלן, נאָר אויך פרעמדע געלערנטע און פילאָזאָפן, ווי אַריסטו און אַנדערע. און דער פּראָפעסער גופא ווייזט אָן אין דער פאָררעדע, אַז ער טוט דאָס מיט אַ כּיוון, „בכדי צוציען די הערצער פון דער יוגנט״[2]. די דאָזיקע ערקלערונג איז זייער טיפּיש פאַר די שטרעבונגען און גייסטיקע אינטערעסן פון דער דעמאָל־טיקער יידישער יוגנט. אין יענער צייט איז די רוימישע קהילה געווען דער מיטלפּונקט, וווהין עס האָבן געוואַנדערט געלערנטע אויס דער פּראָוואַנס און שפּאַניע אין דער האָפענונג צו געפינען דאָרט אַ פּאַסיקע אוידיטאָריע און אויך רייכע ברייטהאַרציקע מעצענאַטן. די וויסנבאַגיריקע יוגנט פלעגט זיך ביתותוויז פאַרזאַמלען אַרום די דאָזיקע געלערנטע און יענע פלעגן פאַר זיי לייענען לעקציעס איבער פילאָזאָפיע און אַנדערע וויסנשאַפטן [3]. אַפילו די, וואָס פלעגן דעם טאָג זיין באַשעפטיקט מיט דאגת פּרנסה, פלעגן זיי דורך די נעכט פלייסיק שטודירן פילאָזאָפישע ווערק [4].

ווי אין דער פּראָוואַנס, אַזוי איז אויך דעמאָלט אין רוים, דער פּאָ־פּולערסטער געלערנטער געווען דער רמב״ם. די אינטעליגענטע יוגנט האָט אים ממש פאַרגעטערט. וועגן זיין „מורה״ האָט מען געלייענט ספּעציעלע פאָרלעזונגען, און די רוימישע קהילה האָט געהאַלטן פאַר נייטיק קאָמאַנ־דירן קיין שפּאַניע (אין 1296) איינעם פון אירע רבנים, ר׳ שמחה, מיט אַ באַשטימטער אויפגאַבע: באַקומען דאָרט אַן עקזעמפּלאַר פון דעם רמב״מס פּירוש אויף משנה [5]. ביי דעם באַרימטן דיכטער פון יענער צייט, עמנואל רומי, געפינען מיר אַן אינטערעסאַנטע ערציילונג, וואָס גיט

---

1 דאָרטן, 76a.

2 דאָרטן, 2a: „לא נמנעתי מלהזכיר בהם דברי הפילוסופים ומשליהם ומוסרם כדי להמשיך לבות הבחורים״.

3 איינער פון די דאָזיקע אויסלענדישע געלערנטע, וואָס האָט זיך אין יענער צייט באַזעצט אין רוים, טיילט איין די וויסנשאַפטן, וואָס יעדער געבילדעטער דאַרף זיין מיט זיי באַקאַנט, אין צוויי גרופּן: מאַטעמאַטישע און פילאָזאָפישע. צו דער ערשטער געהערן: אַריטמעטיק (חכמת החשבון), געאָמעטריע, מוזיק און אַסטראָנאָמיע. צו דער צווייטער: נאַטורוויסנשאַפטן (חכמת הטבע), מעטאַפיזיק (חכמת האלהות) און סאָציאַלע וויסנשאַפט (הנהגת המדינה) (זע זרחיה בן שאלתיאלס פירוש אויף איוב, 9).

4 אינטערעסאַנט איז אין דער הינזיכט דער בריוו פון יחיאל בן יואב צו שבתי בן שלמה, וואָס איז פאַרעפנטלעכט אין בערלינערס „מאַגאַזין״, XVII (1890), 37—40.

5 זע פאָגעלשטיין אונד ריעגער, I, 263, 420.

אונז אַ קלאָר בילד, ווי גרויס ס'איז געווען ביי דער יידישער יוגנט אין איטאַליע דער אינטערעס צו וויסנשאַפטלעכע ווערק. אַ שפּאַנישער ייד מיטן נאָמען אַהרן האָט אין פּערודזשיאַ, אויפן וועג קיין רוים, באַגעגנט דעם יונגן עמנואל און זיינע חברים. דער שפּאַניער האָט געפירט מיט זיך זיין ביבליאָטעק פאַרפּאַקט אין פעסט צוגעמאַכטע קאַסטנס. באַקאָנענדיק זיך מיט דער יונגער קאָמפּאַניע, האָט ער באַשלאָסן צו לאָזן ביי זיי די שווערע קאַסטנס מיט ספרים, ביז ער וועט צוריק קומען אויס רוים. ר' אַהרן האָט ביי זיי אויך געלאָזן דעם קאַטאַלאָג פון זיין ביבליאָטעק. די יונגעלייט, ווי זיי האָבן זיך באַקאָנט מיטן קאַטאַלאָג און דערזען, וואָס פאַר אַן אינטערעסאַנטע ווערק עס געפינען זיך אין דער דאָזיקער ביבליאָטעק, האָבן ניט געקאָנט ביישטיין דעם נסיון: זיי האָבן אויפגעבראָכן די קאַסטנס, און ביז דער שפּאַניער איז צוריק געקומען, האָבן עמנואל מיט זיינע חברים געהאַט אָפּגעקאָפּירט אַ באַדייטנדיקן טייל פון זיינע מאַנוסקריפּטן [1].

אַדאַנק דעם גרויסן דורשט נאָך וויסן, וואָס האָט אין יענער צייט געקאָנט געשטילט ווערן בלויז דורך דעם געשריבענעם בוך, האָט אין רוים באַזונדערס אויפגעבליט אַ ספּעציעלער אינסטיטוט — די חברה אָפּשרייבערס און קאָפּיסטן. מענטשן מיט ברייטע קענטעניש, אָפט אַליי פאַרפאַסער פון געלערנטע ווערק, האָבן מיט גרויס ליבע זיך פאַרנומען מיט איבערשרייבן וויסנשאַפטלעכע ביכער, ווייל זיי האָבן אין דעם געזען אַ וויכטיק מיטל צו פאַרשפּרייטן וויסן און בילדונג [2]. די רוימישע קהילה האָט אויך געהאַט ניט ווייניק געבילדעטע מעצענאַטן, וואָס האָבן מיט ברייטער האַנט געשטיצט געלערנטע און דערמיט זיי געגעבן די מעגלעכקייט זיך פאַרנעמען מיט וויסנשאַפטן. צווישן די דאָזיקע מעצענאַטן האָבן פאַרנומען דעם בכבודיקסטן אָרט: דער פילאָזאָפיש-געבילדעטער אויסגעצייכנטער אַרצט יצחק בן מרדכי [3] און דער רב שבתי בר' שלמה, דעם רמב"מס אַ הייסער אָנהענגער, וואָס פלעגט לייענען פאָרלעזונגען איבער פילאָזאָפיע. אויף יצחק בן מרדכיס ווונטש האָט דער באַקאַנטער איבערזעצער נתן המאתי (צענטאָ), וועלכן מען האָט געקרוינט מיט דעם נאָמען „אבי המעתיקים", איבערזעצט אין די 80ער יאָרן פונם 13טן יאָר-

[1] „מחברות", מאַקאַמע 8.

[2] זע פאָגעלשטיין אונד ריעגער, I, 277, ווּ עס ווערן אויסגערעכנט ביי די נעמען בערך צוואַנציק אַזוינע געלערנטע אָפּשרייבערס.

[3] יצחק בן מרדכי (באַקאַנט אונטער דעם איטאַליענישן נאָמען Majestro Gajo) איז געווען לייב-מעדיקער ביים פּויפּסט ניקאָלאַי דעם IV.

הונדערט פילע מעדיצינישע, פילאָזאָפישע און אַסטראָנאָמישע ווערק [1]. אין דער זעלבער צייט האָט אַן אַנדער געניטער איבערזעצער, דער פילאָזאָפיש געבילדעטער שפּאַנישער אַרצט, זרחיה בן יצחק בן שלתיאל חן, איבערזעצט פאַרן רב שבתי בר' שלמה אַ גאַנצע צאָל ווערק פון אַריסטון, אבן-רשד, אַלפאַראַבי און אַז"וו [2].

זרחיה חן איז זייער אַן אינטערעסאַנטע פיגור. ער האָט אין שפּאַניע באַקומען פילאָזאָפישע בילדונג [3], און אַלס גרעסטער אַווטאָריטעט האָט ביי אים געגאָלטן דער רמב"ם. „אַלץ, וואָס ס'איז אַרויס אויס דעם רמב"מס פעדער, — פאַרזיכערט זרחיה חן — איז לויטער אמת, אַלע פון אים אַרויסגעזאָגטע געדאַנקען זיינען ריין פון דער קלענסטער סתירה" [4]. זיין באַליבט בוך איז געווען דער „מורה", ער האָט וועגן אים געלייענט ספּעציעלע פאָרלעזונגען [5] און אָנגעשריבן אויף אים אַ פירוש, בכדי (ווי ער ערקלערט אין דער הקדמה) [6] צו מאַכן דעם רמב"מס ווערק פאַרשטענדלעך אויך פאַר די, וואָס זיינען בלויז אָנפאַנגער אין דער פילאָזאָפיע. אָט דער מענטש פונם 13טן יאָרהונדערט האָט אָפן ערקלערט דעם שכל פאַרן איינציקן בר-סמכא. אמונה, מסורת אבות — אַלץ דאַרף דורכגיין דורך דער שאַרף פונם קריטישן געדאַנק, עס דאַרף קודם-כל באַווייזן, אַז ס'איז ניט סותר דעם שכל הישר. אַלץ, וואָס ס'האָט אַ שייכות צו מיסטיק, דאָס פאַרבאָרגענע און אומבאַגרייפלעכע — דאָס איז בלויז קינדער-שפּיל, און זרחיה חן רעדט מיט ביטול ניט נאָר וועגן די בעלי קבלה פון זיין צייט, נאָר אויך וועגן דעם אַלטן פיטאַגאָרעס און זיינע אָנהענגער [7], אויך די ביבל [8] און אַלע ניסים, וואָס קומען דאָרט פאָר, ער=

1 אַ פּראַכטפולער האַנטשריפטלעכער עקזעמפלאַר פון נתן צענטאָס איבערזעצונג פון אבן-רשדס „קאַנאָן" געפינט זיך אין לענינגראַדער אַזיאַטישן מוזיי.

2 באַריכות וועגן זרחיה חן זע: קירכהיים, אין „אוצר נחמד", II, 117—123; שטיינשניידער, דאָרטן, 229—243; כרמולי, דאָרטן, III, 110—111; פּאָגעלשטיין אונד ריעגער, I, אינדעקס; גרעץ, ב' VII, אינדעקס; גידעמאַן, II, אינדעקס.

8 „פון קינדווייז אָן — ערקלערט מיט שטאָלץ זרחיה חן — האָט מיך די חכמה ווי אַ מוטער ערצויגן" („אוצר נחמד", II, 126).

4 „אוצר נחמד", II, 133: „אני גוזר אומר על כל מה שכתב הגאון רבנו הרב המורה צדק זצ"ל שהוא אמת ואין בכל כוונותיו שום סתירה".

5 דאָרטן, 123.

6 דאָרטן, III, 111.

7 זע זיין פירוש אויף משלי („השחר", II, 67): „ההפסד כלו שהיה באותם הימים בא תחלה מאפיתגורס וסיעתו". שטיינשניידער דרינגט אַפילו, אַז דאָ איז אַ גרייז און עס דאַרף שטיין ניט אַפּיתגורס נאָר אפיקור (זע „העבר. ביבל." 46, XII).

8 זרחיה גופא ווייזט אָן („אוצר נחמד", II, 123, 137), אַז ער האָט פאַרפאַסט אַ פירוש אויף תורה; דער פירוש איז, ווי עס שיינט, פאַרלאָרן געגאַנגען.

קלערט ער אויף ריין ראַציאָנאַליסטישן אופן. די מעשה ווי יעקב אבינו ראַנגלט זיך אין דער פינסטערער נאַכט מיטן מלאך, ווערט פון זרחיהן אויסגעטייטשט אַלס קאַמף פון די ערדישע מאַטעריעלע כוחות (הכוח החומרי) מיטן מענטשלעכן שכל (השכל האנושי) (זע זיין בריוו צו הלל אויס ווע־ראָנע אין „אוצר נחמד", II, 129, 131). די מעשה ווי אַברהם ברענגט יצחקן אויף דער עקדה, אָדער ווי צו אַברהמען קומען דריי מלאכים צו גאַסט — ערקלערט זרחיה בלויז אַלס חלום, וועלכן אַברהם האָט אין שלאָף געזען; די ערציילונג וועגן לוט און זיינע טעכטער, אָדער וועגן בלעמס אייזל, וואָס רעדט ווי אַ מענטש — ווערן פון אים אויך אויסגעטייטשט אַלס משלים [1]. ביי זרחיהן איז אויך קיין ספק ניט, אַז די מעשה מיט יונה הנביא „קאָן נאָר דער פשוטער המון אָננעמען פאַר אַן אמת, אָבער יעדער פאַרשטענדיקער מענטש (חכם לב) באַמערקט גלייך, אַז די גאַנצע מעשה, פון אַלף ביז תיו, איז בלויז אַ חלום, וואָס דער נביא האָט אין שלאָף געזען". מיט אַ סאַרקאַסטישן שמייכל רעדט אויך זרחיה וועגן דער דעמאָלט איבעראַל, אין די געלערנטע קרייזן אָנגענומענע מיינונג, אַז די ערשטע שפּראַך, אויף וועלכער די מענטשהייט האָט גערעדט, איז געווען העברעיש, און אַז אדם הראשון האָט גלייך ווי ער איז באַשאַפן געוואָרן גערעדט לשון־קודש [2]. אין רוים, וווּ ער האָט געלעבט ביז אין די עלטערע יאָרן [3], פלעגט זרחיה אין אַ גאַנץ פרייען ראַציאָנאַליסטישן גייסט לייענען פאַר אַ גרופּע וויסנבאַגיריקע יונגעלייט פאָרלעזונגען איבער ביבלישע ביכער, ספּעציעל וועגן „איוב" און „משלי" [4]. אָט די פירושים צו די צוויי ביבלישע ביכער, וועלכע דער שפּאַנישער פריידענקער האָט פאַרפאַסט [5], זיינען דערגאַנגען צו אונז בשלמות און זיינען בלי־ספק זייער אינטערעסאַנט אַלס קולטורעלע דענקמעלער פון יענער צייט.

---

1 „אוצר נחמד", II, 129, 138.

2 דאָרטן, 135—136.

3 אין זיין ערשטן בריוו צו הלל אויס וועראָנע, וואָס ער האָט געשריבן אין 1290, מעלדעט ער, אַז ער קלייבט זיך צוריקקערן אין זיין היים, „בכדי ליגן צוזאַמען מיט זיינע עלטערן" (לשכוב עם אבותי), זע „אוצר נחמד", II, 124.

4 אין זיין פירוש אויף „איוב" (18, 18) ווייזט זרחיה אָן, אַז ער האָט געלייענט פאָרלעזונגען „בסוד בחורי חמד אשר בקהל רומי".

5 דעם פירוש אויף „משלי" אונטער דעם נאָמען „אמרי דעת" האָט זרחיה אָנגעשריבן אין 1284, איבערגעאַרבעט און רעדאַקטירט אין רוים אין 1288—89. פאַרעפנטלעכט דורך י. שוואַרץ אין „השחר", II (ערשינען אויך באַזונדער). דער פירוש אויף „איוב" מיטן נאָמען „תקות אנוש" איז פאַרפאַסט געוואָרן אין 1290 און פאַרעפנטלעכט דורך י. שוואַרץ אין 1868.

ווי דער רמב"ם און יעקב אַנאַטאָלי, אַזוי איז אויך זרחיה חן געווען פעסט איבערצייגט, אַז דער ווערטלעכער פּשט פון ספר „משלי" איז בלויז פאַר די „עם־הארצישע גאַראַנים", וואָס זייער קנאַפּער שכל איז ניט אימשטאַנד משיג צו זיין די טיפע רמזים און משלים, און זיי „אַנטלויפן דערפאַר פון זיי, ווי מען אַנטלויפט פאַר אַ ביס פון אַ גיפטי־קער שלאַנג". אין „משלי" איז אָבער פאַרבאָרגן נאָך אַן אַנדערער, טיפע־רער פּשט, און דעם קאָנען פאַרשטיין נאָר די יחידי סגולה. „אונזער גרויסער לערער — ווייזט אָן זרחיה — דער מאור הגולה רבנו משה בן מיימון, ער איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט אָנגעוויזן דעם ריכטיקן וועג ווי צו פאַרשטיין דעם אמתן פּשט פון „משלי". ער האָט עס אונז ערקלערט, אַז דאָס דאָזיקע ווערק לערנט אונז, ווי מיר מאָרן זיך ניט לאָזן פאַרפירן פון דעם גראָבן חומר, וואָס טראָגט אין „משלי" דעם פאַר־שטעלטן נאָמען „פרוי" [1].

און אין זרחיהס פּירוש באַקומט טאַקע דאָס באַרימטע ביבלישע גנאָמען־בוך אַן אויסטערליש מאָדנעם אויסזען. עס איז שוין מער ניט קיין פאָלקס־בוך, נאָר אַ ריין פילאָזאָפיש־ראַציאָנאַליסטיש ווערק. שטייט אַ שטייגער אין „משלי": „חכמות בנתה ביתה, חצבה עמודיה שבעה" (ז' 9) — די חכמה האָט איר הויז געבויט, אויסגעהאַקט זיינע זיבן זיילן, איז דאָך פאַר זרחיהן קלאָר, אַז די זיבן זיילן דאָס זיינען די זיבן וויסנ־שאַפטלעכע דיסציפּלינען, און ער רעכנט זיי טאַקע אַלע אויס ביי די נעמען [2]. און אַז עס שטייט ווייטער: „שלחה נערותיה" — זי, די חכמה, האָט אירע דינסטמיידלעך געשיקט, איז דאָך פאַר אונזער מפרש קיין ספק ניט, אַז אונטער „נערותיה" מיינט מען עס טאַקע די הילפס־וויסנשאַפטן, ווי, אַ שטייגער, לאָגיק וכדומה. זייער כאַראַקטעריסטיש איז פאָלגנדיקע שטעלע. ביים פּסוק: „יפיח כזבים עד שקר ומשלח מדנים בין אחים" (19, 6) — אַ פאַלשער עדות פאַרשפּרייט ליגן און זייט קריג צווישן ברידער — לייענען מיר אין זרחיהס פירוש: „דאָס ווערט דאָ גערעדט אויך וועגן די, וואָס דערוועקן קריג און שנאה צווישן מענטשן פון איין גלויבן, וועלכע האָבן איין תורה און איין און די זעלבע מאָראַל". און אַלס ביישפּיל ברענגט ער די צעשפּאַלטונג צווישן יידן און קאַראַימען, „וואָס די שנאה צווישן זיי איז אַזוי גרויס, אַז עס איז גאָרניט צו גלויבן, אַז זייער אמונה איז דאָך פון איין קוועלע; אַפילו קיין שידוכים שליסן זיי ניט צווישן זיך, אַזוי גרויס איז זייער פיינדשאַפט". און אָט די שרעקלעכע שנאה און פאַרביטערטע קאַמף האָט, נאָך זרחיהס מיינונג, אויסגעבראָכן

[1] זע „השחר", II, 67.
[2] זע פריער, ז' 252.

בלויז אויס פערזענלעכע פניות, אויס גיריקייט נאָך כבוד און דורשט נאָך מאַכט און ממשלה. „און אָט טאַקע די פאַרשאָלטענע תאווה פון הערש-זוכט, דאָס גע׳יעג נאָך כבוד — דאָס פירט אַראָפּ דעם מענטשן פונם דרך הישר... די דאָזיקע תאווה, זי איז עס די אמתע סיבה, וואָס ס׳האָבן זיך צווישן מענטשן אַזוי שטאַרק געמערט פאַרשיידענע אמונות און עס זייגען פאַראַן אַזוי פיל שטייגערס ווי גאָט צו דינען. דער באַשעפער האָט דאָך אָבער געשטעלט די וועלט אויף אַן אַנדער סדר: אַלע מענטשן פון דער ערד דאַרפן האָבן איין גלויבן, און אַלע גלייך, ווי אמתע ברידער, דאַרפן זיי דינען אים, דעם באַשעפער״[1].

זרחיה פאַרשטייט גאַנץ גוט, אַז אַזוינע ווערטער שמעקן מיט גרויס אַפּיקורסות. „איך ווייס, — זאָגט ער — אַז די דאָזיקע ווערטער וועלן פילע שטאַרק דערצערענען. איך האָב אָבער דערפאַר קיין מורא ניט. זאָל מיין געדאַנק בלייבן פרעמד פאַר הונדערטע אומפאַרשטענדיקע, אַבי נאָר אים וועט פאַרשטיין ווי צו שעצן דער איינציקער, דער אויסדערוויילטער״[2]

און ס׳איז זייער כאַראַקטעריסטיש פאַר די גייסטיקע שטרעמונגען און די דעמאָלטיקע יידישע קרייזן אין רוים, וואָס אַ מענטש מיט אַזוינע העכסט ראַדיקאַלע אָנשויונגען האָט געהאַט גרויס ערפאָלג און האָט געפונען אין רוים פילע אָנהענגער, וואָס האָבן מיט דורשט געשלונגען זיינע ווערטער[3].

קעגן זרחיהן איז אָבער אומדערוואַרט אַרויסגעטראָטן אַ קעגנער ניט פון צווישן „די הונדערטע אומפאַרשטענדלעכע״, נאָר טאַקע פון זיין אייגענער מחנה. זיינע עקסטרעמע ראַציאָנאַליסטישע אָנשויונגען האָבן עס גורם געווען, וואָס זרחיה האָט געמוזט זיך אַריינלאָזן אין אַ לאַנגן וויכּוח מיט זיינעם אַן אַלטן פריינד, וואָס איז אויך געווען דעם רמב״מס אַ הייסער אָנהענגער. דער דאָזיקער קעגנער איז געווען דער פילאָזאָפיש-געבילדעטער אַרצט הלל בן שמואל אויס וועראָנע[4].

---

1 „השחר״, II, 213.

2 דאָרטן.

3 זרחיה גופא שטרייכט דאָס אָפּט אונטער. און זיין צווייטן בריוו צו הלל אויס וועראָנע ווייזט ער אָן מיט שטאָלץ: „כי חכמי דורי אשר שמעו והאזינו דברי וראו מה שחברתי ומה שפרשתי אמרו פה אחד כי רוח ד׳ דבר בי ומלתו על לשוני״ („אוצר נחמד״, II, 126).

4 וועגן הלל אויס וועראָנע זע: שטיינשניידער, זיין פאָררעדע צו „תגמולי הנפש״; עדעלמאַן, אין דער פאָררעדע צו „חמדה גנוזה״; פאָגעלמאַן אונד ריעגער, I, 400—409, 415—418; וויס, „דור דור ודורשיו״, IV, 103—106; בערנפעלד, „דעת אלהים״, 406—416; גידעמאַן, II, אינדעקס; גרעץ, אינדעקס. מיט דער אין 1912 ערשינענע ספעציעלע מאָנאָגראַפיע פון מ. גייעער „היללס אויס וועראָנאַ תגמולי הנפש״ האָבן מיר ניט געהאַט די מעגלעכקייט זיך צו באַקענען.

ווי פילע אַנדערע וויסנבאַגיריקע יונגעלייט אין איטאַליע, האָט הלל בן שמואל אין די יונגע יאָרן זיך געלאָזט קיין שפּאַניע. אין באַרצעלאָנע האָט ער אין משך פון דריי יאָר שטודירט נאַטורוויסנשאַפטן[1]; אין דער זעלבער צייט האָט ער אויך געלערנט אין דער ישיבה פון דעם אונזשוין באַקאַנטן תלמודיסט יונה גירונדי[2]. אין מאָנפּעליע האָט ער דערנאָך שטודירט ספּעציעל מעדיצין און אַלס טיכטיקער אַרצט איז ער צוריק געקומען אין זיין היים. ער האָט אַ לענגערע צייט פאַרבראַכט אין רוים, וווּ ער האָט זיך באַקאַנט מיט די דאָרטיקע פילאָזאָפיש געבילדעטע קרייזן, דערנאָך איז ער איבערגעפאָרן קיין קאַפּואַ, וווּ ער האָט געהאַלטן סיסטעמאַטישע פאָרלעזונגען איבער פילאָזאָפיע, און אויף די עלטערע יאָרן האָט ער זיך באַזעצט אין דער שטאָט פורלין אַלס פּראַקטיצירנדיקער אַרצט, פאַרנעמענדיק זיך אויך מיט ריינער וויסנשאַפט. אַ גוטער קענער פון אַראַביש און לאַטיין, האָט הלל איבערגעזעצט פילע פילאָזאָפישע און מעדיצינישע ווערק[3]. דער באַליבטסטער דענקער איז אויך ביי אים געווען דער רמב"ם; ער האָט אָנגעשריבן אַ פירוש צו די באַרימטע 25 פילאָזאָפישע טעזיסן (הקדמות), וואָס מיט זיי הייבט זיך אָן דער צווייטער טייל „מורה נבוכים", און ער האָט מיט שטאָלץ פאַרזיכערט, אַז „ביי איצטיקער צייט איז ביי יידן ניטאָ דער צווייטער, וואָס זאָל טיפער און בעסער פון אים פאַרשטיין דעם רמב"מס מורה"[4]. הלל פאַלט אָן אויפן רמב"ן דערפאַר, וואָס יענער האָט זיך ערלויבט צו זאָגן, אַז אייניקע פונם רמב"מס אַרויסגעשטעלטע מיינונגען זיינען סותר געוויסע אָנשויונגען פון דעם תלמוד און מדרשים. דעם רמב"נס באַווייזן געפינט הלל פאַר „אויבנאויפיק, געשמאַקלאָז, אָן זאַלץ און פעפער" (מלין תפלין בלי מלח ותבלין). און בעת אין די 80ער יאָרן פונם 13טן יאָרהונדערט האָט זיך

1 זע „תגמולי הנפש", 18a: „בהיותי לומד בספרד לפני הרב שלמדני חכמת הטבע".

2 אין זיין בריוו צום מעצענאַט יצחק בן מרדכי ווייזט הלל אָן, אַז ער האָט אין די יונגע יאָרן (בימי בחורתי) דריי יאָר געלערנט ביי ר' יונהן, וועלכער איז גלייך נאָכדעם אָפּגעפאָרן קיין טאָלעדאָ, וווּ ער איז אין אַ יאָר אַרום געשטאָרבן („טעם זקנים", 72a). אויס דער גוט ערהאַלטענער מצבה איז באַקאַנט, אַז יונה גירונדי איז געשטאָרבן אין חשוון 1263, האָט אַלזאָ הלל בן שמואל געלערנט ביי אים אין משך 1259—1262. דערפון איז קלאָר, אַז גרעץ האָט אַ טעות, בעת ער רעכנט, אַז הלל איז געבאָרן אינם יאָר 1220. מיר זעען דאָך, אַז ער איז אין אָנפאַנג פון די זעכציקער יאָרן נאָך געווען אין „ימי הבחרות", איז ער געבאָרן ניט פריער, ווי אין סוף פון די 30ער יאָרן.

3 וועגן זיינע איבערזעצונגען זע שטיינשניידערס פאָררעדע צו „תגמולי הנפש". זע אויך פאָגעלשטיין אונד ריעגער, I, 403.

4 זע „טעם זקנים", 72a.

ווידער אָנגעהויבן אַן אַנטימײַמוניסטישע באַוועגונג מיט שלמה פּטי בראש, וועלכער איז מיט אַגיטאַטאָרישע צוועקן געקומען פון פּאָדער־אַזיע קיין איטאַליע, האָט הלל זיך געווענדט צום זייער אָנגעזעענעם מעצענאַט יצחק בן מרדכי אין רוים און אים געבעטן, ער זאָל זען מיט אַלע מעגלעכ־קייטן ניט דערלאָזן שלמהס אַגיטאַציע זאָל האָבן ערפאָלג [1]. ער האָט זיך אויך געווענדט מיט בריוו צום רמב"מס אייניקל, ר' דוד, און צו די אָנ־געזעענע רבנים פון מצרים און בבל, זיי זאָלן זען אײַנשטילן די דײַטשע און פראַנצויזישע רבנים, וואָס פירן אַ קאַמף קעגן דעם רמב"מס ווערק. ער ליגט אים פאָר מען זאָל מאַכן אַ צוזאַמענפאָר פון די אָנגעזעענסטע רבנים, דאָרט אויסהערן די טענות פון ביידע צדדים און דערנאָך זאָל דער צוזאַמענפאָר אָננעמען אַ באַשטימטע החלטה, און דער דאָזיקער פּסק וועט מוזן זײַן ענדגילטיק פאַר אַלעמען [2].

גאַנץ אינם רמב"מס גייסט פאַרטײַטשט הלל אויפן ראַציאָנאַליס־טישן אופן פילע שטעלן אין דער ביבל, און ערקלערט אַלס „נאַרישן, אויס־געטראַכטן אָבערגלויבן" (ואני אומר שהיא אמונה בדאית וסכלות) די לעגענדע וועגן די געפאַלענע ווידערשפּעניקע מלאכים, וואָס זיינען מגולגל געוואָרן אין רוחות און מחבלים [3].

און דאָך האָט אין הללן דער ראַציאָנאַליסט ניט אינגאַנצן דערשטיקט די אַלטע איטאַליענישע טראַדיציעס; און ער איז דערפאַר גישט תּמיד מסכּים מיט זײַן „גרויסן רבין" (הרב הגדול), ווי דער רמב"ם הייסט בײַ אים. אַגאַטאָלים טרוקענער, קאָנסעקווענט דורכגעפירטער ראַציאָנאַליזם געפינט ניט קיין אָפּקלאַנג אין הללס נשמה, וואָס בענקט אומבאַוווסט נאָך די אַלטע מסורות, און גלוסט מיט צאַפּלדיקן ציטער נאָך מיסטיש־רע־ליגיעזע איבערלעבונגען. די פּאָעטישע וועלט פון די אויס בבל און פּאַ־לעסטינע שטאַמענדיקע אַגדות, די נאַיווע לעגענדעס פונם אַלטן איטאַליע אויס דער צײַט פון אַבו אַהרן און שפטיה דעם בעל נס און דיכטער — זיי זיינען נאָך ניט פאַרגעסן געוואָרן, זיי האָבן נאָך געפונען אַ ליבלעכן אָפּקלאַנג אין די פאַרחלומטע הערצער... הלל איז טאַקע אַ הייסער פאַר־ערער פונם רמב"ם, דאָך קאָן ער ניט גלויבן, אַז נאָר דער געדאַנק, דער שכל איז דער עיקר, און דאָס האַרץ מיט זײַן גאַנצער וועלט געפילן און

---

[1] עס זיינען אויפגעהיט געוואָרן צוויי זיינע בריוו צו מאַעסטראָ גאַיאָ (יצחק בן מרדכי). באַזונדערס אינטערעסאַנט איז דער ערשטער (אָפּגעדרוקט אין „חמדה גנוזה", „טעם זקנים" און אויך אין „אגרות קנאות"), ווייל דאָרט זיינען דאָ זייער וויכטיקע פּרטים בנוגע צום ערשטן קאַמף קעגן דעם רמב"ם און זיינע ווערק.

[2] זע, „טעם זקנים", 72b.

[3] זע, ביילאַגן צו „תגמולי הנפש", ז' 52b.

חלומות איז בלויז אַ נעבן־זאַך. דער „מורה“ איז טאַקע ביי אים געווען דאָס טיפסטע בוך, דאָך האָט ער ניט געקאָנט מסכים זיין מיט דער מיינונג, אַז דעם מענטשנס גליק און אויך דעם מענטשנס ווערט דאַרף מען שאַצן אויסשליסלעך לויט דער שאַרפקייט פון יענעמס געדאַנק און דער פיינקייט פון זיינע פילאָזאָפישע באַגריפן... ער האָט דערפאַר באַשלאָסן אָנצושרייבן אַ ספּעציעל ווערק וועגן דעם מענטשנס נשמה, אויספאָרשן איר תוך און תמצית, צעגלידערן אירע איבערלעבונגען, און באַלייכטן דאָס פּראָבלעם וועגן איר ווייטערדיקער עקסיסטענץ, נאָך דעם, ווי זי באַפרייט זיך פונם ערדישן חומר און פאַרלאָזט דעם מענטשנס קערפּער. „תגמולי הנפש“, — אונטער דעם דאָזיקן נאָמען האָט ער פאַרענדיקט זיין הערק אין פורלין אין 1291.

דאָס ווערק איז געשריבן אין אַ שווערוואָגיקער הילצערנער שפּראַך; דעם פּראָפעסער פעלן ערטערווייז אויס ווערטער, און ער טראַכט אויס אייגענע, ווייניק געלונגענע, און פאַרטייטשט זיי טאַקע דערביי מיט אַ איטאַליענישן אויסדרוק, דער לעזער זאָל פאַרשטיין, וואָס ער מיינט. ניטאָ קוקנדיק דערויף, פילט זיך דאָך אין דעם ווערק דאָס פאַרבאָרגענע פייער פון אַן אינעווייניקסטן קאַמף, דער פּאַטאָס פון אַ זוכנדיקן אומבאַפרידיקטן גייסט — און דאָס בוך מיט דער האַרבער אומבאַהאָלפענער שפּראַך ציט צו צו זיך ניט ווילנדיק די אויפמערקזאַמקייט פונם לעזער[2].

דאָס ווערק איז איינגעטיילט אין צוויי טיילן. אין ערשטן ווערט באַטראַכט, אין וואָס באַשטייט דער תמצית פון דער נשמה, דער צווייטער טייל באַהאַנדלט די פראַגע וועגן „תגמולי הנפש“: וואָס פאַר אַ שכר און וואָס פאַר אַ עונש ערוואַרט די נשמה. נאָך לאַנגע לאָגישע און פילאָזאָפישע סברות קומט ענדלעך דער פּראָפעסער צום אויספיר, אַז דער תמצית פון דער נשמה איז אַ ריין גייסטיקער, פריי פון דעם מינדסטן מאַטעריעלן צוגאָב, און אַז די נשמה איז אומשטאַרבלעך. דאָ שטייט אָבער דער פּראָפעסער פאַר דער האַרבער שאלה: פון וואָס פאַר אַ אַרט איז די דאָזיקע אומשטאַרבלעכקייט? צי עקסיסטירט די נשמה אויך ווייטער פאַר זיך, אַלס באַזונדערער זעלבשטענדיקער איך; אָדער ס'איז ריכטיק די מיינונג פון אבן־רשד און זיינע תלמידים, וואָס לייקענען אָפּ די זעלבשטענדיקע „השארת הנפש“, און רעכענען, אַז נאָך דעם מענטשנס טויט עקסיסטירט

---

1 פאַרעפנטלעכט אינם פאַרלאַג „מקיצי נרדמים“ אונטער דער רעדאַקציע פון ש. ז. האַלבערשטאַם אין 1874.

2 דער פּראָפעסער גופא ווייזט אָן מיט שטאָלץ, אַז ער איז דער ערשטער הן ביי יידן הן ביי קריסטן, וואָס פּרוווט פילאָזאָפיש באַלייכטן אַזעלכע פּראָבלעמען (זע: „חמדה גנוזה“, 22; „תגמולי הנפש“, 7b).

שוין די נשמה ניט מער פאַר זיך באַזונדער, נאָר אַלס קלײנער טײל פון דעם „וועלט־שׂכל", דעם אַזוי גערופענעם „ערד־גײַסט", וואָס פאַרקער־פערט זיך אין דער גאַנצער מענטשהייט צוזאַמען. הלל איז מודה, אַז אבן־רשדס סברה שטיצט זיך בלי־ספק אויף אײַזערנע לאָגישע יסודות, וואָס ליגן זיך זײער אויפן שׂכל [1]. הלל פאַרשטייט אָבער זײער גוט, אַז װיבאַלד ס'איז ניט פאַראַן קײן „השארת הנפש" פאַר יעדן יחיד באַזונדער, קאָן דאָך דאַן מער קײן רייד ניט זיין װעגן שׂכר ועונש, װעגן „תגמולי הנפש" [2]. דעם פאַרפאַסער פון „תגמולי הנפש" זײנען אָבער צו טײער די אַלטע מסורות ער זאָל זיך קאָנען באַפרידיקן מיט אַזאַ אויספיר. ער זוכט מיטלען, װי אַזוי אַרויסצוגײן פון דעם דאָזיקן פלאָנטער, און אים דאַכט: ער האָט געפונען אַן אויסװעג, און עס װערט דערבײַ „ניט געשטערט דער פרידן צװישן שׂכל און אמונה" [3].

װי אַלע דענקער פון יענער צײַט שטרײַכט אויך הלל אונטער דעם גרויסן אונטערשייד צװישן דער אומשטאַרבלעכער פאָרם און דער פאַר־גענגלעכער מאַטעריע. דער „װעלט־גײַסט" („השׂכל הפועל", װי ער הייסט אין דער מיטלאַלטערלעכער העברעישער ליטעראַטור) אַלס אַלגעמײנע (אוניװערסאַלע) גײַסטיקע פאָרם, איז דער קװאַל פון אומצײליקע באַזונ־דערע, זעלבשטענדיקע פאָרמען, „פונקט װי פון דעם אײנציקן צענטראַלן פינטל ציען זיך אין אַלע זײַטן פילע ליניעס" [4]. אָט די באַזונדערע, זעלבּ־שטענדיקע פאָרמען, װאָס װערן אויסגעשטראַלט אויס דעם װעלט־גײַסט— דאָס זײַנען עס די מענטשלעכע נשמות. אויף װאָס פאַר אַן אופן פאַר־װירקלעכט זיך די אומשטאַרבלעכקייט פון די דאָזיקע נשמות? קודם־כּל ערקלערט באַריכות דער פאַרפאַסער (אַרויסגײענדיק פון אַריסטוס שטאַנד־פונקט) אויף װאָס פאַר אַן אופן עס אַנטװיקלט זיך אַזוי װײַט אײגם מענטשן זײַן אײַנגעבוירענע גײַסטיקע מ ע ג ל ע כ ק י י ט (השׂכל האפשרי), ביז זי װערט אַ טײל פון דעם „שׂכל הפועל". דער פאַרפאַסער האַלט זיך אויך װײַטער אָן אַריסטוס סיסטעם בעת ער טײלט אײַן דעם מענטשנס שׂכל אין דרײַ מדרגות: דעם רײַן טעכנישן (מלאכותי) [5], דעם פּראַקטישן (המעשי) און דעם טעאָרעטיש־ספּעקולאַטיװן (עיוני) [6]. װײַטער אָבער

---

[1] „תגמולי הנפש", 10a: „בעבור שאותה הדעת היא נוכחת בראיות נצחיות מופתיות מכרחות להתקבל מדרך השכל".

[2] דאָרטן, 14b: „אם כן בטלו כל ותגמולי הנפש לגמרי".

[3] דאָרטן, 10a.

[4] „הנקודה שהיא אחת ויוציאו ממנה ראשי קווים הרבה" (דאָרטן, 8b).

[5] „המלאכותי הוא אותו אשר בו ישיג אדם מיני המלאכות והאומניות".

[6] דאָרטן, 21b.

פאָלאָזאָט דער בעל „תגמולי הנפש״ אי אַריסטו, אי זיין יידישן מפרש — דעם רמב״ם. אַרויסגייענדיק פונם געדאַנק, אַז אין דעם פולקומען מענטשן באַדאַרפן זיין האַרמאָניש אַנטוויקלט אַלע אייגנשאַפטן פון זיין גייסט, קאָן הלל בן שמואל ניט מסכים זיין דערמיט, אַז אומשטאַרבלעך בלייבט בלויז דעם מענטשנס ראַציאָנעלער טייל (החלק השכלי בלבד), ד״ה בלויז דער אינטעלעקט, דער דורך דעם שכל געשליפענער געדאַנק. „איך וויל באַווייזן, — שטרייכט הלל אונטער — אַז אויך דאָס געפיל, דעם מענטשנס מאָראַלישע שטרעבונג, איז אויך אומשטאַרבלעך״ [1]. „מיינט ניט, — זאָגט ווייטער דער פאַרפאַסער — אַז דער מענטש קאָן דערגרייכן די העכסטע שטופע פון שלימות בלויז דורך דער פאַרפולקומונג פונם אינטעלעקט, ניט זאָרגנדיק דערביי וועגן די מאָראַלישע פאָדערונגען פון דעם מענטשנס נשמה. עס האָבן שוין אונזערע חכמים געזאָגט, אַז ווער עס שלייפט נאָר זיין שכל, זאָמלט בלויז וויסן און טראַכט ניט וועגן מעשים טובים אויף דעם זאָגט דער פסוק: „נזם זהב באף חזיר״ [2]. מען מוז אויך געדענקען וועגן די אַנדערע צוויי הויפּט־כוחות פון דעם מענטשנס נשמה — געפיל און ווילן (כח המרגיש וכח המעורר). בלויז דורך זייער הילף קאָן דער מענטש בפּועל באַווייזן זיין שלמות, זיין אומשטאַרבלעכן גייסט [3]. „ניין — חזרט איבער הלל בן שלמה — בלויז מיטן געדאַנק, מיט גרויס חריפות פונם שכל, קאָן דער מענטש ניט דער־גרייכן די העכסטע מדרגה פון שלמות; אויסער וויסן איז אויך נייטיק דאָס עטישע טאָן; מען מוז אויך דורך מעשים באַווייזן, אַז מען איז מקיים גאָטס געבאָטן. דער מענטש דאַרף באַווייזן, אַז ניט נאָר אין גע־דאַנק, נאָר אויך מיט זיין געפיל און ווילן איז ער איבערגעגעבן דעם געט־לעכן און הייליקן [4]. און זאָל קיינער זיך ניט דערוועגן — זאָגט ער ווייַ־טער — אויסטייטשן די מצוות און געבאָטן בלויז אַלס אַלעגאָריעס און משלים. זאָל ער ניט זאָגן: וויבאַלד איך פאַרשטיי דעם שכל און דעם מיין פון דעם און דעם געבאָט, צו וואָס דאַרף איך אים נאָך מקיים זיין? ווער עס זאָגט אַזוי, דער איז אַ „מין ואפיקורס״, דער לייקנט פאַקטיש אין תורת משה [5]. נאָר ביי ווען דער פאַרשטאַנד, האַרמאָניש פאַרבונדן מיטן ווילן און געפיל (הכחות המשכילות והמרגישות) זיינען אַלע צו־

1 דאָרטן, 9b: „ואני עתיד להודיע שגם המרגיש והמתעורר ישארו״.

2 דאָרטן, 22a.

3 דאָרטן.

4 דאָרטן, 22b.

5 דאָרטן, 25a.

זאַמען געוועגדט צו איין הויכן געטלעכן ציל — אַט דער איז דער צדיק הדור, דער אויסדערוויילטער פולקומער מענטש..."

„און אַט אין דעם טאַקע — שרייבט אונטער דער בעל „תגמולי הנפש" — ליגט דער טיפער סוד: צו וואָס פאַר אַ צוועק מוז עס די אומשטאַרבלעכע נשמה וואַנדערן אין לבוש פונם ערדישן חומר? — ווייל דאָס איז דער וועג פון שלמות, ווייל דורך דעם דערגרייכט די נשמה אַ נאָך העכערע מדרגה. וואָרעם עס איז דאָך קלאָר, אַז די נשמה, בעת זי צעשיידט זיך מיטן גוף, איז זי פולקומער ווי פריער, איידער זי האָט דורכגעוואַנדערט דאָ אויף דער ערד דאָס מענטשן=לעבן. זי געפינט זיך אויף אַ פיל העכערע מדרגה, ווי אַפילו די מלאכי=השרת. וואָרעם אַ מלאך, אָדער אַ נשמה, וואָס איז קיינמאָל מיט קיין מענטשן=קערפער ניט געווען פאַרבונדן — זיי האָבן דאָך ניט קיין ווילן, קיין חשק. ליכטיק און ריין זיינען זיי נאָך זייער גייסטיקן מהות, זיי האָבן ניט בכּוח צו זיין אַ נ ד ע ר ע, זיי ווייסן אַפילו ניט, אַז מען קאָ ן זיין אַנדערש, נ י ט ריין, נ י ט ליכטיק. גאַנץ אַנדערש איז עס אָבער מיט דער נשמה, וואָס איז פאַרבונדן מיטן זינדיקן חומר. דורך שווערן קאַמף, דורך שטענדיק אָנגעשטרענגטן ווילן געלינגט איר גובר זיין די נידעריקע תאוות פונם גוף, זי דערהויבט אים און הייליקט אים. אַט אַזאַ נשמה, וואָס האָט ערשט דורך דעם שווערן וועג פון אָנגעשטרענגטער מלחמה בייגעקומען דאָס זינדיקע און נידעריקע, און איז געבליבן ריין און הייליק — זי האָט זיך דערמיט דערהויבן צו אַ פיל העכערער מדרגה, איז געוואָרן נעענטער צו דעם געטלעכן קוואַל פון ליכט, ווי פריער, איידער זי האָט געוואַנדערט אויף דער ערדישער וועלט און אויסגעקעמפט איר מענטשן=לעבן. און אַט די זכיה צו דערגרייכן אַזאַ הויכע מדרגה — דאָס איז איר עולם=הבא, איר ליכטיקער גן=עדן [1]. די נשמה אָבער, וואָס איז ניט בייגעשטאַנען דעם נסיון פונם זינדיקן גוף און האָט פאַרשוועכט איר ריינקייט — די ווערט דערמיט אָוועקגעשליידערט פונם קוואַל פון ליכט און ריינקייט (ולא תשוב אל ספיר גזרתה); זי בלאָנדזשעט אין דער פינסטער, און אַט אין דעם צער — איז איר עונש, אין דעם אייביקן בלאָנדזשען און בענקען — די שטראָף פונם גיהנום" [2].

הלל חזרט אָפט איבער, אַז אומשטאַרבלעך איז ניט נאָר דער ראַציאָנאַליסטישער טייל פונם מענטשנס נשמה, ווי עס מיינען אַריסטו און מיימוני, נאָר אויך דער עמאָציאָנעלער, וואָס איז פאַרבונדן מיטן ריין

---

1 דאָרטן, 23—24.

2 דאָרטן, 24b.

עטישן געפיל [1]; ער פארגעסט אָבער דערביי ניט אין דער לערע פונם „מורה נבוכים" און שטרייכט טאַקע דערפאַר אַגב אונטער, אַז דער שכר ועונש אויף יענער וועלט דאַרף מען פאַרשטיין נאָר אין ריין גייסטיקן זין [2] אמת, הלל מוז מודה זיין, אַז אין תלמוד און אין מדרשים ווערט אָפט גערעדט וועגן ריין קערפּערלעכן שכר ועונש אויף יענער וועלט, און ווען אין אייניקע ערטער קאָן מען נאָך דאָס אויסטייטשן בדרך משל און אַלעגאָריע, איז דאָך אין אַ סך פאַלן קיין שום ספק ניט, אַז מען מוז דעם טעקסט פאַרשטיין ווערטלעך אין זיין פשוטן פשט. דאָס איז דער־פאַר — ערקלערט הלל — וואָס אונזערע חכמים און תנאים, בעת זיי האָבן גערעדט צום המון, „אָט צו די צאַפּעם בצורת מענטש" (המון העם שהם תיישים בתמונת אנשים) האָבן זיי געמוזט ריידן אין אַזאַ שפּראַך, זייער אוידיטאָריע זאָל זיי קאָנען פאַרשטיין; און דער המון איז געווען אַזוי פאַרגרעבט, אַז די פראַגע וועגן שטראָף און לוין איז ער געווען אימ־שטאַנד צו באַגרייפן נאָר אין מגושמדיקע, ריין קערפּערלעכע פאָרמען [3].

עס איז ניט שווער צו באַמערקן, אַז אונזער איטאַליענישן ראַציאָ־נאַליסט איז ניט שטענדיק געלונגען „מאַכן שלום צווישן דער אמונה און דער פילאָזאָפיע". ניט אַלין איז אין זיין רעליגיעז־פילאָזאָפישן בנין גוט צוגעפאַסט איינס צום אַנדערן. עס פילן זיך אינעווייניקסטע סתירות; וואָרעם אין דעם פאַרפאַסער פון „תגמולי הנפש" גופא קעמפן פאַרשיי־דענע שטרעבונגען. אָט דער ראַציאָנאַליסט און אָנהענגער פון מיימוני און אבן־רשד האָט געהאַט אַזאַ יראת־הכבוד צו די אַלטע מסורות, אַז אַפילו בנוגע די פאַנטאַסטישע מעשיות וועגן חוני המעגל און נחום איש גמזו, האָט ער גערעכנט, אַז זיי „זיינען אַלע ריינער אמת" (כי הם כולם אמת) [4]. ניט אומזיסט איז דער פאַרפאַסער פונם „תגמולי הנפש" אויסגעוואַקסן אין איטאַליע, אין דער היים פון די אויס פאָדער־אַזיע אימפּאָרטירטע מיסטישע שטרעמונגען, וואָס האָבן שפּעטער געשפּילט אַזאַ גרויסע ראָלע אין דער קולטור פונם אייראָפּעישן יידנטום...

עס איז דערפאַר קיין וווּנדער ניט, וואָס אַזאַ עקשנותדיקן ראַציאָ־נאַליסט, ווי דער שפּאַניער זרחיה חן, וועלכן עס זיינען פרעמד געווען

---

[1] דאָרטן, 23a: „ואני אומר שהכח המדמה ראוי שישאר אחר המות כמו החלק השכלי".

[2] דאָרטן, 24a: „כי כמו שהגן עדן שהוא שכר הצדיקים הוא כלו צורי, כן הגיהנם שהוא עונש הרשעים הוא כלו בלתי חמרי".

[3] דאָרטן, 27a—28 a.

[4] דאָרטן, 26a.

װעלכע ס'איז פּשרות — האָט הללס װעלט-אָנשױונג כּלל ניט געקאָנט באַפרידיקן און זי האָט בײַ אים אױסגעזען צעשװומען און פול מיט פּיפּע סתירות. און װען הלל האָט זיך אין 1290 געװענדט שריפטלעך צו זרחיהן, װי צו אַן אַלטן באַקאַנטן [1], מיט אַן אָנפראַגע װעגן דעם ריכ-טיקן פּשט פון אײניקע טונקעלע ערטער אין „מורה נבוכים", האָט זיך באַלד צעפלאַקערט אַ הייסער קאַמף צװישן די צװײ אַזױ פאַרשײדנאַרטיקע מײמוניסטן. זרחיה, דער שפּעט גלײך דאָס פּיגמעלע אױפן שין; ער ערקלערט אָפן, אַז עס קאָן קײן רײד ניט זײן װעגן „שלום מאַכן צװישן אמונה און פילאָזאָפיע". „בעת דו באַשעפטיקסט זיך מיט פילאָזאָפישע פּראָבלעמען — שרײבט ער הללן — פּרװו זײ ניט פאַרגלײכן מיט די דעות פון די חכמי התלמוד, װײבאַלד די דאָזיקע דעות געפינען זיך ניט אין הסכם מיט די אָנשױונגען פון די פילאָזאָפן. אױב ניט, װעט דאָס נאָר ברענגען צו אַ גרױסן פּלאָנטער, װי עס האָט טאַקע פּאַסירט מיט פילע אונזערע געלערנטע, צװישן זײ אױך מיט דעם רמב"ן אין זײן פּירוש אױף תורה" [2].

זרחיה קאָן באַזונדערס ניט מוחל זײן דעם איטאַליעניש מײמוניסט זײן פאַרהאַלטן זיך צו די ניסים און װונדער, װאָס זײנען באַשריבן אין דער ביבל און תלמוד. „בנוגע צו דער פראַגע — שטרײכט אונטער זרחיה חן אין זײן בריװ צו הללן — ביסטו דאָך גלײך צו די אַשכּנזים, אַט די דײטשע רבנים, װאָס שטעקן אין דער פינסטער און האָבן פאַר זיך קײן ליכטיקן שטראַל ניט געזען" [3]. זרחיה װײס, אַז הלל האַלט דעם רמב"ן פאַר אַ גאַנץ קנאַפּן בר-סמכא אין פילאָזאָפישע פראַגן, דערפאַר טאַקע װײזט ער אָן מיט סאַרקאַזם, אַז הלל גופא איז אין דער בראַנזשע ניט קײן גרעסערער בקי פון משה בן נחמן. „נאָך װאָס — זאָגט ער מיט אַ שפּאָטישן שמײכל — פאַרנעמסטו דיך גאָר מיט אַזעלכע הויכע ענינים? קער זיך בעסער אום צו מסורת אָבות, װיקל זיך אײן אין טלית, פאַרטיף זיך אין לאַנגע תּפילות, לײען דעם „ספר יצירה", דעם „בן-סירא", חקירה זיך אין „שעור קומה" און „ספר הרזים" [4], און לאָז צורו פילאָזאָפיע און חכמות הטבע" [5].

---

1 זרחיה דערמאָנט אין זײן צװײטן בריװ צו הללן: „אני מאז אהבתיך" („אוצר נחמד", II, 126). צום ערשטן האָבן זײ זיך, װאַרשײנלעך, באַקאַנט אין זרחיהס געבורטשטאָט, באַרצעלאָנע, בעת הלל האָט דאָרט שטודירט.

2 „אוצר נחמד", II, 125.

3 „אוצר נחמד", II, 137: „כאחד מן האשכנזים אשר לא ראו אור בשחקים"...

4 שעור קומה און ספר הרזים — קבלה-ספרים.

5 דאָרטן, 142.

און עס איז כדאי צו באמערקן, אז די פילאזאפישע קרייזלעך האבן אין דעם דאזיקן וויכוח געהאלטן מיט זרחיהן. קעגן הללן איז אויך ארויס־געטראטן די באדייטנדסטע פערזענלעכקייט פון דעם דעמאלסטיקן איטאליעניש ייִדנטום — דער יונגער דיכטער עמנואל רומי, אט די פרישע, לאכנדיקע בלום פון דעם נאר וואס ערוואכטן שיינעם רענעסאנס־פרילינג...



# פינפטער קאַפּיטל

די ערשטע רענעסאַנס־שטראַלן. — די אַנטשטייונג פון דער נאַציאָנאַל־איטאַליענישער פּאָעזיע און איר השפעה אויף דער יידישער ליטעראַטור. — עמנואל רומי און דאַנטעס קרייז. - עמנואל רומי אַלס פרייער דענקער און אַלס אָנזאָגער פון דעם קומענדיקן רענעסאַנס. — עמנואל און פּעט־ראַרקע. — עמנואל אַלס „שר החשק". — הומאָר און סאַטירע אין עמנואלס שאַפן. — עמנואלס פּאָעמע „התופת והעדן".

דער הויף פונם באַרימטן קיסר פריהריך דעם צווייט, איז געווען ניט נאָר אַ זאַמלפּונקט פון וויסן, גייערט, אין געווימער מאָס, אויך די וויג פאַר דער נאָר וואָס געבאָרענער נאַציאָנאַל־איטאַליענישער ליטעראַ־טור. דאָרט, אינם הויף פונם גרויסן מעכטיקן קיסר, האָט געבליט די gaja scianza — די „פריילעכע וויסנשאַפט"; פריהריכס הויף איז גע־ווען דער עיר־המקלט, וו עס האָבן געפונען רו און שוץ די אויס דער פּראָוואַנס נאָך דעם אַלביגענזער קריג אַנטלאָפענע טרובאַדורן, און אויך די איטאַליענישע זינגער, וואָס זיי גופא האָבן אין דער התחלה אַלץ נאָך געדיכטעט אויף דעם פּראָוואַנסאַלן דיאַלעקט. אַרום דעם אויפגעקלערטן פילזייטיקן קיסר, וואָס פלעגט אַליין אויך שרייבן ליבע־לידער, האָבן זיך פאַרזאַמלט אויך די ערשטע איטאַליענישע דיכטער, וואָס האָבן געפרווט שאַפן אויף זייער אייגענעם דיאַלעקט, בלינד קאָפּירנדיק אין דער ערשטער צייט זייער פאָרבילד, די פּראָוואַנסאַלע זינגער. דער פּראָוואַנסאַלער שטייגער, די אַלטמאָדישע רימערלעכע טענער, וואָס האָבן געקלונגען אין דער פּראָוואַנסאַלער פּאָעזיע, זייגען אָבער באַלד פאַרדרענגט געוואָרן דורך נייע פאָרמען, וועלכע ס'האָבן אַרויסגערופן די ניי ערוואַכטע פאָדערונגען פונם לעבן... די רעפּובליקן פון טאָסקאַנע און לאָמבאַרדיע האָבן אינם 13טן יאָרהונדערט דערגרייכט זייער העכסטן גלאַנץ. די גרעסערע שטעט פון צפון־איטאַליע: ווענעדיק, מילאַן, גענוע און אַנדערע, האָבן זיך גע־פונען אין בליענדיקן צושטאַנד, און מיט אַ וווּנדערבאַר שנעלן טעמפּ איז געוואַקסן זייער עקאָנאָמישע און קולטורעלע לאַגע. פול מיט באַוועגונג איז געווען דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן, און וואָס מער ס'איז געוואַקסן די פּאָ־

ליטישע און קולטורעלע ראָלע פון דער שטאָטישער דעמאָקראַטיע, אַלץ מער האָט דער פאָלקס־דיאַלעקט, די שפּראַך פון די ברייטע מאַסן, פאַר־דרענגט דאָס לאַטיין, וואָס נאָך ביז שפּעט אין מיטלאַלטער איז עס גע־ווען די לעבעדיקע שפּראַך פון די העכערע געבילדעטע קלאַסן. ביסלעכ־ווייז באַקומט די איבערהאַנט דער טאָסקאַנער דיאַלעקט, וואָס האָט אַראַנק דעם געלערנטן סטיליסט גווידאָ קאַוואַלקאַנדי באַקומען פיל פיינערע פאָרמען, און דער גאוניש דאַנטע האָט אים מיט אַמאָל דערהויבן צו דער מדרגה פון אַ נאַציאָנאַלער ליטעראַרישער שפּראַך.

אַראַנק דעם באַוועגלעכן אינטענסיוון לעבן אין די שטעט און רע־פּובליקן, דעם שטענדיקן קאַמף צווישן פּאָליטישע פּאַרטייען און אָפטן וועקסל פון די פּאָליטישע פאָרמען און לעבנסשטייגער, זיינען אין איטאַ־ליע די מיטלאַלטערלעכע צוימען און מחיצות צווישן באַזונדערע קלאַסן און געזעלשאַפטלעכע קרייזן געווען אַמווייניקסטן באַמערקבאַר. די פּער־זענלעכקייט, דער יחיד, האָט זיך דאָ געפילט פיל פרייער, און געהאַט די מעגלעכקייט אומגעשטערט באַווייזן זיין זעלבשטענדיקן, זיין אייגענעם ווילן. די אַלטע מיטלאַלטערלעכע, אַסקעטישע וועלט־אָנשויונג מיט איר בימול צו די „זינדיקע״ וועלטלעכע אינטערעסן און שטענדיקן פּחד פאַרן „יצר הרע״ — האָט כּלל ניט געקאָנט מער באַפרידיקן דעם איטאַליענישן שטאָטישן בירגער, וואָס האָט אויסגעוואַקסן צום נייעם באַוווסטזיניקן לעבן. אַלץ שאַרפער און בולטער איז געוואָרן דאָס באַוווסטזיין, אַז דאָס ערדישע, דער „עולם הזה״, איז ניט קיין זינד, אַז וויכטיק און פון גרויסן באַדייט איז ניט נאָר דער הימל, ניט נאָר „יענע וועלט״, נאָר אויך דאָס רעאַלע מענטשלעכע, מיט אַלע זיינע תּביעות און גלוסטונגען... און די דאָזיקע נייע שטרעמונגען און פאָדערונגען האָבן צום ערשטן געפונען אַן הילכיקן אָפּקלאַנג אין דער יונגער נאַציאָנאַל־איטאַליענישער ליטעראַטור. זי איז געווען דער ערשטער בשורה־זאָגער פון דער הומאַניסטישער באַווע־גונג; דאָרט האָבן זיך צום ערשטן געלאָזט הערן די העלע ניצחונדיקע טענער פון נייעם ליד, דעם מעכטיקן שטורמישן ליד פון דער זאַפטיקער ערד. עס האָט זיך באַוויזן די פרייליכע, ריין־וועלטלעכע און לעבנסלוסטיקע ליריק. דער דיכטער גוויטאָנע ד'אַרעצאָ האָט דער ערשטער איינגעפירט אין דער איטאַליענישער פּאָעזיע דעם סאָנעט; און די דאָזיקע קונציקע פּאָעטישע פאָרם האָט גלייך אויסגענוצט דאָס פון ליבע און לעבנסלוסט פאַרשיכורטע איטאַליענישע ליד. די מונקעלע פאַרמרהשתיהטע אַט־מאָספער פון מיטלאַלטערלעכער סכאָלאַסטיק האָט דורכגעריסן דאָס פריילעכע געלעכטער, און מוטער האָבן אָנגעהויבן צו שימערירן די פיין־צוגעשפּיצטע פיילן פון גומוטיקן הומאָר און קונדייסישן שפּאָט.

אָט די נייע שטימונגען האָבן געפונען דעם שטאַרקסטן אָפּקלאַנג אין די אינטעליגענטע יידישע קרייזן, בפרט אין דער רייכער רוימישער קהילה, וואָס האָט צום סוף פונם 13טן יאָרהונדערט דערגרייכט די העכסטע שטופע פון איר קולטורעלן און עקאָנאָמישן פאָרשריט. אַ סך דאָקומענטן פון יענער צייט דערציילן פיל וועגן אַ זאָרגלאָזן פריילעכן לעבן, וועג בלענדנדיקן לוקסוס, רייכע און רעשיקע סעודות און מאָלצייטן מיט די פיינסטע מאכלים און געטראַנקען, וועגן די רייכסטע און טייערסטע קליידער און צירונגען אין דער רוימישער קהילה [1]. וועגן די גייסטיקע שטרעמונגען, דעם שטורמישן דראַנג נאָך וויסן און פרייען פאָרשן, וואָס האָט געהערשט אין די אינטעליגענטע קרייזן פון דער רוימישער קהילה— האָבן מיר שוין גערעדט אין דעם פאָריקן קאַפּיטל. אָט אין דער דאָזיקער סביבה איז אויפגעוואַקסן און אויפגעבליט עמנואל רומי לוסטיק ליד מיט זיין געזונטן הילכעדיקן געלעכטער.

וועגן דעם לעבן פון דעם עלטסטן באַדייטנדיקן דיכטער אוים דער איטאַליענישער רענעסאַנס־תקופה האָבן מיר בלויז די קנאַפּע ידיעות, וואָס געפינען זיך אין זיינע ווערק גופא. געבוירן איז ער אין רוים בערך אין יאָר 1265; זיין פאָטער, שלמה בן יקותיאל, שטאַמט פון אַ רייכער אָנגעזעענער פאַמיליע צפורני, וואָס האָט זיך באַזעצט אין רוים נאָך אין טיפן אַלטערטום [2]. דער יונגער עמנואל האָט באַקומען אַ גלענצנדע דערציונג: תלמוד האָט ער געלערנט ביי די גרעסטע רבנים, האָט זיך אויך פיל אָפּגעגעבן מיט נאַטורוויסנשאַפטן, באַזונדערס מיט מעדיצין, און דער ראַציאָנאַליסט זרחיה חן האָט אים באַקענט מיט דער גריכיש־אַראַבישער פילאָזאָפיע. דאָס האָט אים אָבער כלל ניט געשטערט צו געניסן די פריידן פונם לעבן. ער דערציילט אַליין, ווי אַזוי ער פלעגט אין די יונגע יאָרן צוזאַמען מיט זיינעם אַ האַרץ־פריינד לוסטיק פאַרברענגען די צייט אין דער ליבער געזעלשאַפט פון רייצנד־שיינע דאַמען. מיט אַ קונדייסישן שמייכל באַשרייבט ער, ווי אַזוי די צוויי חברים האָבן מיט זייער אַרט לעבן שטאַרק אויפגעבראַכט די קהלשע משגיחים אויף יראַת שמים; און די טובי העיר, די פאַרפרומטע זקנים, האָבן ברוגז געשאָקלט מיט די גרויע קעפּ און שטאַרק זיך געבייזערט אויף די צוויי „אויסגעלאַסענע יונגען", וואָס „זיינען עובר אויפן יידישן דת, דערפאַר טאַקע, וואָס זיי קוקן אַריין אין

1 זע וועגן דעם פאָגעלשטיין אונד ריעגער, ז"ז 280—285, 237–238; זע אויך די אויבן ציטירטע סאַטירע „משא גיא חזיון" און „מסכת פורים" פון קלונימוס בן קלונימוס.

2 לויט אַן אַלטער אַגדה האָט זיך די פאַמיליע צפורני באַזעצט אין רוים נאָך אין טיטוסעס צייטן.

די „טריפה ביכער" און שטודירן די „חכמה יונית" (גריכישע פילאָזאָפיע),
וועלכע איז דאָך גיפטיקער פון די „וויינגערטנער אין סדום" [1].
דאָך האָט דער באַרוישנדיקער בעכער פון פרייד און לוסט ניט דער־
שטיקט אינעם יונגן דיכטער זיין דורשט נאָך וויסן, און מיט שטאָלץ ווייזט
ער אָן: „איך האָב מער געפטרט געלט אויף לייכט־אייל ווי אַנדערע אויס־
ווין" [2]. זייער אַרבעטספעיק און גלענצנד באַגאַבט, האָט עמנואל זיך
ערוואָרבן אַן ענציקלאָפּעדיש וויסן; נאָר זיין ליבלינגס־באַשעפטיקונג,
זיין אמתע געליבטע איז געווען די פּאָעזיע. אַ גוטער קענער פון אַראַביש
און לאַטיין, איז אים געווען לייכט צוגענגלעך דאָס פּאָעטישע שאַפן פון
דער אַראַבישער און אויך קריסטלעכער קולטור. די איטאַליענישע שפּראַך
און איר ליטעראַטור זיינען אים געווען אַזוי ליב און נאָענט, אַז ער האָט
זיך גערעכנט פאַר אַן אמתן איטאַליענער. „מיין היים — ערקלערט ער
מיט שטאָלץ — איז רוים, און מיין פאָלק די איטאַליענער!" [3]. ער האָט
אויך אָנטייל גענומען אין דער יונגער נאַציאָנאַל־איטאַליענישער פּאָעזיע.
און דורך זיינע גלענצנדע איטאַליענישע סאָנעטן איז ער געוואָרן גוט באַ־
קאַנט אין די ליטעראַרישע און געלערנטע קרייזן. „די פריילעך־לאַכנדיקע
נשמה" (la mente tua, ch/egia ridea) הייסט דער יידישער דיכטער ביי
דאַטעם אַ פריינד, באָסאָנע (Bosone). אַדאַנק די ניט לאַנג פאַרעפנט־
לעכטע סאָנעטן, וועלכע ס'האָבן באַלד נאָך דאַנטעס טויט געשיקט איינער
דעם אַנדערן באָסאָנע און עמנואל און דער זעלבער באָסאָנע דעם דיכטער
צינאָ אויס פּיסטויאַ (Cino da Pistoja) [4], איז איצט מער קיין שום ספק ניט,
אַז דער יידישער דיכטער איז אויך געווען גוט באַקאַנט מיט איטאַליעס
גרויסן גאון, מיט דעם אומשטאַרבלעכן באַשעפער פון דער „געטלעכער

---

1 „מחברות", מאַקאַמע 9:

ושגינו בהבלי הנעורים ודבקנו — בחן יעלה ועפרה...
ומה נאמר אבי־מוסר ועל זה — לשמצה יזכרונו החבורה...
ויאמרו: הם בענין רע ונפן — סדום נפנם ומשדמות עמורה
שניהם עברו על דת יהודית — שניהם הם באין מאור ואורה
שניהם למדו חכמה יונית — ומשם כרתו להם זמורה...

2 „מחברות", 10. מיר ציטירן לויט דער לעמבערגער אויסגאַבע פון 1870, ווייל זי איז אַמלייכטסטן צו באַקומען. דער טעקסט איז אָבער אין איר פיל מער פאַרגרייזט ווי אין די עלטסטע צוויי אויסגאַבן — די איטאַליענישע און קאָנסטאַנטינאָפּאָלער.

3 דאָרטן, 14: „ושמי עם מולדתי אגידה למבינים: שם עירי היא כִּתִּים, עמי הם רומניים".

4 די דאָזיקע סאָנעטן האָט צום ערשטן אָפּגעדרוקט פיליפּ מערקורי אין 1853; איבערגעדרוקט אין „וואָסכאָד", 1906, I, 114—117.

קאָמעדיע", דאַנטע. עס איז נאָך ניט אינגאַנצן קלאָר, ווו האָבן זיך די צוויי דיכטער צום ערשטן באַקאַנט. אייניקע מיינען, אַז אין רוים, אַנדערע — אַז אין וועראָנע בײַם הויף פונם פירשט קאַנע = גראַנדע = סקאַליגערא (Can grande della Scala). אַט דער דאָזיקער פירשטלעכער הויף, ווו עס האָט שטענדיק געקאָכט און גערעשט פון פרײַלעכע בעלער און גלענצנדע סעודות — איז געווען אַ זאַמלפּונקט פון געלערנטע, קינסטלער און דיכ= טער פון גאַנץ איטאַליע [1]. דאָרט האָט דאַנטע פאַרבראַכט גאַנצע דרײַ יאָר (1316—1319), דאָרט איז אויך אונזער דיכטער, עמנואל רומי, געווען אַ גאַנץ אָפּטער גאַסט, ווי עס זאָגט וועגן דעם עדות עמנואלס אַן איטאַליעניש ליד [2], ווו ער באַזינגט דאָס גרויסקייט פון ווערנאָנעם מעכטיקן פירשט. „ווי גליקלעך — אַזוי פאַרענדיקט דער דיכטער זײַן לויבגעזאַנג — דאַרף זיך רעכענען אין זײַן גרויסער מאַכט דער דאָזיקער פירשט, וועמעס לויב עס ווערט פאַרשפּרייט איבער ימים און לענדער" [3].

אין דער רוימישער קהילה האָט עמנואל פאַרנומען אַ גאַנץ אָנגע= זעענע שטעלע. ער פלעגט פירן די אָפיציעלע קאָרעספּאָנדענץ, אויף אים איז אויך געווען מוטל, בײַ געוויסע פײַערלעכע אָנגעלעגנהייטן אַרויסטרעטן מיט עפנטלעכע רעדעס און דרשות. אויף דער עלטער אָבער האָט זיך בונם דיכטער דאָס גליק מיטאַמאָל אָפּגעווענדט און ער האָט געהאַט פיל צרות אויסצושטיין. מיט זײַנע שטעכעדיקע גלײַכווערטלעך, מיט זײַנע שפּאַסן און צוגעשפּיצטע עפּיגראַמען האָט ער זיך פילע באַהאַלטענע שונאים ערוואָרבן. און דעם גיפט פון די דאָזיקע שונאים האָט ער גלייך דערשפּירט, בעת אים האָט אַן אומגליק געטראָפן, און דורך אַן ערבות זײַן פרײַנד אוים דער גויט צו העלפן [4], האָט ער זײַן גאַנץ פאַרמעגן פאַר= לאָרן. דעמאָלט האָבן זײַנע קעגנער דעם קאָפּ אויפגעהויבן, און אָנגעהויבן שטאַרק רודפן דעם דיכטער אַלס „גאָטלאָזן" און „אויסגעלאַסענעם" מענטשן. דער אָרעמער דיכטער האָט געמוזט אַנטלויפן פון רוים, זײַן נע=ונד, טיף געבויגן, ווי דער דיכטער דריקט זיך אויס, „אונטער דעם

1 זע, יעקב בורקהאַרדט, „די קולטור דער רענעסאַנס אין איטאַליען", 1, 9 (1908).

2 פאַרעפנטלעכט דורך לעאָנעללא מאָדאָנא אין 1884 אין Jl vessillo israelitico, 380—386, XXXIII.

3 דאָרטן, 386:
Se ne può ragionare
Quel Signore
Con tanto valore
She 1 suo grand honore
Va per terra e per mare.

4 דער דיכטער גופא חייזט אָן: „ערבתי לרעי ותקעתי לזר כפי" („מחברות", 3).

צווייפאַכן יאָך: פון עלטער און אָרעמקייט"[1]. זיינע ליידן און ביטער מזל באַקלאָגט ער אין זיינע צוויי קראַפטפולע לידער „אראה זמני" און „הבוכת הזמן".

„אוי די צייט, די ביטערע צייט! — קלאָגט זיך דער דיכטער, — אויף צווייען האָט זי מיין ערן־מאַנטל צעריסן, און איך שטיי נאַקעט און בלויז... ווי אַ קנעכט האָט די ביטערע צייט מיר מיין אויער געבויערט — אַלס צייכן פון אייביקער קנעכטשאַפט. און אַלץ איז פאַרגעסן! מען יאָגט מיך, מען באַגיסט מיך מיט גאַל און מיט שפּאָט, ווי דעם אויסוואָרף פון מענטשן. ערשט נעכטן געווען דער שטאָלץ פון דער קהילה — היינט דער שאַנדפלעק, דער זינדיקער אָפּוואַרף פונם פאָלק... ווער וואָלט עס געקאָנט גלויבן: דער, וואָס ערשט נעכטן האָט מיט זיין חכמה און גייסט דערוועקט שטוינען און ערפורכט — דעם מאַכט היינט יעדער נאַר און טויגעניכטס פאַר דעם ציל־שייב פון זיין נאַרישן שטומפזיניקן וויץ. ווער וואָלט געקאָנט גלויבן, אַז איבער די טיפענישן פון זיין שכל און וויסן וועט היינט מיט חוצפה שפּאַנען יעדער לאָמער און בלינדער; און יעדער נישטיקער עם־הארץ וועט מיט עזות ערקלערן: דער האָט גאָט געלעסטערט, דער איז אַ אויסגעלאַסענער אוממאָראַלישער מענטש... פאַר וועמען זאָל איך קלאָגן, פאַר וועמען דעם טיפן ווייי אויסגיסן? איך בין דאָך פון אַלע פאַרלאָזן — אָן פאָטער, אָן מוטער, אָן ברידער, אָן פריינד. קיינער וועט מיינע געשרייען ניט דערהערן. פעסט פאַרשפּאַרט זיינען פאַר מיר די וועגן פון לעבן, און ברייט געעפנט די טויערן פון טויט..."[2].

צום גליק פאַר דער העברעישער פּאָעזיע איז אונזער דיכטער דער נע־ונדניק דאָך ניט געבליבן „פון אַלע פאַרלאָזן". ער האָט געפונען אַ גואל,

[1] דאָרטן: „והעוני והזקנה רוכבים צמדים".

[2] אראה אני תבל וידו תחזיק בכנף מעיל הודי ויקרע.
מן גו יגרשוני. כהיום גואלי עלי כעל גנב יריעון ריע
ונחשבתי חדל אשים ונבזה לעם נחשב אני שלשום סגלה...
מי האמין על בוערים כי יאמרו בעדי: אלהים ואנוש קובע...
יאמרו עלי אישים עשירי גאוה: זה תם וזה ישר וזה יודע
ובעד חכם לב שללו הזמן יאמרו אשר מוסר וחוק פורע...
לא ידעו בין יד ימינם אל שמאל האומרים אלי: חדל הרֵעַ!
עד כל עויל וכסיל וכל זד ואויל יורה חציו בי וכמתעתע...
אֵי ים תבונתי רחב היד ואֵי שכלי אשר היה תמול שופע?
מי האמין כי מי תהומך יעבור עור ופסח וקב קטֵע.
מה אומרה נכאב ואין לי אב ואם אין אח ואין חומל ואין לי רע,
אזעק בלב נשבר ואכה כף לכף אבכה לקורותי ואין שומע...
הלא נגלו שערי מות לנפשי ודרך תוצאות חיים נעולה...

אַ רייכן מעצענאַט אין פּערמאָ (אין דער Marca D'Ancona), אַ גרויסער פּאַר־ערער פון עמנואלס טאַלאַנט, און ביי אים האָט דער אַלטער, פון אַלעמען פאַרפאָלגטער דיכטער, געפונען רו און שוץ. אומדערוואַרט האָט זיך ביי דעם גייסטיק געבראָכענעם דיכטער אָנגעהויבן אַ נייע פּרוכטבאַרע תקופה פאַר זיין פּאָעטישן שאַפן. דאָס לעבן אינם הויז פונם יידישן גביר, וואָס דער דיכטער שילדערט אין די העלסטע פאַרבן, האָט אים ווידער אויפגעמונ־טערט און דערפרישט זיין לעבנסלוסט. דער מעצענאַט (דער דיכטער רופט אים „השר" — דער פירשט) האָט אים פאָרגעלייגט ער זאָל צונויפ־זאַמלען אַלע זיינע לידער אין איין ווערק. דער דיכטער האָט אַפילו פאַר־זיכערט, אַז „ס'איז לייכטער צונויפנעמען אַלע יידן, וואָס זיינען צעזייט און צעשפּרייט איבער דער גאַנצער וועלט" איידער מאַכן פון זיינע צע־וואָרפענע לידער איין גאַנצע זאַך. דאָך האָט ער געפאָלגט דעם פאָרשלאָג פון זיין „שר". אינם הויז פונם מעצענאַט האָט עמנואל (בערך אין 1328) איבערגעאַרבעט זיינע לידער און נאָוועלן אין 27 מאַקאַמען, ווו די הויפּט־פּערזאָן שפּילט דער דיכטער גופא און די ראָלע פון דער צווייטער פּערזאָן — דער „שר".

עמנואל רומי האָט ניט צופעליק געגעבן זיינע ווערק די פאָרם פון מאַקאַמען. פון אַלע פריערדיקע יידישע דיכטער האָט אויף אים געהאַט די גרעסטע השפּעה דער באַרימטער מאַקאַמען־דיכטער, דער פאַרפאַסער פון „תחכמוני" — יהודה אַלחריזי. דאָס איז אויך מודה עמנואל גופא. אויף דעם מעצענאַטס פראַגע, צי זיינען אים אַלחריזיס לידער באַקאַנט, ענטפערט דער דיכטער מיט גרויס התפּעלות: „זיי ווייסן, מיין האַר! מיט חריזיס פּערל באַפּוץ איך מיין האַלז, זיי זיינען אונזער שענסטע צירונג, וואָרעם אויפן געביט פון געזאַנג האָט ער ניט זיין גלייכן" 1.

עמנואל האָט אָבער זיין לערער איבערגעוואַקסן. דער פריערדיקער חריזי האָט, אמת, מער געזען אויף דער וועלט ווי עמנואל, וואָס האָט אַלע זיינע יאָרן פאַרבראַכט אין איטאַליע; חריזיס מאַקאַמעס באַוועגן זיך דער־פאַר אויף אַ פיל ברייטערער אַרענע ווי עמנואלס; דערפאַר אָבער איז דער איטאַליענישער דיכטער טיפער, פילזייטיקער. עמנואל איז בלי־ספק איינע פון די אינטערעסאַנטסטע און אָריגינעלסטע פיגורן אין יידישן מיטלאַל־טער. אין זיין פּערזענלעכקייט זין אויך אין זיין שאַפן זיינען האַרמאָניש

---

1 דאָרטן, אָנפאַנג 9טע מאַקאַמע: „ואומר, דע אדוני השר, כי ראיתים ושמעתים, ועל גרגרותי ענק ענדתים, כי הם פניני נזרינו ויהלומי שביסינו ושהרונינו, אין ערוך אליו בשיחות ובמליצה, והוא לבדו במשוררי הזמן נרצה". מער באַריכות וועגן חריזיס השפּעה אויף עמנואלס דיכטונג, זע: צ. היות אין „הקדם", 1906, 49; אויך .Sabato Morais, Italian Hebrew Literature, 9—10 (1926)

צונויפגעשמאָלצן די השפעות פון צוויי פאַרשיידענע קולטורן, פון צוויי גרויסע גייסטיקע שטרעמונגען: די אַראַביש-יידישע פון שפּאַנישער תקופה, און די איטאַליענישע פון דאַנטעס צייט — דער פריער קאַיאָר (באור) פון דער רענעסאַנס-עפּאָכע מיט איר גייסטיקער אויפלעבונג.

אויפן פילאָזאָפישן געביט האָט פאַר עמנואלן, ווי פאַר זיין רבין, זריחיה חן, אַלס גרעסטער אַווטאָריטעט געגאָלטן דער רמב״ם. אויף דעם „שרם“ פראַגע, וואָסערע ספרים האָט ער אַמגערנסטן געלייענט אין דער יוגנט, ענטפערט דער דיכטער באַגייסטערט: „די ביכער פון רבנו משה בן מיימון. ער איז דער זיכערסטער פירער אויף די וועגן פון וויסן; ער איז דאָס ליכט, וואָס באַלייכט אַלץ, וואָס ס'איז טיף און פאַרבאָרגן... די ספרים פון אים זיינען אמתע מלכות, אַלע אַנדערע ספרים בלויז קעפּסווייבער“[1].

דעם רמב״מס יעדן יידן גוט באַקאַנטע „אני מאמינס“, ווו דער בעל „מורה נבוכים“ מאַכט דעם ערשטן פּרווו צוזאַמענפאַסן דעם תמצית פונם יידישן דת אין דרייצן עיקרים [2], האָט אויף עמנואל רומי געמאַכט אַזאַ שטאַרקן רושם, אַז ער האָט אַ ספּעציעל רעליגיעז-פילאָזאָפיש געדיכט פאַרפאַסט מיט דער אָנפאַנגס-סטראָפע „אפתח בכינור על עלומות שיר“[3], ווו ער באַזינגט מיט גרויס התפעלות די „מוסדות הדת שלש עשרה“ — די דרייצן גרונטשטיינער פון דעם יידישן דת. עס איז אַפילו אַ שטיקל סברא, אַז די באַקאַנטע תפילה „יגדל אלהים חי“, וואָס איז אַזוי ענלעך, נאָך איר גייסט און אינהאַלט, צו דעם נאָר וואָס דערמאָנטן ליד „אפתח בכינור“ — שטאַמט אויך פון דעם בעל „המחברות“, עמנואל רומי [4].

אַלס טרייער תלמיד פון מיימוני, וואָס האָט דעם איינציקן ציל פונם מענטשן געזען אין שאַרפן דעם שכל, „אין אויספאָרשן אַלץ, וואָס דער מענטש איז ביכולת צו דערגרינדן“ — האָט אויך עמנואל גערעכנט, אַז דערנענטערן זיך צום געטלעכן קאָן דער מענטש נאָר אויפן וועג פון חקירה: דורך פאַרטיפן זיך אין די פילאָזאָפישע פּראָבלעמען און אַריינדרינגען מיטן שאַרף פונם אומדערמידלעך זוכנדיקן געדאַנק אינם תוך פון דעם גאָטהייט-באַגריף. „די חכמה — זאָגט דער דיכטער — איז אַ לייטער, וואָס שפּאַרט זיך אָן אין דער ערד און דער שפּיץ שטייגט אין די הימלען, און

---

1 דאָרטן, מאַקאַמע 9, 85: „ספר הרב הם כמלכות, ספרי זולתו פלגשים“.

2 זע אונזער ווערק, דאָס ערשטע בוך, ז׳ 198.

3 פאַרעפנטלעכט דורך ח. הירשפעלד אין The Jewish Quart. Rev. vol V, 534—536.

4 דאָרטן, ז׳ 529; ב׳ XI, 86—88.

וואָס העכער דער מענטש שטייגט אויף דעם לייטער פון וויסן, אַלץ מער דערנענטערט ער זיך צו גאָט" [1]. די אויסשליסלעכע באַדייטונג פון וויסנשאַפטלעכער פאָרשונג שטרייכט דער דיכטער יעדעם מאָל אונטער אין זייַנע פּאָעטישע ווי אויך פּראָזאַישע [2] ווערק; און ווען זיינע חברים האָבן אים געפרעגט, אויף וואָס פאַר אַן אופן ער האָט אַזוי פיל וויסן ערוואָרבן, האָט דער דיכטער געענטפערט: „ווייל איך האָב אַלע זאַכן אונטערגעוואָרפן מיין קריטישן גייסט און ניט דערלאָזט איבער מיין גייסט זאָלן געוועלטיקן די זאַכן" [3]. אין זיין פּאָעמע „התופת והעדן" ווייזט ער אָן אין גיהנום אַ ספּעציעלן ווינקל, וועלכער איז אָנגעגרייט פאַר די, וואָס האָבן אין זינען נאָר קערפּערלעכע פאַרגעניגנס און טראַכטן ניט וועגן וויסן און גייסטיקער שלמות. אין גיהנום ווערן ביי אים פאַרשפּאַרט אויף שרעקלעכעליידן אויך די, וואָס „ביי זיי איז דאָס פאַרנעמען זיך מיט חכמות גערעכנט פאַר אַ נאַרישקייט"; דאָרט געפינען זיך אויך די, וואָס „וויסן יאָ צו שעצן דעם ווערט פון וויסן, פאָלגן אָבער ניט זייַנע געבאָטן", און די ערוואָרבענע קענטעניש באַהאַלטן זיי פאַר זיך „און ווילן ניט פאַרשפּרייטן זיי צווישן אַנדערע"... אַלס זרחיה חנס אַ תלמיד איז עמנואל איבערצייגט, אַז דער וועג, וואָס פירט צו אמתן גאָט-דערקענען, ליגט גיכער אויפן געביט פון פילאָזאָפישן פאָרשן, איידער אין די פעסטגעזעצטע גרעניצן פון דער דאָגמאַטישער רעליגיע. דערפאַר מאַכט עמנואל כלל ניט קיין אונטערשייד צווישן די פאָרשטייער פון פאַרשיידענע אמונות, און אין איינעם פון זיינע

---

[1] דאָרטן, ז' 224: „כי החכמה סולם מוצב ארצה וראשה מגיע אָל אֵל עולם וכפי עלות האיש במעלותיו הגבוהים יקרב מדי עלותו אל אלהים".

[2] עמנואל האָט פאַרפאַסט אַ סך פילאָלאָגישע און עקזעגעטישע ווערק. אויסער זיין האַנטבוך וועגן יידישער הערמענעוטיק (טעקסט-ערקלערונג) „אבן בוחן" (וועגן דעם אינטערעסאַנטן ווערק, וואָס איז געבליבן אין כתב-יד, זע: וו. באַכער אין „מאָנאַטסשריפט", 241—257), האָט עמנואל געשריבן אַ פירוש אויפן רוב ביבלישע ביכער. אין זיינע פירושים האַלט ער זיך טריי אין זרחיה חֵנס דרך און באַנוצט זיך מיט דער ראַציאָנאַליסטיש-אַלעגאָרישער מעטאָדע. געדרוקט איז געווען בלויז זיין פירוש אויף „משלי" (1486), וואָס איז געווען אין יענער צייט זייער פּאָפּולער; אין דער נייערער צייט האָבן די איטאַליענישע געלערנטע דע ראָססי און אַבבע-פעררא פאַרעפנטלעכט אייניקע פראַגמענטן פון זיין פירוש אויף תהילים און חומש. פון די איבעריקע זיינע פּראָזאַישע ווערק זיינען אַ טייל פאַרלאָרן געגאַנגען, די איבעריקע געפינען זיך אין די מאַנוסקריפּטן-קאָלעקציעס אין דער פּאַרמער, וואַטיקאַנער און אַנדערע ביבליאָטעקן. פון אַ מינכענער מאַנוסקריפּט האָט מען אין 1908 אָפּגעדרוקט עמנואלס פירוש אויף שיר השירים. העקטאָגראַפירטע קאָפּיעס פון זיין פירוש אויף תהילים און מגילת אסתר געפינען זיך אין דער ביבליאָטעק פון אָפּע אין לענינגראַד.

[3] דאָרטן, 10: „ואען ואומר: שכלי עלה וגבר, כי שעבדתי כל הדברים לנפשי, ולא נפשי לדבר".

צו אונז דערגאנגען איטאליענישע סאנעטן, איז ער אפנהארציק מודה: „איך בין א גאנץ קנאפער ייד, אבער אויך ניט קיין מוסלמענער און פאלג ניט דער לערע פון די קריסטן" [1].

אט דא אנטפלעקט זיך אמבולטסטן דער טיפער אונטערשייד אין דער וועלט־אנשויונג און אין דעם קולטורעלן מיליע, וואס טיילט אזוי שארף אפ דעם יידישן דיכטער עמנואל פון זיין גאונישן חבר — אליגיערי דאנטע. דער אומשטארבלעכער באשעפער פון דער „געטלעכער קאמעדיע" האט מיט זיין מייסטער־פענזל געמאכט דעם גרויסן סך־הכל, אונטערגע־פירט דעם לעצטן חשבון פון דעם פארגאנגענעם, פונם קריסטלעכן מיטל־אלטער. אמת, מאכנדיק דעם סיום, דעם שלום־סינטעז פונם עבר, איז דאנטע אויך אין דער זעלבער צייט דער בשורה־זאגער פון א נייער תקופה; אבער זיין שמירענגער מרה־שחורהדיקער בליק איז נאך אלץ געווענדט צום פארגאנגענעם, צו דער מיטלאלטערלעכער קריסטלעכער וועלט; זיין לייכטנדיקער שטערן, וואס פירט אים איבער די ענגע סטעזשקעס פון לעבן, בלייבט אלץ דער קאטוליציזם מיטן פויפסט אלס גייסטלעכן פירער בראש. די ערד, דער „עולם הזה", בלייבט נאך ביי אים אלץ — די זינ־דיקע וועלט. דאס ערדישע לעבן איז דער „גערדיכטער וואלד", אין וועלכן דער דיכטער האט זיך פארבלאנדזשעט, און נאר דער שליח פון הימל, די ענגל־ריינע בעאטריטש, ווייזט אים דעם ריכטיקן וועג „אין דער הויך, צו די שטערן". עס איז דערפאר קיין חידוש ניט, וואס דאנטע, א טרייער תלמיד פון דער „איינציק־גליקלעכמאכנדיקער" קאטוילישער קירך, לאזט ניט אריין אין גן־עדן קיין איינציקן אנדערש גלויביקן, וואס האט ניט זוכה געווען „געהייליקט" צו ווערן דורך דעם קריסטלעכן טויף־וואסער. גאר אנדערש פארהאלט זיך דער יידישער דיכטער עמנואל. דעם ראציאנאליסט זרחיה חנס א תלמיד, א הייסער פארערער פונם גרויסן קעמפער פאר געדאנקען־פרייהייט, רבנו משה בן מיימון — עפנט דער יידישער דיכטער ברייט די טויערן פונם גן־עדן פאר אלע אנדערש־גלוי־ביקע, וואס גלויבן אין איינציקן גאט, אין איינציקער „סיבה" אלס וועלט־באשאפנדיקע קראפט. עמנואל זאגט דערביי ארוים אזוינע פרייע געדאנ־קען, וואס פאר יענער צייט האבן זיי געמוזט אויסווייזן ווי אמתע אפיקורסות. עמנואל דערציילט, ווי ער האט באגעגנט אין גן־עדן * אומ־באקאנטע מענטשן, וואס „זייער גלאנץ בלענדט די זון און די שטערן".

1 Mal judeo so, e no saracino
Ver cristiani no drezo la proda.

* אין זיין פאעמע „התופת והעדן".

פאַרחידושט פרעגט ער זיין וועגפירער, דניאל איש חמודות, ווער זיינען עם די דאָזיקע אומבאַקאַנטע, און באַקומט פאָלגנדיקן ענטפער: דאָס זיינען די חסידי אומות העולם, וואָס האָבן זיך דערהויבן צו די העכסטע שטאַפּלען פון וויסן און חכמה... מיט דער שאַרף פון זייער שכל האָבן זיי נאָכגעפאָרשט, ווער איז זייער באַשעפער און דער באַשעפער פון דער וועלט, און צו וואָס פאַר אַ ציל זיי זיינען באַשאַפן... זיי האָבן אויסגעפאָרשט אַלע אמונות און זיך איבערצייגט, אַז יעדער גלויבן האַלט נאָר זיך אַליין פאַרן איינציק אמתן און אַלע אַנדערע פאַר פאַלש און נישטיק. זיי האָט דאָס אָבער ניט באַפרידיקט, זיי האָבן גיט געזאָגט: לאָמיר זיך האַלטן פעסט אָן אונזער גלויבן, וואָס מיר האָבן פון אונזערע אָבות בירושה באַקומען; גייערט אוים אַלע אמונות האָבן זיי אויסגעוויילט די ריכטיקע און אמתע דעות, וואָס אויך מענטשן פון וויסן לייקענען זיי ניט אָפּ — און אין זיי האָבן זיי זיך געהאַלטן... בנוגע צום פּראָבלעם וועגן גאָט דעם באַשעפער, זיינען זיי געקומען צום פאָלגנדיקן אויספיר: יעדער פאָלק רופט אים מיט אַן אַנדער נאָמען, מיר אָבער זאָגן: וואָס פאַר אַ נאָמען ער זאָל ניט טראָגן — מיר גלויבן אין דער עדשטער באַשאַפנדיקער קראַפט, וואָס עקסיסטירט אין אַלע צייטן, האָט באַשאַפן די וועלט און פירט זי מיט איר גרויסער חכמה. פאַרבאָרגן און אומבאַגרייפלעך פאַר אונז דורך איר גרויסקייט — אַנטפּלעקט זי זיך אונז אין איר חכמה, און איר גרויס מילדקייט, וואָס זי גיסט אוים אויף אירע באַשעפעניש, און רופט זיי דערנאָך צוריק צו זיך און באַשיינט זיי מיט איר גלאַנץ"[1].

עמנואל רומי איז אָבער ניט נאָר אַן אָנהענגער פון מיימונים תורה, ער געפינט זיך ניט נאָר אונטער דער השפעה פון דער שפּאַניש-אַראַבישער קולטור — ער איז אויך איינער פון די טיפּישסטע טרעגער פונם יונגן, נאָר-וואָס ערוואַכטן איטאַליענישן רענעסאַנס. אין אים געפינען דעם שאַרפסטן אָפּקלאַנג די נייַ ערוואַכטע שטרעבונגען אין דער איטאַליענישער געזעלשאַפט, דער דראַנג אַראָפּצוּוואַרפן פון זיך דעם שווערן יאָך פון דער מיטלאַלטערלעכער אַסקעטישער וועלט-אָנשויונג, פטור ווערן פון די אייביקע דאגות וועגן יענער וועלט, גובר זיין דעם שטענדיקן פחד פאַר דעם „זינדיקן", און פריי לאָזן געוועלטיקן דעם דורשט נאָך ערדיש גליק, נאָך לעבנס-פריידן, אויפלעבן דאָס געפיל פון שיינקייט, די זיסע לוסט פון ליבע און ליידנשאַפט...

בכדי אָבער געהעריק אָפּצושאַצן דעם באַדייט פון אונזער יידישן דיכטער, מוז מען געדענקען, אַז אין איטאַליע איז ער אַלס ליריקער געווען

1 דאָרטן, 230.

א פ אָ ר ג י י ע ר פון פעטראַרקען, און אַלס סאַטיריקער — פון באָקאַ־טשיאָ. פעטראַרקע אָבער, אַט „דער ערשטער מענטש אוים דער נייער צייט״, האָט שרעקלעך געליטן פון איגעוויניקסטער, גייסטיקער צושפּאָלטנ־קייט, פון דעם טיפן ריס אין דער נשמה (קרע שבלב), פון וועלכן ער האָט זיך זיין גאַנץ לעבן ניט געקאָנט באַפרייען. ער האָט אַרויסגעשטעלט דעם גרויסן דעוויז: פרייהייט פון געדאַנק — איבער אים גופא האָט אָבער נאָך געוועלטיקט די מיטלאַלטערלעכע וועלט־אָנשויונג; שטאַרק איז ביי אים געווען דער דורשט נאָך ערדישן כבוד און ערדישע תענוגים — גאָר אין דער זעלבער צייט איז ער אויך אַ גרויסער בעל־תשובה, שלאָגט זיך על־חטא פאַר זיינע זינד, וויל פאַרגעסן אין עולם הזה, און איז גרייט צו ער־קלערן זיינע ליבע־סאָנעטן, וואָס האָבן אים אומשטאַרבלעך געמאַכט, פאַר „נישטיקע לידלעך״ (cantiuncule inanes). ביז אין טויט אריין איז ביי אים אין האַרצן „פאָרגעקומען דער שווערער געראַנגל צווישן דעם הימל און דער ערד, צווישן דעם דורשט נאָך ערדיש גליק און בענקען נאָך יענער וועלט, צווישן דער מאַדאָנע און דער געליבטער לאַוראַ, צווישן ציצע־ראָנען און קריסטוסן...״ [1].

דער פאַר אים עלטערער יידישער דיכטער, עמנואל, איז אין דער הינזיכט געווען פיל גליקלעכער. אויך עמנואל, ווי מיר וועלן ווייטער זען, איז ניט געווען אינגאַנצן פריי פון ספקות, אויך אים האָבן ניט זעלטן באַ־זוכט שווערע, טרויעריקע געדאַנקען — ער האָט אָבער ניט געוווסט פון צעשפּאָלטנקייט, פון קיין „קרע שבלב״. דעם דעוויז וועגן געדאַנקען־פרייהייט האָט ער ניט ערוואָרבן דורך שווערן שמאַרציקן קאַמף, ווי פעט־ראַרקע — ער האָט אים בירושה באַקומען פון זיין לערער זרחיה חן און פון מיימוניס „מורה נבוכים״. און דער אַסקעטישער אידעאַל וועגן אָפּזאָגן זיך פון עולם הזה, פייניקן דעם זינדיקן גוף און מלחמה האַלטן מיטן יצר־הרע — דאָס אַלץ האָט געקאָנט האָבן אַ צו שוואַכע אָנציִונגס־קראַפט פאַר דעם דיכטער, וואָס האָט זיך ערצויגן אויף חריזים „תחכמוני״. אַן אָנזאָגער פון דער רענעסאַנס־תקופה, אַ קינד פון דעם שיינעם קאַיאָר, איז עמנואל געוואָרן דער דיכטער פון לוסט און ליידנשאַפט, דער נביא און פריידיקער פון ערדישער ליבע מיט אַלע אירע פריידן און ליידן; נצחונות און חרפּות. ווען וויסן און הקירה איז דער וועג, וואָס דערנענטערט דעם מענטשן צו גאָט — איז די ליבע, נאָך עמנואלס פעסטער איבערצייגונג, די וויכטיקסטע באַוועגונגס־קראַפט אין דעם מענטשנס ערדישן לעבן.

„ליבע — זאָגט עמנואל אין זיין פירוש אויף „שיר השירים״ — איז

[1] זע, М. Гершензон, Петрарка 31

דער עיקר. דאָס איז דער צענטראַלער פונקט פון אונזער גאַנצער תורה"[1].
„די ליבע — זאָגט דער דיכטער אין איינעם פון זיינע איטאַליעניִשע סאָ-נעטן — וויל ניט וויסן פון געזעצן, פון קיין דינים. די ליבע איז טויב און בלינד, זי וויל פון שטערונגען ניט וויסן. אומבאַגרעניצט איז איר מאַכט, ניט אָפּצווענדן אירע ווונטשן. די ליבע רעגירט די גאַנצע וועלט, די ערד איז פול מיט אירע מעכטיקע פאַרלאַנגען. אומבאַצווינגבאַר איז די ליבע, כּאַטש לאָז זיינען קעגן איר דער „פּאָטער אונזער" און די אַנדערע תפילות, און ניט העלפן קאָנען אַלע השבעות און קמיעות. איר שטאָלץ קאָן קיינער ניט ברעכן, קיינער איז ניט אימשטאַנד זיך איר ווילן אַנטקעגנצושטעלן. ניט אימשטאַנד איז ווער די נעצן אויסצומיידן, וואָס דער לוסטיקער אַמור* פאַרשפּרייט, און אויף אַלע מיינע טענות און געבעטן, הער איך אַלץ דעם איינעם ענטפער: איך וויל אַזוי!"[2] „ווען איך — איז זיך דער דיכטער אין איינעם פון זיינע העברעיִשע לידער מודה — זאָל מיך פאַר גאָט ניט שעמען און ניט מורא האָבן פאַרן הייליקן פאָלק ישראל, וואָלט איך דער געטין פון ליבע אַלטאַרן געבויט, פאַר שיינע פרויען וואָלט איך אויף קניען געפאַלן, און דעם שטויב פאַר זייערע פיס געקושט!"[3].

און דער דיכטער האָט זיך טאַקע ניט „געשעמט" און ניט געהאַט קיין „פחד". אין באַגייסטערטע העל-קלינגענדיקע לידער באַזינגט ער די זיסע אומווידערשטייִלעכע מאַכט פון לוסט און ליידנשאַפט, און „פּויט זינדיקע מזבחות" פאַר דעם באַרוישנדיקן כּישוף פון ווייבלעכער שיינקייט, פאַר דעם רייץ פונם בליענדיקן פרויען-לייב[4]. גאַנצע מאַקאַמען אין

---

[1] נאָך אַ פיל עלטערער יידישער דיכטער, משה אבן עזרא, ערקלערט אין איינעם פון זיינע רעליגיעזע לידער, אַז „די ערד איז איינגעוויגט אין די בענדער פון גאָטס ליבע" (והיא תלויה בחבלי אהבתך). מער באַריכות ריידן מיר וועגן דער ליבע-פּראָבלעם אין דער אַלט-העברעיִשער ליטעראַטור אין אונזער נאָך ניט פאַרעפנטלעכטער אַרבעט „Проблема любви в еврейск. средневековой литературе".

* אַמור — דער נאָמען פון ליבע.

[2] Ma sempre mi sa dir: pur cosi voglio! דעם דאָזיקן סאָנעט האָט פאַר-עפנטלעכט פויער (Pouer) אין „יאַרבוך דער דייטשען דאַנטע-געזעלשאַפט", IV, 67, איבערגעדרוקט אין „וואָסכאָד", 1906, III, 82.

[3] „מחברות", מאַקאַמע אַכט, 58:

ולולֵי כִּי אֲנִי בוש מֵאֱלֹהַי וּפֶן אֶהְיֶה לְעַם קוֹדֶשׁ לְזָרָה
אֲנִי אֶבְנֶה לְיַעֲלוֹת מִזְבְּחוֹת חֵטְא וְנָטַעְתִּי לְכָל יַעֲלָה אֲשֵׁרָה
וְכָל יַעֲלָה עֲפַר בַּגְלָהּ אֲלַחֵךְ וּבָמוֹת אֲחוֹנֵן אֶת עֲפָרָהּ.

[4] די ביאָגראַפן שטרייכן אונטער אַ כאַראַקטעריסטישן פּרט: עמנואל רומי האָט געפירט אַ גאַנץ פרידלעך פאַמיליען-לעבן. אויס זיינע ווערק ווייסן מיר, אַז ער באַ-זינגט מיט התפּעלות די גרויסע מעלות פון זיין פרוי („מחברות", 10) און אויך פון זיין שווער שמואל און שווינער ברונעטאַ (לויט אייניקע מאַנוסקריפּטן איז איר נאָמען געווען ברוריא).

עמנואלס זאַמלווערק זיינען אמתע עפּאָפּעען פון ליידנשאַפט, פון גיר־קער
ערדישער ליבע. עס הערט זיך דער געזונטער טראַציק=נצחונדיקער געלעכ=
טער פונם יונגן מונטערן רענעסאַנס אין עמנואלס דריטער מאַקאַמע, ווו
דער לעבנסלוסטיקער פּאָעט דערציילט מיט אַ לצנישן שמייכל, ווי אַזוי
ער האָט געפּרוווט געווינען דאָס אומבאַזיגבאַרע האַרץ פון אַ שטרענגער
יונגער שיינהייט, וואָס האָט אַ נדר געטאָן צו פירן אַן איינזאַם לעבן און
שטרענג אויסמיידן די געזעלשאַפט פון מענער. דער דיכטער שיקט איר
איין ליבע־ליד נאָך דעם אַנדערן, ער באַקומט אָבער אַלץ אַ ברוגזן אָפּ־
זאָג פון דער שטאָלצער שיינהייט. דער דיכטער וויל זיך ניט באַרויקן: אַלץ
שטורמישער ווערט זיין ליד, אַלץ שטאַרקער קלינגען די ליידנשאַפטלעכע
אַקאָרדן פון ברענענדיקער ליבע, וואָס שטייגן אַלץ העכער, ביז זיי גיסן
זיך אויס אין פלאַמענדיקע, וווּנדערבאַר קלינגענדיקע סטראָפן. די סטראָפן
זיינען געבויט אין כאָריי=פאָרם, און דער דיכטער נוצט דערביי אויס מיט
גרויסער קונסט אַסאָנאַנסן און צוזאַמענקלאַנגען פון ווערטער מיט פאַר=
שיידענעם באַטייט, נאָר ענלעכן געבוי און קלאַנג. דאָס ליבע־ליד פאַרענ־
דיקט זיך מיט פאָלגנדיקע שטורמישע, נאָר זייער מוזיקאַלישע סטראָפן:

לְכוּ נָא זְמִירַי לְבֵית הַצְּבִיָּה — וְעַל כָּל שְׁפָאִים תְּלוּ נָא תְּלוּנָה
וְאִמְרוּ: צְבִיָּה אֲיוּמָּה תְּמִימָה — נְעִימָה אֲשֶׁר כַּלְּבָנָה לְבָנָה
עֲדֵי מָה נְדוּדֵךְ וּמֵאַיִן חֲנִינָה — חֲנִי נָא בְּלִבִּי פְּנִי נָא פְּנִינָה
וְלָךְ אֶהְיֶה מִמְּצוּדָה מְצוּדָה — בְּצֵל אַהֲבָתִי חֲסִי נָא חֲסִינָה
וְלִבְשִׁי גְאוֹנֵךְ לְחַדֵּשׁ שְׁשׂוֹנֵךְ — וּמַעֲטֵה תְהִלָּה עֲדִי נָא עֲדִינָה [1].

און די לידער האָבן בייגעקומען: די שטאָלצע דאַמע האָט זיך אונ=
טערגעגעבן.

אין זיינע ליבע=לידער, וואָס געהערן צו די בעסטע מוסטערן פון דער
מיטלאַלטערלעכער העברעישער ליריק, האָט עמנואל, דער ערשטער צווישן
די יידישע דיכטער, זיך אויך באַנוצט מיט דער סאָנעט=פאָרם [2]. אָט די
דאָזיקע, גאָר=וואָס אין דער איטאַליענישער פּאָעזיע איינגעבירגערטע פאָ=

---

1 צו מיין שיינער, מיין ליבער, גיך אַיילט מיינע לידער; איבער בערג און
טאָלן פאַרשפּרייט מיינע קלאָגן. אָ, זאָגט איר: דו שטאָלצע, דו ליבע, דו גרויזאַמע
זיסע, דו בלענדנדיק=ליכטיקע, ווי דער לבנהס זילבערנע שטראַלן! גענוג שוין צו קוועלן,
דו האָב שוין דערבאַרמען, דערהער מיין געבעט, דו טייערסטע קרוין! לאָז מיך זיין דיין
שומר, דיין וואַכנדער היטער; אין שוץ פון מיין ליבע פאַרוויל, דו האַרציקע טרייע.
באַווייז זיך אין גלאַנץ פון דיין שטאָלץ, דעם בעכער פון פרייד צו געניסן, אַנטפּלעק
זיך אין שטראַלנדן מאַנטל פון לויב, דו איידעלע, דו צאַרטע!.. (דאָרטן, 24).

2 אין עמנואלס ווערק געפינען זיך 32 סאָנעטן.

עמישע פארם, האט דער יידישער דיכטער באהערשט מיט גרויס מייס־טערשאפט. אין איינעם פון זיינע סאנעטן ווענדט ער זיך צו זיין ליבער „עפרה"[1]: „ווער וואלט אזא ווונדער גלויבן געקאנט: אין די הימלען שיינען דיינע אויגן, און די שטערן־פראכט דערזע איך אינם העלן טאג, באטראכט איך דיין שטראלנדיק געזיכט. ליבע דו מיין! מיין גאנץ לעבן הענגט געפאנגען אויף דעם געבויג פון דיין געטאקטן אויער — פונם ווייטסטן מזרח שענסטע שטיקערייען זיינען ניט אימשטאנד מיט אים זיך צו פארגלייכן! איך בין געבלענדט — עפנסטו די אויגן! איך בין פאר־כישופט פון די צויבער־פערל, וואס באשיצן דיינע ראזע ליפן... א, זאג מיר דו הארציקע: דיינע וווּנדער־אויגן — זיינען זיי שטערן פון הימל, וואס דו נעמסט ביים קאיאר געפאנגען, און נאר דורך די געבעט וואנדערן זיי פריי אין די הימלען, אדער דאס זיינען אונז געשענקטע שטערן די ערד צו באשיינען, בכדי דער גלאנץ פון דיין געזיכט זאל אונז אין די הימלען דער־מאנען, און די שענסטע אויף דער וועלט זאלן ווייסן און געדענקען, אז זייער רייץ און חן איז קעגן דיין הימלישער פראכט, ווי א קליין שטויבעלע, וואס ווערט אויף דער ערד געטרעטן?.."[2].

עס איז לייכט באגרייפלעך, אז א פראזאישע איבערזעצונג איז ניט אימשטאנד איבערצוגעבן דעם קונציקן חן פון דעם דאזיקן סאנעט. ניט מעגלעך איז אויך איבערצוגעבן די אייגנארטיקע שיינקייט פון דער ליבע־סצענע, וו עס ווערט מיט א שעלמיש קונדייסישן שמייכל דערציילט, ווי דער דיכטער באגעגנט אין בליענדיקן גארטן אן אנטציקנד שיינע דאמע, אין וועלכער ער פארליבט זיך פונם ערשטן בליק, און ווי עס געלינגט אים אויך איר הארץ צו באצווינגען. באזונדערס טיפיש פאר דער יונגער רענע־סאנס־תקופה זיינען די 16טע און 17טע מאקאמען. די העלדין פון דער זעכצנטער מאקאמע, א יונגע פרוי, וואס האט א מאן א חלוש א לא־יוצלח, איז פעסט איבערצייגט, אז „די פרוי, וואס האט קיין ליבע ניט גענאסן, די איז א פארפאלענע, זי פארלירט איר חלק עולם הבא"[3]. א טאכטער פון איר צייט, ווארפט זי אראפ דעם שלייער פון צניעות, און אין עראָ־טישע סאנעטן גיסט זי אויס איר פארדרוס און ווייטאג, וואס שוין צוויי יאר נאך דער החתונה האט זי נאך אלץ ניט גענאסן די אומארעמונג פון ליבע. „אך — רופט זי אויס — ווי גליקלעכער איז מיין פריינדין! אין משך פון דרייסיק מאנאטן האט יענע שוין דעם דריטן מאן באגראבן,

---

1 „עפרה" הייסט אין העברעישן גאזעל, אינדין.

2 דער סאנעט „מי הָאֱמִין עָפְרָה אֲשֶׁר עֵינֶיךָ" (מאקאמע XVI).

3 דארטן, 117: „אשה אשר תמות בתולה — נכרתה, אין לה בעולם הנשמות חלק".

נאָר איך בין אין אַזאַ ביטער מזל געבאָרן, און ווער אַלץ ניט פּטור פון מיין לא יוצלח!" נאָך כאַראַקטעריסטישער איז די זיבעצנטע מאַקאַמע. דריי לעבּ=לייט (דער דיכטער צווישן זיי) זיינען פאַרליבט אין איין און דער זעלבער דאַמע, מאַכן זיי צווישן זיך אַ געוועט: זיי וועלן ליבע=לידער פאַר דער געליבטער דאַמע זינגען, און וועמעס ליד עס וועט אַמבעסטן אויסנעמען, דעם וועט די דאַמע איר ליבע שענקען. טיפּיש איז פאָלגנדיקער פּרט: דער דאָזיקער אייגנאַרטיקער טורניר קומט פאָר אין דער געגנווארט פון דער דאַמעס שלאָפצימער מאַן, און די לידער, וואָס ווערן געזונגען, ווייסן ניט פון קיין שלייער און פון קיין שעמעוודיקע רמזים. אַלץ איז אַנטבלויזט און נאַקעט[1]. די עראָטיק פונם יונגן רענעסאַנס איז ניט קיין באַהאַלטענע, קיין צבועיש=צנועישע, — זי טרעט אַרויס אָפן מיט נצחנישער חוצפּה. און עמנואל איז דאָך דער ערשטער באַדייטנדיקער דיכטער פון דער דאָזיקער נייער תקופה, דער אָנזאָגער פון דער עראָטיש=לעבנסלוסטיקער שטרעמונג, וואָס האָט באַלד געפונען איר קלאַסישן אויסדרוק אין באָקאַטשיאָס „דעקאַמעראָן".

דער דיכטער האָט מיט פולן רעכט זיך גערופן „דער מייסטער פון לוסט און לייַדנשאַפט" (שר צבא החשק), און האָט אַרויסגעזאָגט זיין פעסטע איבערצייגונג, אַז „וואָלט מען פאַר די געלונגענסטע עראָטישע לידער געקרוינט — באַקומט ער דער ערשטער די קרוין"[2]. מען מוז טאַקע מודה זיין, אַז עמנואל האָט זיך כלל ניט גערעכנט מיט די געזעצן פון צניעות, און דער פאַרבאָט פון ניבול פה האָט פאַר אים ניט עקסיסטירט; אַזוינע עראָטיש=ציניש לידער, ווי עמנואלס „אַל תתמה דוד"[3], „איך אעצר כּח"[4], „נֶבֶל אֲשֶׁר תִּשְׁאַל"[5], „עָפֶרֶת חֵן"[6] און אייניקע אַנדערע, האָבן ניט זייער גלייכן אין דער גאַנצער העברעישער ליטעראַטור.

---

1 אַלס ביישפּיל ברענגען מיר אין אָריגינאַל די שלום=פּערזן פון איינעם פון די דאָזיקע לידער, וואָס ווערן געזונגען פאַר דער שיינער דאַמע:

הַשְׁמִיעֵנִי רַעְיָה קוֹלֵךְ וּפְדֵנִי מֵרֶדֶת שַׁחַת
הֲבִיאֵנִי אֶל גַּן עֶדְנֵךְ, הַגְמִיאֵנִי רַכַּח מֶרְקַחַת
מִמֶּגֶד שָׁדַיִם מֵעָל וּמִתְּהוֹם רוֹבֶצֶת תָּחַת.

2 דאָרטן, 31: לוּ הִמְלִיכוּ מֶלֶךְ שִׁירֵי הֵשֶׁק — שָׂרוֹתִי תִּמְלֹכְנָה.

3 מאַקאַמע, VII, ז' 54.

4 דאָרטן.

5 מאַקאַמע XX, 156, מיט דעם שלום=פּערז: „לו יתנו ערלות בהשאלה, אז תהיה בועל בערלת זר".

6 מאַקאַמע XVII, 129.

ענג פֿאַרבונדן מיט עמנואלס עראָטישע לידער זיינען זיינע וויין־לידער. מיט אַ לצנישן שמייכל פֿאַרזיכערט אונז דער דיכטער, אַז ער האָט בקבלה פון זיינע זיידעס: ווער עס טרינקט קיין וויין ניט, דער ווערט אָן זיין חלק עולם הבא [1]. אַ גאַנצע מאַקאַמע איז דעם וויין געווידמעט, און פול מיט העלער נצחנישער פרייד קלינגט דאָס טראַציקע ליד פונם וויינשטאָק: אומבאַגרענעצט איז די מאַכט פון וויין, ער איז אַלעמען מנצח, ער מאַכט אַלעמען באַטרונקען, נעמט צו יענעמס ווילן און געוועלטיקט איבער אַלע [2]! דאָ קומען מיר אין באַרירונג מיט דעם כאַראַקטעריסטישסטן שטריך פון עמנואלס פּאָעטישן טאַלאַנט — זיין געלעכטער. איינם שטרענגן און פאַרמרה־שחורהטן טעמפּל פון דער העברעיִשער פּאָעזיע האָט זיך טראַציק און הילכיק צעגאָסן דאָס געזונטע, מונטערע און פריילעכע געלעכטער פון עמנואל בן שלמה. און דאָס דאָזיקע געלעכטער האָט פאַר קיינעם ניט קיין אָפּשיי. עמנואל לאַכט אָפּ פון די יונגע לייכטזיניקע דאַמען, און ערקלערט דערביי מיט אַ פרום פּנים ,,איינם נאָמען פון אַלע רבנים", אַז „דער בעסטער שומר איבער דער צניעות פון אַ פרוי איז אַ נמאס פּנים" [3]. ער מאַכט אויך חוזק פון די אָפּגעבליטע שיינהייטן, וואָס מאַכן זיך נאָך יונג, און שפּאָט אָפּ פון זיך אַליין, וואָס שפּילט נאָך אויף דער עלטער אין ליבע, און מאַכט זיך נאָר צו געלעכטער. זיין וויץ שאַנעוועט אויך ניט די מיידלעך, וואָס מאַכן צו פיל חן [4]; פעדאַנטן־געלערנטע, ווי פאַרמעט פאַרטריקנטע, נגידים־קמצנים, אַרצטן־שאַרלאַטאַנעס, טאַלענטלאָזע פערזן־שמירערס; נאָר מער פון אַלע באַקומען די מאַגען ,,בעלי הקרנים", וואָס זייערע לייכטזיניקע פרויען שטעלן זיי גרויסע הערנער; דער דיכטער כאַפּט דערביי אָפּט איבער די מאָס, און זיינע וויצן איבער די אָפּגענאַרטע מענער האַלטן זיך ניט שטענדיק אין די גרענעצן פון דרך־ארץ און צניעות. נאָר אין דעם איז ניט אונזער דיכטער שולדיק — ער איז בלויז געווען טריי דעם גייסט פון יענער צייט. פול מיט קונדייסישן וויץ און זאָרגלאָזן געלעכטער איז די צווייטע מאַקאַמע, ווו עס ווערט אין לוסטיקע דאָפּל־פערזן געמאַכט אַ פאַרגלייך צווישן צוויי דאַמען: דער בלענדניק

1 דאָרטן, 198: „אמנם כך מקובל נוני מבית אבי־אבא, כי איש לא ישתה יין אין לו חלק לעולם הבא".

2 דאָרטן, 199—200.

3 דאָרטן, 14: „מתאבק בעפר רגלי הרבנים... אף מטעמם אחתום: סוף כל הענינים אין שומר לנשים כי אם כיעור פנים".

4 באַזונדערס טיפּיש איז די ערציילונג, ווו דער דיכטער באַשרייבט, ווי ער באַזוכט אַלס דאָקטאָר אַ יונגע דאַמע, און זי וויל די האַנט ניט אויפדעקן ער זאָל איר טאַפּן דעם דופק (מאַקאַמע XI, 81—82).

שיינער תמר און גרוילעך מיאוסער בריעה. „תמר, אז זי הייבט אויף צום הימל אירע אויגן — מיט פרייד לאַכן איר אַנטקעגן אַלע שטערן; נייגט זיך צו דער ערד איר בליק — ערוואַכן גלייך די טויטע אין די קברים. און בריעה מיט איר בליק טוט טויטן די גיפטיקסטע שלאַנג, דער שטן אַליין אַנטלויפט אין שרעק, ווען ער דערזעט איר פּנים. תמרס שיינקייט באַשרייבן איז דעם מענטשנס צונג ניט אימשטאַנד, וואָלטן זי מלאכים דערזען — זיי וואָלטן אין איר זייער ששועסטער דערקאָנט. בריעה איז זייער גוצלעך פאַר די צייטיקע ווייגערטנער — מיט איר שרעקלעכער צורה קאָן מען פייגל און חיות פאַרטרייבן״ [1] אאַז״וו, אאַוו״ז. פול מיט טראַציקן געלעכטער איז עמנואלס ערציילונג וועגן דעם גאַווהדיקן פּעדאַנטישן פילאָלאָג, וואָס לאָזט קיינעם ניט רוען, פאַרפירט גלייך געלערנטע וויכוחים, אַרויסצווייזן זיין גרוים בקיאות. דער טרוקענער פּעדאַנט האָט אָבער אַ יונגע שיינע פרוי, און דער דיכטער לאָזט זיך דערפאַר גערן אַריין אין אַ געלערנטן שמועס מיט דעם פילאָלאָג. יענער איז איבערגליקלעך: אים איז אַזוי לייכט אָנגעקומען מנצח זיין דעם דיכטער. אויף דעם פילאָלאָגישן טורניר, דער דיכטער איז אָבער אויך זייער צופרידן: אין דער זעלבער צייט, ווען דער פּעדאַנט האָט אַרויסגעוויזן זיין חריפות אין דיקדוק און גרוים בקיאות אין תנ״ך, האָט דער דיכטער אָפּגעהאַלטן אַ זיסן נצחון איבער דעם האַרצן פון דער יונגער דאַמע. אין אַן אַנדער מאַקאַמע (די 22טע) פירט דער דיכטער אַרוים אַ גאַנצע גאַלעריע אַזעלכע נאַרישע פּעדאַנטן פילאָלאָגן און ביבל־ערקלערער. יעדער פון זיי קומט מיט אַ נייער קלאָץ־קשיא, איינע אומגעלומפּערטער פון דער אַנדערער. און די פּנימער זיינען אַזוי ערנסט און שטרענג, די אויגן אויסגעגלאָצט, און די שטערנס פאַרקאָרטשעט... אָט די מייסטערהאַפטע פּאַראָדיע, וואָס איז אוממעגלעך צו איבערזעצן, מען מוז זי לייענען אין אָריגינאַל — קאָן מאַכן לאַכנדיק אפילו דעם פאַרמרה־שחורהדיקסטן היפּאָכאָנדריקער פון דער וועלט. אין דעם זעלבן זשאַנר איז געשריבן זיין פּאַראָדיע אויף דרשנים און מגידים מיט זייערע הספּדים. דער דיכטער דער לץ ווערט אַליין אַ מגיד: ער שטייט פאַר זיין אייגענעם אָפענעם קבר און האַלט אַ הספּד איבער זיך אַליין[2].

אַפילו פאַרן גן־עדן גופא האָט אונזער דיכטער קנאַפּ דרך־ארץ, אויך אַהין שלייערט ער זיינע צוגעשפּיצטע וויצן. ער געפינט, אַז עס איז פיל אינטערעסאַנטער צו זיין אין גיהנום, ווי אין גן־עדן. עס איז דאָך אַזוי שרעקלעך לאַנגווייליק פאַרברענגען אין גן־עדן מיט די אַלטע צדקניתן,

---

[1] דאָרטן, מאַקאַמע VII, 55—57.

[2] דאָרטן, 173—174.

פאַרדאַרטע, פאַרקרומטע, מיט בראָדעוווקעס אויף די נעז. „וואָס האָב איך אין גן־עדן צו טאָן — טענהט דער דיכטער, — אַז דאָרט זייַנען צונויפגעזאַמלט לויטער פאַרזעעניִשן און טויגעניכטסן"[1]. דער דיכטער האָט דערפאַר פיל מער חשק צום גיהנום. דאָרט איז די זינד אַזוי זיס, אַזוי שיין. דאָרט זייַנען פאַרזאַמלט די שענסטע פרויען, זייערע אויגן ברענען מיט ליבע, זייער שטימע מאָנט און רופט... מיט זיי איז דער גיהנום — דער זיסער גן־ערן, און זיי דער גן־עדן — דער אמתער גיהנום[2].

עמנואל איז אָבער ניט שטענדיק אַזוי לייכטזיניק פרייליך. אונטער דעם הילכיקן געזאַנג פון געלעכטער לאָזן זיך אויך צייטנווייז הערן גאַנץ אַנדערע טענער. טיפּיש איז אין דער הינזיכט, אַ שטייגער, די 15טע מאַקאַמע. מיר האָבן דאָ פאַר זיך אַ זייער אינטערעסאַנטע נאָוועלע אויס דעם פריען רענעסאַנס פון פאַר דער „דעקאַמעראָן"־תקופה. דער דיכטער צוזאַמען מיטן מעצענאַט וואַנדערן צוליב אַ געוועט איבער די גאַסן, און וועמען זיי באַגעגענען, שטעלן זיי אָפּ און פרעגן, צי וואָלט ער געוואָלט פאַרבייטן זיין גורל אויף אַן אַנדערנס גורל. אָט אין דער ראַם פון דער דערציילונג באַווייזט דער דיכטער פאַר אונזערע אויגן אַ גאַנצן קאַליידאָסקאָפּ פון מענטשן אויס אַלע שיכטן. טיפּיש איז די העטעראַ, די אויסגעלאַסענע פרוי, וואָס וויל בשום אופן זיך ניט בייטן ניט מיט דער קיניגין, ניט מיט

---

1 דאָרטן, 116: „מה לי ולך עדן? ואת אספת כל בעלות מום וכל א"ש בושת"...

2 די דאָזיקע שטעלע ביי עמנואלן האָט נאָך אַ ספּעציעלן אינטערעס. זי באַווייזט, אַז ניט נאָר די איטאַליענישע דיכטער האָבן זיך געפונען אונטער דער השפּעה פון דער פּראָוואַנסאַלער פּאָעזיע, נאָר אויך די יידישע. דער שפּאַס איבער דעם לאַנגווייליקן גן־עדן און דעם ליבן לוסטיקן גיהנום באַווייזט בולט, אַז עמנואל איז געווען באַקאַנט מיט דעם פּראָוואַנסאַלישן אָדער אַלט־פראַנצויזישן נוסח פון דער באַקאַנטער ערציילונג וועגן די צוויי פאַרליבטע, אָקאַסען און ניקאָלעטאַ. בעת מען סטראַשעט אָקאַסענען מיטן גיהנום, וויבאַלד ניקאָלעטאַ וועט ווערן זיין געליבטע, ענטפערט אָקאַסען גאַנץ רויק: „וואָס טויג מיר דער גן־עדן! איך האָב כּלל קיין חשק ניט אַהין צו קומען. מיין באַגער איז נאָר ניקאָלעטאַ, מיין טייער־האַרציקע, וואָס איך האָב אַזוי ליב". „אין גן־עדן — זאָגט ער ווייטער -- קומט דאָך אָן נאָר דאָס שמוציקע געזינדל פון אַלטע גלחים, וואָס דרייען זיך טאָג ווי נאַכט אַרום די אַלטאַרן, אַלע אָרעמע קאַליקעס, אָפּגעריסענע, אָפּגעשליסענע, וואָס גייען באָרוועס און נאַקעט. אָט די אַלע איילן זיך אין גן־עדן אַריין, איך האָב אָבער דאָרט ניט וואָס צו טאָן". אָקאַסענען געפעלט פיל בעסער דער גיהנום. „אַהין — זאָגט ער — קומען אָן די גוטמוטיקע געלערנטע, די שטאָלצע ריטער, וואָס זייַנען אומגעקומען אויף די טורנירן און אויף די שלאַכט־פעלדער. עס קומען אויך אַהין די צאַרטע שיינע דאַמען, וואָס האָבן אַחוץ אייגענע מאַנען נאָך צו צוויי און צו דריי ליבהאָבער. און דאָס אַלץ שימערירט אין גאָלד און אין זילבער, אָנגעטאָן אין די שענסטע קליידער מיט די טייערסטע סויבלען באַפּוצט. מיט זיי צוזאַמען וויל איך זיין!" — ערקלערט דער יונגער אָקאַסען.

די פירשטינס. יענע מוזן געבעד גארן און גלוסטן אין דער שטיל, זיי זיינען ארומגערינגלט מיט שומרים און סריסים. מען היט זייער יעדן טריט, און זיי קאנען ניט דערפילן זייערע ווונטשן. זי אבער, די העטערא, פראנק און פריי געניסט זי דעם בעכער פון ליבע, זי דארף זיך ניט באהאלטן: אפן פאר דער גארער וועלט קאן זי אומארמען וועמען איר הארץ גלוסט, און אומגעשטערט אים איר שיינקייט שענקען. וואס ווייטער ווערט אבער דער טאן אלץ ערנסטער. דער משוגענער וויל זיך אויך ניט בייטן: ער האט זיך אויסגעבויט א פאנטאסטישע וועלט, וואס איז פיל שענער און גייסטרייכער אט פון דער מיושבער וועלט, וווּ עס לעבן די געזעצטע, גיכטערע מענטשן... צוויי בלינדע באגעגענען ווייטער אונזערע העלדן, איינעם פון זיי האט דער תליון, לויט דעם פסק פונם מיטלאלטערלעכן געריכט, פאר א סגי-נהור גע-מאכט, און קיינער פון די בלינדע וויל מער די וועלט ניט דערבליקן; זיי זיינען מיט זייער גורל צופרידן; זייער אינעווייניקסטע וועלט, זאגן זיי, איז פיל אינטערעסאנטער (ואם חשכו הרואות בארובות, אורו עיני המחשבות)...

דער דאזיקער איראנישער ווייטומיקער שמייכל שפילט גאנץ אפט אויף די ליפן פון די לעבנסלוסטיקע קינדער אויס דער רענעסאנס-תקופה...

מיר האבן שוין פריער אנגעוויזן, אז אונזער יידישער דיכטער האט, אמת, ניט געוווסט פון אזא אינעווייניקסטער צעשפאלטנקייט, ווי דער איטאליענער פעטראַרקע, נאר דאך האט אויך ער איבערגעלעבט שווערע מאמענטן פון טיפע ספקות און שמארציקן חשבון הנפש. אט די פאר-בענקטע ראמאנטישע שטרעמונג, וואס האט געפונען אזא שארפן אפקלאנג אין די הערצער פון דער רענעסאנס-תקופה, לאזט זיך שוין פילן אין דעם פאעטישן שאפן פון אונזער לעבנסלוסטיקן דיכטער. צווישן די פריוואלע לצנישע גרימאסן באווייזט זיך פלוצלונג דער שמייכל פון ראמאנטישער איראניע, דער פארחלומטער ציטער פון דעם בענקענדיקן ראמאנטישן גע-פיל. דעם הייסן חסיד פונם גרויסן ראציאנאליסט מיימוני האט אויך שטארק פאראינטערעסירט דאס מיסטישע, די סודות פון דער קבלה... דער עראטישער דיכטער, דער לאכנדיקער „ריטער פון לוסט און ליידנשאפט" (שר צבא החשק) קאן דאך ניט פארגעסן, ווי לייכטזיניק און פארגייִלעך ס'איז די ליבע. און אט צו דעם טרויעריקן און אומפארמיידלעכן סוף קערט זיך דער דיכטער גאנץ אפט אום אין זיינע לידער. אין מאמענטן פון ספקות און חשבון הנפש פילט ער די נישטיקייט פון דער ערדישער ליבע, און קומט צום טרויעריקן געדאנק, אז „די נשמה און די ליידנשאפט זיינען צוויי פיינדלעכע קעגנער, און עס קאן קיין מאל צווישן זיי קיין שלום ניט ווערן" (והנפש והחשק בצרות ואין בינם לעולמים פשרה); חרטה האט דעמאלט זיין הארץ, וואס ער האט „די ליידנשאפט פאר א קיניגין גע-

קרוינט איבער זיינע לידער". „שוין צייט מיין פריינד — ערקלערט טרויע־ריק דער דיכטער — מיר זאָלן די יוגנט־לאָקן מיטן שאַרפן מעסער אָפּ־שניידן, שוין צייט אונזער גייסט צו באַפרייען, וואָס איז אַזוי לאַנג געווען אין קנעכטשאַפט ביי די ערדישע תאוות. אונזער יוגנט איז דאָך שוין לאַנג פאַרביי און אונזער נשמה איז נאָך אַלץ פאַרוואָגלט, פאַרלאָזן. פאַרביי איז די לײדנשאַפט־קראַנקהייט, און ניטאָ מיט וואָס אירע וווּנדן צו היילן"[1].

אין אַזאַ עלעגישן טאָן זיינען געשריבן ניט נאָר עמנואלס רעליגיעזע לידער [2], נאָר אויך אַ געוויסע צאָל וועלטלעכע, אין וועלכע עס רייסט זיך אַפילו אַמאָל דורך דער געשריי פון טרייסטלאָזן יאוש. „ווען ניט די מורא פאַר גאָט — לייענען מיר אין איין געדיכט — אַ סוף וואָלט איך געמאַכט צו מיין לעבן. ווייל ווערטלאָז איז דאָס לעבן, ווען פאַרטריקנט זיינען די קוואַלן פון וויסן, דערנידעריקט זיינען חכמה און פאַרשטאַנד, און נידער־טרעכטיקייט און צביעות זיצן אויבנאָן" [3]. פול מיט האַרציקן טרויער זיינען דעם דיכטערס שיינע עלעגיעס, אין וועלכע ער באַקלאָגט דעם טויט פון זיינע נאָענטע: דעם זון [4], דעם ברודער און דעם שווער [5]... די צאַרטע עלעגישע טענער גייען אָבער ציייטנווייז איבער אין וואָרענענדיק־שטראָפנדיקע, דעם שטילן טרויער פאַרטרייבן די שטורמישע קלאַנגען פון צער און צאָרן. אַזוינע לידער באַגעגענען מיר שוין אין דער ערשטער מאַקאַמע פון עמנואלס „מחברות", ווו דער דיכטער דערציילט וועגן דעם אומרעכט, וואָס אים איז אויף דער עלטער געשען, ווען ער האָט געמוזט פון זיין היים אַנטלויפן. דאָ באַווייזט דער דיכטער די גאַנצע קראַפט פון זיין דיכטונגס־שאַפן. דאָס געזונטע פרייליך־זאָרגלאָזע געלעכטער ווערט אָפּט ביים דיכטער מגולגל אין בייסנדיקער און שטראָפנדיקער סאַטירע. זייער כאַראַקטעריסטיש איז אין דער הינזיכט די שוין פריער דערמאָנטע פּאָעמע „התופת והעדן" (דער גיהנם און דער גן־עדן), וועלכע דער דיכ־

---

1 דאָרטן, 59:

לְכָה, דוֹד, מַחְלְפוֹת יַלְדוּת וְשַׁחֲרוּת נְגַלֵּחַ בְּתַעַר הַשְּׂכִירָה
וְנַפְשֵׁנוּ אֲשֶׁר הָיְתָה לְאָמָה עֲלֵי אֲדָמָה הֲלֹא נִקְרָא דְרוֹרָה.
כְּבָר חָלְפוּ יְמֵי יַלְדוּת וְשַׁחֲרוּת וְנַפְשֵׁנוּ עֲדֶן אָחוֹר וסוּרָה
וְחָדְלָה מַחֲלַת חֵשֶׁק כְּהַיּוֹם וְאֵין מָזוֹר לְרַפְּאוֹת אֶת מְזוֹרָהּ.

2 אייניקע פון זיי, ווי „אלהים נפלו פני" א"אַ, זיינען געדרוקט אין די מחזורים פֿמנהג רומא (זע צונץ, „סינאַגאָגאַלע פּאָעזיע", 311).

3 „מחברות", 108.

4 דאָרטן, סוף 21טע מאַקאַמע, 174.

5 עמנואלס שווער, שמואל, איז געווען אַן אָנגעזעענער גרויסשאַפטלעכער טוער און איז אומגעקומען מיט אַ טראַגישן טויט אין 1322 (זע פאָגעלשטיין אונד ריעגער 1, 308).

טער האָט אָנגעשריבן אין די עלטערע יאָרן (בערך אין 1330) [1]. אמת, אויך אין דער פּאָעמע לאָזט זיך ערטערווייז הערן עמנואלס פרייליך געלעכטער. פול מיט געזונטן הומאָר איז דעם דיכטערס באַשרייבונג, ווי ער קומט אַריין אין גן־עדן און ווי נאָר עס דערזעען אים פון דער ווייטנס די אָבות און די נביאים, מאַכן זיי אים דעם גרויסן ברוך־הבא און אַלע רופן אויס מיט פרייד: „עמנואל קומט, מיר וועלן זיך שוין געניג אָנלאַכן" (וקול נשמע עד למרחוק לאמר: בא עמנואל הנה ועת לשחוק). מיט אַ ערנסט־פרומער מינע, אונטער וועלכער עס איז קונציק פאַרבאָרגן דער סאַרקאַסטישער שמייכל פון דעם פריידענקענדיקן וויצלינג, רעכנט אויס דער דיכטער די „חטאים", פאַר וועלכע מען האָט פאַרמשפּט אין גיהנום אַריין אַזוינע באַרימטע דענקער און געלערנטע, ווי אַפּלטון, אַריסטו, גאַלען און אַנדערע [2]. דער גרונד־טאָן פון עמנואלס פּאָעמע איז אָבער ניט קיין סאַרקאַסטיש־שפּאָטישער, נאָר אַ שטרענג־פנדיק־וואָרענעדיקער; עס הערט זיך ניט דאָס זאָרגלאָזע געלעכטער, נאָר די בייטש פון דער סאַטירע...

אין די די טיפסטע אָפּגרונטן פון גיהנום באַגעגנט דער דיכטער „אַ גאַנצע עדה פון שטאָק־בלינדע", און ער דערקענט זיי גלייך: זיי האָבן דאָך דאָרט אויף דער ערדישער וועלט געגאָלטן אַלס „ראשי אלופי ישראל", אַלס אָנערקענטע פירער פונם פאָלק, וואָס זיינען געשטאַנען אין דער שפּיץ פון די יידישע קהילות. „גרוים איז די זינד פון די דאָזיקע מענטשן, ווייל זיי האָבן געהאַט אויגן און ניט געוואָלט זען, און אינמיטן העלן טאָג געגראַבלט אין דער פינסטער". די גרעסטע יסורים מוזן זיי ליידן, ווייל זיי האָבן ניט געוואָלט זיך רעכענען מיטן גרויסן ווערט פון וויסן און חכמה, געלאַכט און געשפּאָט פון די, וואָס פאַרנעמען זיך מיט וויסנשאַפט און גיבן זיך אָפּ מיט פילאָזאָפישע פּראָבלעמען [3]. אין די נידעריקסטע קאַמערן פון גיהנום פאַרשפּאַרט אויך דער דיכטער די פאַלשע צבועקעס, וואָס האָבן גענאַרט דעם עולם, לפנים געווען פרום און גאָטספאָרכטיק און געגאָלטן אַלס „גדולי הדור", און באַהאַלטענערהייט געטאָן די נידערטרעכטיקסטע מעשים [4]. צוזאַמען מיט זיי געפינט ער דאָרט אויך זייער פיל געזעלשאַפטלעכע טוער, וואָס האָבן מיט אַלע מיני רמאות זיך דערשלאָגן צו

[1] וועגן דעם פאַרגלייך פון עמנואלס פּאָעמע מיט דאַנטעס גאוניש ווערק, וואָס ס'האָט דעם יידישן דיכטער געדינט אַלס מוסטער, זע פר. דעליטש, צוויי קליינע דאַנטע־שטודיען, אין „צייטשר. פ. קירכ. וויסנשאַפט", 1888, ז' 51.

[2] „מחברות", 221.

[3] דאָרטן, 223, 224.

[4] דאָרטן, 225, 226.

מאַכט און כבוד, האָבן אונטערדריקט דאָס פאָלק און פיינט געהאַט דעם אָרעמען מענטשן, „ווי אַ מוסלמענער האָט פיינט חזיר און די שיינע פרויען דעם אַסקעט" (שנאת הישמעאלים את החזירים ובנות החן את הנזירים).

שטאָלץ איז דער דיכטער דורכן באַוווסטזיין, אַז ער איז די „רוט פון שטראָף", אַז גרויס איז די שטראָפנדיקע מאַכט פון דער דיכטקונסט. ער האָפט, אַז די בייטש פון זיין סאַטירע וועט איר ציל דערגרייכן, אַז „טיף אין די הערצער וועלן זיין איינגעקריצט זיינע ווערטער און ער וועט ניט זיין קיין זינגער פאַר טויטע, און קיין פרעדיקער פאַר שטיינערנע צלמים" [1].

ווי אינם אינהאַלט, אַזוי אויך אין דער פאָרם פון עמנואלס שאַפן, פילט זיך די השפעה פון צוויי פאַרשיידענע קולטורן. די אַראַבישע „גאַזעלן" מיט זייערע איינאַרמיקע ריימען געפינען זיך ביי עמנואלן אין שכנות מיט סאָנעטן מיט זייערע קונציק געפלאָכטענע פערזן. אין זיינע מאַקאַמען, וואָס זיינען געבויט לויט דעם אַראַבישן מוסטער, געפינען זיך קליינע ערציילונגען, וואָס דערמאָנען אַזוי שטאַרק די באַליבטסטע אין דער רענעסאַנס-תקופה ליטעראַרישע פאָרם — די איטאַליענישע נאָוועלע, וועלכע האָט באַלד נאָך עמנואלן דערגרייכט איר גרעסטן גלאַנץ — אין דזשאָוואַני באָקאַטשיאָס „דעקאַמעראָן". אַלס מייסטער פון פּאָעטישער פראָזע האָט עמנואל קיין גלייכן ניט אין דער גאַנצער מיטלאַלטערלעכער העברעישער ליטעראַטור. דער מוסיוו-סטיל [2] דערגרייכט ביי אים די העכסטע שטופע פון שלמות. פיל עמנואלס וויצן און גלייכווערטלעך זיינען אַריין אין דעם אוצר פון דער פאָלקס-שפּראַך און אויף אַזאַ אופן געוואָרן פאָלקס-אייגנטום [3].

עמנואל גופא שטרייכט אונטער מיט שטאָלץ דעם באַדייט פון זיין פּאָעטישן שאַפן. ער ערקלערט זיך אַלס „פירשט צווישן די דיכטער" (שר המשוררים), פאַר וועמען „אַלע זינגער פאַלן כורעים און עס בוקן זיך די. וואָס טרוימען וועגן קונסט", ווייל ער „באַזיצט דעם גרויסן סוד פון דיכט-

---

[1] דאָרטן, 234 : „ויהיו דברי על לוח לבותם נרשמים, ולא אהיה כמנגן אל המתים וכצועק אל הצלמים".

[2] וועגן מוסיוו-סטיל, זע דעם ערשטן טייל, ז' 248—252.

[3] למשל, דאָס באַקאַנטע פאָלקס-ווערטל : אחרי מות קדושים אמור (נאָכן טויט ווערט מען אַ קדוש), איז אויך עמנואלס אַ וויץ, ווו ער האָט אַזוי קונציק אויסגענוצט די נעמען פון די דריי סדרות, וואָס גייען זומערצייט איינע נאָך דער אַנדערער.

קינסט און באַשאַפט וווּנדער נאָך ניט געזעענע און ניט געהערטע"[1].
אינם דיכטער לעבט די שיינע האָפענונג, אַז אים וועלן געדענקען די קומענ־
דיקע דורות און פאַר גאַנצע פעלקער וועט שיינען דער גלאַנץ פון זיינע
לידער[2]. זיכער איז ביי זיך דער דיכטער, אַז „ער וועט שטאַרבן, נאָר ניט
שטאַרבן וועלן זיינע ווערק"[3]. אַז „וועמען ער שילט — דער איז פאַר־
שאָלטן אויף אייביק, און געבענטשט איז דער, וועמען ער, דער דיכטער,
גיט די ברכה"[4].

דעם דיכטערס האָפענונג איז אָבער ניט אינגאַנצן מקויים געוואָרן.
אמת, „ניט געשטאָרבן זיינען זיינע ווערק", דאָך האָבן זיינע „מחברות",
וואָס פאַרנעמען אַזאַ בכבודיקן אָרט אין דער העברעישער מיטלאַלטער־
לעכער פּאָעזיע, געהאַט אַ גאַנץ קנאַפּע השפּעה אויף די קומענדיקע דורות.
צוליב פינסטערער און מרה־שחורהדיקער איז געוואָרן אויף דער יידישער
גאַס, און עמנואלס פרייליכע, פאַרשייט־לאַכנדיקע מוזע האָט אויסגעזען
אַזוי פרעמד, אַזוי חוצפּיש־אויסגעלאַסן... שוין אינם סוף פונם 14טן יאָר־
הונדערט האָט דער געבילדעטער רב און דיכטער משה ריעטי ערקלערט
עמנואלס פּאָעזיע פאַר ניט קיין אָנשטענדיקע[5]; און דער בעל „שולחן
ערוך", דער באַרימטער „פּוסק" יוסף קארו, האָט געפּסקנט, אַז ס'איז
אסור צו לייענען עמנואלס לידער סיי אום שבת סיי אין דער וואָכן,
„משום מושב לצים"[6]. און דעם „שולחן ערוכס" פאַרבאָט האָט גע־
גאָלטן הונדערטער יאָרן; עמנואלס „מחברות" האָט מען געהאַלטן פאַר אַ
זינד אין די הענט צו נעמען. איידער יוסף קארו איז אַרוים מיט זיין פאַר־
באָט, זיינען עמנואלס לידער צוויי מאָל געוועזן געדרוקט[7]. נאָר שוין דע־

---

1 דאָרטן, ז' 18:
לִי יִקְּדוּ שָׂרִים וְלִי יִכְרְעוּ, עַל פִּי הַמְּלִיצִים יַחֲנוּ יִסָּעוּ,
אָתִי בְּסוֹד שִׁירִים חֲדָשׁוֹת נִפְלָאוּ לֹא נִבְרְאוּ מֵאָז וְלֹא נִשְׁמָעוּ.

2 דאָרטן, מאַקאַמע XVIII, 138:
הִנְנִי לְדוֹר פִּרְצָם אֶגְדּוֹר אֶהְיֶה לָהֶם רֹאשׁ וּמְשִׁיחָם,
יֵלְכוּ גּוֹיִם אֶל אוֹר שִׁירַי וּמְלָכִים אֶל נוֹגַהּ זַרְחָם.

3 דאָרטן, 9: „אם אמות לא ימותו ספרי".

4 דאָרטן, 172, 179.

5 „מקדש מעט", 106a.

6 אורח חיים, הלכות שבת, קאַפּ' 307, סעיף 16.

7 זע ביילאַגן, נומ' 7.

מאָלט האָט אַפילו אַזאַ געבילדעטער פאַרלעגער, ווי גרשום שונצינו[1], אויך שוין געפונען פאַר נייטיק אויסצושטרייכן געוויסע פערזן ביי עמנואלן, וועלכע האָבן אים אויסגעוויזן צו אַפיקורסיש. אין איינעם פון די צוויי עקזעמפּלאַרן אויפן שונציניום זייער זעלטענע אויסגאַבע, וועלכע געפינען זיך אין לעניגראַדער אַזיאַטישן מוזיי, האָט עמעצער פון יענער צייט צוגעשריבן (ווי עס שיינט אויף אַ האַנטשריפטלעכן עקזעמפּלאַר) אייניקע פון אַזעלכע פערזן, וואָס דער גאָטספאָרכטיקער דרוקער האָט זיי אַרויסגעוואָרפן. אין דער פערטער מאַקאַמע, למשל[2], רופט אויס דער „שר", אַנטציקט פון עמנואלס מייסטערשאַפט: „דיינע לידער זיינען געגליכן צו די שירות, וואָס מען האָט אין בית-המקדש געזונגען, די לידער פון אַנדערע — זיינען בלויז דאָס געזאַנג פאַר דעם אָפּגאָט בעל"[3].

נאָך דער קאָנסטאַנטינאָפּאָלער אויסגאַבע (1535) האָט מען די פון דעם „שולחן ערוך" פאַרבאָטענע „מחברות" מער ניט איבערגעדרוקט ביזן סוף פונעם 18 יאָרהונדערט[4], ווען די דערוואַכטע השכלה-באַוועגונג האָט מיט אירע נייע שטרעמונגען און פאָדערונגען באַנייט אויך דעם אינטערעס צו דעם פרייעלעכן דיכטער פון דער רענעסאַנס-תקופה. איין אויסנאַם איז געמאַכט געוואָרן נאָר פאַר עמנואלס לעצטע ווערק, פאַר זיין פּאָעמע „התופת והעדן". מען האָט זי מערערע מאָל איבערגעדרוקט, זי

---

[1] מער באַריכות וועגן דער באַרימטער פאַרלעגער-פאַמיליע שונצינו, זע: Д. Хвольсон, Евр. старопеч. книги, 8—11, אויך פרימאַן אין „צייטשריפט פ. העבר. ביבליאָגראַפיע", IX, 22.

[2] אין סוף פונעם ליד „ראה, יפעתך לא פללו".

[3] ושיריך כשירי בית אלהים — ושיר זולתך בך שיר בעלים. אין דעם זעלבן עקזעמפּלאַר איז מיט דער אייגענער אַלטער האַנטשריפט אויסגעבעסערט דער ערשטער פערז פונעם ליד „מיודעי שאלוני" (אין דער לעמבערגער אויסגאַבע, ז' 2). אין דער ערשטער און אין דער לעמבערגער אויסגאַבע לייענט זיך דער דאָזיקער פערז: „מיודעי שאלוני עלי מת גברתך ממשך את ומורט"; אין דער קאָנסטאַנטינאָפּאָלער: „מיודעי שאלוני עלי מה גביר תהיה ממשך אף ממורט". דער ריכטיקער אויסגעבעסערטער טעקסט איז אָבער: „מיודעי שאלוני עלי מה גאון עוזך ממשך אף ממורט".

[4] אין בערלין אינעם יאָר 1796. אַלע אויסגאַבן ליידן פון איין און דעם זעלבן חסרון: דער טעקסט איז שטאַרק פאַרגרייזט. אין 1926 איז דער באַקאַנטער געלערנטער חיים בראָדי צוגעטראָטן צו אַ וויסנשאַפטלעכער אויסגאַבע פון עמנואלס „מחברות", באַנוצנדיק זיך דערביי ניט נאָר מיט די עלטערע געדרוקטע אויסגאַבן, נאָר אויך מיט צוויי מאַנוסקריפּטן. דערווייל זיינען פון דער דאָזיקער נייער אויסגאַבע ערשינען בלויז די ערשטע אַכט מאַקאַמען (בערלין, 1926). מיר האָבן לײדער ניט געהאַט די מעגלעכקייט זיך צו באַקענען מיט דער דאָזיקער אויסגאַבע.

אויך איבערגעמאַכט אין יידיש [1] אַלס מוסר-מעשה, ווו דער פרייליעכער „רימער פון לוסט און ליידנשאַפט" ווערט מגולגל אין אַ גרויסן צדיק און געטליכן מאַן ר' עמנואל, דעם כהן גדול ר' ישמעלס אַ זון [2].



1 גן-עדן וגיהנום. מיר האָבן געזען די אויסגאַבע פון 1782. עס זיינען פאַראַן נאָך פיל אַנדערע.

2 מער באריכות וועגן דער אייגנאַרטיקער מוסר-מעשה זע אונזער אַרטיקל אין 3טן באַנד „פילאָלאָגישע שריפטן".

# זעקסטער קאַפּיטל.

די „רוימישע דיכטער". — יהודה ציציליאַנו און יואבן דער דיכטער נחום און זיין שאַפן. — קלונימוס בר קלונימוס אַלס איבערזעצער; זיין פּאַראָדיע „מסכת פורים" און סאַטירע „אבן בוחן". — דער עפּאָס „אגרת בעלי חיים". — יהודה ראָמאַנו אַלס קולטור-טרעגער און אויפקלערער.

עמנואל איז נים געווען איינער אויפן געביט פון יידישער דיכטונג אין איטאַליע ער דערמאָנט זייער אָפט אין זיינע ווערק די „משוררי-הזמן" (די דיכטער פון זיין צייט), רעדט וועגן די „מליצי רומי" (די רוימישע זינגער), און וועגן די לידער, וואָס די רוימישע געלערנטע האָבן געשאַפן (שירי חכמי רומי) [1]. דער באַדייטנדסטער, ווי עס שיינט, איז געווען צווישן זיי יהודה ציציליאַנו. עמנואל, וואָס האָט מיט אַזאַ גדלות גערעדט וועגן זיין אייגענעם טאַלאַנט, איז אַזוי נתפּעל געוואָרן פון דעם יונגן ציציליאַנוס לידער, אַז ער האָט אָפן ערקלערט, אַז ער קאָן זיך ניט גלייכן מיט זיין יונגן חבר, און טרעט אים אָפּ די בכורה [2]. ווי יהודה הלוי און משה אבן עזרא האָבן בשעתם קאָרעספּאָנדירט מיט אַנאַנדער דורך שירים און לויבגעזאַנגען, אַזוי האָבן אויך די איטאַליענישע צוויי דיכטער, עמנואל און ציציליאַנו, געשריבן איינער דעם אַנדערן בריוו אין פערזן. פון דער דאָזיקער קאָרעספּאָנדענץ זיינען אָבער דערגאַנגען צו אונז בלויז פיר לידער, וואָס עמנואל האָט געשיקט זיין יונגן חבר [3].

לויט עמנואלס מיטטיילונג האָט ציציליאַנו זייער אָרעם געלעבט; די גאַנצע חיונה האָט ער געהאַט דערפון, וואָס ער פלעגט לערנען יונגע לייט די טעכניק צו שרייבן שירים [4]. מען פלעגט אויך ביי אים באַשטעלן,

---

1 „מחברות", אָנפאַנג מאַקאַמע VI און אין אַנדערע ערטער.

2 דאָרטן, מאַקאַמע XIII:

תְּמוֹל כָּל חֵיל לְשִׁירוֹתַי יְיַחֵל, וְהַיּוֹם אֵין אֲשֶׁר יִדְרוֹשׁ שְׁלוֹמָם;

וְמֵיבֵי הָפְכוּ כַּיּוֹם וְגַם יַד יְהוּדָה הָיְתָה בָּהֶם לְהֻמָּם.

3 „מחברות", מאַקאַמע XIII.

4 דאָרטן, ז' 101: „וסבת היותו מהיר במלאכת השירים, הוא היות משתכר ללמדה לנערים, לא עשה מלאכה אחרת מעודו. ולכן במלאכת השיר גברה ידו".

פאַר אַ באַשטימטן געצאָלט, לידער ביי געוויסע פייערלעכע אַנגעלעגנהייטן. נאָר פון אַלץ, וואָס דער אָרעמער דיכטער האָט געשריבן, איז בלויז אויפֿגעהיט געוואָרן אַ ווערטערבוך פון גראַמען „ערמת החיטים״[1]. ציציליאַנו האָט ניט געהאַט אַזאַ מזל ווי עמנואל, ער האָט ניט געפונען קיין מעצענאַט, וואָס זאָל זאָרגן פאַר זיין דיכטעריש שאַפן, און אַלע לידער, וואָס דער נויטליידנדיקער דיכטער פלעגט צעשענקען און פאַרקויפן פאַר קליינגעלט, בכדי פון הונגער ניט שטאַרבן, זיינען פאַרלאָרן געגאַנגען, עס איז פון זיי קיין זכר ניט געבליבן.

מער גליק האָט שוין געהאַט אַ צווייטער דיכטער פון יענער צייט — אַ מיטגליד פון אַן אָנגעזעענער רוימישער פאַמיליע — יואב. העכסט וואַרשיינלעך איז דער דאָזיקער יונגערער בן־דור פון עמנואלן דער זעלבער דיכטער יואב בן יחיאל, וואָס פילע פון זיינע רעליגיעזע דיכטונגען געפינען זיך אין מחזור מנהג רומא[2]. דער דיכטער יואב האָט זיך אין פערזענלעכן אומגאַנג געהאַלטן צו שטאָלץ און אויפגעבלאָזן, און ער האָט דערמיט שטאַרק אויפגעבראַכט עמנואלן; יענער איז דאָס דערפאַר אַרויסגעטראָטן קעגן אים מיט דער גאַנצער מאַכט פון זיין סאַרקאַסטישן וויץ („מחברות״, מאַקאַמע VIII, 66—70). מעגלעך, אַז עמנואל איז גערעכט, ווען ער וואַרפט יואבן פאָר, אַז יענער איז אומוויסנד אין נאַטורוויסנשאַפטן און אַנדערע חכמות; איינס איז אָבער זיכער: יואב איז געווען אַ באַגאַבטער דיכטער, וואָס האָט מיט זיין פּאָעטישער נשמה געפילט די נאַטור אַלס אַ פילפאַרביקע, לעבעדיק־דופטנדיקע געטלעכע אָפּגבאַרונג, אַלס אַ ווונדערלעכע אַנטפלעקונג פון גאָטס אומשטאַרבלעכער מאַכט און פראַכט. אונזער פראָזאַישע איבערזעצונג קאָן, נאַטירלעך, געבן בלויז אַ קנאַפן באַגריף וועגן דער שיינקייט פון יואבס באַקאַנטן רעליגיעזן ליד „יום יום יחידתי״:

„יעדן טאָג, מיין איינציקע *, טו ציטערן און בעטן! יעדן פרימאָרגן גיס אויס דיין געוויין פאַר דעם, וועמען עס טוען ווי אַ מאַנטל אַרומהילן די גלאַנץ, די מאַכט, די מאַיעסטעטישע פראַכט. מיך מאַכן ציטערן און שטוינען זיינע וווּנדערבאַרע מעשים. מיט אים זיינען פול אַלע גרעניצן און וועלטן, ווי אַ מעכטיקער וואָלקן איז שוואַנגער מיט געבענטשטן רעגן, וואָס באַפרוכפערט די לעבנדיקע ערדן־טראַכט, און באַדעקט די וויסטעניש מיט פילפאַרביקן טעפעך פון שווערע גאָלדענע זאַנגען. ער טריפט באַלזאַם־

---

1 געפינט זיך אַלס מאַנוסקריפט אין אָקספאָרדער ביבליאָטעק.

2 זע צונץ, „ליטעראַטורגעשיכטע״, 501.

* ד״ה די נשמה.

אייל אויף די טיפסטע ווונדן, ער היילט און מאַכט פאַרגעסן די גרעסטע ליידן און ווייען...

„ער טוט באַפעלן — און אַלע שטערן באַצירן שנעל דאָס געוועלב פון הימל, ווי צאַרטע בלומען אויף די וויזן בליען, ווי אַן אויפגעשראָקענע מחנה וואַנדער־פייגל, וואָס אויף די פעלדער צוויטשערן. נאַכטיקע וואַנדערער, וועקט זיי אויף מיט שרעק דער ערשטער זונען־שטראַל, און הכנעהדיק קניען זיי און בוקן פאַר דעם, ווער ס'האָט געשפּאַנט די הימלען און די ערד, ווער עס צערייסט ווי שפּינוועבס די הימלישע געוועלבן און מאַכט ציטערן די טיפסטע אָפּגרונטן אין זייער גרעסטן שטורעם...

„אַליין פון קיינעם ניט באַשאַפן, און פון אַלעמען דער באַשעפער, אַליין אָן פאָרכט און פחד — און די שטאַרקסטע מאַכט ער ציטערן. ווו איז די מאַכט און קראַפט, וואָס קאָן קעמפן קעגן דיר? ווו איז דער וועג און שטעג, וואָס בלייבט פאַר דיר פאַרבאָרגן? שטיי איך פאַר, דיר מיט מיין ביטער געמיט; איך בעט רחמים ביי דיר, פאַרגיב מיר מיין שולד, זיי מיר מוחל מיין אומגליק, מיין שאַנד, מיין זינדיקעם טאָן. דערפריי מיין האַרץ מיט דער ליכטיקער בשורה: פאַרגעבן איז מיין זינד! דו גרויסער, דו אַלמעכטיקער, וואָס שטראָפט און פאַרגיט, און פאַרוואַנדלט מיטליידפול דעם טאָג פון טרויער אין דעם טאָג פון פרייד...”

נאָך באַגאַבטער ווי יואב איז געווען אַן אַנדער דיכטער, וואָס האָט געלעבט, ווי מען איז זיך משער, אין יענער צייט, אַ דיכטער, וואָס איז כמעט ווי אַ נעלם. מיר ווייסן ניט קיין שום פּרטים פון זיין לעבן, ווייסן ניט ווער ער איז געווען, אין וואָסער לאַנד ער האָט געלעבט; בלויז זיין נאָמען — נחום, איז באַקאַנט, און דאָס אַדאַנק זיינע לידער, אין וועלכע דער דאָזיקער נאָמען איז איינגעפלאָכטן. מ. זאַקס רעכנט אים צווישן די שפּאַנישע דיכטער, אַנדערע געפינען, אַז אין די לידער פון דעם דאָזיקן אומבאַקאַנטן דיכטער פילט זיך דער אָטעם פון דער רענעסאַנס־תקופה. אויך מיר זיינען דערמיט מסכים און דערמאָנען אים דערפאַר צווישן די „מליצי רומי”, צווישן עמנואלס צייט־חברים [1]. זייער קליין אין פאַרנעם איז נחומס פּאָעטישע ירושה. בלויז זעקס דיכטונגען זיינען דערגאַנגען צו אונז, וואָס טראָגן זיין נאָמען [2]. דאָך זאָגן אָט די געציילטע לידער עדות, אַז מיר האָבן פאַר זיך אַן אמתן דיכטער, מיט אַ שטאַרקן זאַפטיקן טאַ־

---

1 העכסט וואַרשיינלעך איז נחום געווען עלטער פון עמנואלן, ווייל אין דער אַדאַנק אירע קונסט־מיניאַטורן באַרימטער סאַראַיעוואָער האַנטשריפטלעכער הגדה, וואָס איז געשריבן ניט שפּעטער ווי אין דער ערשטער העלפט XIV יאָרהונדערט, געפינען זיך שוין צוויי פּיוטים פון אונזער דיכטער.

2 צונץ, „ליטעראַטורגעשיכטע”, 492.

לאַנט. אונזער פראַזאַישע איבערזעצונג פון זיינע צוויי לידער זיינען נאָטיר-
לעך ניט אימשטאַנד צו געבן אַ קלאָרן באַגריף וועגן דער אייגנאַרטיקער
שיינקייט פון דער דאָזיקער צאַרטער צניעות-גראַציעזער מוזע.

# I.

„פאַרבײַ איז דער ווינטער, מיט אים אויך דער טרויער פאַרבײַ!
עס באַדעקן מיט צווײַגן זיך די ביימער, מיט פרייד טוט מײַן האַרץ אויך
אויפבליען. ווי דופטן די גאַרדן, זייער ריח מאַכט באַטרינקען, מײַן בליע-
דיקער גאָרטן טוט לאַכן און יויכצן, פול זײַנען די הערצער מיט פרייד
און מיט גליק...

„מײַן ליבער, מײַן שיינער, דו האָסט מיך פאַרלאָזן! געגנוג שוין צו
וואַנדערן, קער אום אין מײַן היים; איבערפול איז מײַן בעכער, מײַן זאַפט
און מײַן ווײַן זיי וואַרטן אויף דיר...

„שנעל פאַרגייט דער ווײַ און קומער, ווען די בייטן די גרינע אומ-
צירן די מירטן מיט זייער דופטיקן קראַנץ. פאַר דעם פאַרבישופטן שפּיל
פון דער פאַרבן-פּראַכט טוען אומעט און שמאַרץ שנעל פאַרשווינדן.

„גאַנצע טורעמס פון דופטיקע צווײַגן און בלומען טריפן בשמים
און געווירצן אויף מיר; איך בין געפאַנגען, איך בין אין גרינעם געפענגע-
ניש — מיך האָבן די געדיכטע צווײַגן פונם נוסבוים פאַרצוימט. און רונד
אַרום פון אַלע ביימער הויכט מיט דופט און שמעקעדיקן שאָטן. לינקס
שימערירן די קאַסיא-ביימער, רעכטס טוען די אַלאָען בליען...

„ווי קונציק, ווי געשליפן שיין איז יעדער קעלך — דער בלומענ-
בעכער! און פול איז דער בעכער, ער פינקלט, ער גליצערט מיט באַרוישנ-
דיקן זאַפט — אין אים וועל איך מײַן צער דערטרינקען, דעם טרויער, וואָס
נאָגט אין מײַן האַרצן....

„וווּ איז ער, מײַן היים געליבטער, וואָס האָט גערוט בײַ מײַנע
ברוסטן! ער האָט מײַן געצעלט פאַרלאָזן, אין פרעמדע וועלדער טוט ער
בלאָנדזשען. אָ, קום צוריק צו דײַן געליבטער, רוען וועסטו אין אירע
אָרעמס, אײַנגעוויגט פון אירע לידער...

„מײַן געווינטשטער, מײַן ליבער! ווי אַ פלאַמענדיקער פאַקל באַשײַן
מיר מײַן וועג! דו פרוב מײַן געזאַלבטער! אין מײַן טיפער פינסטערניש
זײַ מײַן מאָרגנשטערן, מײַן ליכטיקער קאַיאָר!!"[1].

---

[1] דאָס ליד „הסתיו ארה, ארח מעצבי".

## II.

,,נאַרד און קראָקוס בליען אין מײַן גאָרטן. די דערנער זײַ זײַנען פאַרוועלקט און פאַרדאַרט, און דאָרט וװ דער זילבערנער קוואַל טוט פליסן, שימערידט די העל=גרינגע מירט. אָפּגעוואָרפן האָבן אַלע בײמער דעם אָבלדיקן מאַנטל, און גליקלעך לאַכן זײ אין זײערע דופּטיקע קלײדער. ווי עס יובלט אַלץ ארום: עס גורם די טורטלטויב און די לאַרך צווימשערט, יעדער אויף זײַן שמײגער; ווער אויף צאַרט שטילע טענער, ווער מיט הילכיקן טרילער — אַלע גיסן זיך צוגויף אין איין קאַפּעליע, אין איין שטורמיש פרייד=געזאַנג — אַ לויב און דאַנק=געזאַנג דעם מעכטיקן באַשעפער!..

,,זעט ווי די רויזן=בײמן האָבן זיך אין פּורפּור אויסגעפּוצט, די גראַנאַט=בײמער שײַנען מיט זײערע ראָז=ווײסע בליטן. און דאָס ראָז=הײסע געלעכטער דערפרײט אַלע מענטשן=הערצער, געפינט אַ הילכיקן אָפּקלאַנג בײַ די, וואָס וואַכן מונטער, און אויך בײַ די, וואָס טרוימען אין זיסן דרעמל...

,,אָט האָט דאָס פאַרנאַכטיקע ווינטל אַ ווײע געטאָן — און פון אַלע קוסטעס, פון אַלע בלומען טוט טריפן מיט טל, מיט טל, וואָס דערפרישט ווי באַלזאַם די אין אַרבעט פאַרהאָרעוועטע, מאַכט פאַרגעסן אָן נויט און פּײַן...

,,דאָרט, אין עק מזרח, ווערט ליכטיק און העל — מײַן גאָלדענע זון האָט אירע ערשטע שטראַלן געשיקט. אין מײַן גאָרטן דעם גרינעם האָבן זיך נײע שפּראָצן באַוויזן, און אין די אויערן קלינגט די בשורה: אויך דודס שפּראָץ [1] פאַנגט אָן צו בליען... דערזען האָט מײַן פרײַנד, ווי גויים מײנע לײדן, זײַן פאַרלאָזענער הײם האָט ער מיטלײד געשענקט. עס קומט דער טאָג פון דער ליכטיקער גאולה, ער ברענגט באַפרײונג פאַר די, וואָס האָבן אין קײטן געשמאַכט און שטענדיק געהאָפט און געוואַרט..." [2].

אַ באַזונדערן אָרט פאַרנעמט צווישן די ,,מליצי רומי" פון עמנואלס דור קלונימוס בן קלונימוס, וואָס איז אין דער קריסטלעכער וועלט באַקאַנט אונטערן נאָמען Maestro Calo. ער איז ניט קײן איטאַליענער פון געבורט; שטאַמט אויס דער אַלטער פּראָוואַנסאַלער שטאָט אַרל פון אַ זײער אָנגעזעענער פאַמיליע, וועלכע פירט איר יחוס אויס דער משפּחה קלונימוס, וואָס איז אין מלך קאַרלס צײַטן איבערגעפאָרן פון דער איטאַל=

1 דודס שפּראָץ — דאָס איז משיח, דער גואל.

2 גאולה לשמיני עצרת „נרד וכרכום צץ בגני".

יענישער שטאָט לוקאַ אין די ריינישע שטעט [1]. דער יונגער קלונימוס [2] האָט באַקומען אַ פילזייטיקע דערציִונג: חוץ תלמודישע ליטעראַטור האָט ער פלייסיק שטודירט מעדיצין און פילאָזאָפיע און גרינגלעך זיך באַקענט מיט דער אַראַבישער און לאַטיינישער שפּראַך. פונם צוואַנציקסטן יאָר אָן הייבט זיך אָן זיין וויסנשאַפטלעכע טעטיקייט. זיין אויפגאַבע איז — נעענטער באַקענען די קריסטלעכע און יידישע וועלט מיט די וויסנשאַפטלעכע אוצרות פון דער אַראַבישער קולטור, און אין משך פון גאַנצע צוואַנציק יאָר איבערזעצט ער מיט אומדערמידלעכן פלייס פילע וויסנשאַפטלעכע אַראַבישע ווערק אויף העברעיִש און לאַטיין. אין אַוויניאָן, וווּ ער האָט זיך באַזעצט אין יאָר 1314, האָט ער זיך באַקענט מיט דעם וויסנבאַגיריקן קיניג קאַרל פון אַנזשו, און יענער האָט אים געשיקט קיין רוים צוליב וויסנשאַפטלעכע צוועקן. דאָרט איז ער באַלד געוואָרן אַ באַליבטער מיטגליד פון די אָרטיקע פילאָזאָפישע קרייזן און זיך באַפריינדעט מיט עמנואלן. דער דיכטער האָט אין באַגייסטערטע לידער באַזונגען די מעלות פון זיין פּראָוואַנסאַלישן פריינד, האָט ערקלערט קלונימוסן פאַרן „קיניג צווישן די איבערזעצער" און פאַר דעם גרעסטן סטיליסט פון זיין צייט [3]. און אַז קלונימוס האָט אויס פאַמיליע-אָנגעלעגנהייטן געמוזט פאַרלאָזן רוים און זיך צוריקקערן אין זיין היים, האָט עמנואל געשיקט אַ בריוו דעם ראש פון דער קהילה אין ארל, וווּ ער זאָגט אַרויס אין זיין אייגענעם נאָמען און אין נאָמען פון דער גאַנצער רוימישער קהילה דאָס טיפע

---

1 זע פריער ז' 10.

2 קלונימוס איז געבוירן אין 1286, ווי עס איז זיך לייכט משער צו זיין פון אייניקע זיינע באַמערקונגען. צום סוף פון איינער זיינער איבערזעצונג, וועלכע ער האָט פאַרענדיקט אינם ערשטן אַפּריל 1308, ווייזט קלונימוס אָן, אַז אים גייט דאָס צוויי-און-צוואַנציקסטע יאָר (זע שטיינשניידער, העבר. איבערז., 653; Les ecr. juifs fr 419). אין פירקאָוויטשעס ערשטער קאָלעקציע געפינט זיך אונטער נומ' 424 אַ מאַנוסקריפּט פון אבן רשדס ווערק (ביאור השמע הטבעי) אין קלונימוסעס איבערזעצונג, וואָס יענער האָט פאַרענדיקט אין דער שטאָט אַרל אין 1316, און דאָרט ווייזט קלונימוס אָן, אַז ער איז אַלט „דאָס דרייסיקסטע יאָר": „נשלמה העתקת ביאור השמע הטבעי לחכם אבן רשד בי"ט אלול בשנת ע"ו דפרט והעתקתיו אני קלונימוס בר' קלונימוס בר' מאיר בעיר ארלד בהגיעי לשנת השלשים" (זע אויך וועגן דעם: „צייטשריפט פ. העבר. ביבל.", XII, 152). אויס דעם פּאָלעמישן ווערק, מיט וועלכן קלונימוס איז אַרויסגעטראָטן קעגן יוסף אבן כספּי (פאַרעפנטלעכט דורך פערלעס אין 1879), זעט מען, אַז דער יונגער קלונימוס האָט זיך ערצויגן אין שאַלון, און זיינע לערער זיינען געווען משה דבאַלקאַרי און סען אַסטרוק.

3 „מחברות", XVIII, ז' 184:

לו ראית אותו מעתיק ספרי בין ובידו קולמוס
אז ראית קהלת וישעיה, אז ראית עמוס.

באַדויערן, וואָס זיי מוזן זיך צעשיידן מיט אַ מאַן פון אַזאַ פּילזייטיקן וויסן און אויסערגעוויינלעכן אײדעלן כאַראַקטער [1].

די יאָרן, וואָס קלונימוס האָט פאַרבראַכט אין רוים, האָבן געהאַט אַ גרויסע השפּעה אויף זיין גאַנץ גייסטיק שאַפן. זייער באַגאַבט און פיל מיט שפּראָצנדיקן וויץ, האָט קלונימוס געגומען אַ נאָענטן אָנטייל ניט בלויז אינם גייסטיקן לעבן פון דער רוימישער קהילה, נאָר אויך אינם רעשדיקן לוסטיקן אַלטעגלעכן לעבן פון דער אַלטער וועלט-שטאָט. וועגן דעם זאָגט עדות זיין גלענצנדע פּורים-פּאַראָדיע „מסכת פורים”. פריער, ווען ער האָט נאָך געלעבט אין דער פּראָווינס, האָט ער אין זיין וויכוח מיט אבן-כספּי יענעם פאַרגעוואָרפן אַלס פאַרברעכן, וואָס ער האָט זיך דערלויבט צו דערמאָנען ניט מיט דעם געהעריקן רעספּעקט איינע פון אונזערע „אמהות” די מוטער רבקה. איצט אָבער, נאָכדעם ווי קלונימוס האָט פאַרבראַכט אַ צייט אין דעם „זינדיקן” רוים, ערלויבט ער זיך אַליין צו שרייבן אַ וויציקע פּאַראָדיע אינם סטיל פון די הייליקע ספרים — פונם תלמוד און מדרש [2]. פיל שפּיציקע פייַלן און שפּאָטישע באַמערקונגען זיינען אין קלונימוסעס סאַטירע געצילט קעגן באַוווסטע מיטגלידער פון דער רוימישער קהילה [3]. נאָר העכער פון אַלץ הערט זיך דאָס הילכיקע פרייַלעכע געלעכטער פון דעם גוטמוטיקן לץ מיט זיינע וויציקע קונדייסישע אָנשטעלן. דער גייסט פון דעם יונגן איטאַליענישן רענעסאַנס פילט זיך זייער שטאַרק אין דער דאָזיקער לעבנסלוסטיקער פּאַראָדיע, וו עס ווערן געגעבן די גענויסטע ידיעות וועגן רוישיקע, יומטובדיקע סעודות און רייכע מאָלצייטן מיט די פיינסטע שפּייזן און טייערסטע ווייגען [4].

1 דאָרטן, ז׳ 184—185.

2 גאַנץ אינם נוסח פון פרקי אבות שרייבט קלונימוס: „הבקבוק קבל תורה מכרמי, ומסרה לנח ונח ללוט; לוט לאחי יוסף ואחי יוסף לנבל הכרמלי, ונבל הכרמלי לבן הדד ובן הדד לבלשצר ובלשצר לאחשורוש, ואחשורש לרב ביבי. בימי רב ביבי נתמעטו הלבבות וראו שהיתה נקלה להשתכח תורה מישראל...”

3 דעם גרעסטן חלק באַקומט דאָרט איינער פון די פרנסים און זיין פרוי, וועלכע ער רופט מיט דעם צווייַדייטיקן נאָמען „קרדינלית”.

4 קלונימוסעס פרייַלעכע סאַטירע האָט אין שפּעטערדיקע צייטן אַרויסגערופן פיל אומצופרידנקייט ביי די פרומע רבנים, דערפאַר, וואָס אין איר ווערט פּאַראָדירט דער סטיל פונם תלמוד. דער בייזער קנאי שמואל אבוהב האָט אין זיינע „שאלות-תשובות” (נומ׳ 193) אַרויסגעזאָגט דעם ווונטש, אַז מען זאָל דאָס דאָזיקע „פּרעפּלערישע” בוך פאַרטיליגן, און דער דאָזיקער ווונטש איז אין אַ געווויסן זין מקויים געוואָרן. פילע עקזעמפּלאַרן פון קלונימוסעס „מסכת פורים” האָט מען איינציקווייז פאַרברענט, און עקזעמפּלאַרן פון דער ערשטער אויסגאַבע (1552) זיינען איצט פון די גרעסטע יקר המציאותן. מיר האָבן זיך באַנוצט מיט אַ האַנטשריפטלעכער קאָפּיע, וואָס געפינט זיך אין לענינגראַדער אַזיאַטישן מוזיי. קלונימוסעס ווערק האָט געדינט אַלס מוסטער פאַר פילע אַנדערע פּאַראָדיעס, וואָס זיינען דערשינען אין דער ניי-העברעיִשער ליטעראַטור.

אין די יאָרן, וואָס קלונימוס האָט פאַרבראַכט אין רוים (1318—1322) האָט ער אויך אָנגעשריבן דעם באַדייטנדסטן טייל פון זיין געזעלשאַפטלעכער סאַטירע „אבן בוחן" (פּרווו-שטיין). דער דאָזיקער אין רוים פאַרפאַסטער טייל איז געשריבן אין גערייםטער פּראָזע און עס פילט זיך אין אים שטאַרק די השפעה פון עמנואלס דיכטונגען. גאַנץ אינם נוסח פון זיין עלטערן פריינד, איז קלונימוס מיט אַ לצנישן שמייכל אויף די ליפּן זיך מתוודה אויף זיינע „שווערע" זינד. „דאָס האַרץ — קלאָגט זיך כּלומרשט דער סאַטיריקער — דאָס האַרץ איז אין אַלץ שולדיק, עס ברענגט צו אַלע עבירות. ער איז דאָך אַ פּשוטער בשר ודם, איז ער אויך ניט ביינעשטאַנען דעם יצר-הרע, האָט געגעסן פון כל טוב, געגעסן און געטרונקען דאָס שענסטע און דאָס בעסטע, אָנגעטאָן זיך אין די טייערסטע קליידער און פיל זיך אָפּגעגעבן מיט פרויען-ליבע. ער האָט בכלל טענות צום רבונו-של-עולם, פאַרוואָס ער האָט אים באַשאַפן פאַר אַ מאַנסביל און ניט אַלס פרוי. „אַ קלאָג איז צו דעם — רופט ער אויס מיט אימפעט — וואָס האָט מיין פאָטער אָנגעזאָגט די בשורה: דיר איז אַ זון געבאָרן. ווי איז צו דעם, וואָס זיינע קינדער זיינען זכרים! וואָס פאַר אַ שווערער יאָך וואַרט אויף זיי. עס וואַרטן דאָך אויף זיי גאַנצע מחנות פאַרבאָטן און געבאָטן, גאַנצע תרי"ג מצוות, פון טאָן און ניט טאָן. ווער איז אימשטאַנד דאָס אַלץ צו דערפילן? קיין מענטש איז ניט בכוח יוצא צו זיין; ער מעג זיך פלייסן ווי ער וויל. ווער קאָן ביישטיין קעגן גאַנצע פאַלקן? עס איז אוממעגלעך זיך צו ראַטעווען, מען פאַרבלייבט אַ זינדיקער און עובר עבירות... ווי וויל וואָלט מיר אָבער געווען, איך זאָל געווען געבאָרן ווערן אַ מיידל. איך וואָלט מיר רויק, אָן דאגות, געזעסן ביים שפּינראָד, צי ביי שטיקערייען צוזאַמען מיט מיינע חברטעס; מיר וואָלטן זיך אונטערהאַלטן ביים שיין פון דער לבנה אָדער אינם געמיטלעכן טונקל פון בין-השמשות. דערציילט שיינע מעשיות, געשמועסט וועגן אַלע נייסן, וואָס זיינען געשען אין שטאָט. אַך, וואָס פאַר אַ בריה איך וואָלט געווען אין שטיקערייען, מען וואָלט זיך ניט געקאָנט פאַרחידושן, וואָס פאַר אַ קונציקע געמעלן איך גיי אין האַפט אויס מיט די שענסטע זיידנס פון די פּראַכטפולסטע פאַרבן... און דערנאָך, ווען עס קומט די צייט פון חתונה — וואָס פאַר אַ שיינער יונג עס וואָלט געפאַלן אין מיין גורל, ווי געליבט, ווי געצערטלט וואָלט ער מיך; ער וואָלט מיך געפּוצט אין גאָלד און אין די מענטן, ער וואָלט מיך אויף די הענט געטראָגן, געהאַלזט און געקושט... צו מיין ביטער מזל בין איך אָבער אַ מאַנספּאַרשוין. אַזוי האָט גאָט געוואָלט, און ס'איז שוין פאַרפאַלן, פון אַ מאַנסביל וועל איך שוין קיין פרוי ניט ווערן. מוז איך דאָס אָננעמען פאַר ליב און דאַנקען דעם

שם יתברך מיט אַ פרומער מינע: „ברוך אתה ד׳ שלא עשני אשה״[1].

ווייטער ווערט דער טאָן פון דעם ווערק אַ מער ערנסטער דער דיכטער ווערט אַ מוכיח, אַ מאָראַל־פּריידיקער; און די דאָזיקע שטראָף־רייד פון קלונימוס בן קלונימוס באַקומען אַ באַדייטנדיקן עטנאָגראַפיש=קול=טורעלן ווערט, הייל אין זיי שפּיגלט זיך אָפּ דער דעמאָלטיקער לעבנס=שטייגער, און מיר ווערן אויס זיי געוואָר, ווי אַזוי די איטאַליענישע יידן האָבן אינם דור פון עמנואל און קלונימוס פאַרבראַכט זייערע יום=טובים, מיט וואָסערע ליצנישע ווערטלעך מען פלעגט זיך באַגריסן ראש=השנה אין אָוונט[2], ווי אַזוי יונגע לעב=מענער פלעגן זיך אויפפירן אין די עשרת ימי תשובה, וואָס פאַלן גראָד צונויף מיט דער צייט, ווען מען צעגיסט די פריי.ע, ערשט אָפּגעשטאַנענע וויינען[3], אָדער ווי מען פלעגט זיך שפּאַרן און דינגען ביים טיילן די „עליות״ אין יום=כיפור[4]. אגב, באַקענט אונז דער „אבן בוחן״ מיט די יום=טובדיקע מאָלצייטן, מיט די רייך באַפּוצטע סוכות[5], מיט די פרייטלעכע שפּילן און אונטערהאַלטונגען אין די חול=המועד=טעג[6]. די כלל ניט ניכטערע קערמישן אום חנוכה[7], די רוישנדיקע פילפאַרביקע קאַרנאַוואַלן פורים=צייט, ווען דער עולם איז געווען שטאַרק בגילופין פון די וויינען און משקאות[8], די ברייטע הכנות צו דער סדר=נאַכט[9], די געשמאַקע מאַכלים צו דער מילכיקער סעודה אום שבועות[10] — אַלץ שילדערט אונז קלונימוס אויף זיין שטייגער: לוסטיק, לעבעדיק, אין גרעלע שרייענדיקע פאַרבן.

ווי עמנואל, אַזוי מאַכט זיך אויך קלונימוס לוסטיק איבער די דאָקטוירים=שאַרלאַטאַנעם[11], איבער פאַרטריקנטע פעדאַנטן=פילאָסאָפן[12], טאַלאַנטלאָזע שירים=שמירער[13], אויפגעבלאָזענע גבירים, גאַווהדיק=נאַרי=

1 „אבן בוחן״, 15—18.
2 דאָרטן, 25.
3 דאָרטן, 26.
4 דאָרטן, 27.
5 דאָרטן, 27.
6 דאָרטן, 28.
7 דאָרטן, 28.
8 דאָרטן, 29—30.
9 דאָרטן, 31—32.
10 דאָרטן, 33.
11 דאָרטן, 44—48.
12 דאָרטן, 52—53.
13 דאָרטן, 54.

שע יחסנים [1]; נאָר מאַקע דערביי שטראָפט ער אויך מיט דער רוט פון דעם סאַטיריקער די סאָציאַלע עוולות און אומגערעכטיקייטן. מיט כּעס און רוגז רעדט ער וועגן קהלשע רעדלפירער צבועקעס. „איך קען זיי געגוג, אַט די צבועקעס מיט די פאַרגלייזטע אויגן, וואָס זיינען כּלומרשט איינגעגאַנצן אויסגעטאָן פון עולם הזה, טוען אַלץ מתפּלל זיין פאַר גאָט, און שטילערהייט טוען זיי אָפּ די שענדלעכסטע מעשׂים; זיי באַהענגען מיט מזוזות די טירן און פול מיט בלוט און זינד זייגען די שוועלן פון זייער הויז; וויקלען אַרוב זייערע אָרעמס מיט רצועות פון תּפילין, און זייערע הענט זיינען איינגעשמירט אין אומשולדיק בלוט פון אָרעמע לייט...[2]

אין רוים, ווי אויך אין אַנדערע באַדייטנדיקע צענטערס אין איטאַליע און פּראָווענס, פלעגן גאַנץ אָפט ביי די הויפן פון די אָרטיקע שׂררות שפּילן אַ באַדייטנדיקע ראָלע יידישע באַנקירן און גבירים. די דאָזיקע „חשובים” פלעגן ניאָטע אָפּטמאָל טאָן טובות זייערע ברידער, זיין אַ „מליץ־טוב” פאַר דער קהילה ביי דעם האַר פון דער שטאָט. עס פלעגט אָבער אויך צייטנווייז טרעפן, אַז אַזוינע הויף־יידן פלעגן אויך אויסנוצן „להרע” זייער „חשיבות”, שרעקן דערמיט זייערע קעגנער, אָנוואַרפן אַן אימה אויף דער קהילה, אַלע זאָלן זיין נכנע פאַר זיי. אָט קעגן זיי טרעט עס אַרויס קלונימוס מיט זיינע צאָרנדיקע ווערטער: „זיי באַרימען זיך מיט זייער חשיבות, שטאָלצירן דערמיט, וואָס זיי האָבן חן אין די אויגן פון די קריסטלעכע פירשטן, זיי שרעקן אַלעמען: מיר זיינען אָנגענומען אין הויף, מיר קאָנען זיך נוקם זיין!” [3].

מיט פיל ביטערקייט רעדט אויך קלונימוס וועגן די רבנים און דיינים פון זיין צייט: „ זיי פירן צווישן זיך שטענדיק מחלוקת, יעדער פלייסט זיך אונטערשטעלן דעם אַנדערן אַ פיסל; איז איינער וואָס מתּיר, אַסרט עס גלייך דער צווייטער: „זייער לערנען איז אויך נאָר פון כּבוד וועגן; הייגט וויפל פון זיי נעמען שוחד, משפּטן פאַלש, לערנען און פּסקענען נאָר פאַר געצאָלט, פאָדערן שׂכר פאַר יעדן וואָרט, פאַר יעדער טריט, אַלץ ווערט ביי זיי אָפּגעשאַצט נאָר אויף געלט” [4].

---

1 דאָרטן, 36.

2 דאָרטן, 40—41.

3 דאָרטן, 59 : „מי מהם שיתפאר באוהביו ומיודעיו, מליציו ורעיו, נגידיו ושועיו, נשוא חן אני בעיני הנוצרים, מדרגתי נחשבת בבתי הנוצרים, יכול אני להנקם... יד ושם יש לי בחצר המלך”.

4 דאָרטן, 56—57 : „מהם אשר ללמוד יגש ויקרב על מנת שיקרא רבן ומהם בשוהד ישפוט ובמחיר יורה, שכר על כל דבור ודבור שהוא מלמד וקורא” (מיר ציטירן לויט דער לעמבערגער אויסגאַבע פון 1865).

קלונימוס איז אָפּגעפאָרן פון רוים בעת זיין „אבן בוחן" איז גאָר ניט געווען פאַרענדיקט. דעם שלום האָט קלונימוס געשריבן ערשט אין דער היים אין סוף 1322 אָדער אין יאַנואַר 1323 [1]. און אָט דער שלום־טייל פונם „אבן בוחן" אונטערשיידט זיך אַזוי שאַרף, הן אין דער פאָרם, הן נאָכן אינהאַלט, פון דעם ערשטן גרעסערן טייל, וואָס איז געשריבן געוואָרן אין איטאַליע. ניטאָ מער דער מאַקאַמען־סטיל מיט זיין געריימטער פּראָזע; פאַרגעסן אינם פריילעכן געלעכטער האָט אויך קלונימוס, ווי נאָר ער האָט דאָס לוסטיקע רוים פאַרלאָזן. דאָרט, אין זיין היים, אין דער שיינער פּראָוואַנס האָבן גראָד דעמאָלט (1320—1322) די אָרטיקע יידן איבערגעלעבט די שרעקן פון די בלוטדורשטיקע באַנדעס פאַסטעכער און „קרעציקע", וואָס האָבן זייער גאַנצן פאַרביטערטן האַס אויסגעלאָזן צו די שוצלאָזע יידישע קהילות. ערשיטערט פון די אימהדיקע מעשים, דערוועקן זיך אין קלונימוסן גאַנץ נייע שטימונגען, שטימונגען פון טרויער און פרומער אונטערטעניקייט. קלונימוס, דער פריערדיקער לץ און סאַטיריקער, ווערט אַ בעל־תשובה: הכנעהדיק ליובט ער גאָט, און נעמט אָן פאַר ליב זיין שטראָף. מיט שטילן טרויער רעדט ער וועגן דער נישטיקייט פון דעם מענטשנס לעבן; ווי אַ שאָטן פאַרשווינדן אַלע זיינע פריידן, זיין גאַנצע מאַכט און גרויסקייט. אין אַ האַרציק ווייכן טאָן רעדט קלונימוס וועגן די גרויסע ליידן, וואָס די פּראָוואַנסאַלער יידן האָבן איבערגעלעבט די לעצטע צוויי יאָר, און מיט הכנעהדיק צאַרטע אַקאָרדן קלינגט דער סוף פונם ווערק, וווּ דער פאַרפאַסער ווענדט זיך מיט אַ תפילה צו גאָט, און בעט הילף און שוץ פאַר זיינע ליידנדיקע ברידער...

מיר האָבן שוין פריער אָנגעוויזן, אַז די „מסכת פורים" און דער „אבן בוחן" זיינען ניט געווען קלונימוסעס איינציקע ליטעראַרישע אַרבעטן.

[1] בעת קלונימוס דערמאָנט די פאַרטרייבונג פון די יידן אויס דער פּראָוואַנס, וואָס איז פאָרגעקומען אין 1306, שטרייכט ער אונטער, אַז דאָס איז פאָרגעקומען „צוריק מיט 17 יאָר" (דאָרטן, 102). אין די שלום־שורות פון „אבן בוחן", ווו דער פאַרפאַסער ווייזט אָן די דאַטע, ווען ער האָט זיין ווערק פאַרענדיקט, געפינט זיך דער אויפפאַלנדיקער זאַץ: „בן שלש ושמונים אני". די ביאָגראַפן האָבן דערפון גערוננגען, אַז קלונימוס איז שוין געווען אַ זקן פון 83 יאָר, בעת ער האָט זיין „אבן בוחן" פאַרענדיקט. נאָר שוין צונץ האָט אָנגעוויזן („געזאַמעלטע שריפטען", III, 150—151), אַז דער טעקסט איז פאַרגרייזט דורך די אָפּשרייבערס, און אַז דאָ רעדט זיך וועגן דעם 83טן יאָר פונם ועקסטן טויזנט לויט יידישער צייט־רעכענונג (ד"ה 1323). קלונימוס אָבער איז דעמאָלסט אַלט געווען בלויז 38 יאָר. לויט ש. מונקס מיטטיילונג („צייטשר. פ. העבר. ביבל.", XIII, 123) האָט קלונימוס זיין ווערק פאַרענדיקט מיט פאָלגנדיקע ווערטער: „סיימתי האגרת בחדש העשירי הוא חדש טבת, והעולם אחר האלף החמישי בן שלש ושמונים שנה, אני הוא הדל באלפי וכו'".

ניט אומזיסט הייסט ער ביי עמנואלן ,,דער פירשט צווישן די איבערזע=
צער". מיר ווייסן שוין, אז אויפן ווונטש פון דעם קיניג קארל פון אנזשו
האט קלונימוס איבערזעצט א סך וויסנשאפטלעכע אראבישע ווערק [1]
גאר א ריין ליטעראַרישן ווערט האט פון די אלע ארבעטן בלויז קלונימו=
סעס ,,אגרת בעלי חיים". דער אַראַבישער רעליגיעז=פילאָזאָפישער אָרדן
,,גאַמסםאָרכטיקע ברידער" (רסיאל אכואן אלצפא) האט אַ גאַנצע ענ=
ציקלאָפעדיע געשאַפן, וועלכע האט געהאַט אַ געוויסע השפעה אויף דעם
גייסטיקן לעבן פון יענער צייט [2]. אָט פון דעם דאָזיקן ריזן=ווערק האט
קלונימוס בלויז איין קאַפיטל אַרוסגענומען, געמאַכט דערפון א זעלב=
שטענדיק ווערק, אַ מין עפּאָס פון חיות און פייגל, וואָס דערמאָנט ער=
טערווייז אָן ,,כלילה ודמנה" [3], און עס אַ נאָמען געגעבן ,,אגרת בעלי
חיים". קלונימוסעס ווערק, וואָס איז געשריבן אין אַ לייכטער פאַרשטענד=
לעכער שפּראַך, האט שטאַרק אויסגענומען ביי יידן; מען האט עס מע=
רערע מאָל געדרוקט, און בכדי אויך דער פשוטער עולם און ווייבער זאָלן
עס קאָנען לייענען, האט מען עס איבערגעזעצט אויף יידיש. און דער
,,אגרת בעלי חיים" האט טאַקע פאַרדינט צו ווערן אַ פאָלקס=בוך. עס איז
פול מיט וויץ און שאַרפן הומאָר, און דאָס אַלץ צוגעווירצט מיט מוסר
און מאָראַלישע סענטענצן, טראָגט אַן אמת פאָלקסטימלעכן כאַראַקטער,
איז אײַנגעשפּונען אינם קונציקן געוועב פון פשוטע מעשהלעך וועגן חיות
און פייגל.

דער עפּאָס הייבט זיך אָן מיט דער באַשרייבונג, ווי די חיות שיקן
אַ גאַנצע דעפּוטאַציע צום מלך פון די גייסטער אָנקלאָגן די מענטשן, וואָס
האָבן מיט געוואַלד זיך אונטערטעניק געמאַכט אַלע חיות, און אַרבעטן
מיט זיי עבודת פרך. דער מלך פון די גייסטער, מיטן נאָמען בירסף, איז
אַ לייטזעליקער און גנעדיקער קיניג. ער האט צונויפגערופן אַלע זיינע
יועצים און ראָטגעבער און געגעבן אַ באַפעל, אַז ס'זאָלן קומען צום
משפט פאָרשטייער פון אַלע אומות, או אויך פון אַלע מיני חיות,
פייגל, אינזעקטן, רמשים און שרצים. דער קיניג בירסף האט געזאָלט

---

1 דעם פולשטענדיקן רייסטער פון קלונימוסעס איבערזעצונגען זע: צונץ, „גע=
זאמעלטע שריפטען", III, 153—154; שטיינשניידער, „העבר. איבערז.", אינדעקס; באַזונדערס:
רענאַן-נייבויער, Les ecpiv. juifs fr., 424—441, ווו עס ווערן באַריכות באַשריבן דרייסיק
ווערק, וואָס קלונימוס האָט איבערזעצט.

2 מער באַריכות וועגן דער דאָזיקער ענציקלאָפּעדיע זע: „העבר. ביבל.", XIII,
29—37, 16—18.

3 איינער פון די דאָזיקע צוויי שאַקאַלן, כלילה, פיגורירט, אגב, אויך אין
„אגרת בעלי חיים".

אויסהערן אַלע טענות, דערנאָך זיך באַראַטן מיט זייגע קלוגע יועצים און אַרויסטראָגן דערביי אַן ענדגילטיקן פּסק. צו קיין פּסק איז עס פּאַקטיש ניט געקומען, וואָרעם ניט ער אינטערעסירט די „גאָספּאָרטיקע ברידער" און זייער יידישן אויסטייטשער. דער עיקר זייגען די טענות גופא, דער שטייגער ריידן און דאָס האַלטן זיך פון די צדדים, פון די אַלע אויפן „סיים" צונויפגערופענע פאָרשטייער.

מיט וואָס פאַר אַ פייגער איראָניע עס ווערט געשילדערט דער פּחד, וואָס פאַלט אָן אויף די מענטשן, בעת די חיות האָבן מורד געווען און געגאַנגען זיך קלאָגן צום קיניג. „סטייטש, ווי הייסט? — האָבן געשריען די אויף טויט דערשראָקענע מענטשן — ווי קאָן מען עס זיין אָן חיות און בהמות? ווי קאָן מען עס אויסקומען אָן פלייש און מילך, אָן וואָל און אָן פעל?" און מען הייבט אָן טרעפן און פאָראויסזאָגן, וואָס דער מלך וועט פּסקענען: צו וועט ער הייסן באַפרייען די חיות אָן אַ שום פאַרגיטיקונג, אָדער די באַפרייטע וועלן לכל הפחות מוזן אַרויסצאָלן זייערע געוועזענע באַלעבאַטים [1]. אייניקע לייגן פאָר, מען זאָל דעם שני למלך, וואָס איז דער עלטסטער צווישן די יועצים, אונטערקויפן מיט כאַבאַר, ווייל „אַ מתן בסתר מאַכט ניט זעענדיק די קלוגסטע אויגן" [2]. אין לעבעדיקע און גרעלע פאַרבן ווערן געשילדערט די וואַלן, ווי אַזוי אַלע חיות און שרצים, וואָס לעבן אויף דער יבשה און אין די ימים, פונם לייב מיטן האַפּיש ביז דעם קלענסטן פליגעלע — אַלע באַטייליקן זיי זיך אין דעם קלייבן פאָרשטייער פאַר דעם סיים (אל הקבוץ ואל הוועד), וואָס דאַרף זיך צונויפזאַמלען אויפן קיניגס באַפעל. דאָ באַווייזט זיך באַזונדערס בולט, ווי געניט די „גאָטספאָרטיקע ברידער" זייגען געווען אינם לעבנסשטייגער פון אַלע לעבעדיקע באַשעפעטישן, וואָס וואַקסן און ווידמען זיך אויף גאָטס וועלט. מיט וואָס פאַר אַ ליבע און צאַרטער אויפמערקזאַמקייט זיי שטעלן זיך אָפּ אויף אַלע אייגנשאַפטן און אייגנאַרטיקע פּרטים, מיט וועלכע עס אונטערשיידט זיך איין אַרט באַשעפענישן פון די אַנדערע. ווי האַרציק און מילד עס ווערט באַשריבן דער שטייגער-לעבן פון די בינען [8], מערעשקעס [4], הײשעריקן [5], זײדשפּינוועררים [6] וכדומה.

1 „אגרת בעלי חיים", קאַפּ' 3.

2 דאָרטן: „שוחד ומתן בסתר יכפה ויעור עיני פקחים וילמדו עלינו זכות".

8 דאָרטן, 49.

4 דאָרטן, 52.

5 דאָרטן, 53.

6 דאָרטן (מיר ציטירן לויט דער וואַרשעווער אויסגאַבע, 1877).

דער משפט הייבט זיך אָן. די מענטשן טענהן אַלץ, אַז אַזוי איז דער כדר העולם: „מיר זייַנען די האַרן און די חיות — אונזערע קנעכט (שאנו אדונים והם עבדים), און אַז די השגחה אַליין פירט עס אַזוי — זעט מען דאָך באַשייַנפּערלעך פון דעם קערפּערבוי גופא: די מענטשן זייַנען מיט גלייַכע רוקנס, זייערע אויגן זייַנען געווענדט אין דער הייך צו די הימלען, די חיות אָבער קוקן אַראָפּ צו דער ערד. די מענטשן האָבן אויך מיט זייער חכמה באַשאַפן די ווונדערבאַרע טעכנישע מיטלען, האָבן אָרגאַניזירט די קלוגסטע פּאָליטישע אַנשטאַלטן, וואָס אַדאַנק זיי ווערט געפירט אין גרעסטן סדר דאָס קאָמפּליצירטע געזעלשאַפטלעכע לעבן. די פאָרשטייער פון חיות און פייגל ווענדן אָבער אָפּ די דאָזיקע טענות. דער קערפּער־בוי, ווייזן זיי אָן, איז דאָך בלויז אָפּהענגיק פון דעם אופן און שטייגער, ווי יעדער באַשעפעניש זוכט און באַקומט פאַר זיך חיונה, בכדי זיך צו דערנערן; און ניט נאָר מענטשן אַליין ווענדן זייערע בליקן צו די הימלען: דאָס טוען דאָך אויך פייגל און אינזעקטן, און ווער ווייס דען ניט, אַז אין גאַנץ קלייניקע קערפּערס געפינען זיך גאָר אָפט גרויסע איידעלע נשמות[1]. די מענטשן מאַכן זיך אַזוי גרוים מיט זייער טעכניק, מיט זייער געזעלשאַפטלעכן סדר. ניט קיין ערגערע טעכניקער פון זיי זייַנען אָבער די קליינע בינען און די נאָך קלענערע מערעשקעס; און אַ געזעלשאַפטלעכער סדר איז בייַ זיי אויך ניט קיין ערגערער ווי בייַ די מענטשן.

דעמאָלט טרעט אַרויס דער ייד פון ארץ־ישראל (מארץ הצבי) און דער מוסלמענער פון אַראַביע. זיי ווייזן אָן, אַז נאָר די מענטשן, וואָס זייַנען די קרוין פון אַלע באַשעפענישן, האָט מען מזכה געווען מיט הייליקע געזעצן און דינים, געגעבן זיי באַשטימטע טעג פאַר יום־טובים און תעניתים; אין די דאָזיקע טעג פאַרזאַמלען זיך די מענטשן אין די בתי־תפילות, טוען דאָרט תשובה, זייַנען מתפלל פאַר גאָט, וואַשן זיך ריין פון זינד. „אמת — ענטפערן דערויף די שלוחים פון די פייגל — איר דאַרפט פאַסטן, תשובה טאָן, זיך ריין וואַשן, ווייל איר זייט אייַנגעטונקט אין זינד; אייַערע הענט זייַנען באַשמוצט פון גזילה און רציחה, וואָס איר באַראַבעוועט די שוואַכע און אָרעמע. מען האָט אייַך געזעצן געגעבן, ווייל נאָר זיי זייַנען אימשטאַנד אייַך צו בינדן און אָפּהאַלטן פון אייַערע שלעכטע מעשים. איר מוזט אייַך אַלע מאָל טובלען, ריין מאַכן אייַער לייַב, ווייל איר פירט אַ שמוציק לעבן, פול מיט זנות און זינד. איר שטאָלצירט מיט אייַערע בתי תפילות און שולן, מיט אייַערע יום־טובים — פאַר אונז איז די גאַנצע וועלט איין בית־תפילה, און ניט נאָר אין באַ־

[1] דאָרטן, 73: „ואולם הגופות הקטנים יש להם נפשות גדולות".

שטימטע טעג — יעדער טאָג איז ביי אונז אַ יום־טוב, יעדן טאָג טוען מיר זינגען און לויבן אונזער באַשעפער!" [1].

דעמאָלט טרעטן אַרויס די מענטשן אין נאָמען פון רחמנות און באַרעמהאַרציקייט. זיי קאָנען ניט צוזען די רציחות, וואָס קומען פאָר צווישן די חיות: די שטאַרקערע, מיט די שאַרפע ציין און נעגל, פאַרצוקן די שוואַכינקע נעבעך, טרינקען זייער בלוט, עסן זייער פלייש, און די געוואַלדן און געשרייען דערגרייכן ביז אין די הימלען. דאָ ווערט אַ גרויס גערודער צווישן די חיות. „ווי — שרייט אויס דער שאַקאַל בלילה, אויסער זיך פאַר צאָרן, — איר, מענטשן, רעדט נאָך וועגן רחמנות? איר װאַגט עס א ו נ ז פאַרוואַרפן אַכזריותקייט און בלוט פאַרגיסן? איר, וואָס ניט נאָר חיות, גאָר אַפילו אייגענע ברידער טוט איר שעכטן, האַקט זיי אָפּ הענט און פיס, טוט זיי אָן די גרעסטע ליידן, איר פייניקט, ראַבעוועט, הרגעט אָן רחמנות. די ווילדע חיות האָבן זיך דאָך ערשט ביי אייך געלערנט, וואָס הייסט אַכזריות, זיי זיינען אייערע תלמידים; ווי קומען זיי אָבער צו אייך, זיי בלייבן נאָך אַלץ הינטערשטעליק. די לייטישסטע פון אייך, די אמת לייטזעליקע און ווייכהאַרציקע, אַז זיי קאָנען שוין ניט צוזען אייערע רציחות, אַנט־לויפן זיי אין די מדבריות צו די ווילדע חיות און לעבן מיט זיי ווי מיט ברידער, וואָרעם די ווילדסטע חיות זייען בעסער פון אייך!" [2].

פרווון שוין די מענטשן זיך פאַרופן אויף זכות אָבות: ביי זיי זיינען דאָך אויך פאַראַן גרויסע צדיקים, טיפע דענקער און גאונישע דיכ־טער און קינסטלער. „אמת, — ענטפערט אָפּ דער שליח פון די פייגל, דער פאַפוגיי — די דאָזיקע צדיקי הדור ווערן אָבער בטל בשישים צווישן די פילע טויזנטער און צענדליקער טויזנטער גנבים, רוצחים, ליגנער, מוסרים, צבועקעס, שיכורים, ווילדע אויסוואָרפן, נידערטרעכטיקע שענד־לעכע מענטשן, אײנגעשמוצטע אין שאַנד און זינד [3]. און איר מיט אייערע קנעכטישע נשמות האָט נאָך די העזה אונז צו באַהאַנדלען ווי קנעכט? מיר האָבן מער פאַרדינט פריי צו זיין ווי איר! איר מאַכט אייך אַזוי גרויס מיט אייערע באַגייסטערטע דיכטער; מיר האָבן אויך געבענטשטע דיכ־טער און זינגער — איר זייט אָבער ניט אימשטאַנד זייער שפּראַך צו פאַרשטיין" [4].

---

1 דאָרטן, 58 : „ואנו כל המקומות בית תפלה ומקום עבודה וכל המקומות שוים לנו וכל הימים שוים לנו יום שבת ויום טוב והשנה כלה אלינו מועדים לדבר זה, כי כלנו אומרים בכל יום דבר שירות ותשבחות לבוראינו.

2 דאָרטן, פערטע אָפּטיילונג, קאַפּ' 8 און 9.

3 דאָרטן, פינפטע אָפּטיילונג, קאַפּ' 1.

4 דאָרטן, קאַפּיטל 3.

דעמאָלט טראָגן אַרויס די מענטשן מיט זייער לעצטער טענה: זיי זיינען די מערהייט. מענטשן זיינען פון איין געשלעכט און אַלע אַנדערע באַשעפעניש צעפאַלן זיך אויף אַזוי פיל מינים און געשלעכטן [1].

די דאָזיקע טענה בלייבט אויך ניט אָן קיין ענטפער. „גרויס און אומענדלעך — ענטפערן די פייגל — איז די צאָל פון די באַשעפעניש, וואָס ווידמען זיך אויף דער יבשה און אין די געוויסער, ניט פאַרגלייכן קאָן זיך מיט זיי דאָס מענטשן־געשלעכט. אמת, די מענטשן זיינען פון איין מין, די פאָרם פון זייערע קערפּערס איז איינע און די זעלבע; ווי פאַרשיידן זיינען אָבער זייערע נשמות, זייערע דעות. זיי זיינען צעטיילט אין אַזוי פיל אמונות, סעקטעס, כיתות; און יעדע האָט פיינט די אַנדערע, איינער רודפט דעם צווייטן. ביי אונז אָבער איז איין אמונה, מיר גלויבן אַלע אין דעם איין און איינציקן באַשעפער, און טוען אים לויבן ביי טאָג און ביינאַכט" [2].

דאָ מישט זיך אַריין אין וויכוח אייגער פון דעם מלכם קלוגע ראָטגעבער. „יאָ — זאָגט ער — גרויס איז די צאָל פון מענטשן אויף דער וועלט, אומענדלעך פיל באַשעפעניש באַדעקן די ערד און דערפילן די ימים. ווען איך זאָלט אָבער זיין אימשטאַנד צו זען און צו ציילן די מיליע־מיליאַסן גייסטער, וואָס דערפילן אַלע חללן און ווייטענישן פון אַלע וועלטן און פּלאַנעטן, וואָלט איר ערשט פאַרשטאַנען ווי קליין און נישטיק איר זייט און ווי לעכערלעך ס'איז אייער ווונטש צו געוועלטיקן איבער אַלע אַנדערע באַשעפעניש. ניין, מיר אַלע, אַלע אָן אונטערשייד, זיינען בלויז גאָטס דינער. אַלע זיינען מיר זיינע באַשעפענישן און טוען זיין ווילן נאָר אים אַליין קומט צו לויבן און צו דאַנקען" [3].

מיר האָבן געזען, ווי באַדייטנד עס זיינען געווען די פאַרדינסטן פון קלונימוס בן קלונימוס אַלס וויסנשאַפטלעכער איבערזעצער; דאָך האָט אויף דעם געביט זיך נאָך מער קונה־שם געווען אַ צווייטער פון עמנואלס יונגערע חברים — יהודה־לעאָן בן משה ראָמאַנו, באַקאַנט אין דער קריסטלעכער וועלט אונטער דעם נאָמען philosophus Divinus (דער געטלעכער פילאָזאָף). אַ מענטש פון ענציקלאָפּעדישן וויסן, האָט ראָמאַנו נאָך אין די יונגע יאָרן געשמט אַלס באַדייטנדיקער געלערנטער. פון אַלע איטאַליענישע קאַנטן זיינען געקומען קיין רוים וויסנבאַגיריקע יונגעלייט צו לערנען אונטער דער לייטונג פון דעם יונגן יידישן געלערנטן. ווי קלונימוס,

---

1 דאָרטן, קאַפּ' 9.

2 דאָרטן.

3 דאָרטן, קאַפּ' 10.

אַזוי האָט אויך ראָמאַנו זיך אויפגעהאַלטן אַ צייט אינם הויף פונם אַנזשוער קיניג, וועלכער האָט בײַ ראָמאַנון געלערנט די העברעיִשע שפּראַך [1]. באַדייטנד יינגער פון זיין חבר און קרוב עמנואל [2], האָט דאָך ראָמאַנו געהאַט אַ גרויסע השפּעה אויף דעם וויסנדורשטיקן דיכטער, און יענער איז אַליין אָפנהאַרציק מודה, אַז „פון ראָמאַנוס געדאַנקען האָב איך פּערל געזאַמלט און זיי אין מיינע ווערק אײַנגעפּאַסט... און זאָל די גאַנצע וועלט היסן, אַז אָן דעם טיפן וויסן, וואָס זיינען אין ראָמאַנוס ווערק געזאַמלט, וואָלטן מיינע די וועלט ניט געזען" [3].

יהודה ראָמאַנו ווייזט אַליין אָן, אַז ער האָט זיך געשטעלט די אויפגאַבע „צו באַווייזן זיינע גלויבנס-ברידער, וואָס זיינען אַזוי שטאָלץ מיט זייער ברייטן וויסן, אַז אויך אַנדערע פעלקער, בפרט די קריסטלעכע, זיינען ניט אָרעם אין חכמות און וויסנשאַפטלעכע אוצרות". און ער האָט ווירקלעך ניט ווייניק מיטגעהאָלפן צו באַקענען די יידישע געבילדעטע קרייזן מיט די וויסנשאַפטלעכע ווערק פון די קריסטלעכע געלערנטע. ער האָט איבערגעזעצט די ווערק פון אַלבערט דעם גרויסן, פון טאָמאַס אוים אַקווינאַ, די אַרבעטן פון באָעציוס (Boethius), און אויך דאָס אינם מיטל-אַלטער אַזוי הויך געשעצטע פילאָזאָפישע ווערק "De causis„ (ספר העִלות). ער האָט אויך איבערגעזעצט אבן-רשדס פירוש אויף אַריסטו, אַליין געשריבן פירושים אויף תנ"ך, פאַרפאַסט אַ ווערק איבער פּראָפּעטיזם און אויך געמאַכט אַ פירוש אויף מיימוניס „מדע" מיטן נאָמען „בן פורת" [4].

„דעם ים פון אומוויסן האָט ער אויסגעטריקנט, די אויגן פון די גלות-קינדער האָט ער דערלויכטן". זאָגט וועגן אים עמנואל, וועלכער גיט אים אָפּ אַלס „דער קרוין פון זיין צייט" (נזר הזמן) איינעם פון די בכבודיקסטע ערטער אין גן-עדן [5]. „דו געזאַלבטער מלאך (כרוב ממשה) —

---

[1] זע ריעטי אין זיין „מקרש מעט", 106a: „והוא היה רבו של מלך לובירטו, וספרו לי שקרא עמו ארבע ועשרים כלו בלשון קודש".

[2] עמנואל ווייזט אָן, אַז ווען ער האָט זיינע „מחברות" פאַרענדיקט, ד"ה אין 1328, איז רומאַנו אַלט געווען 36 יאָר. ראָמאַנו איז אַלזאָ געבוירן אינם יאָר 1292. אַז ראָמאַנו איז געווען עמנואלס אַ קרוב, ווייזן אָן עמנואלס ווערטער: „עצם מעצמי ובשר מבשרי" („מחברות", 90). ריעטי דערציילט, אַז ראָמאַנו איז געווען עמנואלס אַ שוועסטער-קינד: „אחיו שני של עמנואל בעל המחברות".

[3] „מחברות", 90—91: „ולקחתי מבין ספריו הפנינים והנה בתוך ספרי ופרושי נתונים, עטרתי ספרי מפניני אמריו ומיהלומי דבוריו... וידע אדוני וידע כל היקום, כי מבלתי חכמות ספריו ספרַ לא יכלו קום".

[4] אַ פולשטענדיקן רייסטער פון ראָמאַנוס ווערק גיט צונץ: „געזאַמ. שריפטען", 159—161.

[5] דאָרטן, 230.

רופט אוים מיט התפעלות עמנואל אין איינעם פון זיינע סאָנעטן — הויך הייב אויף דיין ברענענדיק וואָרט! זאָלן גענעזן פון דיין אָנבליק די פון דער צייט געביסענע. דו ביסט אונזער פעסטונג! דו שטאָלצער אָדלער — אין דיינע מעכטיקע פליגל טוען מיר אונזער שוץ געפינען. זיסער פון האָניק איז דיין ליבער נאָמען, און אַלע וויטעגישן טוט דיין ליכט באַשיינען. שטיי אויף, דו יעקבס שטאָלץ! ניט אימשטאַנד זיינען די באַגלייטער דיינע, דיין לויב דער וועלט דערציילן! זאָל גאָטס געזאַלבטער זיך אַליין באַווייזן אינעם רייטוואָגן פון זיין נצחון-גלאַנץ, און איבער אונזער טאָל פון טרויער זאָל גלייך דערשאַלן דער אָנזאָג פון דער ליכטיקער בשורה"[1].

---

אויף דער שוועל פונם 14טן יאָרהונדערט האָט דאָס איטאַליענישע יידנטום דערגרייכט די העכסטע שטופע פון קולטורעלן אויפבלי. דער פרייער, ראַציאָנאַליסטיש-פילאָזאָפישער געדאַנק האָט געפונען אַלץ מער אָנהענגער צווישן דער יידישער אינטעליגענץ. נאָר שוין האָבן זיך אָנגעהויבן באַווייזן סימנים פון נייע שטרעמונגען. קעגן דעם מיימוניסטישן אַריסטאָטעליזם האָבן זיך באַוויזן פיינדלעכע שטימונגען פון צוויי גאַנץ פאַרשיידענע זייטן: פון דער אויסערער וועלט און אויך פון דער יידישער סביבה גופא. אין איטאַליע באַווייזן זיך די ערשטע שטראַלן פון דער גלענצנדיקער רענעסאַנס-תקופה. דער איטאַליענישער הומאַניזם, וועלכער האָט זיך פאַרהאַלטן מיט שנאה צו דער מיטלאַלטערלעכער סכאָלאַסטיק, האָט זיך געפלייסט אויך צו באַפרייען פון אַריסטוס אַוטאָריטעט, ווייל אַריסטו איז דאָך געווען דער אָפגאָט פון די קריסטלעכע געלערנטע און גייסטלעכע, וואָס האָבן זיין גאַנץ סיסטעם אַזוי ענג צונויפגעפלאָכטן מיט דער אָרטאָדאָקסיש קריסטלעכער דאָגמאַטיק. אַלס פראָטעסט קעגן אַריסטוס פילאָזאָפיע באַמערקט זיך זינט דעם 14טן יאָרהונדערט אין די הומאַניסטישע קרייזן אַ באַזונדערער אינטערעס צו פלאַטאָנען און דעם נעאָפלאַטאָניזם. די דאָזיקע נייע שטרעמונגען האָבן געפונען אַ געוויסן אָפּקלאַנג אויך אין די יידישע אינטעליגענטע קרייזן. נאָר אויך אין דעם יידיש-קולטורעלן לעבן איז קעגן דער אַריסטאָטעלישער לערע מיט איר מיימוניש-ראַציאָנאַליסטישן פירוש אַרויסגעטראָטן אַ געפערלעכער שונא, פול מיט קריגערישן קאַמף-לוסט. דער דאָזיקער געפערלעכער קעגנער פון דער ראַציאָנאַליסטישער פילאָזאָפיע — איז געווען די סודותדיקע לערע פון דער „חכמת הנסתר", די מיסטישע „תורה שבלב". אָבער ניט אין

---

1 „מחברות", מאַקאַמע XX, 168.

איטאַליע האָט זיך דער דאָזיקער קאַמף אָנגעהויבן, נאָר אין די שכנות־דיקע לענדער — אין דער פּראָוואַנס און אין שפּאַניע. דער קאַמף פון די דאָזיקע צוויי שטרעמונגען — פון פילאָזאָפישן ראַציאָנאַליזם און התלהבותדיקער „תורה שבלב" — דער לאַנגער עקשנותדיקער קאַמף, וואָס האָט אויסגעבראָכן אינם 13טן יאָרהונדערט און געבראַכט צום סוף 15טן יאָרהונדערט צום נצחון פון דער קבלה איבער מיימוניס פילאָזאָפיע — איז געווען ענג פאַרבונדן מיט דעם גאַנצן סאָציאַלן און קולטו־רעלן לעבן פון דעם יידישן קיבוץ אין פּראָוואַנס און שפּאַניע. און אין די פאַרשיידענע עטאַפּן פון דעם דאָזיקן היסטאָרישן קאַמף האָבן זיך אַמבולטסטן אָפּגעשפּיגלט די אַלע גרויסע שינויים, וואָס זיינען פאָרגע־קומען אינם יידישן לעבן, בעת אין שפּאַניע האָט די קריסטלעכע קולטור באַקומען די איבערהאַנט איבער די אַראַבער. וועגן דעם — אין קומענ־דיקן באַנד.



# ביילאַגע נומ׳ 1

## דער ספר חסידים און די צענזור.

די ערשטע אויסגאַבע פון „ספר חסידים“ איז ערשינען אינם יאָר 1538 אין באָלאָניע, נאָך איידער ס׳האָט אויסגעבראָכן די קאַטוילישע רעאַקציע אַלס ענטפער אויף דער רעפאָרמאַציע=באַוועגונג, און די העברעישע ביכער האָבן נאָך דעמאָלסט פון קיין צענזור ניט געוווּסט. די צווייטע אויסגאַבע [1] האָט שוין אָבער געהאַט אַן אַנדער מזל. זי האָט שוין געמוזט דורכגיין די הענט פון די אינקוויזיטאָרן=צענזאָרן, און דער טעקסט פון דעם פאָפולערן מוסר=ספר איז דערביי אַרוים „בשן ועין“. זעקס סימנים האָבן די צענזאָרן אינגאַנצן אַרויסגעוואָרפן; קודם=כל דעם סימן 681, וועלכער פאַנגט זיך אָן מיט די ווערטער: „כתיב ותאבד את כל זרע המלוכה“. עס זיינען אויך געמאַכט געוואָרן שינויים אין פיל אַנדערע סימנים, ווו עס ווערט גערעדט וועגן קריסטלעכע גייסטלעכע און קריסטלעכער קירך, אָדער וועגן גזירת=השמד. צום ביישפיל, אין סימן 52 ווערט גערעדט וועגן דעם עניוותדיקן שטייגער לעבן, וואָס דער מענטש דאַרף פירן, און אגב ווערט געוואָרנט פאַר אַסקעטיזם און פייניקן זיך. דערביי ווערט געברויכט פאָלגנדיקער זאַץ: „ולא ילבוש מלבושים נאים כי אם השק והצמר קשה וכיוצא בהן כגון כומרי אדום. די צוויי אונטערגעשטראָכענע ווערטער האָט די צענזור אַרויסגעוואָרפן און געשטעלט אויף זייער אָרט: „מהדברים המצערים“. אינם סימן 703 זיינען די אויסדרוקן: „בגדי כמרית, אם יהיו בכומרים, כאות שבכומרים“ אויסגעמקט, און אויף זייער אָרט שטייט: „בגדי כהנת, כאותן שבמלבושיהם“ אאַז״וו. אין דעם זעלבן סימן האָט די פראַזע, וואָס געפינט זיך אין דער ערשטער אויסגאַבע: „אמרו להם הגויים אם תהיו בכומרים אז תלבשו לבנים“ — באַקומען אין די שפּעטערדיקע אויסגאַבן אַזאַ צורה: אמרו להם האויבים: אם תהיו בינינו אז תלבשו לבנים“. אין דעם סימן 834 איז דער אויסדרוק „שבחצר התועבה“ איבערגעאַנדערשט אויף:

---

1 ערשינען אין באַזעל אין יאָר 1582.

„שבחצר הזה". די ווייטערדיקע אויסגאַבן, וואָס זיינען ערשינען אין משך פון די שפּעטערדיקע 250 יאָר, האַלטן זיך טריי, וואָרט ביי וואָרט, נאָך דעם באָזעלער טעקסט. נייע שטאַרקע פאַרקירצונגען און שינויים האָט דער טעקסט פון דעם „ספר חסידים" געהאַט אויסצושטיין בעת ער איז אריין אין די הענט פון די צ אַ ר י ש־ר ו ס י ש ע צענזאָרן. זיי האָבן געפונען, אַז די מיטאַלטערלעכע אייראָפּעיִשע צענזור איז געווען צו מילד און נאָכגעביק; אינם „ספר חסידים", וואָס איז אַרויס פון סודילקאָווער דרוק אין יאָר 1832, פעלן דערפאַר אויפסנייַ עטלעכע צענדליק סימנים [1]. איין סימן (נומ׳ 270) האָט מען אַרויסגעוואָרפן דערפאַר, וואָס עס ווערט דאָרט דערציילט וועגן אַ פּרוי, וואָס האָט געזען אין חלום „אַ סך שרים און מלכים אין גיהנום" (וראיתי שרים ומלכים בגיהנם); אייניקע סימנים, וואָס האָבן אַ באַדייטנדן עטנאָגראַפישן אינטערעס, האָט מען גונץ גע־ווען דערפאַר, וואָס עס ווערט דאָרט גערעדט וועגן משומדים. אין אייניקע האָט דער שטרענגער צענזאָר [2] באַמערקט אַ באַליידיקנדיקן טאָן קעגן די קריסטלעכע קלויסטערס (די סימנים 431—2, 435 — 440). דעם סימן 427 האָט דער צענזאָר פאַרבאָטן דערפאַר, וואָס דאָרט ווערט דער־מאָנט, אַז מען טאָר די נעמען פון די פרעמדע געטער אויפן מויל ניט ברענגען (כתיב „ושֵם אלהים אחרים לא תזכירו"). עס זיינען אָבער אויך פאַראַן אַזוינע סימנים (122, 391 א. אַ.), וואָס מען קאָן בשום אופן ניט דערגיין, אויס וואָס פאַר אַ טעם דער צענזאָר האָט זיי פאַרבאָטן.

---

# ביילאַגע נומ׳ 2

(זע זייט 87)

## דער מקובל ישעיה בן יוסף און זיין ווערק.

אין דער ערשטער פירקאָוויטש־קאָלעקציע געפינט זיך אַ דיקער מאַנוסקריפט (נומ׳ 513/17) 258, בל׳ 12⁰. דער מאַנוסקריפט איז אַ קבלה־ווערק אונטערן נאָמען „חיי הנפש" פון ישעיהו בן הר״ר יוסף. וועגן דעם דאָזיקן מחבר איז אונז זייער ווייניק באַקאַנט. ער גופא חזרט אָפּט איבער, אַז מען רופט אים (המכונה בשם) אויך: רב בן הר״ר יוסף. צום

---

1 די סימנים: 66, 122, 188, 190, 191, 197, 198, 203, 204, 237, 265, 270, 357, 391, 408, 427, 431, 432, 435—440, 445, 464—469 און נאָך אַנדערע.

2 דער ווילנער צענזאָר ל. באָראָווסקי.

סוף פון זיין ווערק דערציילט ער, אז אין יאָר 1227 (בחדש אדר שני של שנת אֹתְּקְלָהֿ לשטרות) איז ער געווען אויף יחזקאל הנביאס קבר. ער דערמאָנט אויך זיינע צוויי אנדערע ווערק: „מפתח הלימוד" און „ביאור הגוף". אָט דאָס איז אַלץ, וואָס מיר ווייסן וועגן דעם דאָזיקן מקובל. זיין ווערק „חיי הנפש" באַשטייט אוים פינף טיילן. דער ערש־טער, „עץ חיים", באַהאַנדלט די פראַגע וועגן די צען ספירות און וועגן דעם מהות פון דעם מענטשנס נשמה; דער צווייטער טייל, „עץ הדעת" — וועגן חידוש העולם און השארת הנפש; דער דריטער טייל, „גן עדן", באַהאַנדלט די שטעלן פון דעם תלמוד, ווו דער ווערטלעכער פשט קאָן אויסגעטייטשט ווערן אַלס אַנטראָפּאָמאָרפיזם (על דרשות התלמוד אשר לפי פשוטיהם נראים דבריהם נוטים מעט אל צד הגשמות); דער פער־טער טייל, „ספר הכבוד", — אַ פירוש אויף מעשה בראשית, און דער פינפטער, „אוצר החכמה" — אַ פירוש אויפן „פרקי היכלות". אינטערע־סאַנט זיינען די שירים, וואָס געפינען זיך אין דעם דאָזיקן פינפטן טייל, באַזונדערס כאַראַקטעריסטיש זיינען פאָלגנדיקע פערזן (f. 111a):

העת אתבודד עם נפשי — ואחלוץ גופי מעלי
אראה עצמי תוך מלאכים — ושכינת אֵל שוכן עלי
אז מכת הגופות אצא — ואחזה אֵל דובר אלי:
בוא עבדי רב בירבי יוסף — ושבה אתי ושמַח אֶלִי.

(בעת איך זונדער זיך אָפּ מיט מיין נשמה — טו איך מיך פון מיין גוף באַפרייען. איך זע מיך דאַן צווישן מלאכים — און גאָטס שכינה רוט איבער מיר. לויז בין איך פון אַלע קערפּערלעכע בענדער — גאָט טו איך זען ווי ער רעדט צו מיר: קום מיין קנעכט רב בירבי יוסף — זיץ לעבן מיר און פריי זיך אין מיין געגנוואַרט).

אין דער פאָררעדע צום „אוצר החכמה" רעדט ער מיט גרויס התפעלות וועגן דעם אומפאַרגלייכלעכן ווערט פון די „פרקי היכלות". די דאָזיקע שטעלע איז זייער כאַראַקטעריסטיש און מיר ברענגען זי דערפאַר בשלמות: „הוא ספר היקר מכל כלי חמדה, אשר לא יערכנה זהב וזכוכית, הוא הספר הנודע בשם „פרקי היכלות" אשר ידיעותו הוא סבת השפעת השפע והשארת רוח הקודש שהיא הנבואה. כי כשירצה השלם לשרות עליו הנבואה יעסוק בו ומיד תשרה עליו הנבואה, כי בהתעסקו בו הוא מתבודד מדרכי העולם השפל האפל ועל כן הוא מתנבא. ולפי שאין הנבואה שורה אלא בארץ ישראל על כן אע"פ שאנו יודעים לזה הספר לפי שאנו לחוצה לארץ אין אנו מתנבאים, ובעבור זה נְתנני לִבִי אני עֶבד התוֹרה ישעיהו המכֻונה בְשם רבֶ בן הר"י ז"ל

לפרשו לפי קוצר יד שכלי... דע כל החכמות הן כלולות בזה הספר ועל כן האיש השלם יודעו נקרא חכם אמת. לפי שכל החכמות הן כלולות בזה הספר על כן קראתי שם הספר בפירושו ספר „אוצר החכמה".

---

# ביילאַגע נומ׳ 3

(זע זייט 112)

## יוסף קמחים „שקל הקודש".

קמחים „שקל הקודש" האָט צום ערשטן גאָר ניט לאַנג פאַרעפנט־לעכט העבראַאַן גאָללאַנץ (Gollancz), וועלכער האָט דערביי אויסגענוצט צוויי מאַנוסקריפּטן, וואָס געפינען זיך אין דער באָדלעאַנע אונטער די נומ׳ 1975 און 1976 [1]. די פאָררעדע איז אין די צוויי מאַנוסקריפּטן אין גאַנץ פאַרשיידענע נוסחאות. באַזונדערס אינטערעסאַנט איז די פאָר־רעדע אין דעם מאַנוסקריפּט נומ׳ 1975:

„ספר שקל הקֹדש הוא ספר מבחר הפנינים. זה הספר להבין משל ומליצה ודעת ומועצה דברי חכמים וחידותם ומשלי נבונים וסודותם, אספם ואגדם ולקטם וחברם המליץ הגבר היודע פשר דבר אב בחכמה רך בשנים ראש המדברים ר׳ שלמה ן׳ יהודה המכונה גבירול חפשם בתוך ספרי הפילוסופים הראשונים ובחר ממבחר דבריהם ומשליהם ומוסריהם וחבר מהם ספר קטן וקראו ספר „מתנכל אלגוהר" והחכם ר׳ יהודה בר שאול ן׳ תיבון ממדינת אצבלייא (אשביליא) העתיקו מלשון הגרית לעברית וקרא לו מבחר הפנינים והוא שמו בערבי; ואנכי יוסף בר יצחק המכונה בן קמחי שקלתיהו במשקל לשון הקדש כדי שיהיה נקל לתלמידים בהבנתו וגרסתו. על כן קראתי את שמו „שקל הקֹדש" בעבור שהיה בתחלה מפורד פשוט [2]. ושקלתיה במשקל בלשון הקדש והוספתי עוד עליהם משלים מספרים אחרים וחברתי המשלים הנמשלים זה לזה

---

[1] באַמערקונגען און אויסבעסערונגען צו דער אויסגאַבע האָט געגעבן יוליאַן ווייל (Rev. d. Et. Juives, 1920, 223—219), וועלכער האָט דערביי אויסגענוצט דעם מאַ־נוסקריפּט, וואָס געפינט זיך אין „Biblioteque nationale" אין פּאַריז אונטער דעם נומ׳ 983. וועגן אַ צווייטן וואַריאַנט פון „שקל הקודש", זע: Hebrew Union college Annual, IV, 1927, 433—448.

[2] ד״ה אין פּראָזע.

